# The Sidrah and Haftorah

## Reflections and views of the Aggadah

Culled and expounded

by

**HARRIS L. SELIG**

(*author of The Eternal Fount*)



Volume I

**Genesis and High Holy Days**



**PUBLISHED BY THE "DAY"**

New York — 1947

# די סדרה און הפטרה

## געדאַנקען און מיינונגען פון דער אגדה

געזאַמעלט און דערקלערט

פון

## ה. ל. זעליג

(פּראָפעסאָר פון „אייביגען קוואַל")



ערשטער באַנד

## ספר בראשית, ימים נוראים וסוכות



אַרויסגעגעבען פון „טאָג"

ניו־יאָרק — תש"ז

*To my dear son*
*MENDELL M. SELIG*
***of***
*Leominister Mass.*

**A**
***Token of love***

# אינהאַלט

## ראש השנה



## שבת תשובה



## יום כפור



## סוכות



## שבת חול המועד סוכות

## הושענא רבה, ש״ע און שמחת תורה



## בראשית



## נח



## לך לך



## וירא

## חיי שרה



## תולדות



## ויצא



## וישלח



## וישב

## מקץ





## ויגש



## ויחי

# צו מיינע ווערטע לייענער!

בע״ה.

דיזער ספר ענטהאַלט אַ סעריע מאמרים איבער די „ימים נוראים" און די סדרות און הפטרות פון חומש בראשית, וועלכע זיינען געדרוקט געוואָרען אין „טאָג" פאַר די לעצטע פינף יאָר. ווי די לייענער וועלען זעהן, ווערט אין יעדען מאמר באַהאַנדעלט בלויז עטליכע פסוקים פון דער סדרה און הפטרה. אונזער תורה איז צו־גרויס און צו־רייך אין געדאַנקען, אַז מען זאָל קאָנען אין אַ קורצען מאמר איבערגעבען אפילו דעם קלענסטען חלק פון דעם גרויסען אינהאַלט, וואָס יעדע סדרה אָדער הפטרה פאַרמאָגט. איבער די גייסטיגע אוצרות פון אונזער תורה זיינען געשריבען געוואָרען גאַנצע ליטעראַטורען פון טויזענטער און טויזענטער ספרים און ביכער אין אַלע שפראַכען.

כדי צו קאָנען אַרויסברייגען כאָטש אַ קליינעם טייל פון די הויכע אי־דעאַלען, וואָס ווערען אויסגעדריקט אין יעדער סדרה אָדער הפטרה דאַרף בעמען יאָרענלאַנג. איך דאַנק דעריבער השי״ת, וואָס ער האָט מיך געלאָזט לעבען פאַר די לעצטע פינף יאָר און מיר אַזוי־אַרום געגעבען די מעגליכקייט צו קאָנען באַלייכטען כאָטש אַ קליינעם טייל פון די פסוקים, לויט די דער־קלערונגען פון אונזערע חכמים און לערער. איך בין העכסט דאַנקבאַר צו די אַרויסגעבער פון „טאָג", וואָס זיי האָבען באַשלאָסען מיינע מאמרים אַרויס־צוגעבען אין פינף ספרים, אַ ספר פאַר יעדען חומש.

ווען די רעדאַקציע פון „טאָג" האָט מיך מיט פינף יאָר צוריק איינגע־לאַדען צו שרייבען וועגען די סדרות און הפטרות פון דער וואָך, האָב איך מיר געשטעלט אַלס מיין הויפט אויפגאַבע אַרויסצוברייגען די טיפע כוונות, וואָס ווערען אויסגעדריקט אין די פסוקים און ווי די אגדה דערקלערט זיי. ווי באַוואוסט, אינדערשיידעט זיך די „אגדה" פון דער „הלכה" מיט דעם, וואָס די צווייטע זוכט צו דערקלערען דעם „פשט" פון פסוק און די ערשטע — די „כוונה". הלכה רעדט צום מוח, צום שכל; אגדה אַפּעלירט צום האַרצען צום

געפיל. אויב די הלכה האָט געוויזען דעם אידען ווי צו „קאָנען" לעבען אייביג, האָט אים די אגדה געגעבען דעם תכלית, דעם מאָטיוו, פאַרוואָס ער זאָל „ווע͏לען" לעבען אייביג...

אין צוזאַמענשטעלען די פילע מאמרי חז"ל, אגדות און מדרשים האָב איך זיך תמיד באַמיט אויפצואווייזען ווי אונזערע חכמים האָבען אויפגעפּאַסט די אַנטוויקלונגען פון דער אידישער געשיכטע און מיט זייערע קלאָרע אויגען פאָראויסגעזען די צוקונפטיגע פּאַסירונגען מיט אונזער פאָלק. „רצונך להכיר את מי שאמר והיה העולם למוד אגדה" — אויב דו ווילסט זיך באַקאָנען מיט דער גרויסקייט פון דעם בורא עולם, שטודיר די אגדה (ספרי עקב). די גרויסע השפעה, וואָס די אידישע אמונה האָט אויסגעאיבט אויף אונזער לעבען, קאָן נאָר דעמאָלט פאַרשטאַנען און ריכטיג אָפּגעשאַצט ווערען, ווען מען באַקאָנט זיך מיט דעם אידישען געדאַנקען גאַנג וועגען דער „השגחה" און דעם מהות פון לעבען, ווי ער ווערט איבערגעגעבען אין דער אגדה.

אין די באַלויכטונגען פון די אגדות האָב איך געזוכט אַרויסצוברייגנען זייער זין, ווי איך פאַרשטיי אים און אויף וויפיל ער פּאַסט זיך אויך פאַר דער היינטיגער צייט. פילע אגדות, וועלכע שיינען צו זיין אומפאַרשטענדליך, אַנט־האַלטען פאַרשטעלטע כוונות און מיינונגען איבער היסטאָרישע געשעהעענישען, וואָס לויט דעם פּאָליטישען מצב פון די אידען אין יענער צייט האָבען ניט געקאָנט אַרויסגעזאָגט ווערען עפענטליך. אין אַזעלכע פאַלען האָב איך זיך באַמיט צו געבען אַן איבערבליק איבער דער געשיכטע פון די אידען אין יענער צייט, כדי עס זאָל פאַר אונז קלאָר ווערען דער מיין פון זייערע ווערטער. איך האָב זיך אויך באַנוצט מיט מיינונגען פון דער „קבלה" און מיט דער־קלערונגען פון באַוואוסטע תנ"ך־פאַרשער, דרשנים און „רביים" פון אַלע צייטען, אָנגעבענדיג די ספרים פון וואַנען איך האָב זיי גענומען, און די נעמען פון זייערע מחברים.

אויב מיר איז געלונגען בייצושטייערען צו דער פאַרשטענדיגונג פון אַ פסוק אין דער תורה, אָדער אַ מאמר אין דער גמרא און מדרש, „והיה זה שכרי" — וועל איך זיך פילען גליקליך. איך וועל אויך העכסט דאַנקבאַר זיין די רבנים, שרייבער און קריטיקער אויב זיי וועלען מיר אויפמערקזאַם מאַכען אויף טעות'ן.

**ה. ל. זעליג**

# ראש השנה

## א.

## אַ טאָג פון באַדענקען זיך

**תקעו בחודש שופר בכסה ליום חגנו.**

„בחודש הזה תחדשו מעשיכם — מה דאזל אזל, מן הכא ולהלן נחל חושבנא״ — אין דעם מאָנאַט זאָלט איר באַנייען אייערע מעשים — וואָס אַוועק איז אַוועק, פון היינט אָן און ווייטער זאָלען מיר אָנפאַנגען אַ נייעם חשבון (ויק״ר פ״ל).

אין דער סוחר׳ישער וועלט איז איינגעפירט, אַז צו ניי־יאָר שליסט מען די געשעפטען פאַר אַ טאָג אָדער צוויי און מען מאַכט אַ גרינטליכע אינוועטור, אָדער, ווי מען רופט עס דאָ אין אַמעריקע, מען נעמט סטאָק פון די פאַרבליבענע סחורות, כדי אויסצוגעפינען אין וועלכען מצב דאָס געשעפט געפינט זיך און ווי גרויס עס זיינען די פאַרדינסטען אָדער, חו״ש, די פאַרלוסטען, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרען אין דעם פאַרגאַנגענעם יאָר. מ׳גייט אויך דורך דעם גאַנצען אָבאָראָט פון די פאַרקויפטע סחורות, פון די שולדען און חובות, וואָס מען דאַרף באַצאָלען אָדער אויפמאָנען, און מען ציט אונטער אַ באַלאַנס פון אַלע דערגרייכונגען אָדער דורכפאַלען, כדי צו וויסען ווי אויסצומיידען די פעלערען פון לעצטען יאָר און פאַרגרע־סערען די פראָפיטען פון דעם נייעם יאָר. אַזוי דאַרפען זיך מענשען אויפ־פירען אויך אין גייסטיגע און כלל־ענינים. כאָטש איינמאָל אין יאָר, צו ראש השנה, זאָל מען אונטערציען אַ באַלאַנס פון די פאַרדינסטען אָדער, חו״ש, פאַרלוסטען, וואָס מיר האָבען דורכגעמאַכט אין דעם פאַרגאַנגענעם יאָר, און נעמען אויף זיך ניט צו באַגיין דיזעלביגע פעלערען אין דעם קו־מענדיגען יאָר.

ראש השנה איז ניט נאָר דער אָנפאַנג פון אַ נייעם יאָר פאַר דעם יחיד, פאַר דעם איינצעלנעם מענשען, עס איז אויך דער אָנפאַנג פון אַ ניי יאָר פאַר דעם כלל. מיט ראש השנה פאַנגט זיך אָן אַ ניי בלאַט אין דער געשיכטע פון זיין פאָלק, און יעדער מענש זאָל דעריבער מאַכען אַ „חשבון הנפש״ און זיך גוט אַריינקלערען, צי האָט ער דערפילט זיינע רעליגיעזע און נאַציאָנאַלע פליכטען אין דעם עבר׳דיגען יאָר. אין די ביכער פון לעבען און טויט ווערען אויך פאַרשריבען די מעשים, וואָס יעדער יחיד האָט געטאָן פאַר זיין גאָט און פאַר זיין פאָלק. ווערטפולע ביישטייערונגען ווערען פאַרשריבען אין די „ספרי חיים״. דאַגעגען, אַזעלכע מעשים, וואָס ער האָט געקאָנט טאָן, אָבער ער האָט צוליב זיינע אייגענע אינטערעסען זיי פאַרנאַכלעסיגט, ווערען פאַרשריבען אין די „ספרי מתים״, וואו עס זיינען פאַרצייכענט אַלע געלעגענהייטען, וואָס יעדער האָט געהאַט צו דינען זיין פאָלק, אָבער ער האָט זיי פאַרנאַכלעסיגט אָדער מיט אַ כיון דורכגעלאָזען.

אַ מיסטעריעז בילד פון דעם, וואָס עס קומט פאָר אין הימעל בשעת דער רבונו של עולם זעצט זיך ראש־השנה אויף זיין ריכטער־שטול צו משפט׳ן די אידען, ווערט געשילדערט פון דעם זוהר הקדוש: גלייך ביים סאַמע אָנפאַנג פון משפט „סמאל ייתי למתבע דינא קמי׳ קב״ה״ — קומט דער שטן און מאַכט אָנקלאַגעס קעגען די אידען, „והוא יימא לי׳ דייתי סהדין״ — גאָט אָבער זאָגט אים, אַז ער זאָל ברייגנען צוויי עדות, ווי דער דין איז. „ייתי לשמשא עמי׳ ואזל למייתי סיהרא והיא מתכסת וסליקת לההוא אתר דאיתמר בו במכוסה ממך אל תחקור״ — ברייגנט ער מיט זיך די זון און גייט אויך זוכען די לבנה, אָבער זי פאַרדעקט זיך און באַהאַלט זיך אין יענעם אָרט, אויף וועלכען עס ווערט געזאָגט, אַז אין דעם, וואָס איז פאַרדעקט פון דיר, זאָלסטו זיך ניט גריבלען (זוהר משפטים).

וואָס פאַר אַ טיפזיניגע כונה איז דאָ באַהאַלטען אין דעם מאמר! איינער פון די שלעכטע עדות קעגען די אידען איז די זון, וועלכע מאַכט די שווערע אָנקלאַגע, אַז אַזוי גיך ווי זי הויבט אָן צו שיינען אין די אידישע פענסטער און זייער מצב ווערט בעסער און ליכטיגער הויבען זיי אָן צו פאַרגעסען אין גאָט און פאַרנאַכלעסיגען זייערע פליכטען צו זייער פאָלק. די לבנה אָבער וויל ניט זאָגען שלעכט עדות קעגען די אידען, ווייל זי ווייס גאַנץ גוט, אַז אין אַ צייט פון נאַכט, ווען דער אידישער מצב ווערט פינסטער און שלעכטע גזירות שיטען זיך איבער זייערע קעפּ, דאַן ווערען זיי באַוואוסטזיניג

אויף זייערע פליכטען און טוען אַלץ, וואָס איז נאָר מעגליך, צו ראַטעווען זייער פאָלק. די לבנה באַהאַלט זיך אין דעם פאַרבאָרגענעם פלאַץ, וואו מען קאָן זיך ניט דערגריבלען צו פאַרשטיין דעם וואונדערבאַרען כוח, וואָס האַלט אויף דאָס אידיש פאָלק און לאָזט איהם ניט אונטערגיין.

דער רמב״ם זאָגט, אַז דער שופר שרייט צו די אידען און זאָגט זיי: „עורו ישנים משנתכם והקיצו נרדמים מתרדמתכם״ — דערוואַכט, איר שלעפעריגע, פון אייער שלאָף און כאַפּט זיך אויף, איר דרעמלער, פון אייער דרעמעל. ראש־השנה איז אַ „יום הזכרון״, אַ טאָג פון באַדענקען זיך, פון מאַכען אַ חשבון־הנפש. טראַכט זיך אַריין אין דעם, וואָס איז שוין געשעהן, און זוכט צו פאַרשטיין וואָס עס קאָן געשעהן ווייטער. „בחודש הזה תחדשו מעשיכם״ — אין דעם נייעם יאָר זאָלט איר באַנייען אייערע מעשים. אויב די אומשטענדען פון גלות האָבען אייך ניט דערלויבט אויפצוטאָן עטוואָס ממשות׳דיגס פאַר אייער פאָלק, פאַרלירט ניט אייער מוט. „מה דאזל אזל״ — וואָס אַוועק, איז אַוועק. די פאַרגאַנגענהייט קאָן מען ניט כאַפּען צוריק. „מן הכא ולהלן בחל חושבנא״ — פון היינט אָן און ווייטער זאָלען מיר אָנפאַנגען אַ נייעם חשבון.

אין פאַרבינדונג מיט דעם געדאַנק וויל איך דאָ ברייגנען אַ שיינעם משל פון דעם דובנער מגיד, וועלכער אַנטהאַלט אַ טיפען מוסר השכל. ער זאָגט: „אַלע „אבינו מלכנו׳ס״ ווערען געזאָגט הויך, מיט האַרץ און ברען; דאַגעגען, דער לעצטער „אבינו מלכנו״, וואָס בעט, אַז ער זאָל זיך דער־באַרמען אויף אונז און ענטפערען אונזער געבעט, כאָטש מיר האָבען עס ניט פאַרדינט, ווערט געזאָגט אין דער שטיל. פאַרוואָס?

„עס איז דערפאַר, ווייל מיר געפינען זיך אין דער זעלבער לאַגע, ווי יענער סוחר פון פּראָווינץ, וועלכער קומט אַריין אין אַ גרויסען האָל־סייל־געשעפט און מאַכט אַ היפשע באַשטעלונג אויף כל׳ערליי סחורות פון פאַרשיידענע מינים. די משרתים פאָרען זיך און טאַנצען אַרום איהם, זייענדיג צופרידען פון דעם גרויסען פדיון. מען האַלט איהם אין איין פרעגען: אפשר נאָך עפּעס? און ער לאָזט זיך ניט בעטען און שאָקעלט כסדר מיט׳ן קאָפ אויף יאָ... ערשט ווען אַלץ איז שוין דערלייריגט און פאַרפאַקט און מען דערלאַנגט איהם אַ רעכענונג, רופט ער אַוועק דעם אייגענטימער אין אַ ווינקעל און רוימט איהם איין הכנעה׳דיג אויפ׳ן אויער: אַנטשולדיגט, קיין מזומן געלט האָב איך ליידער ניט, אַ וועקסעלע קאָן איך אייך געבען...

„דאָס זעלביגע איז נעביך מיט אונז. פריער שטעלען מיר זיך אוועק מעשה־סוחר און רופען אויס הויך, שטאָלץ, אַנווייזענדיג אויף די פּאַליצעס מיט די פאַרשיידענע סחורות: „אבינו מלכנו", זיי אַזוי פריינטליך און הייס געבען אונז אַט יענעם שטיקעל שטאָף מיט דער מאַרקע פון „חדש עלינו שנה טובה" — באַניי אויף אונז אַ גוט יאָר... אבינו מלכנו, זיי אַזוי ליבענסווירדיג און גיב אונז אַביסעלע „גאולה וישועה"... „פרנסה וכלכלה"... „רפואה שלימה"... און אַזוי ווייטער, גאָר אַ היבשער באַגאַזש. ערשט ווען די גאַנצע באַשטעלונג איז שוין פאַרטיג, לאָזען מיר שעמעוודיג אַראָפּ די קעפּ און זאָגען אין דער שטיל: „אבינו מלכנו" — טאַטע האַרציגער — „חננו ועננו" — האָב קיין פאַראיבעל נישט, „כי אין בנו מעשים" — קיין מזומנים צו צאָלען פאַר דעם אַלעמען האָבען מיר נישט. „עשה עמנו צדקה וחסד" — דו מוזט אונז טרויען אויף קרעדיט; העכסטענס קאָנען מיר דיר געבען אַ וועקסעלע"... (אוהל יעקב)

---

ב.

## דאָס קול פון שופר

**עלה אלקים בתרועה, ה' בקול שופר.**

„שופר מנוקב פסול, מצופה זהב במקום הנחת הפה פסול" — אַ געלעכערטער שופר איז פסול, אויב דער שפּיץ פון שופר, וואָס מען לייגט־צו צום מויל, איז באַדעקט מיט גאָלד, איז ער פסול (או"ח תקפ"ו).

דער שופר איז ניט קיין מוזיקאַלישער אינסטרומענט. ער אַליין האָט קיין שטימע ניט. דאָס קול, וואָס קומט פון אים אַרויס, איז אַן אינערליכס און איז שטאַרק געווענדט אין דעם בעל־תוקע. מיט'ן שופר האָט מען זיך תמיד באַנוצט צו וועקען דאָס פאָלק פאַר גייסטיגע און פאָלקס־ענינים, אָדער תשובה טאָן פאַר זינד וואָס מען איז באַגאַנגען. רבי אבוה פרעגט: וואָרום בלאָזט מען אין אַ האָרן פון אַ באַראַן? — ווייל הקב"ה זאָגט: בלאָזט פאַר מיר אין אַ האָרן פון אַ באַראַן, כדי איך זאָל זיך דערמאָנען די עקדת יצחק, און איך וועל עס פאַררעכענען „כאלו עקדתם את עצמכם לפני" — פונקט ווי איר וואָלט זיך אַליין געאָפּפערט פאַר אַ קרבן און זיך

אונטערוואַרפען מיינע פאַרלאַנגען (ר"ה ט"ז). דערפאַר איז דער דין, אַז ביי תקיעת שופר מוז מען האָבען די כונה פון דעם הערער און אויך פון דעם בלאָזער, און דאָס איז דער טעם, וואָרום דער בעל־תוקע מאַכט די ברכה „לשמוע קול שופר," צו הערען די שטים פון דעם שופר, ווייל די הויפט מצוה איז אין הערען און פאַרשטיין די באַדייטונג פון דעם שופר, און דאָס איז דער בעל־תוקע אויך מחויב.

מיט'ן שופר האָט מען זיך אויך באַנוצט צו רופען דאָס פאָלק צו קעמפען פאַר זיין עקזיסטענץ. אין אַ צייט פון מלחמה האָט מען געבלאָזען שופר צו פאַראייניגען דאָס פאָלק אַרום זיינע פירער. ווייל דער שופר איז אַן אינסטרומענט, וואָס רופט צו אחדות, איז אַ „שופר מנוקב", אַ געלעכער־טער שופר — פסול. אַ געלעכערטער שופר לאָזט פון זיך הערען צוויי שטימען, און אויב די שטים, וואָס דאַרף דאָס פאָלק פאַראייניגען, איז אַ צווייִדייטיגע, פירט עס צו שפאַלטונגען אַנשטאָט אחדות און פאַראייני־גונג. די שטים פון שופר מוז זיין אַן אינערליכע און קומען פון און פאַר די אינטערעסען פון דעם פאָלק. אויב אָבער ער איז אַ „מצופה זהב", צוגע־דעקט מיט גאָלד „במקום הנחת הפה", אויף דעם פלאַץ, וואָס מען לייגט־צו צום מויל, איז ער אַ פסול'ער. דער רוף צו אַ פאַראייניגטען קאַמף, וואָס קומט פון די „בעלי זהב", די גאָלד־מאַגנאַטען, איז קיינמאָל ניט אין די אינטערעסען פון דעם אַלגעמיינעם עולם.

הרב אביגדור עמיאל, ז"ל, דער פאַרשטאָרבענער רב־הכולל פון תל־אביב, פרעגט: „וואָס איז די אורזאַך, וואָס דער בעל תוקע דער שופר־בלאָזער, מאַכט די ברכה: „לשמוע קול שופר", צו הערען די שטים פון שופר?" ער האָט דאָך באַדאַרפט מאַכען אַ ברכה לתקוע קול שופר — צו בלאָזען די שטים פון שופר? — און ער ענטפערט: „בעלי־תוקע, בלאָזער, וואָס ווילען לאָזען הערען זייער שטים, האָבען מיר ב"ה גענוג. ווער פון אונז וויל ניט זיין דער „ראש המדברים", דער טאָן־געבער אין אידישע ענינים? אונז פעלען הערער, וואָס זאָלען זיין פאַראייניגט מיט איין דעה, מיט איין געדאַנק.

„שופר אחד אמר רחמנא ולא שנים ושלשה שופרות" — מיר מוזען הערען די שטים פון איין שופר און ניט די שטימען פון עטליכע שופרות באַזונדער, זאָגט די תורה. דער שופר אַליין האָט ניט קיין שטימע און לאָזט פון זיך הערען בלויז דאָס קול, וואָס מען בלאָזט אין אים אַריין. אויב דער בעל־תוקע, דער פירער, פאַרשטייט זיין אויפגאַבע, בלאָזט ער „תקיעות",

גאַנצע שטימען, וואָס רופען צו אחדות, צו פאַראייניגונג; האָט ער אָבער פערזענליכע פניות, דאַן קומט פון זיין שופר אַרויס בלויז „שברים”, צעבראָ־כענע שטימען, וואָס ברייגנען פירוד און צעשפּאַלטונג, וואָס ענדיגען זיך מיט „תרועות” — „קלאָגען און וויינאָגען” (דרשות אל עמי).

„עלה אלקים בתרועה” — דורך דעם שאַלען פון דעם שופר ווערט די גאָטהייט דערהויבען. דאָס איז אָבער אַלץ געזעדט, אַז „ה׳ בקול שופר”, אַז די געטליכע שטימע ווערט געהערט אין דעם קול פון שופר. רופט דער שופר צו גייסטיגער וואַכזאַמקייט, צו נאַציאָנאַלער פאַראייניגונג, פאַר דער אויפלעבונג פון דעם פאָלק און זיין תורה, דערהויבען זיך די אידען צו דער העכסטער שטופע פון גייסטיגע דערגרייכונגען און צוזאַמען מיט זיי שטייגט אויך די גאָטהייט.

ג.

## גוטע און שלעכטע מעשים

**ומלאכים יחפזון.**

„העושה מצוה אחת קונה לו פרקליט אחד, והעובר עבירה אחת קונה לו קטיגר אחד” — דער וואָס טוט אַ מצוה, קויפט זיך איין אַ גוטען מלאך, וואָס פאַרטיידיגט אים, און דער, וואָס טוט אַן עבירה, קויפט זיך איין אַ שלעכטען מלאך, וואָס באַשולדיגט אים (אבות פ״ד).

„לא ככל הגוים בית ישראל” — דער איד פירט זיך ניט אויף ווי די אַנדערע פעלקער פון דער וועלט. ביי זיי איז ראש־השנה, דער טאָג פון ניי־יאָר, אַ טאָג פון שמחה און פרייד, מען טאַנצט, מען הוליעט און מען לאָזט זיך וואוילגיין. ביי אונז אידען אָבער איז ראש־השנה אַ „יום נורא ואיום”, אַ טאָג פון שרעק און ציטערניש. ער ווערט פון אונז אויך באַ־טראַכט פאַר אַ „יום־הדין”, אַ טאָג פון אורטייל, ווען דער שיקזאַל פון יעדען מענשען פאַר דעם נייעם יאָר ווערט געוואויגען און געמאָסטען לויט זיינע מעשים אין דעם פאַרגאַנגענעם יאָר. אין מחזור ווערט פאַר אונז געמאָלט דאָס פאָלגענדע בילד פון דעם, וואָס עס קומט פאָר דעם טאָג אין הימעל: „דער בורא עולם זיצט אויף זיין ריכטער־שטול און אַלע מענשען ווערען פאַר אים

פאַרגעפירט ווי שעפסען. די מלאכים לויפען אַרום פאַרציטערטע און ברייגגען פאַר איבּ די פאַרשיידענע ביכער, וואו עס זיינען פאַרשריבען די מעשים, וואָס יעדער פון זיי האָט געטאָן דאָס גאַנצע יאָר. דער שטן שטייט ביי דער זייט און האַלט אין איין מאַכען קלאַגעס קעגען אַלעמען. כדי אים צו פאַר־טומלען, אַז ער זאָל ניט וויסען וואָס ער רעדט, בלאָזט מען שופר, און דאָס קול פון שופר וואַרפט אויף אים אַ שרעק און זיינע טענות ווערען צעמישט".

ווייל ראש־השנה און יום־כפור זיינען „ימים נוראים", שרעקליכע טעג, טעג פון דין און משפט, דערפאַר זאָגט מען ניט קיין הלל אין די טעג, ווי די חז"ל דערקלערען עס: „אפשר מלך יושב על כסא דין וספרי חיים וספרי מתים פתוחים לפניו, וישראל אומרים שירה" — איז עס מעגליך, אַז ווען דער קעניג פון דער וועלט זיצט אויפ'ן ריכטער־שטול און די ביכער פון די לעבעדיגע און די ביכער פון די טויטע זיינען אָפען פאַר איבּ, זאָלען די אידען זאָגען לויב־געזאַנגען! (ר"ה ט"ז ע"ב). און די „ספרי חיים וספרי מתים" זיינען ניט סתם ביכער, וואו עס ווערט פאַרשריבען ווער עס זאָל לעבען און ווער עס זאָל שטאַרבען. דאָס זיינען קאָנטאָ־ביכער, וואו עס זיינען פאַרצייכענט געוואָרען אַלע מעשים פון דעם מענשען דורכ'ן יאָר, ביכער פון קרעדיט און דעביט. גוטע אויפטואונגען לטובת הכלל ווערען פאַרשריבען אין דעם „ספר החיים", ווייל זיי ברייגגען לעבען אויף דער וועלט. דאַגעגען, שלעכטע מעשים ווערען פאַרצייכענט אין די „ספרי מתים", ווייל זיי ברייגגען טויט און פאַרניכטונג (בינה לעתים).

פון איטליכער מצוה, וואָס אַ מענש טוט, זאָגען אונז די אבות, ווערט באַשאַפען אַ גוטער מלאך, און פון איטליכער עבירה — אַ שלעכטער מלאך. אָט די צוויי קאַטעגאָריעס מלאכים טראָגען זיך אַרום מיט די „ספרי חיים" און „ספרי מתים", איינע פאַר דער אָנקלאַגע און די צווייטע פאַר דער פאַר־טיידיגונג. וואָרום אָבער „יחפזון"? פאַרוואָס לויפען זיי פאַרביי? וואָס איז אויף זיי אַזאַ איילעניש? אין אַ דרוש פאַר תקיעות האָט דער רבי ר' זישע ע"ה אויף דער פראַגע געגעבען פאָלגענדען וויציגען תירוץ: „פאַרשטייט איר מיך," האָט ער געזאָגט, „די מלאכים זיינען דאָך באַשאַפען געוואָרען פון די אידישע מעשים. פון די מצוות קומען אַרויס גוטע מלאכים. מיר ווייסען אָבער, אַז בעונותינו הרבים ווערען די מצוות ניט געטאָן בשלמות, ווי עס באַדאַרף צו זיין, זיינען במילא די מלאכים, וואָס ווערען פון זיי באַ־שאַפען, אויך ניט קיין שלמות'דיגע און זיי קומען אַרויס בעלי־מומין, קאַ־

ליקעס, לא עליכם. דערפאַר, ווען זיי מאַרשירען פאַרביי דעם בית־דין של מעלה צו דעמאָנסטרירען די אידישע מעשים טובים, לויפען זיי פאַרביי אין איילעניש, כדי בית־דין זאָל ניט באַמערקען זייערע חסרונות.

„אָבער מיר קאָנען זיך טרייסטען מיט דעם," האָט ער פאַרענדיגט, „וואָס אויך די שלעכטע מלאכים, וואָס ווערען באַשאַפען פון די אידישע עבירות, פליען שנעל פאַרביי דעם כסא־המשפט, ווייל זיי זיינען נאָך גרעסערע קאַליקעס ווי די ערשטע, מחמת בשעת אַ איד טוט יאָ אַמאָל אַן עבירה, איז זעלטען, אַז עס זאָל אים בשעת מעשה ניט אַ צופ־טאָן ביים האַרצען, עס זאָל אים ניט אויף אַ רגע דורכלויפען אַ פונק פון חרטה און בושה. ווידער זיינען דאָך דער גרעסטער טייל פון די אידישע חטאים אַרויסגעצוואונגענע פון דעם פינסטערען גלות. צוליב דעם טאַקע, וואָס די עבירות קומען ניט אַרויס „בלב שלם", ווערען פון זיי באַשאַפען מלאכים, לא עליכם, וויסטע קאַליקעס, אָהן הענט און אָהן פיס. זיי מוזען דעריבער פאַרביילויפען מיט אַ גרעסערען „חפזון" ווי די גוטע מלאכים, ווייל זיי שעמען זיך צו ווייזען זייער מיאוס'ן פנים".

---

### ד.

## געדאַנקען און מיינונגען פון דער אגדה

### אשרי העם יודעי תרועה.

„וכי אומות העולם אינב יודעים להריע? אלא שיודעים לרצות את בוראם בתרועה, והיינו בתשובה" — ווייסען דען ניט די אַנדערע פעלקער פון דער וועלט ווי צו בלאָזען אין שופרות און טרומייטען? דער אונטער־שייד באַשטייט אָבער אין דעם, וואָס די אידען פאַרשטייען ווי צופרידענצו־שטעלען זייער באַשעפער מיט זייער שאַלען, דאָס הייסט, מיט זייער תשובה טאָן (מ"ר פ' אמור).

ראש השנה, דער ערשטער טאָג פון אַ נייעם יאָר, ווערט פון אַלע פעלקער געפייערט אַלס אַ גרויסער און פריילינכער יום־טוב, מען טאַנצט און מען הוליעט און מען לאָזט זיך וואוילגיין. מיר אידען נעמען אָבער אויף דעם טאָג אַלס אַ „יום נורא ואיום", אַ טאָג פון שרעק און ציטערניש, אַ טאָג

פון ערנסטקייט און באַדיינקונג. אונזערע חכמים גייען נאָך ווייטער און באַ־הויפּטען, אַז „מצוה של ראש השנה בכפופין, כמה דכפיף איניש דעתו טפי מעלי" — די הויפּט מצוה פון ראש השנה באַשטייט אין געפאַלענקייט: וואָס מער אַ מענש פילט געפאַלען ביי זיך, אַלץ העכער איז זיין באַגריף פון דעם גרויסען מאָמענט (ר"ה כ"ו).

דער נאָמען „ראש השנה", מיט וועלכען מיר רופען אָן דעם ערשטען טאָג אין תשרי, ווערט אין דער תורה ניט דערמאָנט. מיר אידען ציילען ניט די יאָרען נאָך דעם געבורט פון אַ גאָט, ווייל אונזער גאָט איז קיינמאָל ניט געבוירען געוואָרען. אַ גאָט, וואָס קאָן געבוירען ווערען, קאָן אויך שטאַר־בען. דער באַשלוס, אַז דער ערשטער טאָג אין חודש תשרי זאָל גערעכענט ווערען אַלס ראש השנה, דער אָנפאַנג פון אַ נייעם יאָר, איז דעריבער ניט באַשטימט געוואָרען אין דער תורה, וואָס איז געשריבען געוואָרען פון גאָט אַליין. דאָס איז אָנגענומען געוואָרען אין די שפּעטערדיגע דורות, אין די צייטען פון תלמוד און ווייטער. דער מדרש זאָגט: „מתכנסים מלאכי השרת לפני הקב"ה ושואלים אימתי ראש השנה?" — די מלאכים אין הימעל קלייבען זיך אַרום דעם כסא הכבוד און פרעגען: ווען פאַלט אויס ראש השנה? „והקב"ה משיב: ולי אתם שואלים? אני ואתם נלך לבין דין של מטה" — און דער אויבערשטער ענטפערט: מיך פרעגט איר? לאָמיר בעסער אַרונ־טערגיין צום בית־דין אונטען און ביי זיי פרעגען (ילקוט שמעוני, תהלים פ"א).

וואָס פאַר אַ טיפער פילאָזאָפישער געדאַנק עס ווערט אין דעם מדרש אויסגעדריקט! פאַר דעם שאָפער פון אייביגקייט זיינען ניטאָ קיין אָנפאַנג און קיין סוף פון יאָרען. „אלף שנים כיום אתמול כי יעבר" — ביי אים איז אַ תקופה פון טויזענט יאָר בלויז אַ פאַרבייגייענדיגער נעכטען. „ראש־השנה", דער סוף און אָנפאַנג פון יאָרען איז דעריבער אַ באַגריף, וואָס מוז באַצייכענט ווערען פון אַ „בית־דין של מטה". די מענשען, וועלכע מעסטען זייער לעבען אין טעג און יאָרען, מוזען אַליין באַשטימען זייערע „ראשי השנה", די אָנפאַנגען און די אויסלאָזען פון זייערע יאָרען. אין דער תורה ווערט דער טאָג באַצייכענט מיט דעם נאָמען „יום־הזכרון", אַ טאָג פון באַ־דענקען זיך, אַ טאָג פון חשבון הנפש, אַריינצוטראַכטען זיך אין דעם וואָס איז שוין געשעהן, און וועלען פאַרשטיין וואָס עס קאָן געשעהן ווייטער — אין דעם באַשטייט דער הויפּט־געדאַנק פון דעם אידישען ראש השנה.

„אדם הראשון נברא בראש השנה" — דער ערשטער מענש איז באַשאַ־פען געוואָרען אין דעם טאָג פון ראש השנה (ויק"ר פ' כ"ט). הייסט עס, אַז ראש השנה איז דער אָנפאַנג פון אַ נייעם יאָר פאַר דער גאַנצער מענשהייט. דערפאַר טאָקע זיינען מיר אין אונזערע שוהלען מתפלל אויך פאַר אַלע אַנדערע פעלקער פון דער וועלט. אין דער צייט וואָס מיר טוען תפלה, אַז גאָט זאָל ברייננען „שמחה לארצך וששון לעירך" — צופרידענהייט פאַר זיין לאַנד און פרייד פאַר זיין שטאָט, בעטען מיר אויך פאַר אַלע פעלקער: „ויעשו כולם אגודה אחת" — אַז זיי זאָלען ווערען פאַראייניגט צווישען זיך. און כאָטש אונזער הויפּט־ציל איז: „ותמלוך בהר ציון משכן כבודך", אַז גאָט זאָל קעניגען איבער ציון, דער רוה־פּלאַץ פאַר זיין עהרע, ווילען מיר אויך, אַז עס זאָל קומען די גאולה פאַר דער גאַנצער מענשהייט, ווען „עולתה תקפוץ פיה וכל הרשעה כולה כעשן תכלה" — פאַרברעכען זאָל אויסגע־ראָטען ווערען און שלעכטסקייט זאָל אַוועק מיט דעם רויך. מיר אידען האָבען תמיד פאַרשטאַנען, אַז דער גליק און פרידען פון איין נאַציע איז שטאַרק אָפּהענגיג פון דעם מצב פון אַלע אַנדערע פעלקער.

דער ערשטער טאָג אין תשרי ווערט אין דער תורה אויך אָנגערופען מיט דעם נאָמען „יום תרועה", אַ טאָג פון שאַלונג. אָבער מיט דעם ווערט ניט געמיינט ווילדע הוליאַנקעס און טומעלדיגע טרומייטערס. אונזער „יום תרועה" מיינט אַ טאָג פון גייסטיגער דערוואַכונג, פון נאַציאָנאַלער אָפּפער־ווילינקייט. רבי אבוה פרעגט: וואָרום בלאָזט מען אין אַ האָרן פון אַ באַראַן? ווייל הקב"ה זאָגט: בלאָזט פאַר מיר אין אַ האָרן פון אַ באַראַן, כדי איך זאָל זיך דערמאָנען די „עקדת יצחק", און איך וועל עס אייך פאַררעכענען „כאלו עקדתם את עצמכם לפני", פונקט ווי איר וואָלט זיך אַליין געאָפּפערט פאַר אַ קרבן פאַר אייער אמונה און פאַר די אידעאַלען פון מיין תורה (ר"ה ט"ז).

דער דובנער מגיד ע"ה דערקלערט דעם געדאַנק פון די ווערטער „אשרי העם יודעי תרועה" מיט'ן פאָלגענדען שיינעם משל:

„אַ דאָרפישער פויער איז געקומען אין שטאָט אַריין, וואו עס איז גראָד דאַן אויסגעבראָכען אַ שרפה. האָט ער געזעהן ווי אויפ'ן מאַרק שטייען מענשען און טרומייטערען און פייקען און דאַן לויפט מען פון אַלע זייטען מיט העק אין די הענט און מיט לאָפּעטעס און מיט פעסער און מיט עמערס. שטייט דער פויער און וואונדערט זיך: מאָדנע מענשען די שטאָטלייט, אַז עס ברענט, שטעלען זיי גאָר אַוועק אין מיטען מאַרק כלי־זמרים, זיי זאָלען טרומיי־

טערען און פויקען. וואָס איז מיט זיי די שמחה? ענטפערט מען אים, אַז דאָס טרומייטערט מען און מען פויקט צו לעשען דעם פייער. דער פויער, וועל־כער האָט ביז דעמאָלט קיינמאָל ביי זיך אין דאָרף קיין שרפה ניט געזעהן, איז פון דער דאָזיגער וואונדערליכער המצאה שטאַרק נתפעל געוואָרען. איז ער אַוועק אין קראָם און געקויפט אַ גרויסע פויק, וואָס ער האָט מיט גע־פירט אין דאָרף אַריין.

„איינמאָל, בשעת עס איז אין דאָרף אויסגעבראָכען אַ שרפה און דער עולם איז זיך צונויפגעלאָפען לעשען דעם פייער, האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט און דערקלערט, אַז מען דאַרף ניט, אַז קיינער זאָל צום פייער זיך ניט צו־רירען, מחמת ער האָט געבראַכט פון שטאָט אַזאַ מיטעל, פון וועלכען דער פייער וועט אַליין אַנטלויפען. ער האָט אַרויסגענומען די פויק און אַוועק־שטעלענדיג זיך פאַר דעם ברענענדיגען הויז האָט ער גענומען פויקען מיט אַלע כוחות — וואָס אַמאָל העכער, וואָס אַמאָל שטאַרקער. אָבער וואָס מער ער פויקט, אַלץ מער צעפלאַקערט זיך דאָס פייער, ביז דער גאַנצער עולם איז אָנגעפאַלען אויף אים און געשריען: „משוגענער, מיט'ן פויקען אַליין פאַרלעשט מען ניט קיין שרפה. די פויק איז בלויז צו אַלאַרמירען די מענשען, אַז זיי זאָלען זיך ראַטעווען און אָננעמען מיטלען קעגען דעם פייער...

„און דאָס איז דער זין: „אשרי העם יודעי תרועה" — וואויל דעם פאָלק, וואָס ווייסט די באַדייטונג פון „תרועה", אַז ניט דאָס בלאָזען און דאָס טרומייטערען אַליין איז דער עיקר. „וכי אומות העולם אינם יודעים להריע?" — קאָנען דען ניט די אומות העולם בעסער בלאָזען און בעסער טרומייטערען פאַר אונז? „אלא שיודעים לרצות את בוראם" — עס איז בלויז אַ סיגנאַל צו וועקען און מעורר זיין דעם עולם, אַז ער זאָל זיך אַרומקוקען וואו ער האַלט אין דער וועלט, כדי אויסצומיידען די דראָענדע געפאַר" (אוהל יעקב).

# שבת תשובה

## א.

## תשובה שפּאַלט די הימלען

**שובה ישראל עד ה' אלקיך.**

„עשה תשובה עד שאתה בכחך, עד שהנר דולק תן בו שמן. כבה הנר, אין השמן מועיל כלום" — טו תשובה אַזוי לאַנג ווי דו האָסט נאָך דיינע כּוחות. כל זמן דאָס ליכט ברענט נאָך, גיס־צו בוימעל. האָט זיך שוין דאָס ליכט אויסגעלאָשען, וועט אים בוימעל מער קיין נוצען ניט ברייגען (ילקוט שמעוני).

דורך דעם גאַנצען חודש אלול בלאָזט מען שופר אין די שוהלען, כדי מעורר צו זיין די אידען און זיי אויפמערקזאַם מאַכען וועגען די קומענדיגע „ימים נוראים". די מורא'דיגע טעג. אַ וואָך פאַר ראש השנה פאַרזאַמלען זיך יעדען פאַרטאָג אידען אין די שוהלען צו זאָגען סליחות. ווער פון אונז געדענקט נאָך ווי די שמשים אין די אַלטע אידישע קהלות פון רוסלאַנד און פוילען פלעגען אַרומלויפען פון הויז צו הויז, קלאַפּען אין די לאָדענס און וועקען די אידען: „שטייט אויף! שטייט אויף! צו עבודת הבורא!" ווי מיסטעריעז און קדושה'דיג פלעגט קלינגען זייער רוף! די צען טעג פון ראש השנה ביז יום כפור הייסען ביי אונז „עשרת ימי תשובה", צען טעג פון תשובה טאָן. דער שבת, וואָס פאַלט־אויס צווישען ראש השנה און יום כפור, הייסט „שבת שובה". אַט אַזוי האָט די אידישע טראַדיציע געזוכט פאַנאַנדערצעגליען אין יעדען אידען דעם פונק פון אמונה, כדי צו רייניגען זיין גייסט און דערוואַרעמען זיין נשמה איידער די ימים־נוראים קומען.

אונזערע חכמים באַטראַכטען תשובה פאַר'ן גרעסטען מאָראַלישען כוח. תשובה איידעלט דעם מענשען, דערהויבט זיין גייסט און צווינגט אים צו זיין

סאָציאַל און געזעלשאַפטליך צו זיינע מיטמענשען. די גמרא ראַט יעדען מענשען צו באַטראַכטען די וועלט האַלב גוט און האַלב שלעכט און ער אַליין שטייט אין מיטעלפונקט. אויב ער גייט טאָן אַ פאַרברעכען, וועט ער די גאַנצע וועלט אריבערוועגען לכף חוב. צוליב אים קאָן נאָך די גאַנצע מענשליכע געזעלשאַפט פאַרלירען איר גלייכגעוויכט און אַראָפּ פון דרך הישר. וועט ער אָבער טאָן אַ גוטע טאַט, וועט ער די וועלט אַריבערוועגען לכף זכות און די מענשהייט וועט אויפגעריכט ווערען. אויב ער האָט אָבער, ניט ווילענדיג, דאָך געזינדיגט, זאָל ער תשובה טאָן. „תשובה מקרבת את הגאולה״ — תשובה דער־נענטערט די באַפרייאונג (יומא פ״ו). מיט זיין תשובה טאָן וועט ער ניט נאָר זיך באַפרייען פון דער שווערער לאַסט פון זיין פאַרברעכען, נאָר ער וועט אויך ברייננגען אַ גאולה פאַר זיינע מיטמענשען.

„גדולה תשובה שמביאה רפואה לעולם״ — גרויס איז תשובה, ווייל זי ברייננגט אַ היילונג פאַר דער וועלט (יומא פ״ו). אָהן תשובה וואָלט דער מענש געוואָרען אַ ווילדע חיה. ווען דער געוויסען שטאַרבט אָפּ, שטאַרבען אויך אָפּ אַלע העכערע געפילען און די נשמה ווערט מער און מער פאַרגרעבט, ביז זי זינקט אין אַ תהום פון פינסטערניש און שמוץ. תשובה רייניגט דעם געוויסען, שטילט אויך איין די נערוועון פון מענשען און היילט די וואונדען פון זיין האַרץ.

נאָך אַ העכערער גענדאַנק וועגען תשובה ווערט אויסגעדריקט אין דער גמרא „גדולה תשובה שמגעת עד כסא הכבוד״ — גרויס איז תשובה, ווייל זי גרייכט ביז דעם שטול פון דעם אויבערשטען (יומא פ״ו). ווען אַ מענש הויבט אָן נאָכצודענקען וועגען אַלע זיינע מעשים און ווערט באַוואוסטזיניג, שטייגט זיין נשמה און גרייכט די העכסטע הויך. דער גרויסער אידישער־שריפטשטעלער י. ל. פרץ דערציילט אַ שיינע מעשה׳לע פון אַ חסידישען רבי׳ן, אויף וועמען זיינע חסידים פלעגען זאָגען, אַז אין די סליחות־טעג גייט ער אַרויף אַלע נעכט אויפ׳ן הימעל. אַמאָל איז אַ מתנגד געקומען אין דעם שטעטעל און האָט באַשלאָסען חוקר ודורש זיין, צי די מעשה איז אמת. ער האָט געוואַרט אַ גאַנצע נאַכט פאַר דעם רבינ׳ס הויז און פאַרטאָג האָט ער באַ־מערקט ווי דער רבי איז אַרויס פון הויז מיט אַ האַק אין דער האַנט און האָט זיך געלאָזט גיין צום וואַלד. דער מתנגד איז נאָך אים נאָכגעגאַנגען און האָט געזעהן ווי דער רבי האָט אָנגעהאַקט האָלץ און עס אוועקגעטראָגען צו אַן אָרי־מער הייזקע, וואו אַן אַלטע פרוי איז געלעגען קראַנק. דער רבי האָט אַליין

אַרייַנגעלייגט דאָס האַלץ אין אויוועז און ביז דאָס פייער האָט זיך פאַנאַנדער־געברענט און אָנגעוואַרעמט דאָס הויז האָט דער רבי דערווייל געזאָגט סליחות.

דער מתנגד איז שוין געוואָרען אַ שטאַרקער חסיד פון דעם רבי׳ן, און ווען ער פלעגט הערען די חסידים דערציילען, אַז דער רבי גייט אַרויף סליחות־צייט אויפ׳ן הימעל, פלעגט ער צוגעבען: „אויב ניט נאָך העכער...״

---

ב.

## דער כח פון תשובה

שובה ישראל עד ה׳ אלקיך.

„א״ר יוחנן, נתעטף הקב״ה כשליח צבור והראה לו למשה סדר תפלה, אמר לו, כל זמן שישראל חוטאין יעשו לפני כסדר הזה ואני מוחל להם — גדולה תשובה שמקרעת גזר דינו של אדם״ — רבי יוחנן זאָגט, דער אויבער־שטער האָט זיך איינגעוויקעלט אין אַ טלית, ווי אַ חזן, און האָט געוויזען משה׳ן דעם סדר פון תפלות זאָגענדיג, יעדעס מאָל וואָס אידען וועלען זינדיגען זאָ־לען זיי פאַר מיר טאָן אַזוי און איך וועל זיי מוחל זיין. תשובה איז גרויס, ווייל זי צערייסט דעם גזר־דין פון אַ מענשען (ר״ה י״ג ע״ב).

„תשובה — פלעגט זאָגען ר׳ אהרעלע קאַרלינער — מיינט צוריקקערונג, מען דאַרף וועקען די נשמה, וואָס ווערט איינגעשלאָפען, זי זאָל זיך אומקערען צו געטליכער „התעוררות״, צו גייסטיגער וואַכזאַמקייט״. „אין אדם עובר עבירה אלא אם כן נכנס בו רוח שטות״, קיין מענש באַגעהט ניט אַ פאַרברעכען, סיידען אַז ער ווערט באַהערשט פון אַ נאַרישען באַגעהר (סוטה ג׳ ע״א). כל זמן ער איז ביי זיין פולען באַוואוסטזיין, פירט זיך יעדער מענש אויף ווי עס באַדאַרף צו זיין. בלויז אַז ער ווערט פאַרכאַפּט פון אַ ווילדער און נאַרישער תאוה, וואָס טויט אָפּ זיין געוויסען, פאַרלירט ער זיין גלייכגעוויכט און איז עלול צו באַגעהן כל׳ערליי פאַרברעכענס קעגען זיין גאָט און קעגען זיין פאָלק.

די אידישע טראַדיציע האָט דעריבער באַשטימט די צעהן טעג פון ראש השנה ביז יום כפור פאַר „עשרת ימי תשובה״, צעהן טעג פון תשובה טאָן. אויב, צוליב געוויסע אומשטענדען איז דער אידישער געוויסען איינגעשלאָפען דורכ׳ן יאָר און האָט אים געפירט צו טאָן אַזעלכע זאַכען, וואָס זיינען פאַר־

ברעכענס קעגען גאָט און קעגען דעם פאָלק, זאָל ער אין די הייליגע טעג תשובה טאָן און ווערען צוריק באַוואוסטזיניג. „ד׳ אורי וישעי. אורי בר״ה וישעי ביום הכפורים״ — גאָט איז מיין ליכט און מיין הילף, מיין ליכט ראש השנה און מיין הילף יום כפור (יומא פ״ו). מיט ראש השנה הויבט אָן דער פונק פון אמונה זיך פאַנאַנדערצעגליהען אין יעדען אידען, און האַלט אין איין שטייגען ביז יום כפור, ווען ער צעפלאַקערט זיך אין אַ גרויס ליכט, וואָס רייניגט זיין גייסט און דערוואַרעמט זיין נשמה.

אָהן תשובה וואָלט דער מענטש געוואָרען אַ ווילדע חיה. ווען דאָס געוויסען שטאַרבט אָפּ, שטאַרבען אויך אָפּ אַלע העכערע געפיהלען, און די נשמה ווערט אַלץ מעהר און מעהר פאַרגרעבט ביז זי זינקט אין אַ תהום פון פינסטערניש און שמוץ. „גדולה תשובה שמביאה רפואה לעולם״ — תשובה איז גרויס, ווייל זי ברענגט אַ היילונג אויף דער וועלט (יומא פ״ו). תשובה רייניגט דעם געוויסען פון מענשען, שטילט איין זיינע נערווען און היילט די וואונדען פון זיין האַרץ; זי העלפט אים אויך, ער זאָל ניט פאַרצווייפלען און פאַרלירען זיין האָפענונג אויף אַ בעסערער צוקונפט.

„שובה ישראל — עד ה׳ אלקיך, גדולה תשובה שמגעת עד כסא הכבוד״ — קער זיך אום ישראל ביז צו דיין גאָט. תשובה איז גרויס, ווייל זי גרייכט אַזש ביז׳ן כסא הכבוד (יומא פ״ו).

דער דובנער מגיד ע״ה דערקלערט עס מיט אַ משל: „אַז איינער באַגייט אַ גרויסען פאַרברעכען פאַר וועלכען עס קומט אַ שווערע שטראָף, זאָל ער זיך ניט פאַרלאָזען אויף אַנדערע פריינט. זאָל ער בעסער זוכען צו קומען צום שופט אַליין און ביי אים בעטען רחמים. עס ווערט ניט געזאָגט „שובה ישראל אל ה׳ אלקיך״ — קער זיך צוריק ישראל צו דיין גאָט, נאָר „עד ה׳ אלקיך״, ביז דיין גאָט. „גדולה תשובה״, זאָל דיין תשובה זיין אַזוי גרויס, אַז זי זאָל דורכשפּאַלטען אַלע הימלען און גרייכען אַזש ביז׳ן כסא הכבוד. בעט ביי אים רחמים, ער זאָל דיר מוחל זיין און ראַטעווען דיין לעבען״.

דער „ירושלמי״ גיט אונז אַ מערקווירדיגע אָפּשאַצונג ווי חכמה, נבואה, תורה און אמונה באַהאַנדלען דעם פאַרברעכער: „שאלו לחכמה חוטא מהו עונשו? ״ — מען האָט געפרעגט דער „חכמה״, וואָס איז די שטראָף פון אַ זינדיגען? „אמרה להם: חוטאים תרדוף רעה״ — האָט די חכמה געענטפערט, אַז דאָס שלעכטס וואָס איינער האָט געטאָן וועט אים אימער פאַרפאָלגען. מען האָט די זעלבע פראַגע געשטעלט דער „נבואה״, און זי האָט געענטפערט, „הנפש

החוטאת היא תמות" — די זינדיגע נשמה מוז שטאַרבען. מען האָט געפרעגט דער „תורה" און זי האָט געענטפערט, „יביא אשם ויתכפר לו" — זאָל ער ברייגגען אַ קרבן און ער וועט קריגען זיין כפרה. „שאלו להקב"ה חוטא מה יעשה?" — מען האָט געפרעגט גאָט אַליין, וואָס זאָל אַ זינדיגער מענש טאָן אום געלייטערט צו ווערען? האָט ער געענטפערט, „יעשה תשובה ויתכפר לו" — זאָל ער תשובה טאָן און זיינע זינד וועלען אים פאַרגעבען ווערען (ירושלמי מכות פ"ב).

די שטרענגע „חכמה", די קאַלטע וויסענשאַפט, פאַראורטיילט אים אויף אימער. די „נבואה", וואָס רעכענט זיך מעהר מיט דעם מאָרגען איידער מיט דעם היינט, זאָגט אים אָפּ דאָס לעבען. די תורה, וועלכע איז מעהר פריינט־ליך, גיט אים אַן עצה זיך אויסצוקויפען מיט אַ קרבן. „אמונה" אָבער, געהט נאָך ווייטער און פאָדערט אַפילו ניט קיין קרבנות. זי ראָט אים צו טאָן תשובה, צו רייניגען דעם געוויסען. אַ חרטה אויף לעבר און אַ קבלה אויף להבא, אַ באַשלוס, אַז פון היינט אָן און ווייטער וועט ער זוכען נאָר גוטס צו טאָן, איז גע־נוג אויפצוהויבען דעם מענשען אויף אַ העכערער שטופע און אים ברענגען „עד ה'" — נעהנטער צו גאָט.

דער וואָס טוט תשובה נאָך אַ זינד, שטעהט אין אַ געוויסען זין העכער פאַר דעם, וואָס האָט ניט געהאַט דעם נסיון צו זינדיגען. דער בעל „התניא" גיט אַ פילאָזאָפישע דערקלערונג איבער דעם פסוק אין „מלאכי": „ושבתם וראיתם בין צדיק לרשע, בין עובד אלקים לאשר לא עבדו" — און איר וועט ווידער איינזעהן דעם אונטערשייד צווישען דעם צדיק און דעם רשע, צווישען דעם וואָס דינט גאָט און דעם וואָס דינט אים ניט. ער זאָגט: אייגענטליך איז דאָך אַ רשע און דער וואָס דינט ניט גאָט איינס און דאָס זעלבע. דער פסוק אָבער וויל דאָ באַטאָנען, אַז עס קאָן טרעפען, דאָס אַ איד וואָס האָט אויף זיין לעבען ניט עובר געווען אויף דער קלענסטער עבירה, און האָט מקיים געווען אַלע מצוות, וואָס זיינען אים געקומען צו דער האַנט, זאָל איבער אים דאָך ניט שיינען דער „אור ה' המאיר על נפש אלקית"—דאָס ליכט פון גאָט, וואָס שיינט איבער אַ געטליכער נשמה. דער יעניגער, וואָס דאַרף ניט קעמפען קעגען זיין יצר הרע און טוט אַלץ פון געוואוינהייט, כאָטש ער איז געוויס ניט אין כלל פון „רשע", קאָן ער אָבער זיין אין דעם כלל פון „לא עבדו", פון ניט דינען גאָט ווי עס באַדאַרף צו זיין. בלויז די, וואָס האָבען דורכצומאַכען שווערע נסיונות פאַרשטעהען ווי צו דינען גאָט".

אויב אידען טוען תשובה און ווערען באַוואוסטזיניג אויף זייערע פליכטען צו זייער פאָלק און גלויבען, דאַן איז „נתעטף הקב״ה כשליח צבור״, ווערט גב״ה אַליין דער שליח צבור פון דער אידישער געמיינדע, איר גזר־דין ווערט צעריסען און זי שטייגט — „עד ה׳ אלקיך״, ביז דער העכסטער הויך פון דער גאָטהייט.

ג.

## די באַדייטונג פון תשובה

קחו עמכם דברים ושובו אל ה׳.

„אמר הקב״ה לישראל: בני פתחו לי פתח אחד של תשובה כחודה של מחט ואני פותח לכם פתחים שיהיו עגלות וקרניות נכנסות בו״ — גאָט זאָגט צו די אידען: מיינע קינדער, עפענט פאַר מיר אַ שפּעלטעל פון תשובה די גרויס פון אַ שפּיץ פון אַ נאָדעל און איך וועל פאַר אייך עפענען אַזעלכע ברייטע טויערען אין וועלכע וועגענער און קאַרעטען זאָלן קאָנען אַריינגיין (שה״ש רבה פ״ה).

די צען טעג פון ראש השנה ביז יום כפור ווערען אין דער אידישער טראַדיציע אָנגערופען „עשרת ימי תשובה״, צען טעג פון תשובה טאָן. די חז״ל זאָגען אונז: „שלשה ספרים נפתחים מר״ה עד יום הכפורים״ — דריי ביכער, אין וועלכע עס זיינען פאַרשריבען געוואָרען די מעשים פון יעדען מענשען פאַר׳ן פאַרגאַנגענעם יאָר, ווערען געעפענט און אַ באַלאַנס ווערט אונטערגע־צייכענט, וואָס באַשטימט זיין גורל פאַר דעם קומענדיגען יאָר. „צדיקים גמורים״, די גאָר פיינע מענשען ווערען פאַרשריבען „לאלתר לחיים״, באַלד צום לעבען. „רשעים גמורים״, אמת׳ע רשעים ווערען גלייך פאַר׳משפט צום טויט. „בינונים תלוים ועומדים״, דער שיקזאַל פון די מיטעלמעסיגע בלייבט הענגען ביז יום כפור. אַזוי ווי די מערהייט פון פאָלק זיינען דאָך בינונים, איז דאַרום ראַטזאַם פאַר יעדען תשובה צו טאָן אין די היילעגע טעג און בעטען אויף אַ גוט יאָר. (ר״ה ט״ז).

ראש השנה ווערט אין דער תורה באַצייכענט מיט דעם נאָמען „יום הזכרון״, אַ טאָג פון באַדענקען זיך, אַ טאָג פון חשבון הנפש, אַריינצוטראַכטן זיך אין דעם, וואָס איז שוין געשען און זוכען צו פאַרשטיין וואָס עס קאָן געשען ווייטער.

אין דעם באַשטייט דער הויפּט־געדאַנק פון דעם אידישען ראש השנה און די צען טעג פון תשובה ביז יום כפור. תשובה איז איינע פון די זעקס הונדערט מיט דרייצען מצוות, וואָס די תורה האָט אונז אָנגעזאָגט. צו ווערען באַוואוסטזיניג אויף די מעשים, זיך אַריינצוטראַכטען אין זיינע פליכטען צו גאָט און מענש, און זוכען צו פאַרריכטען, אויב ער האָט קאַליע געמאַכט, וועט דעם מענשען אויפהויבען צו אַ העכערער שטופע און אים ברענגען נעענטער צו זיין גלויבען און זיין פאָלק.

תשובה, זאָגען אונז די חז״ל, שטייט העכער פאַר אַלע אַנדערע מצוות, ווייל דורך איר ווערען די אַלע פאַרזאָגען פון דער תורה קריסטאַליזירט און געריינעגט. תשובה האָלט אויף די וועלט. „כשעלה במחשבתו לבראות את העולם היה הקב״ה חושב איך יעמד מפני עוונותיו של אדם, והקדים וברא תשובה ואחר כך ברא העולם" — ווען עס איז אַרויף אויף דעם געדאַנק פון דעם רבונו של עולם צו באַשאַפען די וועלט, האָט ער ביי זיך געטראַכט, ווי קאָן ער פאַרזיכערען איר עקזיסטענץ צוליב די זינד פונ׳ם מענשען? האָט ער צוערשט באַשאַפען דעם געדאַנק פון תשובה און נאָכדעם האָט ער באַשאַפען די וועלט (בית המדרש ח״ו). תשובה, געוויסענסביסע פאַר שלעכטע אויפפיי־רונגען, האַלט אָפּ די מענשען פון ווערען ווילדע חיות און גיט זיי אַ העכערען אידעאַל אין לעבען ווי בלויז קערפּערליכע צופרידענקייטען.

תשובה אָבער דאַרף אַ מענש טאָן, ווען ער איז נאָך בכוח גוטצומאַכען אַלע פעלערען, וואָס ער איז באַגאַנגען. „אשרי מי שעושה תשובה כשהוא איש" — גליקליך איז דער, וואָס טוט תשובה ווען ער איז נאָך אַ מענש מיט אַלע זיינע כוחות (ע״ז י״ט). ווי שיין דריקט זיך אויס דער מדרש איבער דעם געדאַנק: „עשה תשובה עד שאתה בכחך, עד שהנר דולק תן לו שמן, כבה הנר אין השמן מועיל כלום" — טו תשובה, ווען דו ביזט נאָך ביי דיינע כוחות. כל זמן דאָס ליכט ברענט, גיס צו בוימעל; האָט זיך דאָס ליכט אויסגעלאָשען, וועט קיין בוימעל מער ניט העלפען (ילקוט שמעוני ח״ב רמז תתקע״ט).

מיט תשובה ווערט אָבער ניט געמיינט בלויז פאַסטען און תפילה טאָן. חרטה אויף שלעכטע מעשים, וואָס זיינען באַגאַנגען געוואָרען אין דעם פאַר־גאַנגענעם יאָר, איז ניט גענוג. מען מוז אויף זיך אויך נעמען אַ „קבלה", אַ פליכט, ווייטער אַזעלכע עבירות ניט צו באַגיין. איבערהויפּט אויף די פאַר־ברעכענס, וואָס מען באַגייט קעגען מיטמענשען, העלפט ניט יום כפור און העלפט ניט קיין תשובה. אַזעלכע שאָדענס מוזען גוטגעמאַכט ווערען, און די, קעגען

ווענען זיי זיינען באַגאַנגען געוואָרען, מוזען פאַרגיטיגט ווערען. „קחו עמכם דברים ושובו אל ה'" — נעמט מיט אייך מיט די אַלע זאַכען, וואָס איר האָט געזינדיגט, ווען איר ווילט תשובה טאָן פאַר גאָט.

דער דובנער מגיד ז"ל דערקלערט דעם דאָזיגען פסוק מיט אַ שיינעם משל: אַ דאָרפישער שמיד האָט געהערט, אַז די שטאָטישע שמידען באַנוצען זיך מיט אַ בלאָז־זאַק אָנצוהאַלטען דאָס פייער אין זייערע קוזניעס. איז ער אַוועק און האָט זיך איינגעקויפט אַזאַ בלאָז־זאַק. ווען ער האָט אים אַריינגעשטעלט אין זיין קוזניע און האָט גענומען בלאָזען, איז ער שטאַרק איבערראַשט געוואָרען וואָס קיין פייער איז פון דעם ניט אַרויסגעקומען. ער בלאָזט און בלאָזט און קיין פייער איז אַלץ ניטאָ. איז פאַרבייגעגאַנגען זיינער אַ פריינט און אים דערקלערט: „דער בלאָז־זאַק קאָן דיר העלפען אָנצוהאַלטען דעם פייער און אים פאַרגרעסערען, אויב דו לייגסט אַריין כאָטש אַ קליינעם פונק פייער. פאַר קאַלטע קוילען וועט דיר דער בלאָז־זאַק ווייניג העלפען". דאָס, פירט ער אויס, איז דער געדאַנק פון פסוק: „קחו עמכם דברים", נעמט אייך אליין מיט אייערע תפילות, גיט צו אייער אייגענעם פייער, דאַן וועט ער זיך פאַנאַנדערפלאַקערען אין אַן אמת'ער תשובה.

גב"ה בעט זיך ביי די אידען: עפענט פאַר מיר אַ שפעלטעלע פון תשובה, כאָטש די גרויס פון „חודה של מחט", אַ שפיץ פון אַ נאָדעל. אַז איך וועל זעהן, אַז איר מיינט עס ערנסט, וועל איך פאַר אייך ברייט עפענען די טויערען פון תשובה, „שיהיו עגלות וקרניות נכנסות בו" — אין וועלכע וועגענער און קאַרעטען, גרויס גענוג פאַר אייערע פאַמיליעס, זאָלען דאָרט קאָנען אַריינגיין (שהש"ר פ"ה).

# יום כפור

## א.

## דער מנהג צו שלאָגען כפּרות

**וכפּר בעדו ובעד ביתו.**

„שאלו לחכמה חוטא מהו עונשו ? אמרה להם : חוטאים תרדוף רעה. שאלו לנבואה, אמרה להם : הנפש החוטאת היא תמות. שאלו לתורה, אמרה להם : יבוא אשם ויתכפּר לו. שאלו להקבה״ חוטא מה יעשה ? אמר להם : יעשה תשובה ויתכפר לו — מען האָט געפרעגט דער „חכמה״ : וואָס איז די שטראָף פון אַ זינדיגען ? האָט זי געענטפערט, אַז דאָס שלעכטס, וואָס איינער האָט געטאָן, וועט אים תמיד פאַרפאָלגען. מען האָט דיזעלבע פראַגע געשטעלט דער נבואה, און זי האָט געענטפערט, אַז די זינדיגע נשמה מוז שטאַרבען. מען האָט געפרעגט ביי דער תורה דיזעלבע פראַגע, האָט זי געענטפערט : זאָל ער ברייגנען אַ קרבן און ער וועט קריגען זיין כפרה. מען האָט געפרעגט גאָט אַליין : וואָס זאָל אַ זינדיגער מענש טאָן, כדי געליי־טערט צו ווערען ? האָט ער געענטפערט : זאָל ער תשובה טאָן און זיינע זינד וועלען אים פאַרגעבען ווערען (ירושלמי מכות פ״ב).

וולאַדימיר זשאַבאָטינסקי, ע״ה, דער פאַרשטאָרבענער ציוניסטישער פי־רער האָט אַמאָל געזאָגט : „יום־כפור איז דער העכסטער סימבאָל פון אחדות, וואָס האָט די אידען געמאַכט פאַר איין פאָלק. אחדות מיינט ניט, אַז יעדער איינער מוז אויפגעבען זיינע פערזענליכע מיינונגען און בלינד נאָכפאָלגען די מיינונגען פון אַנדערע, אפילו פון זיינע פירער. די הויפט אידייע פון אחדות באַשטייט אין געפינען אַ געמיינשאַפטליכען מיטעלפונקט, אַרום וועל־כען אַלע שיכטען פון פאָלק זאָלען זיך קאָנען פאַראייניגען, און דאָס האָט אונז באַוויזען דער הייליגסטער פון אַלע טעג — יום־כפור. עס מאַכט ניט

אויס צו וועלכער קאַטעגאָריע פון אידען איינער באַלאַנגט, מעג ער זיין אַן אָרטאָדאָקס, אַ רעפאָרמער אָדער זאָגאָר אַן אפיקורס, ווען עס קומט יום־כפור וועט איר זיי אַלעמען געפינען אין די שוהלען. יעדער איד פילט, אַז ער האָט אַ גרויסע שייכות צו זיין גאָט און זיין פאָלק און יום־כפור ברייננט אים צוזאַמען מיט זיי."

דער של"ה הקדוש ברייננט אַ מדרש, וועלכער זאָגט: „תכלית המועדים — ראש־השנה, תכלית ראש־השנה היא יום הכפורים, תכלית יום הכפורים היא תשובה" — דער הויפט פון אַלע ימים־טובים איז ראש־השנה, העכער פאַר ראש־השנה איז יום־כפור, און דער תכלית, דער הויפט־ציל, פון יום־כפור איז צו טאָן תשובה, וואָס מיינט זיך צוריקצוקערען און זיך דערנענטערען צו זיין פאָלק און זיין אמונה. מיט דעם שטייט דער איד העכער פאַר אַלע פעלקער פון דער וועלט. „עשו הרשע מתלכלך בעונות כל ימות השנה ואין לו במה יכפר" — דער רשע עשו, אַז ער ווערט פאַרשמוצט פון זינד דעם גאַנצען יאָר, האָט ער ניט קיין טאָג, אין וועלכען ער זאָל באַקומען אַ כפרה פאַר זיינע זינד. „אבל יעקב מתלכלך בעונות כל ימות השנה ובא יום הכפורים ויש לו במה יכפר" — אָבער אַז יעקב ווערט פאַרשמוצט פון עבירות דורך דעם יאָר, קומט יום־כפור און ברייננט אים אַ כפרה אויף זיינע זינד (ב"ר פ' ס"ה).

יום־כפור פלעגט מען אין בית המקדש ברייננען „שני שעירים", צוויי ציגען־בעק, אַלס פאָלקס־קרבנות, „אחד לד'", איינער פלעגט גיין פאַר גאָט, מכפר צו זיין אויף די פאַרברעכענס, וואָס דאָס פאָלק איז באַגאַנגען קעגען זיין אמונה, קעגען זיין גייסט און קולטור, און איינעם „לעזאזל", מכפר צו זיין אויף די חטאים, וואָס מען איז באַגאַנגען צוליב דעם טייוועל, צוליב די שווערע אומשטענדען, וואָס די אויסערליכע וועלט האָט אויף אים אַרויפגעצוואונגען. אַלס אַ זכר, אַן אָנדענק פון דעם „שעיר לעזאזל", דעם קרבן, וואָס די אידען פלעגען ברייננען אַלס אַ כפרה פאַר די חטאים, וואָס פרעמדע האָבען אים געבראַכט צו באַגיין, איז אַרויסגעוואַקסען דער מנהג צו שלאָגען כפרות ערב יום־כפור. פרומע אידען פלעגען איינקויפען לעבעדיגע הענער און הינער פאַר יעדען מיטגליד פון דער פאַמיליע, אַ האָן פאַר אַ זכר און אַ הון פאַר אַ נקבה, און עס אַרומדרייען דריי מאָל אַרום קאָפּ און זאָגען: „זה חליפתי, זה תמורתי, זה כפרתי" — דער זאָל מיך אומבייטען, דער זאָל גיין פאַר מיר, דער זאָל זיין מיין כפרה (מרדכי, סוף יומא).

זעהר א שיין מעשה'לע ווערט איבערגעגעבען פון ב. יאושזאהן איבער דעם זין פון שלאגען כפרות: א טאג פאר ערב יום־כפור איז צו רבי אלימלך פון ליזענסק געקומען צופארען א חסיד, וועלכער איז צוגעשטאנען צום שמש און אים שטארק געבעטען, ער זאל אים געבען די מעגליכקייט צו זעהן ווי אזוי דער רבי איז זיך נוהג ביים שלאגען כפרות. אז דער רבי אלימלך האט עס דערהערט, האט ער געהייסען דעם חסיד אריינרופען צו זיך און האט אים באפוילען, אז ער זאל תיכף נעמען א פוהר און אראפפארען אין דעם דארף, וואס ליגט ניט ווייט פון ליזענסק, דארט זאל ער פארפארען צו א געוויסען אידישען ארענדאר און בלייבען נעכטיגען.

דער חסיד האט געפאלגט דעם רבינ'ס באפעל און איז גלייך אוועק־געפארען צום ארענדאר אין דעם אנגעוויזענעם דארף. אריינקומענדיג אהין, האט ער געטראפען א פולע שטוב מיט שכור'ע גויים, ארום וועלכע דער ארענדאר און זיין ווייב האבען זיך ארומגעפארעט. דער חסיד האט זיך שטי־לערהייט אויסגעצויגען אויף דער באנק אין א ווינקעל פון הויז, מאכענדיג זיך שלאפען און געקוקט און געווארט.

נאך האלבער נאכט, ווען די שכור'ע גויים זיינען זיך צעגאנגען, זעהט ער ווי דער ארענדאר דרייט זיך היין און צוריק איבער'ן צימער און זיפצט, און זיין ווייב דערלאנגט אים צוויי אלטע, צעפליקטע ביכער, וואס זי האט ארויסגעשלעפט פון אונטער'ן בעט. דער ארענדאר עפענט איין בוך און מיט א וויינענדיגער שטים הויבט ער אן ארויסצולייענען פון די בלעטער כל מיני עבירות, אין וועלכע ער איז נכשל געווארען במשך פון דעם יאר. אין דעם און דעם טאג האט ער אן ארימען אורח ניט אויפגענומען ווי עס באדארף צו זיין; אין אן אנדער טאג האט ער זיך צוגעהערט צו די ניבול־פה פון שכור'ע פויערים; אין דעם און דעם טאג האט ער געהאט שלעכטע מחשבות ביים דאווענען. אזוי האט ער אויסגערעכענט א לאנגען צעטעל פון עבירות און געגאסען מיט ביטערע טרערען.

אז ער איז פארטיג געווארען מיט'ן ערשטען בוך, עפענט ער אויף דעם צווייטען און הויבט אן ארויסלייענען בלאט נאך בלאט. אינ'ם דאזיגען בוך זיינען געווען פארשריבען אלע דאגות, צרות און ליידען, וואס ער איז במשך פונ'ם יאר דורכגעגאנגען. א לאנגער, זעהר א לאנגער צעטעל. ניט געווען א טאג אהן עגמת נפש, אהן עפעס א פורעניות... אז ער איז אויך מיט דעם בוך פארטיג געווארען, האט ער אנגעשפארט דעם קאפ אויפ'ן טיש און זיך

פאַרטיפט אין מחשבות. נאָך אַ לענגערען טראַכטען האָט ער אויפגעהויבען די אויגען אין דער הויך און געזאָגט:

איך לייקען ניט רבונו של עולם, אַז אַ גרויסען חוב קומט דיר ביי מיר, גאָר אַ גרויסען חוב, איך בין דיר גאָר אַ סך שולדיג. אָבער אויך מיר ביי דיר קומט אַ גרויסער חוב, אויך דו ביזט מיר, כביכול, אַ סך שולדיג. איך וויים ניט וועלכער חוב עס איז גרעסער און וועמען ביי וועמען עס קומט אַ רעשט, עס איז אַ צו שווערער און פאַרפלאָנטערטער חשבון . . . ובכן, רבונו של עולם, לאָמיר זיין קוויט: דיין חוב פאַר מיין חוב, דאָס בוך פאַר דעם בוך, דער פנקס פון חטאים פאַר'ן פנקס פון די צרות. זה חליפתי, זה תמורתי, זה כפרתי . . .

דער חסיד, וואָס האָט עס אַלץ צוגעזעהן, איז צוערשט שטאַרק בשתומם געוואָרען. ביסלעכווייז אָבער האָט ער אָנגעפאַנגען פאַרשטיין וואָרום דער רבי האָט אים געשיקט אַהער, כדי ער זאָל דערגיין דעם אמת'ן זין פון שלאָגען כפרות . . .

זוכען אַ כפרה פאַר זינד, וואָס מען איז באַגאַנגען, איז דער בעסטער מיטעל צו רייניגען דעם געוויסען און זיך אויסגלייכען מיט'ן גלויבען און זיך פאַראייניגען מיט'ן כלל ישראל. און דאָס איז דער הויפט געדאַנק פון דעם אויבען־ציטירטען מאמר פון ירושלמי: די שטרענגע „חכמה", די קאַל־טע ווויסענשאַפט, פאַראורטיילט דעם זינדיגען צו אַן אייביגער שטראָף. די „נבואה", וואָס רעכענט זיך מער מיט דעם מאָרגען איידער מיט דעם היינט, זאָגט אים אָפּ דאָס לעבען. די תורה איז מער פריינטליך און גיט אים אַן עצה ווי ער קאָן פון זיין שלעכטער לאַגע אַרויסקריכען. „אמונה" אָבער גייט נאָך ווייטער און פאָדערט אפילו ניט קיין קרבנות. זי הייסט אים תשובה טאָן, ווייל תשובה רייניגט דעם געוויסען און דערהויבט דעם מענשען צו אַ העכער שטופע און ברענגט אים נעענטער צו גאָט.

ב.

## דער גלות מאַכט די אידען פאַר שוגגים

**ונתן אותם על ראש השעיר.**

„ביום כפור נוטל הקב״ה עוונות ישראל ונותנם על בגדיו של עשו״ — יום־כפור נעמט גאָט אַרונטער די זינד פון די אידען און לייגט זיי אַרויף אויף די קליידער פון עשו׳ן (מדרש רבה).

יום כפור צו „כל נדרי״ בעטען מיר: „ונסלח לכל עדת בני ישראל״— עס זאָל פאַרגעבען ווערן צו דער גאַנצער אידישער געמיינדע, „כי לכל העם בשגגה״ — ווייל דאָס גאַנצע פאָלק געפינט זיך אין אַ צושטאַנד פון אומ־באַוואוסטזיניגקייט. „דער הויפט תכלית פון אונזער אמונה,״ דערקלערט רבי יצחק יעקב ריינעס ז״ל, „איז צו ברייגגען דעם מענשען צו אַזאַ מדרגה, אַז זיינע מאָראַלישע און עטישע באַגריפען זאָלען אויף איהם האָבען דיזעלבע ווירקונג ווי זיינע נאַטירליכע אינסטינקטען. דער מדרש ברייגגט, אַז בשעת השי״ת האָט באַשלאָסען צו באַשאַפען דעם מענשען, האָט ער זיך געשלאָגען מיט דער דעה: „אם אני בוראו מן העליונים הוא חי ואינו מת, מן התחתונים הוא מת ואינו חי״ — זאָל איך איהם באַשאַפען פון לויטער הימלישע שטאָפען, וועט ער לעבען און ניט שטאַרבען; פאַרקערט, זאָל איך איהם מאַכען פון לויטער ערדליכע מאַטעריאַלען, וועט ער שטאַרבען און ניט לעבען (ב״ר, י״ד). דער מענש איז באַשטימט געוואָרען צו זיין אַ סינטעז פון געטליכקייט און מענשליכקייט, פון אייביגקייט און שטערבליכקייט, דאַרום איז ער צוזאַמענ־געשטעלט געוואָרען פון „גוף״ און „נשמה״; דאָס ערשטע איז גענומען גע־וואָרען פון אונטען, פון דער ערד, און דאָס צווייטע — פון אויבען, פון הימעל. דאָס שאַפט דאָס גלייכגעוויכט, וואָס מאַכט דעם מענשען פאַר אַ „מעט מאלקים,״ אַ העכערע באַשעפעניש, אַ געטליכעס וועזען, צוליב דעם „חלק אלק׳ ממעל,״ דעם הימלישען טייל פון איהם, און אַ שטערבליכע בריאה, צוליב זיין ערדליכען טייל״.

די „מחשבה״, דער געדאַנק און איבערלייגונג, איידער אַ זאַך ווערט פון איהם געטאָן, איז אַ טייל פון דער נשמה. דער „רצון״, דער וואונש צופרידנ־צושטעלען זיינע תאוות און ליידענשאַפטען, קומט פון דעם „גוף״. אין דעם

באַשטייט דער אונטערשיד פון אַ „מזיד“, איינער, וואָס זינדיגט מוטוויליגערהייט, און אַ „שוגג“, דער, וואָס באַגעהט אַ פאַרברעכען אומבאַוואוסטזיניג. דער ערשטער זינדיגט אויך מיט דער „מחשבה“, ער טראַכט זיך אַריין אין זיין „חטא“ און מיט׳ן פולען וויסען שלעפט ער זיין נשמה אין פינסטערן תהום, כדי צופרידענצושטעלען זיינע נידעריגע תאוות. דער „שוגג“ אָבער זינדיגט בלויז מיט׳ן „רצון“, זיין ערדליכער טייל האָט איהם באַהערשט און איהם, אויף דעם מאָמענט, געמאַכט צו פאַרגעסען, אַז ער האָט אויך אַ הימלישען טייל, אַ נשמה, וועלכע ער דאַרף האַלטען ריין.

די אידען זיינען ניט קיין „מזידים“. די חטאים, וואָס זיי באַגעהען, זיינען ניט מוטוויליגע. זיי זינדיגען ניט מיט דער „מחשבה“, פאַרקערט, זייער הויפּט חטא באַשטייט אין דעם, וואָס זיי טראַכטען זיך ניט אַריין אין דער לאַגע פון זייער פאָלק און אומבאַוואוסטזיניגערהייט טוען זיי אַזעלכע זאַכען וואָס פאַרלייגערט זייער גלות. אויב זיי גיבען אויף זייער אייגענאַרטיגקייט און זוכען נאָכצומאַכען די מנהגים פון זייערע שכנים, איז עס ניט ווייל זיי געפעלט בעסער דער „שר של עשו,“ דער ניט־אידישער גלויבען. דאָס געהט גאָר קיינמאָל ניט אַרויף אויף זייער מחשבה. בלויז די קליידער, די אויסערליכע אויפפירונגען פון דעם פאָלק, איך וועמעס לאַנד זיי געפינען זיך, האָבען זיי פאַר דערווייל צוגעצויגען. דער פּראָצעס פון צופּאַסונג אין גלות איז פאַר דעם אידען זעהר אַ שווערע אויפגאַבע. מען קאָן ניט אַלעמאָל געהן קעגען די זיטען פון אַ לאַנד און זיינע מערסטע איינוואוינער.

עס ווערט דערציילט, אַז רבי לוי יצחק באַרדיטשעווער האָט אַמאָל פאַר „כל נדרי“, בעת דער עולם איז שוין געווען פאַרזאַמעלט אין שוהל, גענומען אַ ליכט און אָנגעהויבען זוכען אונטער די בענק.

— וואָס זוכט איהר, רבי? — פרעגט מען איהם.

— איך זוך, ענטפערט רבי לוי יצחק, — אַ שיכור׳ן איד. און אויפהויבענדיג די הענט צום הימעל, האָט ער אויסגערופען:

„רבונו של עולם, זעה וואָס פאַר אַ טייער פאָלק דיינע אידען זיינען. דו האָסט זיי אָנגעזאָגט, אַז „כל האוכל ושותה בתשיעי — כאילו מתענה תשיעי ועשירי“ — ווער עס עסט און טרינקט ערב יום־כפור, איז זיין מצוה אַזוי גרויס ווי ער וואָלט געפאַסט ביידע טעג (יומא, פ״א). ווען די גויים וואָלטען געהאַט אַזאַ טאָג — וויפיל פון זיי וואָלטען איצט געלעגען טויט־שכור. קיינער שלאָפט ניט, אַלע שטעהען אויף די פיס און זיינען מוכן ומזומן

תשובה צו טאָן. אויב זיי האָבען געזינדיגט קעגען דיר אַ גאַנץ יאָר, זיינען אין דעם שולדיג די „בגדיו של עשו,״ זייער טרויעריגע לאַגע צווינגט זיי זיך איינצואוויקלען אין עשו׳ס קליידער. אדרבה, רבונו של עולם! פיהר אונז אין אונזער לאַנד, און דאַן וועסטו זעהן צי מיר וועלען ניט שעהנער און בעסער ווערן״.

---

## ג.

## דער איד מוז ברייננען צוויי קרבנות

**ומאת עדת ישראל יקח שני שעירי עזים לחטאת.**

„תנו רבנן שני שעירי יום הכפורים ששחטן בחוץ, עד שלא הגריל עליהם חייב על שניהם, משהגריל עליהם חייב על של שם ופטור על של עזאזל״ — די רבנן האָבען געלערענט: די צוויי ציגען־בעק, וואָס מען האָט אויסגעקליבען פאַר די קרבנות פון יום כפור, אויב איינער האָט זיי געקוילעט אויסער דער עזרה ביז מען האָט אויף זיי ניט געוואָרפען גורל, וועלכער זאָל גיין צו גאָט און וועלכער פאַר דעם עזאזל, איז ער שולדיג פאַר ביידע. נאָכ׳ן וואַרפען גורל איז ער בלויז חייב פאַר דעם, וואָס איז באַשטימט געוואָרען פאַר גאָט און איז פטור פאַר דעם, וואָס גייט לעזאזל (יומא ס״ב, ע״א).

דאָס אידישע פאָלק איז דאָס איינציגע צווישען אַלע פעלקער אין דער וועלט, וואָס מוז, נעביך, איבעראַל מקריב זיין צוויי קרבנות, „אחד לד׳״ — איינעם פאַר גאָט, פאַר די פאַרברעכענס, וואָס ער איז באַגאַנגען קעגען זיין אמונה, קעגען זיין גייסט און קולטור, און איינעם „לעזאזל״ — פאַר די חטאים, וואָס ווערען אויף איהם אַרויפגעצוואונגען פון דעם שווערען גלות.

„עז־אזל״ מיינט, אַז צו דעם שטאַרקען איז עס אַוועק (יומא ס״ז). דער שווערער גלות לאָזט זיך טייער באַצאָלען. אין אַלע לענדער, וואו דער איד וואַנדערט, ווערען פאַר איהם אויפגעשטעלט גרויסע מזבחות, אויף וועלכע ער איז געצוואונגען מקריב צו זיין טיילען פון זייך נשמה, פון זיין גייסט, אַזוי גוט ווי פון זיין גוף, פון זיין האָב און גוטס. און וואָס טרויעריגער איז, אַז ניט איבעראַל זיינען די קרבנות, וואָס ער ברייננט פאַר׳ן גלות, אַרויפגעצוואונ־

געגע. אין מאַנכע לענדער, איבערהויפּט אין די פריערע און דעמאָקראַטישע, בויען זיך די אידען זייערע אייגענע מזבחות, אויף וועלכע זיי זיינען מקריב זייער נאַציאָנאַלען שטאָלץ און גייסטיגע אייגענאַרטיגקייט, אַבי געפעלען צו ווערען זייערע שכנים.

אויף די צוויי פאָלקס־קרבנות, וואָס די אידען דאַרפען ברענגען יום־כפור, ווערט געזאָגט אין דער גמרא, אַז „מצוותן שיהיו שניהם שוין במראה, בקומה ובדמים" — זייער מצוה איז, אַז זיי זאָלען זיין ביידע גלייך אין אויס־זעהן, אין הויך און אין פּרייז (יומא ס"ב ע"א). ר' אהר'עלע קאַרלינער פּלעגט זאָגען: „הלואי וואָלטען די קרבנות, וואָס די אידען ברענגען פאַר גאָט, ניט זיין קלענער און ווענלעלער פאַר די, וואָס זיי ברענגען פאַר דעם עזאזל, פאַר אַלע נאַרישקייטען, וואָס דער פינסטערער גלות האָט זיי אויסגעלערענט. אויף זיי לאָזען זיי זיך קאָסטען אוצרות מיט געלט, און פאַר אמת'ע אידישע צוועקען גיבען זיי כמעט גאָרנישט, אָדער וואַרפען צו פון צייט צו צייט אַ פּאָר גראָשען."

„שני שעירי יום הכפורים ששחטן בחוץ" — אָט די צוויי פאָלקס־קרבנות, וואָס דאָס אידיש פאָלק דאַרף ברענגען צו מכפּר זיין אויף זיינע זינד אין דער פרעמד, אויב אַ אידישע געמיינדע ברענגט זיי „משהגריל עליהם", ווייל איר גורל, איר טרויעריגער שיקזאַל האָט עס אויף איהר אַרויפגעצוואונגען, איז זי בלויז חייב אויף דעם קרבן לד', אויף די זינד, וואָס זי איז באַגאַנגען קעגען גאָט, קעגען זיין תורה און זיין אמונה. אויב אָבער זי ברענגט זיי „עד שלא הגריל עליהם", כאָטש דער גורל צווינגט איהר ניט, און זי טוט עס פרייוויליג, כדי געפעלען צו ווערען איהרע שכנים, איז זי חייב אויף ביידען. דער „שעיר לעזאזל" דאַרף געהן „אל ארץ גזרה", צו אַ גרויזאַם לאַנד. פאַר די, וואָס ווילען צופרידענשטעלען דעם גלות, ווערט ער אַ „דבר המתגזר ויורד", אַזאַ זאַך, וואָס ווערט אַלץ מעהר גרויזאַמער און אומדערטרעגליך (יומא ס"ז). דאָס לעבען אין גלות, וואו דער איד איז אונטערוואָרפען אַלערליי גזרות און פאַרפאָלגונגען, פאָדערט פון איהם אַלץ גרעסערע קרבנות. און די קרבנות, וואָס ער ברענגט איבעראַל, באַשטייען מערסטענס פון זיינע אייגענע קינדער, וועלכע ער איז מקריב אויף דער עקדה פון אַסימילאַציע און שוואַכט אָפּ דערמיט זיינע אייגענע רייהען (קאָמעניצער מגיד).

## ד.

# ניט דאָס פאַסטען איז דער עיקר

**הכזה יהיה צום אבחרהו?**

„האומר אחטא ויום הכפורים מכפר, אין יום הכפורים מכפר. אָמר רבי עקיבא: אשריכם ישראל! לפני מי אתם מטהרין ומי מטהר אתכם — אביכם שבשמים" — אַז איינער זאָגט, איך וועל זינדיגען און יום כפור וועט מכפר זיין אויף מיינע זינד, איז יום כפור ניט מכפר. רבי עקיבא פלעגט זאָגען: איהר אידען זייט גליקליך, ווייל איהר ווייסט פאַר וועמען איהר רייניגט זיך און ווער עס רייניגט אייך — אייער פאָטער אין הימעל (יומא פ"ח, ע"ב).

דער הויפט־געדאַנק פון יום כפור ווערט אויסגעדריקט אין די ערשטע פסוקים פון דער הפטרה: „סלו, סלו, פנו דרך, הרימו מכשול מדרך עמי" — טרעט אויס, טרעט אויס, ראַמט אָפּ דעם וועג, נעמט אַוועק יעדע שטרויכ־לונג אויף דעם וועג פון מיין פאָלק. בלויז דורך פאַראייניגטע כוחות קאָן אונזער פאָלק דערגרייכען צו דעם הויפט־ציל, וועלכער איז פאַר איהם באַ־שטימט געוואָרען פון דער השגחה. דער וועג צום ציל איז פול מיט „מכשולים", שטרויכלונגען, וואָס האַלטען אָפּ זיין גאַנג. אויב אָבער, אַז אַלע טיילען פון פאָלק וועלען העלפען אויסצוטרעטען און אָפּראַמען די פאַרשיידענע שטע־רונגען, וועט די אַרבייט פיל פאַרגרינגערט ווערען און וועט געקרוינט ווערען מיט דערפאָלג.

יום כפור איז דער גרעסטער אַחדות־בריק, איבער וועלכען די אידען געהען יעדען יאָר זיך צו פאַראייניגען מיט זייער גאָט. דאָס פאַסטען, די תפילות און איבערהויפט די געפיהלען פון תשובה, וואָס ער רופט אַרויס ביי אַלע אידען אין אַלע וועלט־טיילען, האָט דאָס פאָלק אויפגעהאַלטען אין די לאַנגע גלות־יאָרען. יום־כפור האָט געהאָלפען „להחיות רוח שפלים, ולהחיות לב נדכאים" — צו דערהאַלטען ביים לעבען די געפאַלענע גייסטער און אויפצולעבען די הערצער פון די געשלאָגענע. נאָכדעם, אַז זייערע נשמות ווערען גערייניגט פון דעם תענית און די תפילות, באַקומען זיי מעהר מוט און האָפענונג, אַז „לא לעולם אריב ולא לעולם אקצוף", ניט אימער וועט גאָט זיך קריגען און ניט אייביג וועט ער צערנען.

די אָבער, וואָס דענקען, אַז דער פאַסטען אַליין וועט זיי העלפען זיך אויסקויפען פון זייערע זינד, מאַכען אַ גרויסען טעות. יום־כפור איז ניט געמיינט בלויז צו פייניגען דעם גוף. מען מוז אויך טאָן וויפיל מעגליך פאַר דער נשמה. „פאַראַן נאַרישע פרומאַקעס,״ פלעגט זאָגען רבי ברוך מעזשי־בוזער, „וואָס אָנשטאָט אויסצובעסערען זייערע מדות און הייליגען זייערע מחשבות, פייניגען זיי דעם גוף מיט אַפטע תעניתים. אָט אַזעלכע מענשען זיינען געגליכען צו יענעם פויער, וואָס אַליין זיצט ער אין קרעטשמע און שכור׳ט, אָבער דאָס פערד האַלט ער אין דרויסען צוגעבונדען צו דער וואַנט און לאָזט איהם הונגערען. זייער נשמה דערטרינקען זיי אין שמוץ און בלויז דעם גוף ווילען זיי רייניגען.״ אָט אויף אַזעלכע פרעגט דער נביא אין דער הפטרה: „הכזה יהיה צום אבחרהו? — אָט דאָס מיינט איהר איז דער ציל פון דעם פאַסט־טאָג, וואָס איך האָב אויסגעקליבען?

די, וואָס טראַכטען, אַז דער פאַסטען וועט מכפר זיין אויף זייערע זינד, „אין יום הכפורים מכפר״, זאָלען זיי וויסען, אַז יום־כפור וועט זיי ניט העלפען. תשובה, באַוואוסטזיניגקייט און זיך צו באַהעפטען מיט די אידעאַלען פון דעם פאָלק איז דער הויפט־זין פון יום כפור. דער גרויסער אידישער פילאָזאָף הערמאַן כהן ע״ה זאָגט: „די פילאָזאָפיע פון דעם גאַנצען געדאַנק פון „אחדות הבורא״, פון גלויבען אין איין גאָט, ווערט אויסגעדריקט אין די ווערטער פון ר׳ עקיבא, אַז ׳מיר רייניגען זיך איך ווערען גערייניגט דירעקט פון אונזער פאָטער אין הימעל.׳ מיר אידען זיינען זיך ניט מתודה פאַר כהנים אָדער פריסטער, נאָר פאַר גאָט אַליין. מיר בעטען ניט אונזערע רעליגיעזע פירער, זיי זאָלען פאַר אונז זוכען אַ כפרה, אָדער ווי ביי מאַנכע קריסטליכע סעקטען, צו געבען אַ כפרה. אונזער בקשה איז געווענדט צו גאָט אַליין, בלויז ער קאָן מכפר זיין אויף אונזערע זינד און אונז מטהר זיין פון אַלע שמוצען.״

ניט דאָס פאַסטען איז דער עיקר, נאָר די גייסטיגע פאַרבינדונג, וואָס איז דער הויפט־ציל און געדאַנק פון יום־כפור.

ה.

## הזכרת נשמות און צדקה

**יזכור אלקים נשמות.**

„כל אותן שנים שהיו ישראל במדבר היו שני ארונות, אחד של מת ואחד של שכינה מתהלכין זה עם זה" — די אַלע יאָרען, וואָס די אידען האָבען געוואַנדערט אין דער מדבר, זיינען דער ארון מיט יוסף׳ס ביינער און דער ארון מיט די לוחות געגאַנגען צוזאַמען (סוטה י"ג).

עס איז געוואָרען אַ מנהג ביי אידען, איבערהויפּט אין אַמעריקע, אַז פאַר „הזכרת נשמות", ספּעציעל אום יום־כפור, מאַכט מען אַפּילס פאַר צדקה־צוועקען אין אַלע שוהלען און מען וועקט דעם עולם, אַז ער זאָל טאָן זיין פליכט צו די אומגליקליכע, ווייל „תשובה, תפלה וצדקה מעבירין את רוע הגזרה."

הזכרת נשמות, צו דערמאָנען די טויטע, איז ביי אונז אידען שטאַרק פאַרהייליגט געוואָרען אין די לעצטע דורות. אין די גאַר־אַלטע צייטען געפינען מיר ניט אַזאַ מנהג. אין אונזער תנ"ך איז ניטאָ קיין אַנונג פון אַזאַ מצוה. די תפילות פון „יזכור" און „אל מלא רחמים" זיינען פאַרפאַסט געוואָרען מיט פיל יאָרהונדערטע שפּעטער.

אַמאָל האָט יעדער איד געזוכט מזכיר־נשמות צו זיין זיך אַליין, צו דערמאָנען און אויפמונטערען זיין אייגענע נשמה אויף אירע גרויסע אידישע פליכטען. ער האָט יעדען טאָג תפילה געטאָן פאַר דער „נשמה שנתת בי" און האָט זיך געזאָרגט, אַז זי זאָל פאַרבלייבען „טהורה היא", ריין און זויבער. אין די לעצטע דורות אָבער, איבערהויפּט אין די לענדער, וואו די אויסער־ליכע אומשטענדען רייסען דעם אידען אַוועק טאָג־טעגליך פון זיין אַלטען מקור און צווינגען אים צו פאַרגעסען זיין אייגענעם גייסט, זיין אייגענע נשמה, איז „יזכור" געוואָרען אַן אַנגעזעענע תפילה און צו „הזכרת נשמות" קומט אַ גרויסער עולם אין די שוהלען.

אַז מען וויל, קאָן מען אָבער זאָגען, אַז צו האָבען אין זינען די פאַר־גאַנגענע דורות און פון צייט צו צייט דערמאָנען די פאַרשטאָרבענע טאַטעס און מאַמעס, קרובים און פריינט, איז ווירקליך זעהר אַ שיינער און ניצליכער

מנהג. די גייסטיגע רייכקייט פון אַ פֿאָלק, זיין גרויסער היסטאָרישער פֿאַר־מעגען ליגט אין דער פֿאַרגאַנגענהייט. אָהן בית־עולם, ניט אַריינגעמענדיג די פֿאַרשטאָרבענע גדולים און פירער פון אַמאָל, באַרויבט מען אַ פֿאָלק פון זיינע טראַדיציאָנעלע אוצרות און פון די גרויסע כוחות, וואָס האָבען אים גע־געבען זיין עקזיסטענץ־באַרעכטיגונג. אַ פֿאָלק, וואָס האָט ניט קיין פֿאַר־גאַנגענהייט, האָט אויך ניט קיין צוקונפֿט. די געשיכטע פון אַ פֿאָלק באַ־שטייט מערסטענס פון די גרויסע אויפטואונגען פון זיינע אַמאָליגע גרינדער און קעמפֿער.

אין מדרש ווערט געשילדערט אַ זעהר שיין בילד וועגען יזכור: ווען די אידען האָבען געזינדיגט מיט׳ן „עגל״, ווען זיי האָבען צוליב אַזאַ קליינעם אויסרייד ווי „כי בושש משה״, אַז משה האָט זיך פֿאַרשפּעטיגט, גלייך פֿאַר־געסען אין גאָט און אין זייער פירער און האָבען אָנגעהויבען דינען דעם גאָל־דענעם קאַלב, איז דער אויבערשטער שטאַרק אויפגערעגט געוואָרען און אויסגעשריען צו משה׳ן: „הניחה לי ואכלם כרגע״ — לאָז מיך אָפּ און איך וועל זיי באַלד פֿאַרניכטען.

משה האָט זיך געטראַכט: „הדבר תלוי בי״, די זאַך ווענדט זיך אין מיר, ווייל גאָט זאָגט „הניחה לי״, לאָז מיך אָפּ. איז ער צוגעשטאַנען צו גאָט און האָט מיט אים אָנגעהויבען איינ׳טענה׳ן: האָסטו ניט געזאָגט אברהמ׳ן, אַז אויב עס וועלען זיך געפינען אין סדום צען צדיקים, וועסטו זיי ניט פֿאַר־ניכטען? געפינען זיך דען ניט צווישען דעם גאַנצען אידישען פֿאָלק קיין צען צדיקים, וואָס צוליב זייער זכות זאָלסטו אים ראַטעווען און שענקען אים דאָס לעבען?

זאָגט צו אים גאָט: אויב דו וועסט מיר אויסרעכענען די נעמען פון די צען צדיקים, וועל איך טאָן דיין פֿאַרלאַנג. האָט משה אָנגעהויבען ציילען: „הלא יש אני״, עס איז דאָ איך, אהרן, אלעזר, איתמר, פינחס, יהושע און כלב. דאָ איז ער געבליבען שטיין. מער ווי זיבען האָט ער ניט געקאָנט אויסרעכענען. פלוצים פֿאַלט אים איין צו פרעגען ביי גאָט: „חיים הם המתים״ — די פֿאַרשטאָרבענע צדיקים לעבען? ענטפערט אים גאָט, אַז יאָ. דאַן רופט אויס משה מיט טריאומף: „זכור לאברהם יצחק ויעקב, הלא יש עשרה״ — דערמאָן זיך אין די אבות אברהם, יצחק און יעקב, אָט האָסטו צען צדיקים, וואָס זייער זכות דאַרף מגין זיין אויף דיין פֿאָלק. ווי גאָט האָט

עס דערהערט, האָט ער אויסגערופען: „סלחתי כדבריך" — איך פאַרגיב די אידען, ווי דו פאַרלאַנגסט (ב"ר פ' מ"ד).

ווי עס איז צו זעהן, איז אפילו אין משה'ס צייטען שווער געווען צו קריגען אַ מנין גרויסע מענשען ניט אַריינרעכענענדיג דעם בית־עולם, די פאַרשטאָרבענע גרויסע פירער און גייסטיגע װעגװייזער.

און אַזוי האָבען אידען שטענדיג געטאָן. אין אַלע מדבריות, וואו זיי האָבען געוואַנדערט, האָבען זיי געפירט מיט זיך צוויי אָרונות, „אחד של מת ואחד של שכינה", אין איין ארון האָבען זיי געפירט דעם אָנדענק פון זייערע פאַרשטאָרבענע גרויסע עלטערען און אין דעם צווייטען דעם ארון מיט די לוחות. „יזכור" באַהעפט דעם היינט מיט דעם נעכטען און העלפט בויען אַ בעסערען מאָרגען. מיט דעם וואָס מיר דערנענטערען זיך צו אונזערע עלטערען, שפּינען מיר ווייטער דעם „צרור החיים", דעם קנופּ פון אייביג־לעבען פאַר אונזער פאָלק.

אין „יזכור" זאָגען מיר, אַז גאָט זאָל געדענקען די נשמה פון אונזערע ליבע „בעבור שנודרים צדקה בעד הזכרת נשמתם" — צוליב דעם, וואָס מיר גיבען צדקה פאַר זייער אָנדענק. און דאָס מוז יעדער איד טאָן. אונזערע חז"ל זאָגען: „אדם בא לעולם בידים קפוצות" — ווען אַ מענש ווערט גע־בוירען, זיינען זיינע הענט פאַרמאַכט, ווי ער וואָלט זיך פאַרמאָסטען קעגען דער וועלט און געזאָגט: „כל העולם שלי" — די גאַנצע וועלט איז מיינע, איך וועל זי באַקומען און איינעמען. אָבער „כשנפטר מן העולם ידיו פשוטות" — ווען ער גייט אַוועק פון דער וועלט, זיינען זיינע הענט אָפענע, ווי ער וואָלט געוויזען, זעהט: „לא נטלתי מן העולם הזה כלום" — איך האָב פון דער וועלט קיין זאַך ניט מיטגענומען . . .

וואָס פאַר מערקווירדיג שיינער געדאַנק עס ליגט אין זייערע ווערטער!

# סוכות

## א.

## נאָך יום־כפור׳דיגען תענית די שמחה פון סוכות

### כל האזרח בישראל ישבו בסוכות.

„כל מאן דאיהו משרשא וגזעא קדישא דישראל ישבו בסוכות תחות צלא דמיהמנותא" — די אַלע, וועלכע געהערען צו דעם הייליגען שורש און שטאַם פון אידען, זאָלען זיצען אין סוכות אונטער דעם שאָטען פון דער אמונה (זוהר אמר).

„די רעליגיעזע און נאַציאָנאַלע ימים־טובים, וועלכע אַ פאָלק פייערט," זאָגט דער גרויסער משורר און פילאָסאָף רבי יהודה הלוי, „רעפלעקטירען זיין מאָראַלישען מהות און גייסטיגען פאַרנעם. אויך די הכנות, וואָס ווערען געמאַכט פאַר די פייערונגען און די אַרט און ווייזע ווי זיי ווערען דורכגעפירט, גיבען אונז אַ פולשטענדיג בילד פון זיינע סאָציאַלע און עטישע באַגריפען. די אידישע שבתים און ימים־טובים ווערען אין דער תורה אָנגערופען מיט׳ן נאָמען „אותות ומועדים", וואָס מיינט, צייכענס און צייגנישען, ווייל זיי זאָגען עדות, אַז די אידען זיינען אַן אייגענאַרטיג פאָלק, וואָס זיין גלייכען איז ניט צו געפינען צווישען די איבעריגע פעלקער פון דער וועלט".

אידען זיינען פון דעם בורא עולם באַשטימט געוואָרען צו זיין אַ „גוי קדוש", אַ הייליג פאָלק, וועמעס לעבען דאַרף זיין אַ סינטעז פון הימעל און ערד, פון געטליכקייט און מענשליכקייט. אַלס אַזעלכער מוז זיך דאָס אידיש פאָלק אויפפירען גאַנץ אַנדערש ווי אַנדערע פעלקער. אין אַלע זיינע טעטיגקייטען און שאַפונגען מוז זיך אַרויסזעהן די הייליגקייט און באַזונדערקייט, וואָס זיין גלויבען האָט אויף איהם אַרויפגעלייגט. זיינע עקאָנאָמישע אינטערעסען מוזען זיין באַזירט אויף פרינציפען פון „צדק" און „יושר", וועלכע זיינען די גרונטלאַגען פון זיין אמונה. זיינע נאַציאָנאַלע און פאָליטישע שטרעבונ־

געז קאָנען ניט אָפּגעטיילט ווערען פון זיין רעליגיע און מוזען שטימען מיט די פאָרשריפטען פון זיין תורה.

אויך זיינע ימים־טובים, זיינע נאַציאָנאַלע פייערטעג, דאַרפען זיך אויס־צייכענען מיט די זעלביגע אייגענאַרטיגקייטען. מעגען זיי זיין פאַרבונדען מיט נאַטירליכע דערשיינונגען, אָדער מיט גרויסע היסטאָרישע געשעהענישען, מוזען זיי אָבער צו דער זעלבער צייט אויך אויסדריקען אַ גייסטיגע פאַר־בינדונג מיט דער אידישער מאָראַל. די אידישע אמונה וויל מיטגיין מיט די אידען אויף אַלע זייערע וועגען. „ושכנתי בתוכם" — איך וועל וואוינען צווישען זיי, זאָגט גאָט, און כדי איך זאָל עס דורכפירען, מוזען די אידען זיין „קדושים", הייליג און געטליך אין אַלע זייערע באַשעפטיגונגען און נאַציאָ־נאַלע טעטיגקייטען. און די אַרט און ווייזע ווי די אידען פייערען זייערע ימים־טובים, זיינען די „אותות ומועדים", די ריכטיגע צייכענס און צייגנישען אויף זייער אייגענאַרטיגקייט.

נעמען מיר, צום ביישפּיל, דעם היינטיגען יום־טוב, איבער וועלכען עס ווערט געזאָגט אין דער תורה: „חג הסוכות תעשה לך שבעת ימים באספך מגרנך ומיקבך" — דעם יום־טוב סוכות זאָלסטו דיר מאַכען זיבען טעג, ווען דו זאַמעלסט איין פון דיין שייער און פון דיין קעלטער, „ושמחת בחגך" — און זאָלסט זיך פרייען אין דיין יום־טוב, דו און דיין זון און דיין טאָכטער, און דיין קנעכט און דיין דינסט, און דער לוי און דער פרעמדער, און דער יתום און די אַלמנה, וואָס אין דיינע טויערען, „והיית אך שמח" — און דו זאָלסט זיין לויטער פריילך. אַזאַ יום־טוב ביי גוים ווערט געוויינליך גע־פייערט מיט גרויסע פּאַראַדען און ספּעקטאַקלען, מיט באַנקעטען און שכור'ע הוליאַנקעס — מען טוט זיך אין גאַנצען אויס פון דער נשמה און מען גיט זיך אָפּ מיט'ן גוף, מיט צופרידענשטעלען אַלע קערפּערליכע פאַרגעניגענס. אַזעלכע שמחות זיינען אָבער קעגען דעם אידישען גייסט און דאָס שטימט ניט מיט דעם כאַראַקטער פון אַ „גוי קדוש" — אַ הייליג פאָלק.

איידער אַ איד קאָן פייערען זיין „זמן שמחתנו" און זיך פרייען מיט די פיל תבואות, וואָס ער האָט אַראָפּגענומען פון זיינע פעלדער, מוז ער צוערשט דורכמאַכען אַ פּראָצעס פון רייניגען זיין נשמה, וואָס הויבט זיך אָן מיט אַ חודש אלול פון שופר־בלאָזען, וואָס זאָל וועקען זיין געוויסען און רייניגען זיינע געדאַנקען מקבל צו זיין דעם ראש־השנה, זיין אָנפאַנג יאָר, וואָס איז דער „יום־הדין", דער טאָג, ווען ער ווערט געאורטיילט לויט זיינע מעשים

פאַר דעם לעצטען יאָר, און זיין שיקזאַל ווערט באַשטימט וואָס מיט אים זאָל פּאַסירען אויף דעם נייעם יאָר. נאָכדעם הויבט זיך אָן אַ סדרה פון „עשרת ימי תשובה", צען טעג פון באַזינונג און תשובה טאָן, און ענדיגט זיך מיט יום־כפור, אַ טאָג פון פאַסטען, פון פאַרגעסען דעם גוף און זיך אינגאַנצען אָפּגעבען מיט דער נשמה. ערשט נאָכדעם קאָן ער צוטרעטען צו פייערען זיין „חג האסיף" און זיך פרייען מיט זיין האָב און גוטס. אַז דער נפש, דער גייסט, איז אין אָרדנונג, קאָן ער זיך אָפּגעבען מיט די אינטערעסען פון גוף, פון קערפּער.

דער רמב"ם זאָגט: „אף על פי שכל המועדים מצוה לשמח בהם, אבל בחג הסוכות היתה במקדש שמחה יתירה" — כאָטש אין אַלע ימים־טובים איז אַ מצוה זיך צו פרייען אין זיי, איז אָבער דער יום־טוב סוכות געפייערט געוואָרען מיט מעהר שמחה (רמב"ם פי"ח ה"ב מלולב). און די הויפּט שמחה איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס יעדער איד האָט זיך געפילט גערייניגט און געאיידעלט, ווי דער מדרש זאָגט, אַז יום־כפור נאָכ'ן תענית זאָגט גאָט צו די אידען: „מה דאזל אזל, מן הכא ולהלן נחל חושבנא" — וואָס אַוועק איז אַוועק, פון היינט אָן און ווייטער וועלען מיר אָנפאַנגען אַ נייעם חשבון (ויק"ר פ"ל). אַז מען ווערט ריין פון אַלע זינד, קאָן מען פון דאָס ניי אָנפאַנגען צו געניסען פון לעבען.

אָבער ווי האָבען אידען געפייערט זייער „חג האסיף", זייער „טענקס־גיווינג"? ניט מיט טומעלדיגע בעלער אין רייכע האָטעלען, ניט מיט שכור'ע הוליאַנקעס אין נאַכט־קלובען. אַזעלכע שמחות זיינען צופיל חומר'דיג, צו־פיל תאוה'דיג און קאָנען נאָך דעם אידען אַרונטערפירען פון דרך־הישר. זיין נשמה, וואָס ער האָט נאָר־וואָס גערייניגט מיט פאַסטען און תפילה־טאָן, קאָן נאָך צוריק ווערען אומריין. אַזאַ „זמן שמחתנו" שטימט ניט מיט דעם גייסט פון יום־הכפורים. „בסוכות תשבו שבעת ימים" — איןביידלאַך זאָלט איהר וואוינען זיבען טעג. אין קליינע סוכות, באַדעקט מיט באַשיידענעם „סכך", דורך וועלכען איהר זאָלט זעהן דעם הימעל און דורך וועלכען דער הימעל זאָל קאָנען אַרונטערקוקען אויף אייך — דאָרט זאָלט איהר פייערען דעם חג־האסיף, אייער זמן שמחתנו.

„צא מדירת קבע ושב בדירת עראי" — גיי אַרויס פון דיין שטענדיגער הייב און וואוין אין אַ צייטווייליגער דירה. געלייטערטע גייסטער פילען זיך ניט היימיש אין גרויסע, מאַסיווע הייזער. גערייניגטע נשמות קאָנען ניט

פאַרטראָגען צופיל ראַסקאָש, צופיל וואוילטאָג. און ווידער, אַ לעבען פון צופיל רחבות פירט צו גאוה און צו ענגהאַרציגקייט. די קאָנסט נאָך מיינען, אַז דאָס רייכטום, וואָס דו האָסט דערוואָרבען, איז אינגאַנצען דיינס און קאָן פון דיר קיינמאָל ניט אַוועקגענומען ווערען. דערפאַר ביזטו ניט מחויב צו שטיצען און העלפען דעם אָרימאַן, דעם נויט־באַדערפטיגען. זיי וויסען, אַז דיין גאַנץ לעבען איז בלויז אַ „דירת עראי", אַ צייטווייליגע סוכה, וואָס גע־דויערט בלויז „שבעת ימים", אַ גאַנץ קליינע צייט.

„כל האזרח בישראל ישבו בסוכות" — אַלע איינגעבירגערטע אידען זאָלען זיצען אין סוכות. אידען, וועלכע שטאַמען „משרשא וגזעא קדישא", פון דעם הייליגען שורש און גזע, זאָלען זיצען „תחות צלא דמהימנותא" — אונטער דעם שאָטען פון זייער גלויבען. דאָס וועט זיי דערהויבען צו אַ הע־כערער שטופע און מאַכען פאַר דעם „עם סגולה", אַן אויסנאַם־פאָלק, וואָס זאָל מיט זיין גייסטיגען לעבען דינען אַלס מוסטער פאַר אַנדערע פעלקער.

ב.

## די סימבאָלישע באַדייטונג פון סוכות

**בסוכות תשבו.**

„העושה סוכה בראש הספינה, רבן גמליאל פוסל ורבי עקיבא מכשיר. מעשה ברבן גמליאל ורבי עקיבא שהיו באין בספינה, עמד רבי עקיבא ועשה סוכה בראש הספינה, למחר נשבה רוח ועקרתה. אמר לו רבן גמליאל: עקיבא היכן סוכתך?" — דער, וואָס מאַכט אַ סוכה אויפ'ן שפיץ פון אַ שיף, זאָגט רבן גמליאל, איז פסול און רבי עקיבא, כשר. איינמאָל זיינען זיי ביידע געפאָרען אויף אַ שיף, האָט רבי עקיבא געמאַכט אַ סוכה אויפ'ן שפיץ פון שיף. צו מאָרגענס האָט אויסגעבראָכען אַ ווינט און האָט די סוכה אַרונטערגעריסען. האָט רבן גמליאל געפרעגט: „עקיבא, וואו איז דיין סוכה?" (סוכה כ"ג).

דאָס אידיש פאָלק איז פון דעם בורא עולם אויסגעקליבען געוואָרען צו זיין אַן „עם סגולה", אַן אויסגעצייכענט פאָלק, וואָס זאָל דינען פאַר אַ סימבאָל פאַר אַלע אַנדערע פעלקער פון דער וועלט. ביים באַרג סיני האָבען מיר גע־הערט דעם פאַרלאַנג פון גאָט: „ואתם תהיו לי ממלכת כהנים וגוי קדוש" —

איהר זאָלט פאַר מיר זיין אַ קעניגרייך פון כהנים און אַ הייליג פאָלק. דער געדאַנק פון דעם איז, זאָגען אונז די חז״ל, אַז די אידישע מלוכה טאָר ניט זיין אָפּגעטיילט פון דער רעליגיע. איהרע נאַציאָנאַלע און פּאָליטישע שטרעבונגען מוזען שטימען מיט די רעליגיעזע פאַרשריפטען פון דער תורה. עקאָנאָמישע און פּאָליטישע דעראָבערונגען זאָלען ניט פאַרנעמען דעם אויבנאַן פון דער אידישער מלוכה. מאַטעריעלע דערגרייכונגען אויף דעם חשבון פון אונטערדריקען און אונטעריאָכען אַנדערע זיינען קעגען די חוקים ומשפטים פון דער תורה.

אידען מוזען זיין אַ „גוי קדוש״, אַ הייליג פאָלק, וועמעס לעבען דאַרף זיין אַ סינטעז פון הימעל און ערד, פון געטליכקייט און מענשליכקייט. אַלע זייערע דערגרייכענונגען מוזען גייך אין דער ריכטונג פון „צדק״ און „יושר״, וועלכע זיינען די גרונטלאַגען פון דער אידישער אמונה. אויך זיינע ימים־טובים, זיינע נאַציאָנאַלע פייערטעג, דאַרפען זיך אויסצייכענען מיט די־זעלביגע אייגענאַרטיגקייטען. מעגען זיי זיין פאַרבונדען מיט נאַטירליכע דערשיינונגען, אָדער מיט גרויסע היסטאָרישע געשעהענישען, מוזען זיי אָבער צו דערזעלבער צייט אויך אויסדריקען אַ גייסטיגע פאַרבינדונג מיט דער אידישער מאָראַל, מיט דעם אידישען געדאַנק, אַז „לא על הלחם לבדו יחיה האדם״ — ניט אויף ברויט אַליין לעבט דער מענש. עקאָנאָמישע און פּאָליטישע דערגרייכונגען, ווי גרויס און וויכטיג זיי זאָלען ניט זיין, זיינען ניט דער הויפּט־ציל פון אַן „עם סגולה״, אַ סימבאָליש פאָלק . . .

„פסח״, „שבועות״ און „סוכות״, די נעמען פון די דריי גרעסטע אידישע ימים־טובים, כאָטש זיי זיינען פאַרבונדען מיט דער נאַטור און מיט דער געשיכטע, טראָגען אַ סימבאָלישען כאַראַקטער, וואָס צייגט אָן אויף העכערע מאָראַלישע אורזאַכען, וואָרום מיר פייערען זיי. דער יום־טוב „פסח״ ווערט אין דער תורה אויך אָנגערופען „חג האביב״, דער פריהלינג יום־טוב, ווייל ער קומט אין אַ צייט, ווען די נאַטור לעבט אויף און אַלץ אויף דער ערד ווערט אויפגעוואַכט און הויבט אָן צו בליען און פּראָדוצירען. ער איז אויך דער „זמן חרותנו״, דער היסטאָרישער יום־טוב, וואָס מיר פייערען צוליב דער גרויסער געשעהעניש פון „יציאת מצרים״, ווען אונזער פאָלק איז באַפרייט געוואָרען פון שקלאַפעריי און איז געוואָרען אַ פאַראייניגטע נאַציע, מיט אַלע פעלקער צוגלייך.

ער טראָגט אָבער דעם מיסטעריעזען נאָמען „פסח", „על שום שפסח על בתי בני ישראל" — ווייל גאָט האָט איבערגעהיפּט אויף די הייזער פון די אידען און האָט ניט דערלאָזען, אַז דער „משחית", דער מלאך המות, וואָס האָט פאַרניכטעט די „בכורים" פון מצרים, זאָל אָנרירען די אידישע קינדער. ניט מיט זייערע אייגענע כוחות זיינען די אידען באַפרייט געוואָרען פון דעם גלות מצרים. ניט די נאַטור און אויך ניט זייערע נאַציאָנאַלע אָנשטרענגונגען האָבען געבראַכט די גאולה. „פסח", דער מיסטעריעזער כוח, וואָס האָט די אידען פאַרהיט פון אונטערגאַנג דורך די הונדערטער יאָרען פון אונטערדריקונג, אַט דער זעלבער כוח האָט זיי באַפרייט און פאַר אַ פאָלק געמאַכט.

„שבועות" איז אויך אַ נאַטירליכער און נאַציאָנאַלער יום־טוב. נאַטירליך, ווייל ער איז דער „חג הבכורים", דער יום־טוב, וואָס אַלע פאַרמערפעלקער פייערען, ווען עס הויבען זיך אָן צו ווייזען די ערשטע פרוכט אויף די פעלדער. נאַציאָנאַל, ווייל ער איז דער „זמן מתן תורתנו", דער יום־טוב, וואָס מיר פייערען צוליב דער גרעסטער געשעהעניש אין אונזער נאַציאָנאַלען לעבען, ווען מיר האָבען געקראָגען פון גאָט די תורה, וואָס האָט אונז אויסגעצייכענט פון אַלע אַנדערע פעלקער פון דער וועלט. ער איז אָבער ניט באַקאַנט אין דעם ריטואַלען אינווענטאַר פון אונזער פאָלק מיט די נעמען „חג הבכורים", אָדער „חג התורה", נאָר מיט דעם נאָמען „שבועות", ווייל דאָס איז געמיינט צו סימבאָליזירען, אַז די הויפּט פרייד אונזערע באַשטייט אין דעם, וואָס מיר האָבען געגאַרט און געציילט די טעג צו קריגען די תורה. אָנצונעמען אַ תורה איז ניט גענוג, מען דאַרף זיין צוגעגרייט און אָפּפערווילליג זי דורכצופירען אין לעבען.

„סוכות" ווערט אין דער תורה אָנגערופען מיט דעם נאָמען „חג האסיף", דער יום־טוב פון איינזאַמלען די תבואות פון די פעלדער. די תורה רופט איהם אויך אָן מיט דעם נאָמען „חג ה'", אַ יום־טוב פון אויסדריקען דאַנקבאַרקייט צום בורא פאַר דאָס גוטעס, וואָס ער האָט אונז געגעבען אין דעם פאַרגאַנגענעם יאָר (ויקרא כ"ג ל"ט). ער איז אָבער צו דעם ברייטען אידישען עולם ניט באַקאַנט מיט די אויבענדערמאָנטע נעמען. ער הייסט „חג הסוכות", צו סימבאָליזירען, אַז די אַלע גוטסקייטען, וואָס מיר האָבען דעראָבערט, קומט אונז פון דעם אויבערשטען. אונזער לעבען אויף דער וועלט איז בלויז אַ סוכה, אַ „דירת עראי", אַ צייטווייליג ביידעל, וואָס געדויערט ניט לאַנג, און

די אַלע רייכטימער, וואָס מיר האָבען דעראָבערט, וועלען מיר מיט זיך ניט נעמען אויף יענער וועלט.

ווי שיין דריקט זיך אויס די גמרא: „אדם בא לעולם בידים קפוצות״— אַ מענש קומט אויף דער וועלט מיט פאַרמאַכטע הענט. יעדעס קינד, וואָס ווערט געבוירען, זיינען ביי אים די הענט פאַרמאַכט, ווי ער וואָלט געזאָגט: „כל העולם שלי״, די גאַנצע וועלט איז מיינע און איך וויל פון איהר שעפּען מיט ביידע הויפענס. „כשנפטר מן העולם ידיו פשוטות״, אָבער ווען ער גייט אַוועק פון דער וועלט, זיינען ביי איהם די הענט אָפענע, ווי ער וואָלט גע־זאָגט: „לא נטלתי מן העולם הזה כלום״ — איך האָב ניט גענומען פון דער וועלט גאָרנישט. רבי לוי יצחק באַרדיטשעווער ע״ה באַמערקט אויף אָט דעם מאמר: „אין די ׳תכריכים׳ זיינען נישטאָ קיין קעשענעס. קיינער קאָן ניט נעמען מיט זיך אפילו קיין קלייניגקייט פון די אַלע רייכטימער, וואָס ער האָט אָנגעזאַמעלט אויף דער וועלט״.

אונזערע חכמים זעהען אין דער סוכה אַ סימבאָל פון דעם אידישען פאָלק, ווייל זי שטעלט פאָר זיין גאַנצען לעבען אין גלות, עקאָנאָמיש און פאָליטיש. אין קיין אָרט קאָן דער איד פאַר זיך ניט בויען קיין „דירת קבע״, קיין מאַסיווע און שטענדיגע היים. איבעראַל איז ער געצוואונגען צו בויען פאַר זיך סוכות, „דירות עראי״, צייטווייליגע געצעלטען, וועלכע קאָנען אומ־געוואָרפען ווערען פון יעדען אויסערגעוויינליכען ווינט. די יידישע אומה ווערט דערפאַר פון זיי אָנגערופען מיט דעם נאָמען „סוכותו של עולם״, די וועלטליכע סוכה, און איר פאָליטישער מצב אין גלות ווערט באַצייכענט מיט דעם נאָמען „סוכת דוד הנופלת״, די פאַלענדע סוכה פון משיח בן דוד.

די אידישע סוכה האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזען צו זיין די שיצערין פון אונזער פאָלק אין אַלע זיינע וואַנדערונגען דורך דעם לאַנגען און שווערען גלות. כאָטש זי איז אימער געווען „צילתה מרובה מחמתה״ — אירע שאָ־טענס גרעסער פאַר איר זונענשיין, איבעראַל מער פינסטער ווי ליכטיג, האָט זי אָבער פאַרשטעלט די אידען קעגען יעדער סכנה פון אונטערגאַנג און האָט זיי געהאַלטען פעסט אַרומגעקלאַמערט מיט זייער פאָלק און זיין גלויבען. אויב שטורעמווינטען האָבען זי אומגעוואָרפען אין דעם לאַנד אָדער אין יע־נעם, האָבען די אידען צוזאַמענגענומען אירע ברעטלאַך און פאַר זיך אויפ־געשטעלט אַ נייע אידישע סוכה אין אַנדערע לענדער און דאָרט פאָרט־געזעצט זייער ספּעציפיש אידיש לעבען.

דאָס איז אָבער אַלץ געוועדט, אויב זיי האָבען זייערע סוכות געבויט לויט די פאָרשריפטען פון זייער תורה און זייער אמונה. אָבער אַזוי גיך ווי זיי האָבען זייערע סוכות גענומען בויען לויט דעם מוסטער פון זייערע שכנים און נאָכגעמאַכט זייערע מנהגים און אויפפירונגען, האָבען זיי ניט אויסגעהאַלטען. די אידישע סוכות קאָנען ניט פאַרטראָגען די זונענשטראַלען פון פרעמדע הימלען, זיי מוזען זיין אייגענאַרטיג און סימבאָליזירען די אי־דעאַלען פון דער אידישער מאָראַל, כדי צו זיין דויערהאַפטיג.

דאָס, קאָן מען זאָגען, איז דער אגדה׳שער געדאַנק פון דער אויבענ־ציטירטער משנה: אידען, וועלכע האָבען ניט קיין באָדען אונטער זייערע פיס און זיינען געצוואונגען צו פאַרברייגנען זייערע טעג און יאָרען אין אַ „ספינה״, אַ שיף, וואָס האַלט אין אַרומשווימען פון איין ברעג לאַנד צו אַ צווייטען, איז פאַר זיי דערלויבט צו בויען זייער גייסטיגע סוכה „בראש הספינה״, אויפ׳ן שפיץ פון שיף, לויט די מוסטערן פון דעם לאַנד, וואָס זי האָט אָנגעשלאָגען? רבן גמליאל זאָגט, אַז אַזאַ סוכה איז אַ פסול׳ע, ווייל זי פאַרלירט די אידישע אָריגינאַליטעט און וועט ענדליך פאַרשלונגען ווערען פון דער פרעמדער סביבה.

רבי עקיבא אָבער איז מיט דער מיינונג, אַז אַזאַ סוכה, אויב זי ווערט געבויט פון אידען פאַר אידען, איז אַ כשר׳ע. האָט אָבער פּאַסירט, אַז ביידע זיינען געפאָרען אויף אַ שיף און רבי עקיבא האָט פאַר זיך געבויט אַ סוכה „בראש הספינה״, אויפ׳ן שפיץ פון שיף, לויט דעם מנהג פון דעם לאַנד, וואָס זיי האָבען דערגרייכט. דורך דער נאַכט אָבער האָט אויסגעבראָכען אַ שטאַרקער ווינט און האָט די סוכה אַוועקגעריסען, און רבן גמליאל פרעגט אים: „עקיבא היכן סוכתך״ — עקיבא, וואו איז דיין סוכה?

אַזעלכע סוכות, וואָס אידען בויען אין פרעמדע לענדער, אין וועלכע זיי זוכען נאָכצומאַכען זייערע שכנים, קאָנען נאָר דאָן עקזיסטירען, ווען עס איז טאָג, ליכטיג און רוהיג. קוים אָבער רוקט זיך אונטער די נאַכט און די לאַגע ווערט פינסטערער, שווערע ווינטען הויבען אָן צו בלאָזען אויף די אידישע קעפּ, דעמאָלט ווערען אַזעלכע סוכות אַוועקגעריסען און דער איד בלייבט אויסגעזעצט צו אַלע סכנות פון די שרעקליכע ווינטען און ווילדע טאָרנאַדען.

ג.

# וואָס די סוכה שטעלט פאָר

**למען ידעו דורותיכם כי בסוכות הושבתי את בני ישראל.**

„סוכה שהיא גבוהה מעשרים אמה פסולה — עד עשרים אמה אדם יושב בצל סוכה למעלה מעשרים אמה אין אדם יושב בצל סוכה אלא בצל דפנות" — אַ סוכה, וואָס איז געבויט אין אַ הויך איבער צוואַנציג איילען, איז אַ פסול'ע. ביז צוואַנציג איילען זיצט איינער אין דעם שאָטען פון דער סוכה, העכער אָבער פאַר צוואַנציג איילען זיצט ער שוין ניט אין דעם שאָטען פון סוכה, נאָר אין דעם שאָטען פון ווענט (סוכה ב׳ ע"א).

אין פיוט פון צווייטען טאָג סוכות ווערט געזאָגט:

„אל תהי מצות סוכה בעיניך קלה,
מפני שהיא שקולה כנגד כל המצוות כלה"
זאָל די מצוה פון סוכה ניט זיין גרינג פאַר דיינע אויגען,
ווייל זי איז קעגען אַלע מצוות פון דער תורה געוואויגען.

אונזערע חכמים זעהען אין דער סוכה אַ סימבאָל פון דעם אידישען פאָלק, ווייל זי שטעלט פאָר זייך גאַנצען לעבען, עקאָנאָמיש און פּאָליטיש. די אידישע אומה ווערט פון זיי אָנגערופען די „סוכתו של עולם", די וועלטליכע סוכה. איר פּאָליטישער מצב אין גלות ווערט באַצייכענט מיט דעם נאָמען „סוכת דוד הנופלת", די פאַלענדע סוכה פון משיח בן דוד. דער אידישער לעבען אויף דער וועלט הייסט ביי זיי אַ „דירת עראי", אַ צייטווייליגע סוכה, און זיין לעבען אויף יענער וועלט „סוכתו של לויתן", אַ סוכה פון אַלערליי פאַרגעניגענס.

אָנגעפאַנגען האָט זיך עס מיט אונזער פאָטער יעקב. די פערצען יאָר, וואָס ער האָט געשקלאָפט אין חרן; די רדיפות, וואָס ער האָט געהאַט אויס־צושטיין פון זיין שווער לבן; זיין קאַמף מיט זיין ברודער עשו, וועלכער איז אַרויס קעגען איהם מיט אַ מחנה פון פיר הונדערט מענשען; דער שטרייט, וואָס ער האָט געהאַט מיט דעם מלאך — אַט די עפּאָכע אין יעקב׳ס לעבען ווערט באַצייכענט אין דער תורה מיט דער פיל־באַדייטענדיגער פראַזע: „ויעקב נוסע סוכותה" — יעקב רייזט אַרום אין סוכות, און „על כן קרא שמה סוכות" — און דערפאַר רופט ער אָן זיין היים מיט דעם נאָמען סוכה (בראשית ל"ג).

דער ערשטער טייל פון חודש תשרי ווערט אין דער תורה באַצייכענט מיט די ווערטער „בצאת השנה“, דער אויסגאַנג פון דעם לעצטען יאָר, וועלכער מוז פון די אידען באַגלייט ווערען מיט „עשרת ימי תשובה“, צען טעג פון באַזי־נונג, פון אַריינטראַכטען זיך אין זייערע מעשים פון דעם פאַרגאַנגענעם יאָר און ציען אַ באַלאַנס, וואָס דאַרף אונז לערנען ווי אַזוי זיך אויפצופירען אין דעם קומענדיגען יאָר. מיט ראש השנה הויבט זיך אָן דער פּראָצעס פון תשובה טאָן, און ער האַלט אין שטייגען ביז יום־כפור, ווען ער צעפלאַקערט זיך אין אַ גרויס ליכט, וואָס רייניגט דעם גייסט און דערוואַרעמט די נשמה. דער נייער יאָר הויבט זיך אָן אייגענטליך גלייך נאָך יום כפור. נאָכדעם, אַז דער „נפש“, דער גייסט, איז אין אָרדנונג, קאָן מען זיך נעמען צו באַזאָרגען דעם „גוף“, דעם קערפּער, פאַר דעם נייעם יאָר.

ניט ווי ביי אַלע פעלקער פון דער וועלט דאַרף ביי אידען געפייערט ווערען דער „זמן שמחתנו“, זייער פרייד מיט די אָנגעזאַמעלטע קאַפּיטאַלען פאַר דעם נייעם יאָר. ביי די אַנדערע פעלקער הויבט זיך דער יאָר אָן מיט באַנקעטען און רייכע האָטעלען, מיט הוליאַנקעס און מיט שכור'ן די גאַנצע נאַכט. ביי אידען אָבער ווערט דער נייער יאָר אויפגענומען מיט „תפילות און תעניתים“. זייערע „טענקס־גיווינגס“, וואָס זיינען באַשטימט געוואָרען צו דאַנקען גאָט פאַר דאָס גוטעס, וואָס ער האָט זיי פאַרשאַפט, פאַרענדיגען זיך מיט טומעלדיגע בעלער און טרינק־פּאַרטיס, וואָס גיבען זיך אָפּ מיט קערפּערליכע פאַרגעניגענס און מיט זייער וויינינג גייסטיגעס. אַזעלכע שמחות זיינען צופיל חומר'דיג, צופיל תאוה'דיג פאַר די אידען. זייער „זמן שמחתנו“ מוז זיין אַ פאַרזעצונג פון דעם „יום הזכרון“, דעם באַזינונגס־טאָג פון זייער „ראש השנה“.

„בסוכות תשבו שבעת ימים“, אין ביידלאַך זאָלט איר וואוינען זיבען טעג. אין קליינע סוכות, באַדעקט מיט באַשיידענעם „סכך“, דורך וועלכען איר זאָלט קאָנען זעהן דעם „הימעל“ און דורך וועלכען דער „הימעל“ זאָל קאָ־נען אַרונטערקוקען אויף אייך — דאָרט זאָלט איר פאַרברייינגען זיבען טעג און פייערען אייער „חג האסיף“, דעם „זמן שמחתנו“, פון אייער רייכטום און באַ־לעבאָטישקייט. „כל האזרח בישראל ישבו בסוכות“ — אַלע איינגעבירגערטע ביי אידען זאָלען זיצען אין סוכות. דוקא די איינגעזעסענע און איינגעפונדע־ וועטע באַלעבאָטים דאַרף מען שיקען אין די סוכות. זיי קאָנען נאָך מיינען, אַז צוליב זייער רייכטום זיינען זיי שוין געזיכערט מיט פּרנסה און זייערע היימען בלייבען שטענדיגע. צו די מוז מען זאָגען „צא מדירת קבע ושב בדירת עראי“—

געה אַרויס פון דיין שטענדיגער היים און וואוין אין אַ ציַיטוויַיליגער דירה. דער גאַנצער לעבען פון מענשען איז בלויז אַ ציַיטוויַיליגע דירה, וואָס ווערט אויפגעשטעלט אויף דער וועלט פאַר אַ קורצען משך פון יאָרען.

„למען ידעו דורותיכם כי בסוכות הושבתי את בני ישראל" — אַז אייערע דורות זאָלען וויסען, אַז אין סוכות האָב איך באַזעצט די אידען. טאָמער זיינען דאָ אַזעלכע אידען, פלעגט זאָגען ר' מענדעלע קאָצקער, וועלכע וואוינען אין פרייערע לענדער, וואו זיי האָבען אַלע בירגער־רעכטען און לעבען פריי און אומגעשטערט, זאָלען זיי זיך ניט איינריידען, אַז זיי זיינען שוין באַזאָרגטע און קאָנען שלאָפען רוהיג. דער אידישער לעבען איז איבעראַל ווי אַ סוכה, אַ ציַיט־וויַיליגע דירה, געבויט פון ברעטלאַך, וואָס קאָנען צוזאַמענפאַלען פון יעדען „רוח שאינה מצויה", אַ שטאַרקער שטורעם־ווינט.

דער גלות האָט די אידישע שכונות איבעראַל אַרומגענומען מיט „דפנות", מיט הויכע ווענט, וואָס האָבען זיי אָפּגעזונדערט פון דער מאַיאָריטעט און זיי געהאַלטען אין באַזונדערע געטאָס, וואו זיי האָבען זיך קוים געקאָנט באַוועגען און לעבען ווי מענשען. זיינען זיי אָבער געזעסען אין דעם שאָטען פון זייערע סוכות און שטיל געלעבט זייער אייגענאַרטיג לעבען — האָבען זיי דעם שאָטען פון די ווענט אַזוי ניט געפילט. אַזוי גיך אָבער ווי זיי הויבען אָן צו בויען זייערע סוכות „למעלה מעשרים אמה", העכער און אָפּגעזונדערט פון דעם טעג־ליכען לעבען, אין גאַס און אין הויז זוכען זיי נאָכצומאַכען דעם גוי, בלויז אין זייערע הויכע טעמפּלען האָבען זיי איבערגעלאָזען אַביסעל אידישקייט אויפ'ן שפּיץ מעסער — אַזעלכע אידען לעבען שוין ניט „בצל סוכה", אין דעם שאָטען פון זייער גייסטיגער סוכה, וואָס פאַרשטעלט און באַשיצט זיי. זייערע סוכות זיינען פּסול'ע און זיי לעבען „בצל דפנות", אין דעם שאָטען פון די גלות־ווענט, וועלכע פאַרשטעלען פאַר זיי דעם שיין פון דער זון, און ביי דער ערשטער בעסטער געלעגענהייט ווערען זיי מעהר פאַרפאָלגט און געדריקט פון זייערע פיינטליכע שכנים.

ד.

# אונזער אידעאַל פון אַ וועלט־פרידען

**זאת תהיה חטאת כל הגוים אשר לא יעלו לחוג את חג הסוכות.**

„אין מלך המשיח בא אלא ליתן לאומות העולם סוכה ולולב" — דער מלך המשיח קומט בלויז צו פרעזענטירען די פעלקער פון דער וועלט מיט סוכה און לולב (ילקוט שמעוני).

אַ אידישע פאָלקס־מעשה׳לע, וואָס אונזערע אַלטע מוטערס פלעגען דער־ציילען זייערע קינדער פאַר׳ן שלאָפען גיין, זאָגט: „לעתיד לבא, אין דער וויי־טער צוקונפט, איידער משיח וועט קומען, וועלען די אומות העולם גיין אויף איי־זערנע בריקען און וועלען אַריינפאַלען; אָבער די אידען וועלען גיין אויף אַ פאַפירענעם בריק און וועלען דורכגיין בשלום".

אָט דאָס פאָלקס־מעשה׳לע גיט איבער דעם אידישען בליק פאַר אַ וועלט־פרידען. דער וועג צו אַן אמת׳ן שלום אין דער וועלט, לויט דעם אידישען גע־דאַנק, ציט זיך ניט איבער אייזערנע בריקען, וועלכע זיינען אַרומגערינגעלט מיט שווערע קאַנאָנען און מעכטיגע אַרמייען. אַרסענאַלען פון קריג׳ס געווער זיינען ניט קיין פאַסענדע פרידענס־טעמפלען. ים־ און לופט־פלאָטען זיינען ניט קיין „מבשרי שלום", אַנזאָגער און פאַרשפרייטער פון פרייהייט און גלייכ־הייט. אין געגענטייל, דער אַפעטיט קומט מיט׳ן עסען. וואָס מעהר אַ פאָלק באַוואָפענט זיך, אַלץ מעהר איז עס עלול צו וועלען באַהערשען זיין שוואַכערען שכן. מעכטיגע קריג־שיפען וועלען תמיד זוכען צו פאַרכאַפען פרעמדע פאַר־טען. גרויסע לופט־אַרמאַדעס מוזען זוכען באַזעס אין אַלע לענדער, וועלכע זיי וואָלטען וועלען צו באַהערשען פאָליטיש און עקאָנאָמיש. אַזעלכע אייזערנע בריקען ברעכען דעם שלום פון דער וועלט, ווייל זיי פירען צו בלוט־פאַרגי־סונגען, צו גרויסע חורבנות און צו מענשליכער פאַרשקלאַפונג.

אויב די אומות העולם ווילען קומען צו אַן אמת׳ן שלום, דאַן זאָלען זיי זיך פאַרנעמען אויף דעם פאַפירענעם בריק פון דער אידישער תורה און די אידישע נביאים. אויב זיי ווילען געבען דער וועלט פרייהייט פון שרעק, זאָלען זיי אויספאָלגען דעם „לא ישא גוי אל גוי חרב" — קיין פאָלק זאָל ניט הויבען אַ שווערד קעגען אַ צווייטען פאָלק. זוכען זיי צו באַפרייען די וועלט פון

אָרימקייט און נויט, זאָלען זיי הערען די עצה פון אונזערע נביאים, וועלכע ראָטען: „וכתתו חרבותם לאתים וחניתותיהם למזמרות" — צעשמעלצען די שווערדען אויף גראָב אייזענס און די שפּיזען אויף שנייד־מעסערס.

„והיה כל הנותר מכל הגוים — ועלו מדי שנה בשנה — לחוג את חג הסוכות" — און אַזוי וועט עס זיין, זאָגט דער נביא אין היינטיגער הפטרה, אַלע וואָס וועלען איבערבלייבען פון די פעלקער, וועלען יעדען יאָר קומען נאָך ירושלים און פייערען דעם יום־טוב סוכות. סוכות איז אַ סימבאָל פון שלום און גאָסטפריינטליכקייט. „באספכם את תבואת הארץ", ווען איר זאַמעלט אויף די פּראָדוקציע פון אייער לאַנד, זאָלט איר זיך ניט אַרומרינגלען מיט אייזערנע ווענט און שווערע טאָריפען. „בסוכות תשבו", זיצט אין ביידלאַך, וועלכע זייי נען געבויט „תחת כפת השמים", אונטער פרייע הימלען און זיינען לייכט צו־צוקומען. די, וואָס וואוינען אין פרייע און אָפענע היימען, זוכען ניט צו באַ־פאַלען די היימען פון אַנדערע. אָפענע שטעט זיינען מעהר געזיכערט קעגען אַן אַנגריף ווי די, וואָס זיינען אַרומגערינגעלט מיט אייזערנע ווענט און שטאַר־קע פעסטונגען. דערפאַר זאָגען אונז טאַקע די חכמים: „כל שמקיים מצות סוכה מסיך עליו מן המזיקין" — דער, וואָס איז מקיים די מצוה פון סוכה, באַ־שיצט אים גאָט פון אַלע מזיקים און שלעכטסקייטען (בית המדרש ה', ו').

די מצוה פון סוכה איז אויך פאַרבונדען מיט דער מצוה פון „נטילת לולב", וועלכע, ווי די בעלי המדרש ווילען האָבען, לערנט אונז דעם כוח פון „אחדות", פון פאַראייניגונג. „אתרוג יש בו טעם ויש בו ריח, לולב יש בו טעם ואין בו ריח, הדס יש בו ריח ואין בו טעם, ערבה אין בה טעם ואין בה ריח — יוקשרו כלם אגודה אחת והן מכפרין אלו על אלו" — דער אתרוג האָט אַ געשמאַק און אַ ריח, דער לולב האָט אַ געשמאַק אָבער קיין ריח ניט, דער הדס האָט אַ ריח אָבער האָט קיין געשמאַק ניט, די ערבה האָט ניט קיין געשמאַק און ניט קיין ריח — זאָלען זיי זיין צוזאַמענגעבונדען אין איין בונד, כדי זיי זאָלען מכפר זיין איינע אויף די אַנדערע. אָט די פיר מינים שטעלען פאַר אַלע קלאַסען מענשען — די געבילדעטע, די רייכע, דעם מיטעלקלאַס און די אָרימע. אַלע זיינען זיי אָבער קינדער פון איין גאָט. ווען זיי זיינען פאַראייניגט, זיינען זיין משלים איינע די אַנדערע און בילדען אַ שטאַרקען בונד, וואָס קאָן ניט איבערגעבראָכען ווערען (ויק"ר פ"ל).

פאַר די פעלקער, וואָס וועלען זיך אנטזאגען צו פייערען דעם יום־טוב סוכות, זאָגט דער נביא אין דער היינטיגער הפטרה, אַז „לא עליהם יהיה הגשם",

ניט אויף זיי וועט פאַלן דער רעגן. די שפע, וואָס אַזעלכע לענדער זוכן, וועט זיי קיינמאָל ניט גרייכן. רייכטימער, וואָס זיינען דערוואָרבן געוואָרן דורך מאַכט און בלוט־פאַרגיסונג, האָבן קיין מזל ברכה ניט. קאַפּיטאַלן, וואָס זיינע איינגעשלאָסן הינטער אייזערנע גראַטעס, ברענגען קיינעם קיין נוצן ניט. „אין מלך המשיח בא", דער משיח, אויף וועמען די גאַנצע וועלט וואַרט, ער זאָל באַפרייען די מענשהייט פון אַלע צרות, קומט ניט, סיידן אַז אַלע פעל־קער פון דער וועלט וועלן אויף זיך נעמען מקיים צו זיין די מצוה פון סוכה און לולב.

ה.

## די גרויסע געסט, וואָס באַזוכן די סוכה

**בסוכות תשבו.**

„מצוה להזמין עניים לסמוך על שולחנו בחג הסוכות". עס איז אַ מצוה איינצולאַדן אָרימעלייט צו עסן ביי זיין טיש אין דעם יום־טוב סוכות (צוואת ר' יהודה החסיד).

לויט די בעלי־הקבלה ווערט יעדע אידישע סוכה באַזוכט פון די פאָלגענדע גרויסע געסט: אברהם, יצחק, יעקב, יוסף, משה, אהרן און דוד. זיי ווערן אָנגערופן „אושפיזין", וואָס מיינט, צייטווייליגע באַזוכער. פרומע אידען, איי־דער זיי זעצען זיך ביים טיש צו עסן אין זייערע סוכות, לאַדן איין דיזע געסט צו זיצען און פאַרברייננגען מיט זיי. יעדן טאָג זיינען זיי מקדיש צו איינעם פון די זיבען געסט און רופען אויס זיין נאָמען צוערשט. דעריבער זאָגט דער זוהר הקדוש, אַז מען זאָל אויך איינלאַדן אָרימעלייט צו דער סעודה, כדי די גרויסע געסט זאָלען הנאה האָבען פון זיין גאַסטפריינטליכקייט.

די שפּאָלער חסידים דערציילען, אַז דער „זיידע" זצ"ל איז געווען אַ גרוי־סער פּזרן. כמעט זיין גאַנצע הכנסה פלעגט ער אויסטיילען צווישען די אָרימע־לייט פון שטאָט. ער פלעגט אויך צווינגען די גבירים אים צו געבן היפשע סומען יעדן וואָך פאַר דעם צוועק. אין צעטיילען דאָס געלט איז ער געווען העכסט ליבעראַל. אים האָט ווייניג געקימערט ווער דער אָרימאַן איז געווען. קוים איז ער געווען באַדערפטיג, האָט ער אים געגעבען מיט דער פולער האַנט.

זאָגאַר באַוואוסטע גנבים אין דעם שטעטעל פלעגען פון אים באַקומען נדבות, אויב זיי זיינען געווען אין נויט.

ווען עס פלעגט קומען סוכות, פלעגט ער מאַכען אַ גרויסע סעודה און איינלאַדען די שענסטע באַלעבאַטים פון שטאָט און אויך די אָרימעלייט, צווישען זיי אויך די עטליכע באַוואוסטע גנבים. איינמאָל האָבען זיך די בעה"ב באַקלאָגט פאַר אים: „רבי, מיר פאַדערען טאַקע פון אייך קיין רעכנונג ניט, אָבער, היתכן, איר זאָלט פון אונזער געלט אויך אויסהאַלטען גנבים און נאָך צווינגען אונז צו זיצען ביי איין טיש מיט זיי?"

„איר פאַרשטייט ניט, קינדערלאַך, פאַרוואָס איך טו דאָס," האָט ער זיי דערקלערט. „איך גיב זיי נדבות, אַז אויב חו"ש עס זאָל טרעפען אַ „שנת בצורת", אַ הונגער־יאָר, ווען אַלע טויערען פון פרנסה ווערען פאַרשלאָסען פאַר די אידען, וועל איך אַרויסשיקען מיינע גנבים און זיי וועלען אויפברעכען די שלעסער פון די „שערי רחמים" און גאָט וועט געבען אידען פרנסה...

„איך לאַד זיי אויך איין צו זיצען מיט אונז אין סוכה, ווייל איך וויל, אַז די „אושפיזין", די געהויבענע געסט, וואָס קומען צו אונז אויף באַזוך, זאָלען זעהן ווען מיר האָבען מיט אונז. דערפאַר, אַז „לעתיד לבא", ווען גאָט וועט בויען זיין סוכה און מאַכען אַ גרויסע סעודה פאַר די צדיקים און אונזערע אבות מיט די איבעריגע אושפיזין וועלען זיצען אויבען־אָן, וועלען זיי אויך אונז קליינע מענשעלעך צולאָזען און מיר וועלען צוזאַמען נהנה זיין מזיו השכינה..."

# שבת חול המועד סוכות

## א.

## קהלת — אַ פילאָזאָפישער סך־הכל פון מענשענ׳ס לעבען

„שלמה המלך כתב תחילה שיר השירים, ואחר כך משלי, ואחר כך קהלת. כשאדם נער אומר דברי זמר, הגדיל אומר דברי משל, הזקין אומר דברי הבלים" — שלמה המלך האָט צוערשט געשריבען שיר השירים, נאָכדעם משלי און נאָכדעם קהלת. ווען איינער איז יונג, זינגט ער לידער; וואַקסט ער אויף, רעדט ער אין משלים און פאַרשטעלטערהייט; ווערט ער אַלט, מאַכט ער אַלץ צו גאָרנישט (פסיקתא רבתי).

אַז דער קלוגער שלמה איז געווען דער פאַרפאַסער פון ספר קהלת, כאָטש זיין נאָמען ווערט אין אים ניט דערמאָנט, שטימען־איין כמעט אַלע פון אונ־זערע חז"ל. זיי זאָגען „תניא, בשעה שאמר הקב"ה לשלמה, שאל מה אתן לך, לא בקש כסף וזהב, רק ונתת לעבדך לב שומע, שרתה עליו רוח הקודש ואמר שלשה ספרים אלו: שיר השירים, משלי וקהלת" — מען האָט אונז גע־לערענט, אַז בשעת גאָט האָט געזאָגט צו שלמה: בעט וואָס זאָל איך דיר געבען, האָט ער ניט געבעטען זילבער און גאָלד, נאָר אַז דו זאָלסט געבען צו דיין קנעכט אַ פאַרשטענדיג האַרץ. דערפאַר האָט אויף אים גערוהט דער הייליגער גייסט און ער האָט פאַרפאַסט דיזע דריי ספרים: שיר השירים, משלי און קהלת (מדרש רבה).

„דער ספר קהלת, זאָגט דער באַוואוסטער תנ"ך־פאָרשער אברהם כהנא, מאַכט דעם רושם פון אַן אינטימען טאָג־בוך, געשריבען פון אַ באַרימטען עושר און פאָלקס־פירער, וואָס האָט זעהר פיל דורכגעמאַכט אין זיין לעבען, אָבער איז פון דער נאַטור אַ טיפער דענקער, וואָס זוכט צו דערגייך דעם סוד פון לעבען". קהלת איז אַ רעזומע, אַ סך־הכל פון יאָרען־לאַנגע דערפאַרונגען, גע־ווינסען און אַנטוישונגען, וואָס שטעלען צוזאַמען דאָס קורצע לעבען פונ׳ם מענשען אויף דער ערד. ווי די חז"ל באַמערקען: „למה נאמר דברי קהלת ולא דברי שלמה? מפני שאמריו תלויים בהקהל" — וואָרום ווערט געזאָגט: דאָס זייבען

די רייד פון קהלת און ניט פון שלמה? ווייל זיינע ווערטער זיינען דער רע־זולטאַט פון צוזאַמענגעמען און רעזומירען אַלע זיינע איבערלעבונגען און באַ־אָבאַכטונגען (ילקוט שמעוני).

דער פילאָזאָפישער סך־הכל פון קהלת, דער שלוס, צו וועלכען זיינע אי־בערטראַכטונגען אין מענשען׳ס לעבען פירען אים, ווערט אויסגעדריקט אין די פאָלגענדיגע צוויי פסוקים: „הכל הבל ורעות־רוח ואין יתרון תחת השמש״— אַלץ איז נישטיגקייט, ווינט־יאַגעניש, און גאַרנישט קומט אַרויס פון אונטער דער זון. „והכל הולך אל מקום אחד, הכל היה מן העפר והכל שב אל העפר״— אַלץ גייט צו איין פּלאַץ, אַלץ קומט פון דער ערד און אַלץ קערט זיך אום צו דער ערד.

די וועלט איז פאַר דעם מענשען אַ חידה־סתומה, אַן אומפאַרשטענדלי־כער רעטזעל. דוכט זיך, אַז ער באַהערשט איר, אָבער וואָס מעהר מען טראַכט זיך אַריין אין דעם ענין, אַלץ מעהר קאָמפּליצירט און נישטיג ווערט זיין פּאָ־זיציע און זיין פאַרנעם. דער „גלגל החיים״, דאָס ראָד פון לעבען, דרייט זיך מאַגנעטיש אין אַן ענגען קרייז, וועלכער איז פאַראויס באַשטימט און ווערט ניט געענדערט. „דור הולך ודור בא והארץ לעולם עומדת״ — אַ דור גייט אַוועק און אַן אַנדער דור קומט אָן און די ערד בלייבט שטיין אויף איר פּלאַץ. די זון שיינט אויף און גייט אונטער, כדי ווייטער צו שיינען. דער ווינט גייט צום דרום, דרייט זיך אַרום דעם צפון און קומט צוריק אויפ׳ן זעלבען פּלאַץ. אַלע טייכען פאַלען אַריין אין ים און דער ים ווערט ניט פול. „מה שהיה הוא שיהיה, ומה שנעשה הוא שיעשה, ואין כל חדש תחת השמש״ — וואָס איז געווען, וועט זיין; וואָס איז שוין איינמאָל אויפגעטאָן געוואָרען, וועט ווייטער געטאָן ווע־רען, ווייל עס איז ניטאָ קיין נייעס אונטער דער זון. אין קורצען: דער גאַנצער לעבען איז איין גרויסער „הבל הבלים״, נאַריש און נישטיג. „ומה יתרון לאדם בכל עמלו שיעמול תחת השמש?״ — און וואָס קומט אַרויס דעם מענשען פון אַלע זיינע באַמיאונגען אונטער דער זון?

צוליב זיינע פּעסימיסטישע אָנזיכטען, וועלכע ווייזען אויס, פון אויבען־אויף, צו זיין אַ ווידערשפּרוך צו דעם אידישען געדאַנקען־גאַנג, וואָס באַטראַכט די וועלט אַלס אַ לייטער פאַר דעם מענשען צו שטייגען אין זיינע גייסטיגע און קערפּערליכע אַנטוויקלונגען, האָבען פילע פון אונזערע חכמים ניט געוואָלט אַריינעמען דעם ספר קהלת צווישען די הייליגע ספרים. „בקשו חכמים לגנוז ספר קהלת, מפני שמצאו בו דברים מטין לצד מינות״ — די חכמים האָבען

געוואָלט באַהאַלטען דעם ספר קהלת, ווייל זיי האָבען אין אים געפונען אַזעלכע געדאַנקען, וואָס זיינען גענייגט צום אומגלויבען. צום ביישפּיל, זיין שלאָג־וואָרט: „מה יתרון לאדם בכל עמלו", וואָס קומט אַרויס דעם מענשען פון אַלע זיינע באַמיאונגען? ווערט פון זיי אָפּגעפרעגט: „יכול אף בעמלה של תורה"? — איז עס מעגליך, אַז קיינע בענעפיטען קומען ניט אַרויס פאַר דעם מענשען אויך פון זיינע באַמיאונגען צו לערנען די תורה און אַנטוויקלען דעם אידישען גייסט? (קהלת רבה).

זיי האָבען אויך געפונען, אַז אין מאַנכע פסוקים הייסט ער די מענשען זיך אויפפירען אין געגענזאַץ צו די פאַרשריפטען פון דער תורה. צום ביי־שפּיל, ער זאָגט: „שמח בחור בילדותך, ויטיבך לבך בימי בחורותיך, והלך בדרכי לבך במראה עיניך" — פריי זיך בחור מיט דיין יוגענט, און זאָל דיין האַרץ וואויל זיין אין דיינע בעסטע יאָרען; גיי וואו דיין האַרץ ציט דיך און וואו דיינע אויגען טראָגען דיך. די דאָזיגע ווערטער זיינען קעגען דער תורה. „משה אמר ולא תתורו אחרי לבבכם ואחרי עיניכם" — משה האָט אונז אָנגעזאָגט, אַז מיר זאָלען זיך ניט לאָזען פאַרפירען פון אונזער האַרץ אָדער פון די אויגען. קיינעם איז ניט דערלויבט צו טאָן בלויז דאָס, וואָס זיין האַרץ גלוסט, און ווען געניסען פון אַלץ, וואָס זיינע אויגען זעהען, צי מען טאָר, צי מען טאָר ניט (שם).

די חכמים האָבען אָבער ענדליך באַשלאָסען אַריינצונעמען דעם ספר קהלת צווישען די „כתבי קודש", די הייליגע שריפטען, ווייל „תחילתו דברי תורה וסופו דברי תורה", זיין אָנפאַנג און סוף שטימען מיט די ווערטער פון דער תורה. דאָס הייסט, אַז מען זאָל ניט לערנען קהלת בוכשטעבליך און אויבערפלעכליך, נאָר אויך זוכען צו פאַרשטיין וואָס צווישען די שורות, וואו אונזערע חכמים, און איבערהויפּט די בעלי המדרש, האָבען געפונען אַן אוצר פון וואונדערבאַרע געדאַנקען און מיינונגען.

אַ העכסט אינטערעסאַנטע באַמערקונג מאַכען אונזערע חז"ל איבער דעם פאַקט, וואָס אין שיר השירים ווערט אַלץ גערעדט איבער „המלך שלמה", דער קעניג שלמה, אין משלי רופט ער זיך „מלך ישראל", דער קעניג פון אידען, און אין קהלת בלויז „מלך בירושלים", דער קעניג אין ירושלים. זיי זאָגען: „בתחילה מלך שלמה על כל העולם, ואחר כך על ישראל, ולבסוף על ירושלים בלבד" — צוערשט האָט שלמה געקעניגט איבער דער גאַנצער וועלט, און נאָכ־דעם איבער די אידען, און צום סוף בלויז איבער ירושלים (סנהדרין כ' ע"ב). וואָס זיי מיינען אויסצודריקען דערמיט איז, אַז אין שיר השירים, וואָס ער האָט

געשריבען אין זיין יוגענט, האָט ער געטרוימט פון אַ וועלט־מלוכה, פון ווערען דער הערשער איבער אַלע פעלקער און מעני עז; אין משלי, וואָס ער האָט געשריבען אין זיינע מיטעלע יאָרען, האָט ער זיך שוין צופרידענגעשטעלט מיט זיין בלויז דער קעניג פון אידען; אין קהלת, אָבער, וואָס ער האָט געשריבען אויף דער עלטער, האָט ער זיך אַרומגעזעהן, אַז אויך דאָס איז אוממעגליך, מען קאָן ניט צווינגען אַ גאַנץ פאָלק זיך צו בויגען צו דעם ווילען פון אַ יחיד. בלויז „בירושלים בלבד”, אין דעם ענגען קרייז פון זיין קעניגליכען הויף קאָן ער דורכפירען וואָס ער וויל.

דער אַפטער צדיק האָט איינמאָל פאַר תקיעות געהאָט אַזאַ געשפּרעך מיט זיינע חסידים: „אין מיינע יונגע יאָרען האָט זיך מיר פאַרוואָלט צו ווערען דער ,מנהיג ישראל‘, דער פירער פון דעם גאַנצען אידישען פאָלק. איך האָב שווער געאַרבייט דעם ציל צו דערגרייכען, נאָר איך בין דורכגעפאַלען. האָב איך באַשלאָסען צו ווערען דער ,מנהיג העיר‘, דער פירער פון שטאָט. אָבער דאָס איז מיר אויך ניט געלונגען. האָב איך זיך פאַרנומען צו ווערען דער פירער פון מיין אייגען־הויז, און ווי נשתומם בין איך געוואָרען, אַז אויך דאָס האָט זיך מיר ניט איינגעגעבען. אום אָבער צופרידענשטעלען מיין תאווה צו הערשאַפט, האָב איך אָפּגעמאַכט מיין געדאַנק צו ווערען מיין אייגענער הער־שער און פירען זיך אַליין ווי איך וויל. אָבער, ליידער, — אויך אין דעם בין איך דורכגעפאַלען. נו, פאַרשטייט איר שוין, האָט ער פאַרענדיגט, ווארום עס דאַרף זיך ניט וועלען קיינעם צו ווערען מנהיג און זוכען צו באַהערשען יענעם, ווען עס איז שווער זיך אַליין צו באַהערשען” ?

ב.

## קהלת אין ליכט פון דער אגדה

די אָפענע ווערטער פון קהלת, ווי שוין באַמערקט, דרינגען אַריין אין דעם פריוואַטען לעבען פון מענשען, דעקען־אויף אַלע זיינע שוואַכקייטען און ווייזען ווי הבל׳דיג און נישטיג איז זיין גאַנצע עקזיסטענץ. די באַהאַלטענע כוונות פון צווישען די שורות, לויט די דערקלערונגען פון אונזערע חז״ל, דע־קען אָבער פאַר אונז אויף אַ ים מיט טיפע געדאַנקען, פון וועלכע זיי שעפּען פיל אידעאַלען און שטרעבונגען פאַר דעם פרט, אַזוי גוט ווי פאַר דעם כלל.

מיר װעלען דאָ ברענגען עטליכע פון די טיפזיניגע דערקלערונגען, װאָס זיי גיבען איבער מאַנכע פון די מערקװירדיגע פסוקים און װאָסערע שלוסען זיי ציען פון זיי.

„מה יתרון לאדם בכל עמלו שיעמול תחת השמש", װאָס פאַר אַ נוצען האָט דער מענש פון זיין גאַנצער מי, װאָס ער מיט אונטער דער זון? פון איבען־אויף קלינגען די װערטער װי אַן אויסרוף פון יאוש און פאַרצװייפלונג: װאָס לוינט זיך פאַר דעם מענשען אװעקצוגעבען זיינע כוחות פאַר דער געזעלשאַפט, פאַר דעם פאָלק אָדער פאַר דער װעלט, אַז ער אַליין האָט פון דעם קיין נוצען ניט? דאָס איז אַ צו־קורצזיכטיגער בליק פאַר אַזאַ װייטזעהענדיגען חכם, װי שלמה המלך איז געװעזן. און אויב ער האָט עס טאַקע געמיינט, האָט ער גע־דאַרפט בלויז זאָגען „מה יתרון לאדם בכל עמלו?" — װאָס פאַר אַ נוץ האָט דער מענש פון זיין גאַנצער מי? װאָרים דער אויספיר „שיעמול תחת השמש"— װאָס ער מיט זיך אונטער דער זון? װאָס איז די כוונה פון דעם סוף פסוק? „א"ר יודין תחת השמש אין לו, למעלה מן השמש יש לו" — זאָגט אויף דעם רבי יודין: אונטער דער זון האָט ער ניט, העכער פאַר דער זון האָט ער יאָ (מדרש קהלת א'). און דער געדאַנק דערפון איז: אַ מענש דאַרף ניט אויפ־געבען זיין מי און אַרבייט פאַר דער װעלט, כאָטש אין דער ליכט פון דער זון זעהט ער פאַר זיך אַליין קיין נוצען ניט, זאָל ער אָבער ניט פאַרצװייפלען, װייל העכער פון דער זון, װאו זיין אויג איז צו־קורץ צו באַמערקען און זיין שכל צו־קליין צו באַגרייפען, אין דער װייטערער צוקונפט, דאָרטען װעלען זיינע באַ־מיאונגען איב נוצען ברײנגען; ער װעט אַריינגענומען װערען אַלס רינג אין דער לאַנגער קייט פון מענשליכע אַנטװיקלונגען.

„דור הולך ודור בא והארץ לעולם עומדת", אַ דור פאַרגייט און אַ דור קומט און די ערד בלייבט אימער אויף דעמזעלבען אָרט. הייסט עס, אַז װיבאַלד די װעלט קימערט זיך װייניג פאַר דעם מענשען, װארום זאָל דער מענש זיך קימערען פאַר דער װעלט? ניט דאָס אָבער האָט שלמה המלך געמיינט צו זאָגען. דער אמת'ער געדאַנק פון פסוק, זאָגען אונז די חז"ל, איז דער: „כדור הולך כן דור בא, הולך חיגור בא חיגור, הולך סומא בא סומא" — װי דער דור, װאָס פאַרגייט, אַזוי װעט אויך זיין דער דור װאָס קומט. איז דער פאַרגאַנגענער דור געװעזן הינקעדיג, װעט אויך דער קומענדיגער דור זיין הינקעדיג. איז דער פאַרגייענדער דור געװעזן בלינד, װעט דער קומענדיגער דור אויך זיין בלינד (מדרש רבה).

וואָס פאַר אַ טיפזיניגע לעקציע דאָ ווערט אונז געגעבען ווי צו דערציען אונזערע קינדער. די דערציאונג מוז זיך אָנפאַנגען מיט דעם עלטערען דור. עס איז נאַריש צו דערוואַרטען, אַז די זין און טעכטער זאָלען זיין בעסער פון זייערע טאַטעס און מאַמעס. אויב די עלטערען הינקען אונטער אויף די טראַדיציעס פון זייער גלויבען, וועלען די קינדער אויך בלייבען דיזעלביגע קאַליקעס. מעגען זיי שיקען די קינדער אין די בעסטע חדרים און ישיבות, נעמען פאַר זיי די בעסטע מלמדים, אויב דער טאַטע לייגט קיין תפילין ניט, וועט זיין זון דאָס אויך ניט טאָן. אויב די מאַמע היט ניט קיין כשרות, וועט די טאָכטער אויך האָבען אַ טרפה הויז. איז דער פאַרגאַנגענער דור געווען בלינד צו די פליכטען פון זיין פאָלק און האָט ניט געזעהן צו זוכען מיטלען צו פאַרבעסערען זיין לאַגע, וועט דער קומענדיגער דור אויך פאַרמאַכען זיינע אויגען פאַר די נויטען פון זיין אומה.

„ביום טוב היה בטוב וביום רעה ראה, גם את זה לעומת זה עשה האלקים" — אין טאָג פון גליק זיי גליקליך און אין טאָג פון אומגליק קוק זיך אַרום, אויך די איצטיגע לאַגע אַזוי גוט ווי די פריערדיגע האָט גאָט געמאַכט. אונזערע חז"ל באַמערקען אויף דעם פסוק: „זה לעומת זה, זה גיהנם וגן עדן, וכמה ביניהם טפח" — איינס קעגענאיבער די צווייטע, מיט דעם ווערט געמיינט דער גיהנם און דער גן עדן, און ווי גרויס איז דער שטח צווישן זיי ביידען? בלויז איין שפאַן (מדרש קהלת ז'). אין גוטע צייטן זאָל זיך אַ מענטש ניט איינרייךען, אַז דער גן עדן איז זיינער; איין שפאַן, איין פאַלשען טריט — און ער קאָן אַריינגעוואָרפען ווערען אין אַ ברענענדיגען גיהנם, פון וועלכען איס וועט זיין שווער זיך צו ראַטעווען.

עס ווערט דערציילט, אַז ווען נאַפּאָלעאָן דער ערשטער איז נאָך זיין גרויסער מפלה אין רוסלאַנד געקומען צולויפען צו דער פראַנצויזישער גרעניץ, האָט ער באַמערקט ווי דער וואַכמאַן קוקט אויף אים מיט איבערראַשענדע בליקען. נאַפּאָלעאָן האָט פאַרשטאַנען, אַז דער וואַכמאַן קאָן זיך ניט אָפּוואונדערען, ווי עס קומט, אַז ער, דער גרויסער העלד, זאָל אַזוי נידעריג פאַלען. האָט ער צו אים געזאָגט: „זיי וויסן, אַז צווישען גליק און אומגליק איז בלויז איין טראָט".

# הושענא רבה, ש״ע און שמחת תורה

## א.

## ווען מיר קריגען אונזער צעטעל

**אני והו הושיעא נא.**

„אמר הקב״ה לאברהם: אני יחיד ואתה יחיד, אתן לבניך יום המיוחד לכפר בו עונותיהם, אם אין כפרה לבניך בר״ה יהיה ביום הכפורים, ואם לאו יהיה בהושענא רבה״ — גאָט האָט געזאָגט צו אונזער פאָטער אברהם: איך בין אַן איין־איינציגער און דו ביזט אַן איין־איינציגער, וועל איך דערפאַר געבען צו דיינע קינדער אַ ספּעציעלען טאָג מכפר צו זיין אויף זייערע זינד. אויב זיי וועלען ניט קריגען זייער כפרה ראש־השנה, וועלען זיי עס באַקומען יום־כפור, און אויב ניט, וועלען זיי עס האָבען הושענא רבה (מדרש, מובא במנהגי מהר״י טירנא).

הושענא רבה ווערט אין דער אידישער טראַדיציע פאַרגליכען צו די הייליגע טעג פון ראש־השנה און יום־כפור. „יומא שביעה דחג הוא כיומא דדינא ופתקין נפקין מבי מלכא״ — דער זיבעטער טאָג פון סוכות איז ווי דער „יום הדין״, ווייל דעם טאָג קריגט יעדער מענש זיין צעטעל פון דעם אויבערשטען, אין וועלכען ער פאַרצייכענט וואָס מיט אים וועט פאַסירען אין דעם נייעם יאָר (זוהר, ויקרא ל״ב).

ווי עס ווערט געשילדערט אין דער אגדה, איז ראש־השנה דער אָנפאַנג פון די „ימי הדין״, ווען יעדער מענש ווערט געאורטיילט לויט זיינע מעשים פאַר דעם לעצטען יאָר. דריי ספרים ווערען געעפענט דעם טאָג — ביכער, אין וועלכע עס ווערט פאַרשריבען דער שיקזאַל פון יעדעם איינעם. אמת׳ע צדיקים ווערען גלייך פאַרשריבען אין בוך פון לעבען. רשעים גמורים ווערען גלייך פאַר־שריבען אין בוך פון טויט. בינונים אָבער, די מיטעלמעסיקע מענשען, ווערט געגעבען די געלעגענהייט תשובה צו טאָן אויף זייערע זינד ביז יום־כפור, ווען זייער אורטייל ווערט גע׳חתמ׳עט. דער אויבערשטער אָבער, וועלכער איז אַ

בעל־רחמן, פארלענגערט די טעג פון תשובה ביז הושענה רבה און די ביכער בלייבען נאך אפען אום צו קאנען ענדערען דעם גזר־דין. „בהושענה רבה מסוימת חתימת שלשה ספרים הפתוחים בר"ה" — ערשט הושענה רבה קומט פאר די שליסונג פון די דריי ספרים, וואס ווערען געעפענט ראש־השנה (ספר המנהיג, הלכת סוכה אות ל"ח).

דאס ווארט „הושענה" איז צוזאמענגעשטעלט פון צוויי ווערטער: הושע־נא, וואס מיינט — העלף, איך בעט דיך. ווייל עס איז דער לעצטער טאג פון תשובה־טאן, און ווערכען עס ווערט אנטגילטיק געשלאסען דער דין פון יעדען איינעם, בעטען מיר גאט, ער זאל אונז העלפען און אננעמען אונזערע תפילות. „בכל יום מקיפין את המזבח פעם אחת ואומרים אנא ה' הושיעה נא, אנא ה' הצליחה נא ואותו היום מקיפין את המזבח שבע פעמים" — יעדען טאג פון סוכות פלעגט מען מיט די אתרוגים און לולבים ארומגיין דעם מזבח בלויז איינמאל, הושענא רבה אבער פלעגט מען מאכען זיבען הקפות און זאגען זיבענערליי השענות (סוכה מ"ה ע"א).

עס איז ביי אידען, נאך פון מיטעלאלטער אן, געווען פארשפרייט דער גלויבען, אז דער וואס זעהט ניט דעם שאטען פון זיין קאפ אין דער נאכט פון הושענה רבה, איז פאר אים א שלעכטער סימן. פרומע אידען פלעגען דער־פאר זיצען די נאכט פון הושענה רבה און זאגען תהלים און ארום האלבער נאכט פלעגען זיי ארויסגיין אין גאס צו שטיין אין דער ליכט פון דער לבנה, כדי צו באמערקען אויב זיי קאנען זעהן דעם שאטען פון זייערע קעפ.

פון ווערכען מקור דער דאזיגער גלויבען האט זיך גענומען, ווייסט קיינער ניט. אבער, אז פילע פון די ראשונים האבען אין דעם געגלויבט, איז א פאקט, וואס ווערט באשטעטיגט פון פילע ספרים: „נהגו בני אדם לקום ממשכבם בליל יום הערבה ומסתכלים אם יראו צל ראשם בלבנה" — מענשען פלעגען זיך אויפ־פירען אויפצושטיין פון געלעגער אין דער נאכט פון הושענה רבה און זיך איינקוקן אויב זיי קאנען זעהן דעם שאטען פון זייער קאפ אין דער ליכט פון דער לבנה (כלבו ס"י כ"ב). אין „אבודרוהם" ווערט געבראכט: „יש אנשים שנוהגים בליל הושענה רבה לצאת למקום שמגיעם אור הלבנה, אם צלו שם טוב הוא, ואם יחסר צל ראשו, בנפשו הוא" — פאראן מענשען, ווערכע זיינען זיך נוהג אין דער נאכט פון הושענה רבה ארויסצוגיין אין א פלאץ, וואו עס גרייכט אויף זיי דאס ליכט פון דער לבנה. אויב דער מענש באמערקט דארט זיין

שאָטען, איז עס פאַר אים אַ גוטער סימן; אויב אָבער עס פעהלט דער שאָטען פון זיין קאָפּ, איז ער אין סכנה.

דער רמב"ן זאָגט אויפ'ן פסוק „סר צלם מעליהם" — זייער שאָטען האָט זיך אָפּגעטאָן פון זיי. „יתכן שירמוז הכתוב למה שנודע כי בליל הושענה רבה לא יהיה צל לראש האיש, אשר ימות בשנה ההיא" — עס קאָן זיין, אַז דער פסוק מערקט דאָ אָן דאָס, וואָס איז באַקאַנט, אַז אין דער נאַכט פון הושענה רבה וויזט זיך ניט דער שאָטען פון דעם קאָפּ פון אַ מענשען, וועלכער וועט שטאַרבען אין דעם יאָר. אין אונזער שולחן ערוך אָבער ווערט באַמערקט אויף דעם: „רבים אינם מבינים הענין על בוריו ויותר טוב להיות תמים ולא לחקור עתידות" — פילע פאַרשטייען ניט דעם ענין קלאָר און עס איז פיל בעסער צו זיין רוהיג און ניט זוכען וואָס שפּעטער וועט זיין (או"ח הלכות לולב סי' תרס"ד).

מיין פאָטער ע"ה האָט איבער דעם ענין אויסגעדריקט דעם פאָלגענדען שיינעם געדאַנק: „אויב נאָך די איין־און־פופציג טעג פון תשובה־טאָן, זינט דעם ערשטען טאָג פון אלול ביז דעם איין־און־צוואַנציגסטען טאָג פון תשרי, קאָן נאָך אַלץ דער מענש זיין קאָפּ ניט געפינען, איז פאַר אים אַ שלעכטער סימן. דאָס וויזט קלאָר, אַז ער האָט זיך ווייניג וואָס באַזינט און האָט זיך ניט אַריינגעטראַכט אין זיין אייגענער לאַגע, אַזוי גוט ווי אין דער לאַגע פון זיין פאָלק און זיין אמונה. אַזאַ מענש וועט ווייניג וואָס ביישטייערען אין דעם קומענדען יאָר פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער געזעלשאַפט און פאַר די האָפענונגען פון זיין פאָלק. פילט ער אָבער זיין קאָפּ אויף זיך און טראַכט וועגען דיינע גייסטיגע פליכטען, וועט ער זיכער קריגען זיין כפרה אין דעם „יום המיוחד", הושענה רבה".

---

## ב.

# שמיני עצרת איז אַ יום־טוב פאַר אידען אליין

**ביום השמיני עצרת תהיה לכם.**

בימי החג היו מקריבים על אומות העולם. אמרו ישראל: „רבון העולמים, הרי אנו מקריבים עליהם והיו צריכים לאהב אותנו והם תחת אהבתי ישטמוני, אמר להם הקב"ה עכשיו הקריבו על עצמכם" — דורך די טעג פון סוכות פלעגען אידען מקריב זיין זיבעציג אָקסען פאַר דעם שלום פון די פאַרשיידענע אומות

פון דער וועלט. האָבען די אידען זיך באַקלאָגט און געזאָגט צו גאָט: האַר פון דער וועלט, מיר זיינען מקריב קרבנות פאַר זייער טובה וועגען, האָבען זיי דאָך געדאַרפט זיין פריינטליך צו אונז, אַנשטאָט אונזער ליבע אָבער, האָבען זיי אונז פיינט. האָט זיי גאָט געענטפערט: היינט, שמיני עצרת, זאָלט איר מקריב זיין פאַר זיך אַליין (במ"ר פנחס).

ראש־השנה און יום־כפור האָבען מיר מתפלל געווען פאַר'ן נפש, אָפּגעגעבען זיך בלויז מיט הימעל־זאַכען. דעם גאַנצען יום־טוב סוכות האָבען מיר פאַר־בראַכט אין אָרימעביידלאַך, אַלס אָנדענק, „כי בסוכות הושבתי את בני ישראל בצאתם ממצרים", אַז אין סוכות האָט אונז גאָט באַזעצט, ווען מיר זיינען אַרויס פון מצרים. שמיני עצרת אָבער איז דער ערשטער טאָג, ווען מיר ציען זיך צוריק אַריין אין אונזערע הייזער און מען איז מתפלל אויף „גשם", אויף רעגען. מען הויבט זיך אָן צו זאָרגען פאַר מאַטעריעלע, ערדישע און קערפּערליכע באַ־דערפעניששען — פאַר'ן „לחם".

אין ארץ־ישראל, זאָגט הרב יצחק ניסענבוים ע"ה, איז שמיני עצרת און שמחת תורה ביידע אין איין טאָג. די תפילה פאַר גשם, פאַר מאַטעריעלע דערגרייכונגען, איז געגאַנגען צוזאַמען מיט דער פרייד פון דער תורה. אין חוץ־לאַרץ אָבער זיינען מיר געווען געדריקט צו פאַנאַנדערטיילען צווישען זיי ביידען און האָבען אַ טאָג פאַר „גשם", פאַר פרנסה, באַזונדער און פאַר שמחת תורה באַזונדער. דער פּראָצעס פון צופאַסען זיך צו אומשטענדען פון יעדען גלות־לאַנד איז איבעראַל אַ שווערער און ברייננגט צו אַן איבערברוך אין דעם אייגענ־אַרטיגען לעבען פון די אידען. ניט תמיד געלינגט אונז צו פאַרבינדען אונזערע מאַטעריעלע אינטערעסען מיט די פּרינציפּיען פון אונזער גייסט, פון אונזער תורה.

אויסער דעם געפינען זיך ביי אונז אַ היפשע צאָל אידען, וועלכע האַלטען גאָר ניט פון דעם צווייטען טאָג יום־טוב. זיי גיבען זיך אינגאַנצען אָפּ מיט דער תפילה פון גשם, פון פרנסה. קאַפּיטאַל איז זייער אמונה, אין דעם גלויבען זיי און צוליב דעם גיבען זיי אויף אַלע גייסטיגע באַציאונגען מיט זייער פאָלק. מיט דער תורה פרייען זיי זיך גאַנץ ווייניג און ווילען פון איר ניט וויסען אַ גאַנץ יאָר. פאַר זייערע מאַטעריעלע דערגרייכונגען זיינען זיי מקריב קרבנות פאַר די פרעמדע פעלקער יעדען טאָג. איבערהויפּט אין די פריי̆ערע לענדער, כאָטש דער גלות צווינגט זיי ניט, בויען זיי דאָך אייגענע מזבחות, אויף וועלכע זיי זיינען מקריב אַלס קרבנות צו די פרעמדע געטער און אידייען זייערע איי־גענע קינדער.

און די שטימע פון גאָט שרייט און רופט צו די אידען: „הקריבו על עצמכם" — שוין צייט, אַז איר זאָלט מקריב זיין קרבנות פאַר זיך אליין. „קרבן זה חביב עלי מכל הקרבנות של או"ה" — אָט דער קרבן איז פאַר מיר ליבער ווי אַלע קרבנות פון די פעלקער (מדרש תדשא פי"א). ווען איר זענט מקריב אייערע כוחות פאַר די אינטערעסען פון אייער אייגען פאָלק, זענט איר דערמיט מקרב די גאולה. „עצרת תהיה לכם" — זאָל אָט דער יום־טוב זיין אינגאַנצען אייערער, פאַר אייערע אייגענע נוצען.

---

ג.

## שמחת תורה ווייזט, אַז משה רבנו לעבט

**שישו ושמחו בשמחת תורה.**

„התורה מסיימת עם מיתת משה, ופותחים בה תיכף מחדש, כל זמן שלא פסקה התורה מישראל לא ידע איש את קבורתו" — די תורה פאַרענדיגט זיך מיט דעם טויט פון משה רבנו, מיר הויבען אָבער גלייך אָן זי צו לייענען פון דאָס ניי, ווייל כל זמן עס הערט ניט אויף די תורה ביי אידען, ווייסט קיינער ניט וואו דער קבר פון משה'ן געפינט זיך (בית מדרש ח"ו).

אַז עס איז דאָ אַזאַ יום־טוב, וואָס הייסט „שמחת תורה", געפינט זיך ניט אין אונזערע ערשטע הייליגע ספרים. ניט אין דער תורה, ניט אין די נביאים און אויך ניט אין דער גמרא ווערט אַזאַ יום־טוב דערמאָנט. ווי עס ווייזט אויס, איז דער דאָזיגער יום־טוב איינגעפירט געוואָרען אין מיטעלאַלטער, אַרום דעם דרייצענטען אָדער פערצענטען יאָרהונדערט, אין די צייטען פון די גאונים. אין „אור זרוע" ווערט געבראַכט, אַז ווען מען ענדיגט לייענען די תורה, דעם לעצטען טאָג סוכות, זאָל מען פייערען דעם יום־טוב „שמחת תורה", שטיצענדיג זיך אויף דעם מאמר פון רבי אלעזר אין „מדרש שיר השירים", וואו עס ווערט געזאָגט: עושין סעודה לגמרה של תורה" — מען דאַרף מאַכען אַ סעודה, ווען מען פאַרענדיגט די תורה.

אין זוהר הקדוש פ' פינחס ווערט געבראַכט: „נוהגין למעבד חדוה ומתקריאת שמחת תורה ומעטרין לספר תורה בכתר דיליה" — מען איז זיך נוהג צו מאַכען אַ שמחה דעם טאָג, וועלכער רופט זיך „שמחת תורה", און מען דאַרף אָנטאָן די

ספר תורה מיט אַ באַזונדערען „כתר״. אין „טור אורח חיים״ און אין בית יוסף ווערט דער יום־טוב צוגעשריבען צו די אשכנזים, ווי עס ווערט געזאָגט: „מנהג אשכנזים לסיים התורה ביום טוב שני של גליות ולשמות בסיומה״ — עס איז אַ מנהג ביי די אשכנזים צו פאַרענדיגען די תורה דעם לעצטען טאָג פון סוכות און זיך פרייען מיט איר סיום.

ווי די זאַך זאָל ניט זיין, ווי לאַנג איז דער יום־טוב איינגעפירט ביי אידען, מאַכט גאַנץ ווייניג אויס. שמחת תורה איז איינער פון די שענסטע ימים־טובים, וואָס מיר אידען האָבען. דורך דעם יום־טוב שמחת־תורה ווייזען מיר פאַר דער וועלט דעם גרויסען אונטערשייד פון אונזער רעליגיעזען לעבען און דעם פון די אַנדערע פעלקער. ביי זיי איז דאָ אמונה און ביי אונז איז דאָ אַ תורה. אמונה איז אומפאַרשטענדליך און האָט צו טאָן מיט הימלישע זאַכען בלויז. דאָס וואַרפט אָן אַ שרעק און ציטערניש אויף דעם מענשען. תורה אָבער איז פאַרשטענדליך, זי גיט אונז דעם ריכטיגען וועג פון לעבען, וואָס פירט צו שמחה און צופרידענקייט (דרשות אל עמי).

שמחת תורה איז אויך אַ באַוויז, אַז אונזער גרויסער לערער און פירער, משה רבנו, לעבט נאָך היינט, און צוזאַמען מיט אים לעבט אויך דאָס פאָלק, וואָס ער האָט געגרינדעט. וואָס פאַר אַ שיינער געדאַנק ווערט אויסגעדריקט אין דער גמרא: „כבר שלחה מלכות הרשעה אצל גסטריו של בית פעור, הראנו היכן משה קבור? עמדו למעלה נדמה להם למטה, למטה נדמה להם למעלה״— די רשעות׳דיגע מלוכה האָט שוין לאַנג געשיקט אַנצופרעגען ביים מושל פון בית־פעור,' ער זאָל אָנווייזען וואו משה איז באַגראָבען געוואָרען. זיינען זיי געשטאַנען אויבען, האָט זיך זיי אויסגעדוכט, אַז דער קבר איז אונטען; זיי־נען זיי געשטאַנען אונטען, האָט זיך זיי אויסגעדוכט, אַז דער קבר איז אויבען (סוטה י״ג ע״ב). פיל מאָל האָבען זיך די פאַרשיידענע שלעכטע מלוכות גע־וואָלט דערקונדיגען וואו משה׳ס קבר קאָן זיך געפינען. מאַנכע האָבען גע־דענקט, אַז „מעלה״, צווישען העכערע שיכטען פון פאָלק, צווישען די רייכע אידען, איז משה באַגראָבען. דאָרט וויל מען ניט וויסען פון אים און זיין תורה. זיי האָבען זיך אָבער אָפּגענאַרט. אויך צווישען די וווייט־אָוועקגעגאַנגענע אידען לעבט נאָך משה. היטען זיי ניט אַלע אַנדערע ימים־טובים, היטען זיי כאָטש יום־כפור. קומען זיי ניט אין שוהל אַ גאַנץ יאָר, קומען זיי צו דעם יאָרצייט פון זייערע עלטערען. איינגאַנצען זיך אָפּרייסען פון משה׳ן און זיין תורה האָבען זיי זיך ניט אָפּגעריסען.

„עמדו למטה״ — האָבען זיי געדענקט, אַז צווישען די נידעריגע שיכטען, די אָרימעלייט, וואו „על פת לחם יפשע גבר״, צוליב דעם שטיקעל ברויט זינ־דיגט אַ מענש, דאָרט צווישען די אַרבייטער־מאַסען געפינט זיך דער קבר פון משה׳ן. אָבער אויך דאָס מאָל האָבען זיי געמאַכט אַ טעות. אפילו דער ראַדי־קאַלסטער אַרבייטער האָט זיך אינגאַנצען ניט אַנטזאָגט פון משה׳ן מיט זיין תורה. אין זייערע הערצער גליט נאָך דער אַלטער פונק, וואָס האַלט זיי וואַרעם צו פילע אידישע אינטערעסען. קורץ „משה עומד ומשמש״, משה שטייט נאָך אויף זיין אַלטער פּאָזיציע און דינט נאָך איצט אַלס לערער און וועגווייזער פון פאָלק. שמחת־תורה פאַרענדיגען מיר די תורה און מיר הויבען איר גלייך אָן צוריק, וויל כל זמן אידען לערנען נאָך די תורה, „לא ידע איש את קבורתו״, ווייסט קיינער ניט וואו משה׳ס קבר געפינט זיך, וויל ער לעבט אין אונז און צווישען אונז.

ביי דער דאָזיגער געלעגענהייט וויל איך איבערגעבען אַ וויץ, וואָס איך האָב געהערט פון רמ״ז מרגלית ז״ל. ווי באַקאַנט, איז דער, וועמען מען רופט־אויף צו ענדיגען די תורה, הייסט „חתן תורה״, און דער, וואָס פאַנגט אָן די תורה, הייסט „חתן בראשית״. אָט די צוויי געהויבענע עליות פלעגט מען אַמאָל געבען צו די גרעסטע לומדים אין שוהל. ביי אונז אין אַמעריקע, אָבער, איבערהויפּט אין די רייכערע שוהלען און סענטערס, גיט מען די עליות צו די רייכע אידען, וועלכע גיבען אַ סעודה צו די מעמבערס פאַר דעם כבוד, וואָס מען האָט זיי צוגעטיילט. „דאָס זיינען חסידישע חתנים, האָט מיר געזאָגט רבי מרגלית, זיי זעהען זיך ניט מיט דער כלה אַ גאַנצען יאָר״ . . .

# בראשית

## א.

## וואָס דער „ב" פון בראשית לערנט אונז

**בראשית ברא.**

„בבי"ת נברא העולם, מה בי"ת סתום מכל צדדיו ופתוח מצד אחד, כך אין לך רשות לדרוש מה למעלה ומה למטה ומה לפנים, אלא מיום שנברא העולם ולבא" — די וועלט איז באַשאַפן געוואָרען מיט דעם בוכשטאַב „ב", ווייל אַזוי ווי דער „ב" איז פאַרמאַכט פון אַלע זייטען און איז בלויז אָפען פון איין זייט, אין פאָראויס, אַזוי האָט דער מענש קיין רעכט ניט צו וועלען אויסגעפינען וואָס עס טוט זיך אין דער הויך, איבער די הימלען, אָדער אין דעם טיפען אָפגרונט, אונטער דער ערד; אויך וואָס איז פאַרגעקומען פריער, איידער דער בריאה. ער האָט בלויז אַ רעכט צו פאָרשען פון דער צייט וואָס די וועלט איז באַשאַפען געוואָרען און ווייטער (ירושלמי חגיגה פ"ב).

די תורה, וואָס איז דער לער־בוך פאַר דער גאַנצער מענשהייט, הויבט זיך אָן מיט דעם וואָרט „בראשית", ווייל דאָס איז דער אָנפאַנג פון אַלץ וואָס עקזיסטירט. „והארץ היתה תהו ובהו וחושך על פני תהום" — צוערשט ווען די וועלט איז באַשאַפען געוואָרען, איז זי געווען פוסט און לער און אַ פינסטערניש האָט באַדעקט איר גאַנצען אָפגרונט. קיינער קאָן ניט וויסען ווען און ווי אַזוי עס זיינען ענטשטאַנען די פאַרשיידענע עלעמענטען און ברואים, וואָס געפינען זיך אויף איר; אַלץ וואָס מיר ווייסען יאָ, איז „ורוח אלקים מרחפת על פני המים" — אַז דער געטליכער גייסט שוועבט איבער די וואַסערען פון דער צייט און האָט געשאַפען און האַלט נאָך אין שאַפען אַלץ וואָס דער רוים פון דער וועלט פאַרמאָגט אָדער וועט פאַרמעגען.

„השמים שמים לה' והארץ נתן לבני אדם" — די הימלען באַלאַנגען צו גאָט און די ערד האָט ער איבערגעגעבען צו דעם מענשען. די הימלען, די גרויסע הויכקייטען, וואָס דער מענשליכער שכל פאַרשטייט ניט און באַגרייפט

ניט, איז דער געביט פון דער השגחה, פון דער גאָטהייט און קיין „ילוד־אשה", קיין מענשען־קינד קאָן אָהין ניט גרייכען. די ערד, אָבער, איז דעם מענשענ'ס אייגענטום, און זיין אויפגאַבע מוז זיין, איר וואָס מער און בעסער צו אַנטוויקלען, כדי צו פאַרזיכערען דעם עקזיסטענץ פון דער גאַנצער מענשהייט און די צו־קונפטיגע דורות. דערפאַר, זאָגען אונז די חז"ל, הויבט זיך אָן די תורה מיט דעם בוכשטאַב „ב", וועלכער איז פאַרמאַכט פון דריי זייטען און איז בלויז אָפען פון דער פאָדערשטער זייט, אַלס אַן אָנדייטונג צו אירע לערנער אימער צו גיין פאָרווערטס אין דעם פראָצעס פון זייערע אַנטוויקלונגען.

די זאָגענאַנטע פילאָזאָפישע חקירות איבער „מה למעלה", איבער דער עקזיסטענץ פון אַ גאָטהייט, האָבען דעם מענשען וויניג גוטס פאַרשאַפט. אין געגענטייל, אַזעלכע פוסטע חקירות האָבען בלויז געהאָלפען אונטערצוגראָבען דעם מענשליכען געוויסען און שטערען זיין רו. דער גריבלען זיך אויסצו־געפינען „מה למעלה" — אויב עס איז ווירקליך דאָ אַ גאָט אויף דער וועלט, האָט אָפּגעשוואַכט זיין אמונה, וואָס האָט תמיד געוואָרעמט זיין נשמה, און אים געמאַכט פאַר אַ „בחיר היצורים" — אַן אויסדערוויילטער פון אַלע באַשעפענישען. יעדער, וואָס שטודירט די וועלט מיט אָפענע אויגען, וועט צוגעבען, אַז דער גלויבען אין גאָט האָט דעם מענשען דערהויבען צו אַ העכערע שטופע פון אַלע אַנדערע ברואים. זי האָט געאיידעלט זיין כאַראַקטער, אים געטרייסט אין אַן עת צרה, און אים צוגעגעבען האָפענונג פאַר אַ בעסערער צוקונפט. זי האָט אים געהאַלטען אין צוים און פאַרהיט פון פאַרברעכענס קעגען זיינע מיט־מענשען, און אים אויך געלערענט צו ווערען אַ ניצליכער טייל פון דער מענש־ליכער געזעלשאַפט.

ווען אַ מענש גלויבט, אַז קיין זאַך אויף דער וועלט איז ניט געוואָרען פון זיך אַליין, אַז אַלץ איז צושטאַנד געקומען אויף דעם „ויאמר אלקים יהי" — אויף דעם באַפעל פון גאָט, אַז דאָס זאָל געשעהן, וועט ער זיין מוט ניט פאַר־לירען, אויב ער זעהט געוויסע איבערקערענישען אין דער נאַטור. ער וועט ניט ווערען פאַרצווייפעלט פון אומפאַרשטענדליכע דערשיינונגען אָדער עלע־מענטאַרע אויסברוכען. זיין גלויבען אין גאָט, אַז ער פיהרט די וועלט, און אַז מסתמא ווייס ער וואָס ער טוט, וועט אים טרייסטען און שטאַרקען. אי־בערהויפט זאָל זיך אַ מענש אָפּהיטען פון קריטיקירען די השגחה, ווייל זיין שכל איז צו־קורץ און צו־קליין צו פאַרשטיין און באַגרייפען אירע וועגען.

די גמרא דערצעהלט, אַז אדם הראשון האָט זיך שטאַרק דערשראָקען, ווען

ער האָט דעם ערשטען טאָג געזעהן, ווי די זון געהט אונטער און עס ווערט פינסטער. „כיון ששקעה עליו חמה, אמר אוי לי" — אַזוי גיך ווי די זון האָט אָנגעפאַנגען אונטערצוגיין, האָט ער אויסגעשריען: וועה איז מיר! „היה יושב ובוכה כל הלילה" — איז ער געזעסען און געוויינט אַ גאַנצע נאַכט. „כיון שעלה עמוד השחר" — אַזוי גיך ווי דער מאָרגענשטערען האָט אָנגעפאַנגען אויפ־געהן, האָט ער געזאָגט: „מנהגו של עולם הוא" — אַזוי פירט זיך די וועלט, און איך האָב געצווייפעלט און אַרויס פון געדולד. „עמד והקריב שור שקרניו קודמין לפרסותיו" — האָט ער זיך אויפגעשטעלט און האָט געבראַכט אַ קרבן אַן אָקס, וועמעס הערנער קומען פריער פאַר זיינע קאָפּיטעס. (ע"ז ח').

וואָס פאַר אַ שיינער געדאַנק ווערט דאָ אויסגעדריקט! אומוויסנקייט פירט צו צווייפעל און קריטיק. אַ מענש דאַרף זיך ניט אויפפירען ווי דער אָקס, וואָס געהט מיט זיינע הערנער פאָראויס, פאַרטיג צו שטעכען נאָך איידער ער טרעט ערגעץ־וואו אַריין. מען דאַרף ניט קריטיקירען און זוכען חסרונות, אויב מען ווייס ניט גענוי די גאַנצע אַנטוויקלונג פון אַ געשעהעניש אָדער אונטערנעמונג . . .

די אַלע טעאָריעס פון עוואָלוציע איבער „מה לפנים" — וואָס איז פאַר־געקומען אין דעם ווייטען אַמאָל, נאָך איידער די וועלט איז באַשאַפען געוואָרען, האָבען בלויז געבראַכט פאַרווירונג אין די מחות פון די מענשען. אָט די כלומר'שטע וויסענשאַפט, וואָס לייקענט, אַז דער מענש איז באַשאַפען גע־וואָרען פון גאָט, נאָר האָט זיך אַנטוויקעלט פון אַ פיש, אַ חיה אָדער אַנדערע באַשעפענישען, האָט אונטערגעגראָבען דעם גייסטיגען באָדען פון דעם מענשען און אים געמאַכט פאַר אַ שטיק „חומר", אַ מאַטעריעלעס וועזען, וואָס זוכט אַלץ קערפּערליכע גענוסען, וואָס פירען צו בלוטיגע מלחמות און גרויסע וועלט־איבערקערענישען.

„אין לך רשות" — דער מענש האָט קיין רעכט ניט, זאָגען אונז די חז"ל, זיך אַריינצולאָזען אין אַזעלכע פאָרשונגען, וואָס פירען ניט צו קיין תכלית אין לעבען. אַזעלכע פוסטע חקירות פאַראורזאַכען בלויז רייבונגען און קריגערייען צווישען עלטערען און קינדער, צווישען יונג און אַלט. די הויפּט אויפגאַבע פון דעם מענשען דאַרף זיין: „מיום שנברא העולם ולבא" — פון דעם טאָג, וואָס די וועלט איז באַשאַפען געוואָרען און ווייטער. מען דאַרף אויסנוצען אַלע ערפאַרונגען פון דער פאַרגאַנגענהייט פאַר דער צוקונפט, כדי צו מאַכען די וועלט שעהנער און בעסער פאַר די קומענדע דורות . . .

# הפטרה

## קליין און באַגרעניצט זיינען די מענשליכע כחות

**ורוח להולכים בה.**

„אנדריאנוס, כיון שכבש כל העולם, אמר לבני פלטרין שלו: מבקש אני מכם שתעשו אותי אלקים. אמר לו אחד מהם: ספינה אחת יש לי, והיא מטורפת בים וכל אוריא שלי בתוכה. אמר לו אנדריאנוס: משלח אני את לגיונותי וספינותי לשם ויצילוה. אמר לו: למה אתה מטריח לגיונות וספינות? רוח קימעא שגר לשם ואתה מצילה. אמר לו ומנין יש לי רוח לשגר? א"ל: רוח אין אתה יכל לשגר והאיך תעשה אלק'?" — נאָכדעם ווי אַנדריאַנוס האָט באַזיגט די גאַנצע וועלט, האָט ער געפאָדערט פון זיינע סענאַטאָרען, זיי זאָלען אים פּראָקלאַמירען פאַר אַ גאָט. רופט זיך אָפּ איינער פון זיי און זאָגט אים: איך האָב איין שיף און זי איז געשטראַנדעט אין ים, און אין איר געפינט זיך מיין גאַנצער אייגענס. ענטפערט אים אַנדריאַנוס: איך וועל גלייך שיקען מיינע אַרמייען און פלאָטען איר צו ראַטעווען. באַמערקט דער סענאַטאָר: ווארום שיקען די אַרמיי און פלאָט? שיק אַהין אַ קליינעם ווינטעל און דו וועסט איר ראַטעווען. פרעגט אים אַנדריאַנוס: וואו האָב איך אַ ווינט אַהין צו שיקען? אַ ווינטעל קאָנסטו ניט שיקען — ענטפערט דער סענאַטאָר מיט אַ שמייכעל — און דו ווילסט ווערען אַ גאָט! (מדרש תנחומא).

די גרונט־אידייע פון דער אידישער אמונה באַשטייט אין „אחדות הבורא", אין דער אָנערקענונג, אַז אַלץ וואָס איז געשאַפען געוואָרען און אויך אַלץ, וואָס וועט נאָך באַשאַפען ווערען, קומט פון גאָט אַליין, וועלכער איז דער מקור פון אַלע הערשענדע כחות אין דער נאַטור. דיזער געדאַנק, לערנען אונז די חז"ל, ווערט אויסגעדריקט אין די ערשטע ווערטער פון דער תורה: „בראשית ברא אלקים את השמים ואת הארץ" — צוערשט מוז יעדער מענש וויסען, אַז בלויז גאָט האָט באַשאַפען די הימלען און די ערד. קיינער פון די עלעמענטען, וואָס שטעלען צוזאַמען די גאַנצע בריאה, סאַי אין די הימלען און סאַי אויף דער ערד, זיינען ניט געוואָרען פון זיך אַליין. אַלץ איז צושטאַנד געקומען אויף דעם „ויאמר אלקים יהי" — אויף דעם באַפעהל פון גאָט, דאָס זאָל ווערען. דאָס איז דער „תמצית", די הויפּט־אידייע פון „אחדות הבורא", פון דער לערע, אַז אַלע כחות

פאַראייניגען זיך אין איין איינציגען באַשאַפער, און דאָס איז אויך דער הויפּט־מאָטיוו פון דער אידישער תורה.

קוים קומט מען צו דער איבערצייגונג, אַז אַלע כחות אין דער נאַטור שטאַמען פון איין קוואַל, און ווערען קאָאָרדינירט פון אַ „השגחה פּרטית", פון אַ צענטראַלער מאַכט, ווערען אַלע מיספאַרשטענדענישען אָפּגעשאַפט און עס הערשט אַ מער פריינדליכע באַציהונג צווישען די מענשען פון דער וועלט, וואָס האַלט זיי פאַראייניגט. די פילאָסאָפיע פון דער אידישער אמונה, אַז דער מענש זאָל זיך צופיל ניט איבערנעמען, ווייל „יתוש קדמך" — די קלענסטע פליגעלע איז באַשאַפען געוואָרען פאַר אים, איז די טיפסטע עטישע לערע, צו וועלכער מען קאָן זיך דערטראַכטען. דער פאַקט, אַז ווי גרויס עס זאָל ניט זיין דער שכל פון דעם מענשען, וויפיל ער זאָל זיך ניט גריבלען אין דער וויסענשאַפט, בלייבט ער אַלץ קורץ צו קאָנען שאַפען איינע פון די קלענסטע זאַכען אין דער בריאה פון דער וועלט, פירט צו דער איבערצייגונג, אַז „אב אחד לכולנו", אַז אַלע מענשען זיינען קינדער פון איין פאָטער, און מוזען לעבען ווי ברידער אין האַרמאָניע און פריינדשאַפט.

קליין און באַגרעניצט זיינען די מענשליכע כחות. מעגען זיי זיך איינ־ריידען, אַז מיט זייער פאַרשטאַנד וועלען זיי גרייכען ביז די הימלען און באַ־הערשען די וועלט, אָבער איין קליינע ענדערונג אין די נאַטירליכע עלעמענטען, און אַלע זייערע חכמות האָבען די האַפט פון אַן אויסגעבלאָזענער איי. אַלע זייערע אויפטואונגען און דערגרייכונגען קאָנען אין איין רגע צעשטערט און אָפּ־געמעקט ווערען פון איין קליינער איבערקערעניש אין דער נאַטור. די וועלט־געשיכטע איז פול מיט באַשרייבונגען פון דעספּאָטען, וואָס האָבען פאַר אַ קורצער צייט באַזיגט און פאַרשקלאַפט אַ גרויסען טייל פון דער מענשהייט. זייער אכזריות'דיגע גבורה, אָבער, איז באַלד אויסגערונען געוואָרען, אַזוי גיך ווי די השגחה האָט זיך מיט זיי אַ שפּיל געטאָן. אַ קליינער ווינט איבער'ן ים, און זייערע פלאָטען זיינען געזונקען. אַ קורצער טרייסעל פון ערד־קוגעל, און זייערע גרויסע אַרמייען מיט אַלע זייערע געווער זיינען פאַרניכטעט גע־וואָרען.

„דעמאָקראַטיע", האָט אַמאָל געזאָגט דער פאַרשטאָרבענער אַמעריקאַנער פּרעזידענט ווילסאָן, „איז דער רעזולטאַט פון אַ געמיינשאַפטליכער אָנערקענונג, אַז איינער איז קיינער; אַז בלויז דורך פאַראייניגטע כחות קאָן אַ פאָלק אָדער געזעלשאַפט שטייגען צו דער געהעריגער שטופע, צו וועלכער עס צילט". די,

וואָס זוכען צו באַהערשען די וועלט, ווי אַנדריאַנוס קיסר, אַמאָל האָלטען זיך פאַר אויבער־מענשען אָדער גאַנצע געטער. זיי דענקען, אַז אויב זיי איז גע־לונגען פאַר אַ קורצער צייט צו פאַרנאַרען דעם המון־עם און באַצווינגען אים צו טאָן זייער רצון, וועלען זיי אויך ווייטער קאָנען טאָן וואָס זיי ווילען און ווערען די דיקטאַטאָרען פון דער גאַנצער מענשהייט. צו זיי זאָגט דער נביא אין הייב־טיגער הפטרה: אַזוי זאָגט גאָט, וואָס האָט באַשאַפען דעם הימעל און די ערד און גיט אַ נשמה צום פאָלק, „ורוח להולכים בה" — און אַ ווינט צו די וואָס געהען אויף איר:

„כבודי לאחר לא אתן ותהלתי לפסילים" — איך וועל מיין כבוד צו אַנדערע ניט איבערגעבען און מיין לויב צו אָפּגעטער. מעגען זיי זיך שטיצען אויף דער ברוטאַלער מאַכט פון זייערע אַרמייען און פלאָטען, וואָס פאַר אַ האָפּט אָבער, האָבען זיי קעגען די כחות וואָס איך האָב אַריינגעגעבען אין דער נאַטור? די, וואָס זיינען ניט אימשטאַנד צו באַהערשען דעם קלענסטען ווינטעל מיינעם, „האיך תעשה אלקים?" — ווי וואָגען זיי זיך צו האַלטען פאַר גאַנצע געטער?...

---

ב.

## די אַנטוויקלונג פון דער וועלט איז געווענדעט אין שלום

**ויאמר אלקים יהי אור.**

„גדול השלום, שלא התחיל הקב"ה לברא דבר בעולמו אלא בדבר שהוא שלום וזה אור" — גרויס איז דער שלום, ווייל אויך דער אויבערשטער האָט ניט אָנגעהויבען צו באַשאַפען קיין זאַך אין זיין וועלט ווי נאָר דורך אַ געגענ־שטאַנד, וואָס ברענגט פרידען — און דאָס איז ליכט (מדרש הגדול).

דער ווילנער גאון ז"ל טיילט־איין די תורה אין דריי הויפּט חלקים. דער ערשטער טייל באַהאַנדעלט „תולדות השמים והארץ בהבראם" — די געשיכטע ווי הימעל און ערד זיינען באַשאַפען געוואָרען. קיין זאַך אויף דער וועלט איז ניט געוואָרען פון זיך אַליין, אַלץ איז צושטאַנד געקומען אויף דעם „ויאמר אלקים יהי" — אויף דעם באַפעהל פון גאָט, אַז דאָס זאָל געשעהן. איבער אַלע עלעמענטען, נאָך לאַנג איידער די וועלט איז פון זיי געמאַכט געוואָרען,

„רוח אלקים מרחפת", האָט געשוועבט דער ווינט פון גאָט, זיין גרויסער און אומבאַגרייפליכער גייסט, וואָס האָט זיי אַלע געשאַפען און געהאַלטען אין צוים. דער צווייטער טייל באַשטייט פון „ספר תולדות אדם" — די אַלגעמיינע געשיכטע פון דער מענשהייט, ווי דער ערשטער מענש אויף דער וועלט איז באַשאַפען געוואָרען און וואָסערע שטופען ער האָט געדאַרפט דורכמאַכען ביז ער האָט זיך אַנטוויקעלט צו זיין דאָס, וואָס ער איז איצט. דער דריטער טייל הויבט זיך אָן מיט „אלה שמות בני ישראל", וואו עס הויבט זיך אָן פאַנאַנדערצעוויקלען די מערקווירדיגע געשיכטע פון דעם אידישען פאָלק (אדרת אליהו).

די בעלי אגדה, וועלכע זיינען געווען גרויסע מאָראַליסטען, רעאַגירען איבער די פסוקים, וועלכע שילדערען די באַשאַפונג פון דער וועלט, אויף זייער אייגענאַרטיגען שטייגער. זיי זוכען אין יעדען וואָרט, זאָגאַר אין יעדען אות, צו געפינען אַ באַהאַלטענע כוונה, וועלכע וואַרפט אַ ליכט ניט איבער דעם מהות פון דער באַשאַפונג, נאָר אויף איר תכלית. כאָטש זיי זיינען געווען גרויסע וויסענשאַפטסלייט און פילע פון די סודות פון דער בריאה זיינען געווען גוט באַקאַנט צו זיי, טרעטען זיי אָבער ניט צו צו דעם ענין מיט די קאַלטע אינסטרומענטען פון די וויסענשאַפטסלייט. אַז צו זיי זיינען געווען באַקאַנט די פאַרבאָרגענע כוחות פון דער נאַטור, וועלכע איז, לויט זייער מיינונג, בלויז דער אָרעם פון דער השגחה, קאָנען מיר זעהן פון דעם פאָלגענדען מאמר: „אלמלא נתנה רשות לעין לראות אין כל בריאה יכולה לעמוד מפני המזיקין" (ברכות ו' ע"א), וועלכער קאָן אין דער היינטיגער וויסענשאַפט־שפּראַך דערקלערט ווערען: ווען די אויג פון די מענשען וואָלט געקאָנט באַמערקען די פאַרשיידענע אַטאָמען, מיט וועלכע די לופט אָדער די זונען־שטראַלען זיינען פול, וואָלט די וועלט ניט געקאָנט עקזיסטירען. זעהען מיר דאָך איצט ווי אַ מיליאָנט־חלק'ל פון אַ זונ־אַטאָם האָט בכח חרוב צו מאַכען אַ גאַנצע שטאָט פון הונדערטער טויזענטער איינוואוינער.

גערעכט איז געווען רבי לוי יצחק באַרדיטשעווער ע"ה, וועלכער פלעגט זאָגען: „די אורזאַך, וואָרום די תורה הויבט זיך אָן מיט'ן בוכשטאַב „ב", איז, ווייל מיט אַלע אונזערע חכמות זיינען מיר נאָך צום „אלף" ניט געקומען, צום סאַמע אָנפאַנג פון דער בריאה האָט נאָך דעם מענשען'ס שכל ניט דערגרייכט". די אַלע טעאָריעס פון „עוואָלוציע", ווי אַזוי די וועלט איז צושטאַנד געקומען און וואָס איז פאָרגעקומען אין דעם ווייטען אַמאָל, נאָך איידער די וועלט איז באַשאַפען געוואָרען, האָבען אַ קנאַפּען האַפט. איין קליינע איבערקערעניש אין

דער נאַטור וואַרפּט־אום אַלע זייערע באַהויפּטונגען און כלומר׳שט וויסענשאַפט־ליכע דערפינדונגען. די גמרא דריקט זיך אויס מיט׳ן לשון „אלמלא נתנה רשות״, אויב עס וואָלט געגעבען געוואָרען די דערלויבניש, ווייל אַריינצו־לאָזען זיך אין אַזעלכע פאַרשונגען פירט ניט צו קיין תכלית אין לעבען. אַזעלכע פוסטע חקירות פאַראורזאַכען בלויז רייבונגען און קריגערייען צווישען על־טערען און קינדער, צווישען יונג און אַלט, און אויף דעם האָט דער מענש ניט קיין רשות. עס איז ניט דערלויבט זיך אָפּצוגעבען מיט אַזעלכע אידייען, וואָס ברייננגען דעם מענשען קיינע נוצען ניט און העלפען בלויז צו פאַרביטערען זיין לעבען.

אַ טיף־מאָראַלישער געדאַנק ווערט אונז איבערגעגעבען פון די חז״ל פאַר־וואָס די תורה הויבט זיך אָן מיט אַ „ב״ (בראשית) און ענדיגט זיך מיט אַ „ל״ (לעיני כל ישראל): „כדי שתדבקם ביחד אינן ,בל׳, וכי תהפך אותם אינן ,לב׳ ״ — ווייל אַז מען באַהעפט זיי צוזאַמען, לייענען זיי זיך „בל״, וואָס מיינט „גאָר־נישט״, און אַז מען לייענט זיי פאַרקערט, מאַכען זיי אויס דאָס וואָרט „לב״, וואָס מיינט „האַרץ״. „אמר הקב״ה לישראל: אם אתם מקיימים שתי מדות הללו אני מעלה עליכם כאלו קיימתם את התורה כולה״ — גאָט זאָגט צו די אידען: אויב איר וועט מקיים זיין די צוויי מדות, וועל איך אייך פאַררעכענען ווי איר וואָלט מקיים זיין די גאַנצע תורה (אותיות דרבי עקיבא).

אין זיין שייכות צו דער וועלט מוז זיך יעדער מענש באַטראַכטען אַלס „בל״, אַ גאָרנישט. דער יחיד פאַר זיך אַליין שפּילט קיין ראָלע ניט אין דער גאַנצער בריאה. מיט אים און אָהן אים וועט די וועלט אַלץ עקזיסטירען. ווי זאָגט אונזער גרויסער לערער הלל: „לכשאני לעצמי מה אני״ — אויב איך טראַכט נאָר וועגען זיך אַליין, וואָס בין איך? וואָס פאַר אַ ווערט האָט דער קליינער מענשעלע אין פאַרגלייך מיט דער אַנטוויקלונג פון דער גאַנצער מענש־הייט? אויב אָבער ער לייגט־צו „לב״, האַרציגקייט, אין זיין אַרבייט און זוכט צו שאַפען אויך פאַר אַנדערע, ערשט דעמאָלט קאָן ער באַטראַכט ווערען פאַר אַ חשוב׳ען טייל אין דער געזעלשאַפט.

ווער עס באַזיצט אָט די צוויי גוטע מדות פון „בל״ און „לב״, זיך אַליין האָט ער ווייניג אין זינען, אָבער זיין האַרץ איז געווידמעט פאַר דעם וואויל און בעסטען פון אַנדערע, אַזאַ מענש איז מקיים די גאַנצע תורה. „מלא תרווד אחד עפר נטל הקב״ה ממקום המזבח וברא את האדם״ — אַ שאָפעל פול מיט ערד האָט גאָט גענומען פון אונטער דעם מזבח און דערמיט באַשאַפען דעם

מענשען (ירושלמי נזיר פ״ז). דאָס גאַנצע לעבען איז איין גרויסער מזבח, אויף וועלכען יעדער מענש מוז עטוואָס אָפּפערען פון זיין היינט פאַר דעם מאָרגען, פאַר דער צוקונפט, אויב ער וויל, אַז די וועלט זאָל אַ קיום האָבען.

איידער דער אויבערשטער איז צוגעטראָטען צו באַשאַפען אַלע זאַכען, וואָס געפינען זיך אויף דער וועלט, האָט ער צוערשט באַפוילען „יהי אור״, עס זאָל ווערען ליכטיג. די וועלט קאָן נאָר דעמאָלט האָבען אַ קיום, אויב צווישען די מענשען, וועלכע געפינען זיך אויף איר, הערשט ליכט, קלאָרקייט. אַלע צרות קומען אויף די מענשען פון פינסטערניש, פון מיספאַרשטענדענישען. ליכט, אויפקלערונג — ברייננט שלום, און שלום בויט די וועלט.

---

# הפטרה

## די שוואַכקייט פון דעם מענשען

**וכבודי לאחר לא אתן.**

„בשעה שברא הקב״ה את אדם הראשון טעו בו מלאכי השרת ובקשו לומר לפניו קדוש. מה עשה הקב״ה? הפיל עליו שנה וידעו שהוא אדם״. בשעת גאָט האָט באַשאַפען דעם מענשען, האָבען זיך אין אים טועה געווען די מלאכים אין הימעל און געוואָלט פאַר אים זאָגען קדוש. וואָס האָט גאָט גע־טאָן? האָט ער אויף אים אַרויפגעוואָרפען אַ שלאָף, און דאַן האָבען זיי גלייך געוואוסט, אַז ער איז בלויז אַ מענש (מדרש קהלת).

כאָטש די תורה איז געמיינט געוואָרען פאַר דער גאַנצער מענשהייט, זיינען אָבער די אידען דאָס איינציג פאָלק, וועמען גאָט האָט אָנפאַרטרויט מיט דער אויפגאַבע צו לערנען זי און פאַרשפּרייטען צווישען די פעלקער. דער נביא הויבט אָן די היינטיגע הפטרה מיט די ווערטער: „כה אמר האל ה׳ בורא השמים ונוטיהם, רוקע הארץ וצאצאיה״ — אַזוי זאָגט דער אַלמעכטיגער גאָט, דער וואָס האָט באַשאַפען די הימלען און זיי אויסגעשפּרייט און אַנטוויקעלט די ערד מיט אַלע אירע פּראָדוקציעס. „נותן נשמה לעם עליה ורוח להולכים בה״— דער יעניגער, וואָס גיט אַ נשמה צו דער באַפעלקערונג אויף איר און צו די, וואָס גייען אויף איר: „אני ה׳ קראתיך בצדק ואחזק בידך ואצרך ואתנך לברית

עם, לאור גוים" — איך בין דער גאָט, וואָס האָב דיך, אידיש פאָלק, גערופען און געשטאַרקט, באַשאַפען און באַשטימט צו זיין אַן אויסנאַם־פאָלק, אַ ליכט פאַר אַלע פעלקער. דיין אויפגאַבע דאַרף זיין: „לפקוח עינים עורות, להוציא ממסגר אסיר, מבית כלא יושבי חושך" — צו עפענען די אויגען פון די בלינדע, צו באַפרייען די אונטערדריקטע, וועלכע וואַלגערען זיך אין פינסטערע קער־קערס.

די אידען זיינען אויפגעפאָדערט געוואָרען פון דעם בורא עולם צו לער־נען דער וועלט, אַז דער הויפט ציל פון דער אידישער תורה איז צו בריינגען פרייהייט פאַר אַלע מענשען. די וועלט, וועלכע גאָט האָט באַשאַפען, איז פון אים באַשטימט געוואָרען צו באַלאַנגען צו אַלע מענשען גלייך. „אדם הראשון מכל העולם נצבר עפרו, אדום, שחור, לבן, ירקרק" — פון אַלע קאָלירען ערד איז דער ערשטער מענש באַשאַפען געוואָרען — רויטער, שוואַרצער, ווייסער און געלער. מענשען פון אַלע ראַסען און קאָלירען שטאַמען־אָפּ פון אדם הראשון און האָבען איין טאַטען. קיין ראַסע טאָר זיך ניט גרויסהאַלטען קעגען אַ צוויי־טער און זוכען זי צו באַהערשען. דער יחוס פון אַלע ראַסען איז איינער און דערזעלבער (סנהדרין ל"ח). די שטאָף, פון וועלכער גאָט האָט באַשאַפען דעם מענשען, איז גענומען געוואָרען פון אַלע טיילען פון דער וועלט. דערפאַר זיינען אַלע מענשען, פון וואָסער ראַסע, קאָליר אָדער גלויבען זיי זאָלען ניט זיין, באַרעכטיגט צו לעבען און געניסען פון דער גאַנצער וועלט.

אויב מאַנכע דעספּאָטישע הערשער, ווען עס איז פאַר אַ קורצער צייט געלונגען צו פאַרכאַפּען די הערשאַפט, רעדען זיך איין, אַז זיי באַזיצען געטליכע כוחות און קאָנען טאָן מיט זייערע אונטערטאַנען וואָס זיי ווילען, מאַכען זיי אַ גרויסען טעות. „אני ה', הוא שמי" — איך בין דער אַלמעכטיגער, דאָס איז מיין נאָמען, „וכבודי לאחר לא אתן ותהילתי לפסילים" — איך וועל מיין כבוד צו אַנדערע ניט איבערגעבען און מיין לויב צו אָפּגעטער. זייער אכזריות'דיגע גבורה וועט לאַנג ניט אָנהאַלטען. אַ קליינער ווינט מיינער איבער'ן ים — און זייערע פלאָטען ווערען געזונקען; אַ קורצער טרייסעל פון דעם ערד־קוגעל — און זייערע גרויסע אַרמייען מיט זייער געווער ווערען פאַרלאָרען און פאַרניכטעט.

ווי שיין עס דריקט אויס דער אויבענדערמאַנטער מדרש אָט דעמזעלבען געדאַנק: ווען דער מענש איז באַשאַפען געוואָרען אין דער פאָרם פון גאָט, האָבען די מלאכים געמאַכט אַ טעות און געדענקט, אַז ער באַזיצט טאַקע געטליכע

כוחות און האָבען פאַר אים געוואָלט שפּרינגען קדוש. איז אָבער אויף אים אַרויפגעפאַלען אַ שלאָף און דעמאָלט האָבען זיי זיך איבערצייגט, אַז ער איז בלויז אַ בשר ודם, וועלכער ווערט גיך פאַרמאַטערט און קאָן ניט כסדר אָנ־האַלטען זיינע כוחות. דאָס איז, לויט דעם נביא, די ערשטע לעקציע, וואָס די סדרה בראשית לערנט דעם מענשען.

---

ג.

## פאַר די, וועלכע זוכען פעהלערען, וועט קיין זאַך ניט העלפען

**נעשה אדם.**

„בשעה שהיה משה כותב התורה, היה כותב מעשה כל יום ויום, כיון שהגיע לפסוק „נעשה אדם", אמר לפניו, רבש"ע, למה אתה נותן פתחון פה למינים? א"ל כתוב, והרוצה לטעות יטעה" — אין דער צייט, וואָס משה האָט געשריבען די תורה, האָט ער פאַרצייכענט די אויפטואונגען פון יעדען טאָג; אַז ער איז געקומען צו דעם פסוק „נעשה אדם", לאָמיר באַשאַפען דעם מענשען, האָט ער געפרעגט: האַר פון דער וועלט, וואָרום זאָלסטו געבען אַ געלעגענהייט צו די אומגלויביגער צו זאָגען, אַז ניט דו אַליין האָסט דעם מענשען באַשאַפען? האָט אים גאָט געענטפערט: משה, שרייב — און דער, וואָס וויל זיך טועה זיין, וועט עס טאָן ממילא (ב"ר ח').

אין מדרש ווערט דערציילט, אַז בשעת די מלאכים אין הימעל האָבען זיך דערוואוסט, אַז גאָט גייט באַשאַפען דעם מענשען, „נעשו כיתים, כיתים, מהם אומרים אל יברא, ומהם אומרים יברא" — האָבען זיי זיך איינגעטיילט אין פאַר־שיידענע גרופּען; מאַנכע האָבען געזאָגט, אַז ער זאָל ניט באַשאַפען ווערען, און מאַנכע האָבען געזאָגט, אַז ער זאָל יאָ באַשאַפען ווערען. „אמת" האָט גע'טענה'ט „אל יברא", ער איז ניט ווערט באַשאַפען צו ווערען. „שכולו שקרים", ווייל ער איז פול מיט ליגענס. „חסד", דאַגעגען, האָט צוגעשטימט, אַז ער זאָל יאָ באַשאַפען ווערען, „שהוא גומל חסדים", ווייל ער וועט געבען צדקה. „שלום" האָט געשריען ניין, ער זאָל ניט באַשאַפען ווערען, „דכולו קטטה", ווייל ער איז אינגאַנצען פול מיט קריגערייע און מחלוקות. פאַר דער צייט, וואָס זיי האָבען

זיך אַרומגעריסען, האָט דערוויל דער אויבערשטער באַשאַפען אדמ'ן. „אמר להם הקב"ה: מה אתם מדיינים, כבר נעשה אדם" — זאָגט גאָט צו די מלאכים: צו וואָס קריגט איר זיך אַרום — דער מענש איז שוין באַשאַפען געוואָרען (ב"ר ח').

אויף דעם באַמערקט דער „חידושי הרי"ם" זעהר וויציג: „צווישען די פאַרשיידענע טענות, וואָס די מלאכים האָבען אַרויסגעשטעלט קעגען „בריאת האדם", איז אויך געווען די טענה „אל יברא שכולו קטטות", אַז עס לוינט ניט צו באַשאַפען דעם מענשען, ווייל ער וועט זיך פאַרנעמען בלויז מיט מחלוקות און קריגערייען. בשעת השי"ת האָט דערזעהן, אַז „מלאכי השרת מדיינין אלו עם אלו", אַז צוליב דער דאָזיגער פראַגע הויבען זיך אָן די מלאכים אַליין אַרומ־צוקריגען, האָט ער באַשלאָסען ניט צו רעכענען זיך מער מיט זייער מיינונג און אים יאָ באַשאַפען, ווארים מען קאָן דאָך ניט פאַרלאַנגען פונ'ם מענשען, אַז ער זאָל זיין נאָך בעסער פון די מלאכים".

דער אויסדרוק „נעשה אדם", לאָמיר באַשאַפען דעם מענשען, קלינגט ווי דער אויבערשטער וואָלט ווען עמען עס איז געבעטען אים צו העלפען אין דער אַרבייט. דאָס האָט משה רבנו געוואָלט פאַרריכטען, און ער האָט זיך געווענדט צו גאָט מיט דער פראַגע: וואָרום געבען אַ געלעגענהייט צו אפיקורסים און אומגלויבער צו קאָנען אַרויסדרינגען פון פסוק, אַז ניט ער אַליין האָט דעם מענשען באַשאַפען? דער אויבערשטער האָט אים אָבער ניט דערלויבט צו ענדערען דעם לשון. ער זאָגט צו אים: דו שרייב ווי איך הייס דיר, „והרוצה לטעות יטעה", און דער, וואָס וויל מאַכען טעות'ן, וועט עס טאָן ממילא. פאַר דעם, וואָס וויל ניט וויסען דעם אמת און זוכט בלויז צו קריטיקירען און געפינען פעהלערן, וועט קיין זאַך ניט העלפען, ווי קלאָר עס זאָל ניט זיין געשריבען, ווי פאַרשטענדליך די ווערטער זאָלען ניט פאַרצייכענט ווערען. פאַר דעם, וואָס זוכט טעות'ן, איז עס אַ קנאַפּע הילף — ער וועט זיי שוין סיי־ווי געפינען.

„די זאָגענאַנטע ביבעל־קריטיקער", זאָגט הרה"ג ר' חיים העלער, „וועלכע זיינען מערסטענס געווען ניט־אידען און האָבען ניט פאַרגונען אונזער פאָלק זיין גרעסטע שאַפונג, דעם תנ"ך, האָבען געזוכט מיט אַלע מעגליכקייטען צו פאַרקלענערען זיין קולטורעלען ווערט. זיי האָבען זיך אַרויסגעלאָזען זוכען טעות'ן אין די ווערטער פון אונזער תורה און נביאים — און זיי האָבען זיי געפונען. אין פיל פלעצער האָבען זיי פשוט פאַרקריפּעלט די פסוקים, אָבי אָנצואווייזען אויף אַ טעות. זיי האָבען זייער טעות־זוכעריי געמאַכט פאַר אַ

וויסענשאַפט, און אַ היפּשע צאָל פון אונזערע אייגענע משכילים זיינען אַריינ־געפאַלען אין זייער נעץ".

רבי יאָשע בער בריסקער ע"ה פלעגט שטאַרק מתרעם זיין קעגען דעם פּלפּול'דיגען דרך הלימוד פון מאַנכע ישיבות, וואָס פלעגען אויפפאָדערען זייערע תלמידים צו פרעגען קשיות, כדי זיי זאָלען זיי קאָנען געבען תירוצים אויף דעם. ער פלעגט זאָגען: „אַ קשיא מיט אַ תירוץ איז אַ לאָך מיט אַ לאַטע; אַז מען פאַרשטייט ניט דעם פשט, מאַכט מען אַ לאָך און מען פרעגט אַ קשיא — קומט דער רבי און לייגט אַ לאַטע און גיט אַ תירוץ. וואָלט מען אָבער לכתחילה זיי געלערענט צו פאַרשטיין דעם פשט, וואָלט מען דאָך קיין לעכער ניט געדאַרפט מאַכען און קיין לאַטעס ניט דאַרפען לייגען". איינמאָל איז צו אים געקומען אַ ישיבה־בחור און אָנגעוויזען אויף אַ גרייז אין דער גמרא, און נאָכדעם ווי ער האָט דעם ישיבה־בחור אויסגעהערט, האָט ער אויסגערופען: „וואָס טוט מען מיט די בעלי־גאוה? דעם ריכטיגען פשט פאַרשטייען זיי ניט, זיי ווילען דאָס אָבער ניט צוגעבען — מאַכט מען בעסער אַ גרייז אין דער גמרא איידער אין זיך".

„וירא אלקים את כל אשר עשה והנה טוב מאד" — און גאָט האָט געזעהען אַלץ וואָס ער האָט געמאַכט און עס איז געווען זעהר גוט.

„טוב, זה גן־עדן; טוב מאד, זה גיהנום. ר' זעירא אמר: טוב, זה יצר טוב; טוב מאד, זה יצר הרע. וכי יצר הרע טוב מאד? אלא שאלולי יצר הרע לא בנה אדם בית, ולא נשא אשה, ולא הוליד, ולא נשא ונתן" — גוט, דאָס איז דער גן־עדן; זעהר גוט, דאָס איז דער גיהנום. רבי זעירא זאָגט, אַז גוט — דאָס איז דער יצר־טוב, זעהר גוט — דאָס איז דער יצר־הרע. איז דען דער יצר־הרע זעהר גוט? נאָר ווען ניט דער יצר־הרע, וואָלט אַ מענש ניט געבויט קיין הויז, וואָלט ניט גענומען קיין פרוי, וואָלט ניט געבוירען קיין קינ־דער און וואָלט קיין געשעפטען ניט געטאָן (ב"ר י').

גליקליכע מענשען שאַפען ניט קיין געשיכטע. די וואָס האָבען אַלץ פון גרייטען, זיי עקזיסטירען בלויז, אָבער לעבען ניט. פאַר דעם יחיד, פאַר דעם מענשען זעלבסט, איז טאַקע אַ לעבען אין גן־עדן גאַנץ גוט און זעהר איינ־גענעם. ער האָט אמת הנאה פון זיין לעבען. ער דאַרף ניט האַרעווען און אָנשטרענגען זיינע כוחות צו קריגען זיין חיונה. ער לעבט פון פאַרטיגען, פון וואָס אַנדערע האָבען פאַר אים צוגעגרייט. פאַר דער מענשהייט אָבער, פאַר די קומענדיגע דורות האָט ער גאָרנישט צוגעטראָגען. אַ באַקוועמליכער לעבען

איז טאַקע איינגענעם, אָבער איז צו שוואַך, צו אומאַקטיוו צו שאַפען געשיכטע. דער גן־עדן איז גוט פאַר יחידים, פאַר איינצעלנע. אָבער פאַר דעם כלל שאַפט דער גיהנום פיל מער. אַ לעבען פון קאַמף און שטרייטיגקייטען ברייננט גרעסערע אויפטואונגען, וואָס בלייבען לדורות.

גב״ה האָט איינגעזעהן, אַז מיט׳ן גן־עדן אַליין וועט די וועלט קיין קיום ניט האָבען, האָט ער דערפאַר באַשאַפען דעם גיהנום, וועלכער איז פאַר דיזער וועלט פיל בעסער. דאָסזעלבע קאָן אויך געזאָגט ווערען וועגען דעם „יצר הרע״. „דער יצר טוב״, זאָגט דער קאָמעניצער מגיד, „איז אַ שטילער, אַ גאָטספאָרכטיגער; ער שטעלט זיך מיט אַלץ צופרידען און זוכט ניט קיין נייעס. דער יצר הרע, דאַגעגען, איז אַמביציעז, ער איז קיינמאָל ניט צופרידען מיט וואָס ער האָט און ער זוכט אַלץ צו פאַרגרעסערען זיין פאַרמעגען און אויסצוברייטען זיינע מעגליכקייטען״.

זאָגאָר אין דברים שבקדושה, אין דער אַנטוויקלונג און אויפהאַלטונג פון גייסטיגע זאַכען, דאַרפען מיר האָבען דעם יצר הרע. פילע פון אונזערע צדקה־אַנשטאַלטען אָדער אַנדערע גרויסע פאָלקס־אינסטיטוציעס, וואָס ברייננען פיל נוצען, וואָלטען קיינמאָל ניט געבויט געוואָרען, ווען ניט דער יצר הרע פון כבוד, פון זוכען אָנערקענונג, וואָס באַוועגט פילע פון אונזערע מנדבים צו ווערען באַרימט און לאָזען נאָך זיך אַן אָנדענק״. „טוב מאד — זה יצר הרע״, דער יצר הרע איז מאַנכעסמאָל זעהר גוט און שטאַרק נויטיג פאַר דער וועלט. ווען ניט ער, וואָלט זי אפשר קיין קיום ניט געהאַט.

---

# הפטרה

## די אידען זיינען עדות, אַז גאָט האָט די וועלט באַשאַפען

**אתם עדים נאום ה׳.**

„כשאתם עדי אני אל וכשאין אתם עדי אין אני אל״, אַז איר זענט מיינע עדות, בין איך אייער גאָט, און אַז איר זענט ניט מיינע עדות, בין איך ניט אייער גאָט (ספרי וזאת הברכה).

לאַנג פאַר׳ן חורבן פון צווייטען בית המקדש האָבען די „אַנשי כנסת הגדולה״ איינגעטיילט די תורה אין סדרות און באַשטימט וועלכע פון זיי זאָל געלייענט ווערען אין די שוהלען יעדען שבת און יום־טוב. זיי האָבען אויך צו־געגעבען אַ „הפטרה״, וואָס מיינט, אַ שלוס, אַ לעקציע, וואָס די נביאים האָבען געצויגען פון אירע ווערטער. ווען דער מנהג צו לייענען אויך די הפטרות איז איינגעפירט געוואָרען, איז געגווי ניט באַקאַנט. אַ גרויסער היסטאָריקער פון מיטעלאַלטער באַהויפּטעט, אַז מיט אַ צוויי טויזענט יאָר צוריק, ווען ארץ־ישראל איז פאַרכאַפּט געוואָרען פון די סיריער, האָט דער דאַמאָלסטיגער היטלער, זייער קעניג אנטיכוס אַפּיפאַנוס, אַרויסגעגעבען אַ באַפעהל, וואָס האָט פאַרבאָטען צו לייענען די תורה אין די שוהלען, און די, וואָס וועלען פאַרברעכען דעמדאָ־זיגען באַפעהל, וועלען באַשטראָפט ווערען מיט טויט.

כדי די תורה זאָל אָבער ניט פאַרגעסען ווערען, זיינען זיך די חכמים צו־זאַמענגעקומען און באַשלאָסען, אַז אַ קאַפּיטעל פון די נביאים, וואָס אַנטהאַלט מער אָדער ווייניגער די הויפּט אידייען, וואָס ווערען אויסגעדריקט אין דער סדרה פון דער וואָך, זאָל יעדען שבת אָדער יום טוב געלייענט ווערען אין די שוהלען. מיט יאָהרען שפּעטער איז עס איינגעפירט געוואָרען אַלס אַ מנהג צו לייענען די הפטרות נאָך קריאת התורה, כדי די פּראָפּעטישע שלוסען און לעק־ציעס, וואָס זיי ברייגגען אַרויס פון אירע פאַרשריפטען, און וועלכע ברייטען אויס זייער געדאַנק, זאָלען פאַרבלייבען מיט דעם עולם פאַר אַ לענגערע צייט.

פאַר דער סדרה „בראשית״, וואו עס ווערט איבערגעגעבען ווי דער אויי־בערשטער האָט אַלץ באַשאַפען, האָבען די מסדרים פון די הפטרות באַשטימט דעם 42־טען קאַפּיטעל פון ישעיה, וואָס פאַנגט זיך אָן מיט די ווערטער: „כה אמר האל ה׳ בורא השמים ונוטיהם רוקע הארץ וצאצאיה״ — אַזוי זאָגט דער אַלמעכטיגער גאָט וועלכער האָט באַשאַפען די הימלען און זיי אויסגעצויגען, וועלכער האָט אויסגעשפּרייט די ערד מיט אירע שפּראָצונגען, „נותן נשמה לעם עליה ורוח להולכים בה״ — ער גיט אָטעם דעם פאָלק, וואָס לעבט אין איר, און אַ גייסט די, וואָס גייען אויף איר. איך האָב דיך גערופען, זאָגט ער צו דעם אידישען פאָלק, און דיך באַשטימט צו זיין אַ ליכט פאַר אַלע פעלקער. זיי וויסען, אַז „כבודי לאחר לא אתן ותהלתי לפסילים״ — מיין כבוד וועל איך צו קיין אַנדערען ניט איבערגעבען, און מיין לויב צו אָפּגעטער.

די הפטרה ענדיגט זיך מיט גאָט׳ס אויסרוף צו די אידען: „אתם עדי — לפני לא נוצר אל ואחרי לא יהיה״ — איר זענט מיינע עדות, אַז פאַר מיר

איז ניט געשאַפען געוואָרען קיין גאָט און נאָך מיר וועט קיין אַנדערער ניט זיין. פון דעם לערנען אונזערע חז״ל אַרויס, אַז דאָס אידיש פאָלק איז פון דער השגחה באַשטימט געוואָרען צו זיין דער עדות, דער שטאַרקסטער באַווייז, אַז די וועלט איז באַשאַפען געוואָרען און ווערט געפירט פון גב״ה. פאַר דעם פאָדערט זיך, אַז דאָס גאַנצע פאָלק זאָל זיין באַוואוסטזיניג איבער זיין אויפגאַבע. איבער־ראַל, וואו אידען געפינען זיך, זאָלען זיי אָפּהיטען די דינים און האַלטען די שבתים און ימים־טובים, וועלכע זיינען פאַר זיי באַשטימט געוואָרען אין דער תורה. „מי שמשמר את השבת מעיד לפני מי שאמר והיה העולם, שברא עולמו״ — ווער עס היט אָפּ דעם שבת, זאָגט עדות פאַר דעם, וואָס האָט באַפוילען און די וועלט איז געוואָרען, אַז ער האָט די וועלט באַשאַפען (מכילתא יתרו פ׳ ח׳). ווען די אידען פון דער גאַנצער וועלט היטען אָפּ גלייך די שבתים און ימים־טובים, באַשטעטיגען זיי דערמיט, אַז זיי זיינען די קינדער פון גאָט, וואָס האָט באַשאַפען די וועלט אין זעקס טעג און גערוט אויפ׳ן זיבעטען טאָג.

אַלס עדות מוזען זיי אַלע שטימען אין זייערע צייגנישען און זיך האַלטען פאַראייניגט. איבערהויפּט ווען עס פּאַסירען אומגליקען און די עקזיסטענץ פון דעם פאָלק ווערט געדראָעט — דאַן איז די פליכט אויף יעדען איינעם צו שטיין מיט׳ן צבור און אויפהאַלטען זיין גאַנצקייט. „שמא יאמר אדם, מי מעיד בי?״ — טאָמער וועט אַ מענש טראַכטען ווער וועט קעגען מיר עדות זאָגען, אַז איך האָב קיין אַנטייל ניט גענומען אין דעם צער פון מיין פאָלק, זאָל ער ווי־סען, אַז „נשמתו של אדם היא מעידה עליו, אבריו של אדם מעידים בו״ — זיין נשמה וועט קעגען אים עדות זאָגען, זיינע גלידער וועלען קעגען אים עדות זאָגען (תענית י״א ע״א). רייסט זיך איינער אָפּ פון פאָלק, פאַרלאָזט אים זיין נשמה, און זיינע גלידער, זיינע קינדער, ווערען פאַרפרעמדט פון אים.

אתם עדי — איר זייט מיינע עדות „אַ אידישע געמיינדע הייסט אין דער העברעאישער שפּראַך מיט דעם נאָמען „עדה״, וואָס מיינט — אַ באַווייז, אַ צייגניש. דער פאַקט, אַז נאָך אַלע צרות, וואָס די אידען ליידען זיך אויס, קאָן נאָך עקזיסטירען אַ אידישע געמיינדע, איז אַ קלאָרער באַווייז, אַז דער אידישער גאָט באַהערשט די וועלט און לאָזט זיינע קינדער ניט אונטערגיין״.

ד.

# די וועלט איז פריי פאַר אַלעמען

**ויברא אלקים את האדם.**

„אדם הראשון מכל העולם הוצבר עפרו, אדום, שחור, לבן, ירקרק" — פון אַלע טיילן פון דער וועלט איז צוזאַמענגעקליבען געוואָרען די ערד, פון וועלכער אדם הראשון איז באַשאַפען געוואָרען — רויטע, שוואַרצע, ווייסע און געלע ערד (סנהדרין ל"ח).

אין מדרש ווערט איבערגעגעבען, אַז ווען דער בורא עולם האָט אָנאָנסירט, אַז ער גייט באַשאַפען דעם מענשען, וואָס זאָל באַזיצען הימלישע פעהיגקייטען און זיין באַגאַבט מיט געטליכע כוחות, כדי צו קאָנען באַהערשען די ערד און אַלע אירע ברואים, האָט צווישען די מלאכים אין הימעל אויסגעבראָכען אַ מחלוקה. אַ טייל פון זיי זיינען געוועזן איינפאַרשטאַנען, אַז דאָס זאָל געשעהן. אָבער מאַנכע זיינען געוועזן שטאַרק דאַגעגען און האָבען פּראָטעסטירט: „אל יברא" — ער זאָל ניט באַשאַפען ווערען. איבערהויפט האָבען די מלאכים, וואָס זיינען ממונה איבער „אמת" און „שלום", געשטורעמט קעגען דעם באַשלוס פון גאָט צו באַשאַפען דעם מענשען. זיי האָבן פאַראויסגעזאָגט, אַז צוליב זיין ענגהאַרציגקייט און איינגעבוירענעם וואונש צו וועלען אימער צופרידענשטעלען זיינע אייגענע אַמביציעס, וועט ער זיך אָפּגעבען מיט שקר און מחלוקות און וועט פאַרדאַרבען די וועלט (ב"ר פ"ח).

דער אויבערשטער האָט זיך אָבער ווייניג־וואָס צוגעהערט צו זייערע פּראָטעסטען און איז אָנגעגאַנגען מיט דער באַשאַפונג פון דעם מענשען. ווען די אַרבייט האָט געהאַלטען ביים פאַרענדיגט ווערען, איז די באַרימהאַרציגע תורה צוגעטראָטען פאַר'ן כסא־הכבוד און זיך געבעטען ביי גאָט: „האדם הזה קצר ימים ושבע רוגז ובא לידי חטא" — דער מענש האָט קורצע יאָרען, איז זאַט מיט זאָרג, וואָס ברייגנט אים צו זינדיגען; „אם אין אתה מאריך אפך עמו הרי הוא כאלו לא בא לעולם" — אויב דו וועסט מיט אים ניט האָבען קיין געדולד, איז בעסער, אַז ער זאָל אויף דער וועלט ניט קומען. האָט איר גאָט געענטפערט: „לא לחנם אני נקראתי ארך אפים" — ניט אומזיסט ווער איך גערופען גרויסמוטיג. „לא ידון רוחי באדם בשגם הוא בשר" — איך וועל זיך

ניט צופיל קריגען מיט׳ן מענשען, וואָס איז בלויז פון פלייש און בלוט, ווייל איך ווייס זיינע שוואַכקייטען (פדר״א).

און עס האָט טאַקע לאַנג ניט גענומען און די שוואַכקייטען פון דעם מענשען זיינען געוואָרען שטאַרק בולט: פאַר אַ קורצער צייט לעבט אדם אין גן־עדן, וואו קיין זאַך האָט אים ניט געפעלט. אַז ער געפינט זיך עלענד און איינזאַם, ווייל עס פעלט אים זיין גלייכען, מיט וועמען ער זאָל קענען פאַרברייגען זיינע טעג און נעכט, באַשאַפט פאַר אים גאָט אַ פרוי און ביידע לעבען העכסט גליק־ליך. די צופיל גוטס אָבער, וואָס גאָט האָט זיי געגעבען, האָט זיי אַראָפּגע־פירט פון גלייכען וועג. זיי נאַשען פון „עץ־הדעת״, כאַפּען אַריין אַביסעל ביל־דונג און זיי זוכען שוין צו קליידען זיך אַנדערש און שעמען זיך מיט זייערע אַלטע וועגען. זייערע אַמביציעס דערפירען זיי צו אַ קאַטאַסטראָפע. זיי ווערען אַרויסגעטריבען פון גן־עדן. איבער דעם „עץ־החיים״, דעם בוים פון לעבען, ווערט אויפגעהאַנגען אַ „חרב המתהפכת״ — אַ פאָכענדער שווערד, און כדי צו אים צוצוקומען, מוז מען אַרבייטען „בזעת אפים״, מיט שווייס און מי.

ווי געוויינליך, אַז טאַטע און מאַמע כאַפּען אַריין אַביסעל פון דעם מאָדער־נעם „עץ־הדעת״ און הויבען אָן זיך צו שעמען מיט זייער באַקעטקייט, קומט דער „בעצב תלדי בנים״ — דער שמערץ פון האָדעווען קינדער. טרעטען על־טערען אָפּ איין שריט פון די אַלטע דרכים און זייער אייגענאַרטיגקייט, מעג מען זיין זיכער, אַז די קינדער וועלען גיין נאָך ווייטער און פאַראַכטען די אַלטע זיטען און מנהגים. און אַזוי איז טאַקע געווען: כאָטש די וועלט איז גרויס און רייך, קאָנען זיך אָבער די ברידער קין און הבל מיט איר ניט איינטיילען און עס ברעכט אויס צווישען זיי אַ ברודער־קריג, מיט דעם טרויעריגען רע־זולטאַט, וואָס הבל ווערט געטויט פון זיין ברודער קין און זיין אומשולדיג בלוט שרייט אַרויס פון דער ערד . . .

„זה ספר תולדות האדם״ — אָט אַזוי האָט זיך אָנגעפאַנגען פאַנאַנדערצו־בלעטערען דער בוך פון דער מענשליכער געשיכטע. „רבי יהודה אומר: על ג׳ דברים העולם עומד, על הקנאה ועל התאוה ועל הרחמים״ — רבי יהודה זאָגט: אויף דריי זאַכען שטייט די וועלט, אויף קנאה, תאוה און רחמנות (אבות דרבי נתן, פ״א). דאָס געפיל פון „קנאה״, פון ניט פאַרגינען יענעם, וואָס ער האָט, באַהערשט יעדען מענשען פון זיין געבורט אָן. אין זיין קינדהייט וויל ער האָבען אַלץ, וואָס ער זעהט, און ער ווערט אויפגערעגט, אויב מען גיט עס אים ניט. אַז ער ווערט עלטער, ווערט אָט דער געפיל פאַרוואַנדעלט אין אַ

„תאוה", אין אַ ברענעדען וואונש צו ווע‍לן אַריינכאַפּען אַ‍לץ פאַר זיך און האָבען מער פאַר זיין חבר אָדער שכן. ער שטעלט זיך קיינמאָל ניט צופרידען מיט וואָס ער האָט און זוכט אַלץ וואָס מער.

קנאה און תאוה זיינען שלעכטע מידות, וואָס שטאַמען פון דעם יצר־הרע אין יעדען מענשען. אָבער ווי שלעכט זיי זאָלען ניט זיין, זאָגען אונז די חכמים, זיינען זיי פון די הויפּט־זיילען, וואָס האַלטען־אויף די וועלט. קנאה און תאוה זיינען די טרייב־קראַפט, וואָס באַזאָרגען דעם מענשען מיט אַמביציע און אונטערנעמונג. אָהן זיי וואָלט זיך די וועלט ניט געקאָנט אַנטוויקלען און פּראָדוצירען. כדי די וועלט זאָל האָבען אַ קיום, מוז יעדער מענש אַרבייטען און ביישטייערען זיין חלק פון ענערגיע און שאַפונגס־קראַפט. צו דעם זיינען, אין אַ געוויסער מאָס, נויטיג די שלעכטע מידות פון „קנאה" און „תאוה". מקנא צו זיין יענעם מיינט אומצופרידענקייט מיט דער אייגענער לאַגע, און דאָס דער־מוטיגט די אַמביציע דאָס צו פאַרבעסערען. די תאוה צו ווע‍לן האָבען מער פאַר יענעם שאַפט די נויטיגע ענערגיע צו אונטערנעמען נייע אויפטואונגען און אויספּרובירען נייע מיט‍לען, און אַזוי ווערט די וועלט אַלץ מער און מער אַנט־וויקעלט.

אין דער גמרא ווערט געזאָגט, אַז ווען גאָט האָט געזאָגט צו אדמ'ען, אַז די ערד וועט פאַר אים געבען דערנער און ווילדע גראָזען, „זלגו עיניו דמעות", האָבען פון זיינע אויגען געררונען טרערען. „אמר, אני וחמורי נאכל מאבוס אחד" — ער האָט געקלאָגט: איך און מיין אייזעל ווע‍לן מוזען עסען פון איין קאָרעטע. „כיון שאמר לו: בזעת אפיך תאכל לחם נתקררה דעתו" — אַזוי גיך אָבער ווי גאָט האָט אים געזאָגט, אַז מיט דעם שוויס פון זיין געזיכט וועט ער עסען זיין ברויט, האָט זיין געמיט זיך באַרוהיגט (פּסחים קי"ח). מיט דעם שטייט דער מענש העכער פאַר אַלע אַנדערע ברואים. ער מוז אַרבייטען פאַר זיין עקזיסטענץ. ניט אַ‍לץ קאָן ער עסען, ניט איבעראַ‍ל קאָן ער וואוינען, ער מוז דענקען, טראַכטען און אויספּלאַנען דעם מקור פאַר זיין חיונה. דערמיט שאַפט ער ניט נאָר פאַר זיך, נאָר אויך פאַר די קומענדע דורות. ער אַנטוויקעלט דעם באָדען פאַר זיינע קינדער צו קאָנען פאָרטזעצען און פאַרגרעסערען זיינע אויפטואונגען און אַזוי אַרום איבערלאָזען אַ בעסערע וועלט פאַר דער צוקונפט.

עס איז אָבער דאָ אַ דריטער זייל, אויף וועלכען די וועלט האַלט זיך, און דאָס איז די מידה פון „רחמנות", פון האָבען אַ מיטגעפיל פאַר אַנדערע און ניט ווע‍לן פאַרכאַפּען אַ‍לץ פאַר זיך. „זה ספר תולדות האדם" — אין דעם באַשטייט

דער תכלית און דער אינהאַלט פון דער מענשליכער געשיכטע: אַ מענש טאָר זיך ניט איבערנעמען און דענקען, אַז די וועלט איז זיינע און אַן אַנדערער האָט אין איר קיין חלק ניט. מענשען פון אַלע ראַסען און קאָלירען שטאַמען־אָפּ פון אדם הראשון און האָבען איין־און־דעמזעלבען טאַטען. פון אַלע קאָלירען ערד איז אדם הראשון באַשאַפען געוואָרען: „אדום, שחור, לבן, ירקרק״ — רויטע, שוואַרצע, ווייסע און געלע ערד. מענשען פון אַלע ראַסען און קאָלירען זיינען זיינע קינדער און מוזען לעבען פאַראייניגט ווי ברידער און געניסען גלייכע רעכ־טען. ראַסענקאַמף פירט צו שקלאַפעריי און אונטערדריקונג, וואָס רופט אַרויס האַס און שנאה און שטערט דעם שלום פון דער וועלט.

מען דאַרף אויך וויסען, אַז די שטאָף, פון וועלכער גאָט האָט באַשאַפען „אדם הראשון״, דעם טאַטען פון דער גאַנצער מענשהייט, איז גענומען געוואָרען „מכל העולם״, פון אַלע טיילען פון דער וועלט. דעריבער זיינען אַלע מענשען, פון וואָס פאַר אַ ראַסע, קאָליר אָדער גלויבען זיי זאָלען ניט זיין, באַרעכטיגט צו לעבען און געניסען פון דער גאַנצער וועלט. ראַסען אָדער פעלקער, וועלכע זוכען צו פאַרכאַפען לענדער אָדער נאַטירליכע אוצרות פון אַן אַנדער ראַסע אָדער לאַנד, מעגען זיי זיך האַלטען פאַר דעמאָקראַטען און פראָגרעסיוועז, זיינען באמת באַנדעס פון רויבער און פיראַטען, וואָס האַלטען צוריק דעם וועלטליכען פראָגרעס. צו באַהויפּטען, אַז דער לעבענס־רוים פון איין ראַסע פאָדערט מער פלאַץ פאַר אַ צווייטער, און דעריבער מוז דאָס לאַנד אָדער געגענט, וואו די כלומר'שט נידעריגערע ראַסע געפינט זיך, זיין אונטעריאָכט צו דער ערשטער, איז אַ פאַרברעכען קעגען גאָט און קעגען דער מענשהייט. די וועלט איז באַשטימט געוואָרען צו זיין פריי פאַר אַלעמען.

---

# הפטרה

## אויך די תורה געהערט צו אַלעמען

**אומר לצפון תני ולתימן אל תכלאי.**

**„כשנגלה הקב״ה ליתן תורה לישראל, לא נגלה עליהם מרוח אחד אלא מארבע רוחות״ — ווען דער איבערשטער האָט זיך אַנטדעקט צו די אידען,**

כדי זיי צו געבען די תורה, האָט ער זיך ניט געוויזען צו זיי פון איין זייט וועלט, נאָר פון אירע אַלע פיר זייטען (ספרי האזינו ל״ב).

„עולם הזה״ — די וועלט, אין וועלכער מיר לעבען, זאָגען אונז די חכמים, איז ניט געווען די ערשטע, וואָס גאָט האָט באַשאַפען. טויזענטער יאָרען פריער, „היה בורא עולמות ומחריבן״, האָט ער געהאַלטען איין באַשאַפען וועלטען און זיי חרוב געמאַכט, ווייל זיי זיינען אים ניט געפעלען געוואָרען, ביז ער האָט באַשלאָסען צו שרייבען אַ תורה, וואָס זאָל דינען אַלס יסוד פאַר איר עקזיסטענץ. „תתקע״ד דורות״ — ניין הונדערט מיט פיר און זיבעציג דורות שפעטער, אַז ער איז צוגעטראָטען צו באַשאַפען די היינטיגע וועלט, „היה מביט בתורה ובורא את העולם״ — האָט ער אַריינגעקוקט אין דער תורה און לויט אירע ספּעציפיציעס און פאַרשריפטען האָט ער באַשאַפען די וועלט (ב״ר פ״א). וועלטען, וואָס ווערען געבויט אָהן אַ פּלאַן, אָהן אַ תכלית, קאָנען זיך ניט האַלטען. דער אמת׳ער פּלאַן און תכלית פאַר דעם קיום פון אָט דער וועלט געפינט זיך אין דער תורה הקדושה.

דערדאָזיגער מדרש דריקט אויס דעם הויפּט געדאַנק פון דער אידישער אמונה: דער רויב פון אַלע וועלטען איז אַ טייל פון דער גאָטהייט, וואו עס געפינט זיך אויך דער „מקומו של עולם״ — דער פּלאַץ, אויף וועלכען די וועלט איז געבויט, און זי פאַרנעמט בלויז אַ קליינעם שטח אין אָט דעם אומענדליכען רוים. עס איז געווען דער ווילען פון גאָט צו באַשאַפען אַ קליינעם ווינקעל, וואו אויך דער מענש זאָל קאָנען וואוינען און עקזיסטירען. פאַר זיין באַקוועמליכקייט האָט ער אים אויך באַשאָנקען מיט געטליכע כוחות און אַ העכערען פאַרשטאַנד, כדי ער זאָל קאָנען באַהערשען און אַנטוויקלען די באַהאַלטענע אוצרות, וואָס זיינען פאַר אים אָנגעגרייט געוואָרען אין דעם ווינקעל. דער אויבערשטער האָט אָבער אויסגענומען אַ תנאי מיט דעם מענשען, אַז אויב ער וויל געניסען פון די אַלע גוטסקייטען, וואָס הימל און ערד פון זיין וועלט קאָנען אים געבען, מוז ער זיך אויפפירען לויט די יושר׳דיגע געזעצען פון זיין תורה; טאָמער, חו״ש ניט, וועלען זיי זיך אומקערען צו „תהו ובהו״ און וועלען חרוב ווערען (שם).

„אין דעם, אייגענטליך,״ פלעגט זאָגען מיין פאָטער ע״ה, „באַשטייט דער אונטערשייד פון דעם אָרטאָדאָקסישען אידען צו דעם רעפאָרמער. דער אָרטאָדאָקס גלויבט, אַז די תורה איז באַשאַפען געוואָרען פיל פריער פאַר דער וועלט און אַז די מענשען, וועלכע זיינען נאָכדעם געקומען, האָבען געמוזט איינאָרדנען

זייער לעבען נאָך אירע פאַרשריפטען; תורה און אמונה זיינען ניט די שאַפונגען פון אַ בשר ודם און דער מענש קאָן זיי ניט איבערמאַכען לויט זיינע אומשטענ־דען, אין וועלכע ער געפינט זיך, אָדער לויט די אַנשויאונגען, וואָס ער אַליין באַזיצט. דער רעפאָרמער האַלט אָבער, אַז צוערשט איז געקומען דער מענש אויף דער וועלט און אַז די תורה איז מערסטענס אַ פּראָדוקט פון דעם מענשען, דעריבער מעג ער זי צופּאַסען צו זיין לעבען און זי ענדערען לויט די באַדינ־גונגען פון דער סביבה אָדער לויט די אַנזיכטען פון דער צייט".

„און די געשיכטע האָט געוויזען, אַז די תורה און די אידישע אמונה זיינען תמיד פאַרבליבען מיט׳ן אָרטאָדאָקסישען אידען און ניט מיט דעם רעפאָר־מירטען. יעדע רעפאָרם־באַוועגונג אין דעם אידישען פאָלק האָט ניט אויס־געהאַלטען. פאַר אַ געוויסער צייט האָט זי צו זיך טאַקע צוגעצויגען די רייכערע קלאַסען, די וואָס ווילען זיין פריי און ניט אונטערוואַרפען געוויסע געזעצען, וואָס מאַכען זיי פאַרשיידען פון די פעלקער אַרום זיי און אַנדערש פון די שכנים, צווישען וועלכע זיי געפינען זיך. מיט דער צייט האָט זיי אָבער דער שטראָם פון זייער אייגענער געמאַכטער רעפאָרם אַוועקגעריסען פון דעם אידישען פאָלק און זייערע קינדער האָבען זיך אַריבערגעכאַפּט אויף דער צווייטער זייט, צו פרעמדע גלויבענס."

כאָטש דאָס אידיש פאָלק איז דאָס איינציגע צווישען אַלע פעלקער, וואָס האָט אָנגענומען די תורה און איז שטענדיג געווען גרייט צו ברייגגען פאַר איר די גרעסטע קרבנות, אויב נויטיג, איז עס אָבער ניט ענגהאַרציג צו זאָגען, אַז די תורה איז אינגאַנצען זיינע און באַלאַנגט צו אים אַליין. „כשנגלה המקום ליתן תורה לישראל, לא נגלה עליהם מרוח אחד אלא מארבע רוחות" — ווען דער אויבערשטער האָט זיך אַנטדעקט צו די אידען צו געבען זיי די תורה, האָט ער זיך ניט געוויזען צו זיי פון איין זייט וועלט, נאָר פון אירע אַלע זייטען. זי איז ניט געגעבען געוואָרען פאַר איין לאַנד אָדער איין פאָלק; די אַלע, וואָס ווילען זי לערנען און פאָלגען, זיינען העכסט ווילקאָמען (ספרי).

די אומשטערבליכקייט פון אונזער תורה באַשטייט אין דעם, וואָס זי איז אַלזייטיג און נעמט אַרום אַלע פאַזען פון דעם לעבען. איר הויפּט־ציל איז דער „וחי בהם", אַז אירע אָנהענגער און אויספאָלגער זאָלען קאָנען פריי געניסען פון דעם לעבען. זי איז אויך ניט דאָס אייגענטום פון אַ געוויסען קלאַס אָדער קאַסטע. זי איז די ערבשאַפט פון אַלעמען (סנהדרין צ"א). זאָגאַר די ניט אידישע וועלט ווערט איינגעשלאָסען אין אירע פריינטליכע אומאַרמונגען.

# נח

### א.

## אַ מענש מוז אימער זיין אויסגעהאַלטען

**אלה תולדות נח, נח איש צדיק תמים היה בדורותיו,
את האלקים התהלך נח.**

„ג׳ פעמים נח בפסוק למה? מפני שראה ג׳ עולמות, ראה עולם בישובו, ראהו בחורבנו וחזר וראהו בישובו" — וואָרום ווערט איבערגע׳חזר׳ט דער נאָמען נח דריי מאָל אין איין פסוק? ווייל נח האָט פאַר זיך געזעהן דריי וועלטען. ער האָט געזעהן די וועלט באַזעצט, און האָט איר אויך געזעהן, ווען זי איז חרוב געוואָרען, און האָט איר ווידער געזעהן באַזעצט נאָכ׳ן מבול (תנחומא).

„עשרה דורות מאדם ועד נח" — צען דורות זיינען פאַראיבער פון אדם הראשון ביז נח׳ן. צען גאַנצע דורות! און אַלץ, וואָס ווערט וועגען זיי דערציילט אין די פריערדיגע פסוקים, באַשטייט בלויז פון „ויחי", „ויולד בנים ובנות", „וימת" — געלעבט, געבוירען זין און טעכטער און געשטאָרבען. וואָס פאַר אַ לעבען האָבען זיי אָנגעפירט? וואָס זיינען געווען זייערע אויפטואונגען? האָבען זיי עפּעס געשאַפען, וואָס זאָל זיי היסטאָריש פאַרבינדען מיט די קומענדיגע דורות? וועגען דעם ווערט אין די פסוקים גאָרנישט דערמאָנט.

היסטאָריע איז אַ בילד פון מענשליכען קאַמף פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער וועלט. די אויפטואונגען פון יעדען דור זיינען די פאַרבען, מיט וועלכע דאָס דאָזיגע בילד ווערט געמאָלען. יעדע פּאַסירונג, וואָס האָט אַ באַדייטונג פאַר די קומענדיגע דורות, ווערט בולט אָנגעצייכענט, כדי לייכטער צו מאַכען דעם פּראָצעס פון זייער אייגענער אַנטוויקלונג. „וועלט־געשיכטע", זאָגט דער

אַמעריקאַנער פילאָזאָף עמערסאָן, „איז אַ כראָניק, אַ פּנקס, וואו עס ווערען אי־בערגעגעבען די ירושות, וואָס איין דור האָט איבערגעלאָזען פאַר דעם צווייטען. אַזעלכע דורות, וואָס ביישטייערען גאָרנישט צו דער צוקונפט, ווערען גע׳פסל׳ט פון דעם היסטאָריקער, ווייל זייער לעבען איז פאַר אים נישט וויכטיג גענוג פאַרצייכענט צו ווערען אין דער היסטאָריע״.

ערשט נאָכדעם, אַז אדם און חוה זיינען אַרויסגעטריבען געוואָרען פון גן־עדן, און איבער דעם „עץ החיים״ ווערט אויפגעהאָנגען אַ „חרב המתהפכת״, אַ פאָכענדע שווערד, וועלכע מען מוז באַקעמפּפען, איידער מען קאָן געניסען פון זיינע פרוכט, הויבט זיך אָן פאַנאַנדערצובלעטערען דער „ספר תולדות האדם״, דאָס בוך פון דער מענשליכער געשיכטע. ווי שיין איז די באַמערקונג פון דעם מדרש: „אלו תולדות ואין הראשונות תולדות״ — אָט די זיינען געשיכטע, די ערשטע פּאַסירונגען מאַכען ניט געשיכטע (ב״ר, פ״ד). כל זמן אדם און חוה האָבען געלעבט אין גן־עדן און האָבען געקאָנט געניסען „מכל עץ הגן״, פון אַלע בוימער פון גאָרטען, ניט דאַרפענדיג אַרבייטען און קעמפּפען עס צו באַקומען, איז זייער לעבען ניט געווען היסטאָריע.

גליקליכע שאַפען ניט קיין געשיכטע. די, וואָס האָבען אַלץ פון גרייטען, עקזיסטירען בלויז, אָבער לעבען ניט. ווען אדם הראשון גייט אַרום אַ צופריי־דענער אין גן־עדן און געניסט פון אַלדאָס־גוטס אָהן מי, אָהן אָנשטרענגונג, איז ער טויט פאַר דער געשיכטע פון מענשליכער אַנטוויקלונג. „וירא אלקים כי טוב — זה גן־עדן, והנה טוב מאד — זה גיהנום״. גאָט אַליין זעהט איין, אַז דער גן־עדן איז גוט, אָבער דער גיהנום איז נאָך בעסער (ב״ר, פ״ט). פאַר דעם יחיד, פאַר דעם מענשען זעלבסט, איז טאַקע לעבען אין גן־עדן גאַנץ גוט, פיל אָנגענעמער. ער האָט אמת הנאה פון אַזאַ לעבען. ער דאַרף ניט האָרעווען און אָנשטרענגען זיינע כוחות צו קריגען זיין חיונה. ער לעבט פון פאַרטיגען, פון וואָס אַנדערע האָבען פאַר אים צוגעגרייט. פאַר דער מענשהייט אָבער, פאַר די קומענדיגע דורות, שאַפט דער גיהנום פיל מער. אַ לעבען פון קאַמף, פון שטרייטיגקייטען ברענגט גרעסערע אויפטואונגען, פון וועלכע די שפּעטער־דיגע דורות קאָנען פיל מער געניסען.

די דורות פון אדם ביז נח האָבען געלעבט אַ גליקליך לעבען. די רייכע נאַטור, וועלכע איז נאָך געווען פריש און ניט דערשעפּט, האָט זיי באַזאָרגט מיט אַלע גוטסקייטען, און ס׳האָט זיי קיין זאַך ניט געפעלט. זייערע פעלדער זיינען געווען באַלאָדען מיט תבואה, די גערטנער מיט פרוכט און די וועלדער מיט פיל

שאַף און רינדער. אַזוי איז אַריבער יאָר נאָך יאָר, און קיין זאַך האָט ניט פּאַסירט, וואָס זאָל ווערט זיין פאַרשריבען צו ווערען אין דער געשיכטע. ערשט, אַז דאָס צופּיל גוטס, וואָס גאָט האָט זיי געגעבען, האָט זיי אַראָפּגעפירט פון גלייכען וועג און — „ותמלא הארץ חמס“, די וועלט איז פול געוואָרען מיט רויב, וואָס האָט אויף זיי געבראַכט אַ מבול, אַן איבערקערעניש, „אלה תולדות“, די זיינען די היסטאָרישע פאַקטען, וואָס דאַרפען פאַרצייכענט ווערען אַלס אַ ביישפּיל פאַר די צוקונפטיגע דורות.

אומשטענדען מאַכען אַ גרויסען איינדרוק אויפ'ן כאַראַקטער פון אַ מענ־שען. שלמה המלך האָט געבעטען ביים אויבערשטען: „ריש ועושר אל תתן לי“, גיב מיר ניט קיין אָרימקייט און אויך ניט צופּיל רייכקייט, ווייל ביידע זאַכען קאָנען אַראָפּפירען דעם מענשען פון גלייכען וועג. אַ „צדיק תמים“ קאָן נאָר אַנגערופען ווערען דער יעניגער, וואָס איז גאַנץ און אויסגעהאַלטען אונטער אַלע אומשטענדען. נח האָט זיינע ערשטע יאָרען געלעבט אין אַ וועלט פול מיט אַלדאָס־גוטס. די צופּיל גוטס אָבער האָט די מענשען אַראָפּגעפירט פון גלייכען וועג און זיי האָבען זיך גענומען יאָגען נאָך אַלערליי תאוות און קער־פּערליכע פאַרגעניגענס. דאָס האָט געפירט צו אַזאַ לאַגע, אַז „ותמלא הארץ חמס“, די גאַנצע וועלט איז פול געוואָרען מיט רויב און מאָרד, און ענדליך גע־מוזט חרוב ווערען.

די קאַטאַסטראָפע, וואָס די מענשען האָבען אויף זיך אַליין געבראַכט, האָט אַרומגעכאַפּט „את כל היקום“, די גאַנצע באַפעלקערונג פון דער וועלט, און האָט אָנגעהאַלטען אַ גאַנצען יאָר. שטעדט זיינען חרוב געוואָרען; הייזער, פעלדער און וועלדער זיינען אָפּגעמעקט געוואָרען פון דער ערד. מענשען און חיות זיינען אויסגעשטאָרבען. די מי און די אַרבייט פון לאַנגע דורות זיינען אַוועק מיט'ן שטראָם: די ברויזענדע כוואַליעס האָבען אַלץ פאַרניכטעט אין זייער וועג.

נח מיט זיינע קינדער זיינען געראַטעוועט געוואָרען פון דעם גרויסען אומגליק און האָבען דערלעבט צו זעהן, ווי די וועלט האָט זיך גענומען איבער־בויען און צוריק רייך ווערען.

אונטער אָט די אַלע אומשטענדען איז ער פאַרבליבען דער זעלבער נח, „תמים“, גאַנץ און אויסגעהאַלטען. ער האָט זיך ניט אָפּגעלערנט פון די קאַ־רופּטע דורות פאַר'ן מבול. ער האָט זיין מוט און ערליכקייט ניט פאַרלאָרען דורך דער קאַטאַסטראָפאַלער צייט; און אַז די וועלט האָט זיך גענומען אי־

בערבויען, איז ער געווען דער ערשטער צו ברייננגען קרבנות און מיטהעלפען אין דער נייער אָרדנונג.

דריי מאָל ווערט דער נאָמען נח איבערגע׳חזר׳ט אין פסוק צו ווייזען, אַז כאָטש ער האָט דורכגעמאַכט אַלערליי אומשטענדען אין זיין לעבען, איז ער דאָך פאַרבליבען דער זעלבער צדיק אין אַלע זיינע דורות.

# הפטרה

## דער מבול און דער אידישער גלות

**כי מי נח זאת לי, אשר נשבעתי מעבור מי נח על הארץ.**

„כד יפקון ישראל מן גלותא זמינא האי קשת לאתקשטא בגוונוי׳ ככלא דא דמתקשטא לבעלה״ — ווען אידען וועלען אַרויס פון גלות, וועט זיך דער רעגענבויגען אויספוצען אין אַלע זיינע קאָלירען, ווי אַ כלה פוצט זיך אויס פאַר איר מאַן (זוהר, ח״א, ע״ב).

די גרויסע קאַטאַסטראָפע פון דעם מבול איז געקומען אויף דער וועלט אַלס שטראָף „כי השחית כל בשר את דרכו על הארץ״ — ווייל די גאַנצע מענש־הייט, וואָס האָט זיך דאַן געפונען אויף דעם ערד־קוגעל, איז געווען העכסט פאַרדאָרבען. ברוטאַלע מאַכט און צופרידענצושטעלען אַלע נידעריגע תאוות— דאָס זיינען געווען די אידעאַלען פון דעם דור המבול. אויב דער שטאַרקערער האָט באַמערקט, אַז דער שוואַכערער פאַר אים האָט אַ שיין הויז, אַ שיינע קו אָדער אַ שיין ווייב, איז ער אים באַפאַלען און עס אַוועקגערויבט פון איהם. „ותמלא הארץ חמס״ — די וועלט איז פול געוואָרען מיט רויב און נידערטרעכטיגקייטען (סנהדרין, ק״ח).

אַזאַ פאַרדאָרבענע וועלט טאָר ניט עקזיסטירען. זי מוז אָפגעמעקט ווער־רען, כדי צו מאַכען פלאַץ פאַר אַ נייער וועלט, וואו די נח׳ס, די ערליכע און גאָטספאָרכטיגע, זאָלען קאָנען לעבען אומגעשטערט און געניסען פריי פון די נאַטירליכע אוצרות, וואָס גאָט האָט באַשאַפען פאַר דער מענשהייט.

דער געוועזענער וויס־פּרעזידענט פון די פאַראייניגטע שטאַטען, מר. הענרי וואלאס, האָט אין איינער פון זיינע רעדעס איבער דעם אויסגאַנג פון דער

לעצטער מלחמה, אַרויסגעבראַכט פאָלגענדען היסטאָרישען פאַקט: „די שלום־קאָנפערענצען, וואָס זיינען אָפּגעהאַלטען געוואָרען נאָך יעדער גרויסער מלחמה, וואָס איז פאָרגעקומען אויף דער וועלט ביז איצט, זיינען בלויז געווען צייט־ווייליגע פשרות, וועלכע זיינען מאַנעווורירט געוואָרען פון געשולטע פּאָליטי־קער, וואָס האָבען געזוכט די טובה פון געוויסע קלאַסען. די שלום־אָפּמאַכען, וואָס זיי האָבען געשלאָסען, זיינען געווען פילפאַרביגע רעגענבויגענס, וואָס האָ־בען געוויזען, אַז פאַר אַ ווײלע איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען דער מבול פון פייער און צעשטערונג; ער קאָן אָבער צו יעדער צייט צוריק אויסברעכען מיט מער וואוט און צאָרן, ווי פריער. אויב מיר ווילען באמת באַפרייען די וועלט פון מלחמות, מוזען מיר צוערשט אָפּשאַפען די סיבות, וואָס רופען אַרויס מלחמות".

דער דאָזיגער געדאַנק שטימט פולשטענדיג איין מיט דער אידייע איבער אַ וועלט־שלום, וואָס איז מיט טויזענטער יאָרען צוריק פּראָקלאַמירט געוואָרען פון אונזערע נביאים, און וועלכען מיר אידען האָבען מיט אַן עקשנות'דיגען מאַר־טירערטום געזוכט צו פאַרשפּרייטען צווישען די פעלקער פון דער וועלט. מלחמה איז, לויט אונזערע חכמים, אַ מבול פון פייער און פלאַם, וואָס די מענשען ברייני־גען אויף זיך אַליין. די וואָלקענס, וועלכע טראָגען אין זיך אָט דעם מבול, זיינען דער „אימפּעריאַליזם" פון די גרעסערע פעלקער, וועלכער שטופּט זיי צו פאַרכאַפּען פרעמדע לענדער, און דער „קאַפּיטאַליזם", וואָס וואָלט וועלען איינשלינגען אַלע אוצרות פון דער וועלט. די אומצופרידענקייטען פון די אונטערדריקטע מאַסען זיינען די שטורעם־ווינטען, אויף וועלכע די וואָלקענס טראָגען זיך אַרום. און ווען אַ צוזאַמענשטויס קומט, גיסען זיי זיך אויס איבער די קעפּ פון אַלע מענשענקינדער און ברייננען פאַרניכטונג איבעראַל.

דער רעגענבויגען, וואָס ווייזט זיך אַמאָל איבער די פאַרוואָלקענטע הימ־לען, איז בלויז אַ מין „אַפּיזמענט", אַ צייטווייליגע פשרה, וואָס האַלט אָפּ דעם מבול פון אויסברעכען. „הוא אינו מביא", דער אויבערשטער וויל דעם מבול ניט ברייננען, „אבל הן באין ונופלין לתוכו" — די פאַרפירטע מענשען אָבער קומען אַליין און פאַלען אין אים אַריין (סוטה, י"א, ע"א). קוים ווען די וואָלקענס ניט פאַרטריבען ווערען, בלייבט נאָך אַלץ די סכנה פון אַ שרעקליכען מבול.

זעהר אַ שיינער געדאַנק איבער „אַפּיזמענט" ווערט געבראַכט אין מדרש, וועלכער דערציילט, אַז אליהו הנביא און רבי יהושע בן לוי זיינען אַמאָל גע־זעסען און געלערנט צוזאַמען אַ געוויסען דין, וואָס איז געזאָגט געוואָרען פון

רבי שמעון בן יוחאי, און איבער וועלכען זיי האָבען זיך געשפּאַרט. רופט זיך אָפּ אליהו הנביא: „הא מרא דשמעתא ניעול ונשייליה" — אָט דאָ ניט ווייט איז דער קבר פון דעם האַר, וואָס האָט דעם דין אַרויסגעזאָגט, לאָמיר אַריינגיין און אים פּרעגען. אַז אליהו איז צו אים אַריינגעקומען, האָט רבי שמעון בן יוחאי געפרעגט: „מאן עמך" — ווער איז געקומען מיט דיר? האָט ער אים געענטפערט: „דער גדול פון היינטיגען דור". פרעגט ער אים ווידער: „נראתה הקשת בימיו" — האָט זיך דער רעגענבויגען געוויזען אין זיינע צייטען? און אַז אליהו הנביא האָט אים געענטפערט, אַז יאָ, האָט רבי שמעון בן יוחאי אויסגערופען: „לית הוא כדאי למחמי סבר אפאי" — ער איז ניט ווערט, אַז איך זאָל אָנקוקען זיין געזיכט (ב"ר, ל"ה).

ווי באַקאַנט, איז רבי שמעון בן יוחאי געווען אַ שטאַרקער געגנער פון זוכען צו מאַכען פשרות מיט די רוימער, וועלכע האָבען אין זיין צייט אונטערדריקט די אידען. ער האָט שטאַרק געטאַדעלט זיינע חברים פאַר זאָגען אַ גוט וואָרט איבער די אויפפירונג פון זייערע הערשער און האָט זיך אויסבאַהאַלטען אין אַ הייל גאַנצע פערצען יאָר, ביז דער שלעכטער קייסער איז געשטאָרבען, און זיינע גזירות זיינען בטל געוואָרען (שבת, ל"ג, ע"ב). קוים האָט זיך דער רעגענבויגען געוויזען אין די צייטען פון רבי יהושע בן לוי, דאָס הייסט, אַז אויך ער איז געווען אַן „אָפּיזער" קעגען רוים, האָט אים רבי שמעון בן יוחאי ניט געוואָלט זעהן.

פונקט ווי דער מבול איז געקומען אַלס שטראָף אויף די אומות העולם פאַר זייערע שלעכטע מעשים, אַזוי איז אויך דער אידישער גלות געקומען צוליב דער שלעכטער אויפפירונג פון די אידען אין זייער אַלטער היים. און פונקט ווי דער מבול האָט מעגליך געמאַכט צוריקצובויען די וועלט אויף שענערע און בעסערע יסודות, אַזוי וועט אויך דער גלות העלפען צו לייטערען די מוחות פון די אידען — צוריקצובויען ארץ־ישראל אויף פעסטערע און זיכערערע נאַציאָנאַלע און גייסטיגע יסודות, ווי פריער.

„בשצף קצף הסתרתי פני רגע ממך" — אין אַן אויסגוס פון צאָרן פאַר דיינע שלעכטע מעשים, האָב איך אויף אַ רגע באַהאַלטען מיין פנים פון דיר, זאָגט דער נביא אין היינטיגער הפטרה. דאָס וועט אָבער תמיד ניט אָנהאַלטען: „בחסד עולם רחמתיך" — מיט אייביגער ליבשאַפט וועל איך דיך צוריק ליב באַקומען. „כי מי נח זאת לי" — דיינע גלות־יאָרען זיינען פאַר מיר, ווי די וואַסערען פון נח'ס צייטען, מיט וועלכע איך האָב פאַר אַ קורצער צייט אָפּ־

געריינִיגט די וועלט פון איר שמוץ, און זי געלאָזט איבערבויען פיל שענער און בעסער. אויך דו וועסט צוריקגעבויט ווערען פיל שענער און בעסער ווי פריער. „בושת עלומיך תשכחי, וחרפת אלמנותיך לא תזכרי עוד" — די שאַנד פון דיין יוגענט וועסטו פאַרגעסען און די חרפה פון דיין אלמנה'שאַפט וועסטו מער ניט געדענקען. דער רעגענבויגען, וואָס וועט דערשיינען איבער דיינע הימלען נאָך דעם גלות־מבול, וועט זיין אויסגעפּוצט אין די שענסטע קאָלירען, ווי אַ כלה, וואָס גייט באַגעגענען איר מאַן, וואָס האָט זיך אומגעקערט פון אַ לאַנגער רייזע.

ב.

## די ליכט פון אידישען גלויבען

### צהר תעשה לתבה.

„נח בכניסתו לתבה הכניס עמו אבנים טובות ומרגליות. בשעה שהיו כהות היה יודע שהוא יום, ובשעה שהיו מבהיקות היה יודע שהוא לילה" — ביים אַריינגיין אין דער תבה, האָט נח מיטגעבראַכט ווערטפולע דימענטען און פערל. ווען זיי זיינען געווען טונקעל, האָט ער געוואוסט, אַז עס איז טאָג, און ווען זיי האָבען אויפגעשיינט, האָט ער געוואוסט, אַז עס איז נאַכט (ירושלמי פסחים פ"א, הלכה א').

מאַנכע פון אונזערע חכמים זוכען צו מאַכען אַ פאַרגלייך צווישען נח, דעם פאָטער פון דער סעמיטישער ראַסע, און אברהם, דער פאָטער פון דעם אידישען פאָלק. וועגען נח ווערט געזאָגט, אַז ער איז געווען „צדיק תמים בדורותיו" — אַ פרומער צדיק אין זיינע דורות, באַמערקען אויף דעם די חז"ל: „אלו היה בדורו של אברהם לא היה נחשב לכלום" — ווען ער וואָלט געווען אין דעם דור פון אברהם, וואָלט ער אַ קנאַפּע חשיבות געהאַט. אין פאַרגלייך צו דער ריזיגער געשטאַלט פון אברהם, איז די געשטאַלט פון נח קליין און מינדער־וויכטיג. פאַר זיין דור, וועלכער איז געווען פאַרדאָרבען, ווערט נח פאַררעכענט פאַר'ן גרעסטען צדיק. אברהם אָבער איז געווען און וועט פאַרבלייבען דער גרויסער צדיק פון אַלע דורות.

און די חכמים ציהען ווייטער דעם פאַרגלייך פון זיי ביידען, זיי זאָגען: „בנח נאמר את אלקים התהלך נח, ובאברהם נאמר: התהלך לפני" — וועגען נח׳ן ווערט געזאָגט, אַז ער איז געגאַנגען מיט גאָט און וועגען אברהמ׳ען, אַז ער איז געגאַנגען פאַר גאָט. ווייזט דאָך אין פלוג אויס, אַז נח איז געווען גרעסער, ווייל ער איז געגאַנגען מיט גאָט ווי זיינס אַ גלייכען. איז עס אָבער אַ טעות אַזוי צו דיינקען. „משל למלך שהיו לו שני בנים אחד גדול ואחד קטן, אמר לקטן הלך עמי ולגדול הלך לפני" — דאָס איז געגליכען צו אַ קעניג, וואָס האָט צוויי קינדער, איינער אַ גרויסער און איינער אַ קליינער. זאָגט ער צו דעם קלענערען קום מיט מיר, און דעם גרעסערען הייסט ער גיין פאַר אים (ב"ר פ"ל).

נח איז ניט געווען אַזוי גרויס און שטאַרק אין זיין אמונה ווי אברהם. ווען גאָט וואָלט אים ניט געהאָלפען, וואָלט ער אפשר געוואָרען אויס צדיק און זיך אויפגעפירט ווי די אַנדערע פון דעם דור המבול. „את אלקים", מיט גאָט, מיט זיין „סמך וסעד", מיט זיין הילף „התהלך נח" — האָט נח געקאָנט גיין אין גלייכען וועג און זיין דער צדיק פון זיין דור. אברהם, אָבער, איז געווען אַזוי־פיל אַנגעזאָפּט מיט דער גאָטהייט, אַז ער האָט ניט געדאַרפט קיין הילף צו זיין אַ צדיק. ער איז זיך געגאַנגען זיין וועג און האָט אַנגעפירט זיינע פאַרשידענע געשעפטען אָבער אין אַלץ איז ער געווען אַ „תמים", גאַנץ און אויסגעהאַלטען. ער האָט תמיד געהאַט גאָט אין זינען. וואָס ער האָט געטאָן און וואו ער האָט זיך געפונען, האָט ער זיך פעסט געהאַלטען ביי זיינע רעליגיעזע איבערצייגונ־גען. די מענשען אַרום אים און מיט וועלכע ער איז געקומען אין טעגליכע באַרירונגען האָבען אים ניט געקאָנט אַראָפּפירען פון וועג צו ווידערשפעניגען דעם ווילען פון גאָט.

און דער באַווייז איז: „ויחל נח איש האדמה" — אַזוי גיך ווי נח איז געוואָרען אַן ערד־מענש, „נתחלל ונעשה חולין" — איז ער פאַרשוועכט גע־וואָרען און געוואָרען וואָכעדיג (ב"ר, ל"ו). ער פלאַנצט אַ ווינגאָרטען, טרינקט צופיל פון דעם וויין, ווערט שיכור און וואַלגערט זיך אין זיין געצעלט, וואו זיינע קינדער זעהען „את ערות אביהם", **די שאַנד פון זייער טאַטען. אַזעלכע** אויפפירונגען זיינען ווייט פון צו זיין די מעשים פון אַ „צדיק תמים", וואָס מוז שטענדיג זיין ריין און אויסגעהאַלטען. „שיכרות" איז אַ פּרוכט פון דעם שטן, און דער, וואָס שיכור׳ט, איז זיינער אַ שותף ווי דער מדרש שילדערט:

„בשעת נח האָט זיך געשטעלט פלאַנצען דעם ווינגאָרטען, איז געקומען

דער שטן און האָט אים פאַרגעלייגט, ער זאָל אים צונעמען פאַר אַ שותף. נח האָט מסכים געווען, און דער שטן האָט זיך גענומען צו דער אַרבייט. צוערשט האָט ער געבראַכט אַ שעפּס און אים געשאָכטען, באַשפּריצענדיג מיט זיין בלוט דעם פאַרפלאַנצטען ווייַנשטאָק. דאַן האָט ער געבראַכט אַ לייב און אַ חזיר און מיט זייער בלוט געטאָן דאָסזעלבע. און דעריבער, אַז דער מענש טרינקט אויס דעם ערשטען בעכער וויין, ווערט ער ליבליך און געמיטליך ווי אַ שעפּסעלע. נאָכ'ן צווייטען בעכער ווערט ער מונטער און קריגט קוראַזש ווי אַ לייב. נאָכ'ן דריטען און פערטען כוס אָבער ווערט ער ענליך צו אַ חזיר, וואָס וואַלגערט זיך אין אַלערליי שמוץ און בלאָטע" (מדרש אבכיר).

פיל פון די בעלי אגדה אין דער גמרא און מדרש זעהען אין דער געשיכטע פון נח מיט'ן מבול אַ פאַרשטעלונג פון דעם אידישען לעבען אין גלות. זיי זעהען אין דעם דור־המבול די פאַרשיידענע פעלקער פון דער וועלט. דער מבול ווערט פון זיי באַשריבען אַלס אַ גרויסע וועלט־קאַטאַסטראָפע, וואָס די מענשען פון דעם דור האָבען אויף זיך אַליין געבראַכט. נח ווערט געשילדערט אַלס דאָס אידישע פאָלק, און די תבה אַלס די אידישע היים, די אידישע שוהל, אין וועלכער ער ראַטעוועט זיך מיט זיינע קינדער.

דער דור־המבול איז געווען העכסט פאַרדאָרבען. זייער מאָראַל איז גע־פאַלען צו דער נידריגסטער שטופע, וואָס האָט אונטערגעגראָבען אַלע יסודות פון דער מענשליכער געזעלשאַפט (מ"ר ל"א). נח מיט זיין פאַמיליע זיינען געווען די איינציגע פיינע מענשען אין יענעם דור, און האָבען זיך געהאַלטען אָפּגעזונדערט פון זיי און אויסגעמיטען זייערע שלעכטע דרכים. דאָס האָט זיינע שכנים זעהר פאַרדראָסען און זיי האָבען אים שטאַרק רודף געווען (מדרש שוחר טוב). אום צו שיצען זיך מיט זיינע קינדער פון דער דראָהענדער גע־פאַר, האָט ער זיך געבויט אַ תבה, אַ באַזונדערע היים, מיט אַ באַזונדער שוהל, צו וועלכער ער האָט ניט צוגעלאָזט קיין „דבר עבירה", קיין זינדיגע זאַך (סנהדרין ק"ט).

אין דער תבה האָט ער אַריינגענומען די שיינע אידישע טראַדיציעס און מנהגים, וועלכע ווערען אין תלמוד צוגעגליכען צו „אבנים טובות ומרגליות", דימענטען און פערל, וואָס האַלטען־אויף דאָס אידישע ליכט. אַזוי איז נח'ן געלונגען צו ראַטעווען זיך מיט זיינע קינדער פון דער גרויסער קאַטאַסטראָפע, דעם שרעקליכען מבול, וואָס האָט פאַרפלייצט די גאַנצע וועלט.

פונקט ווי נח, אַזוי אויך דאָס גאַנצע אידישע פאָלק קאָן באַר דאַן עקזיס־

טירען צווישען די פיל שונאים, וואָס רינגלען אים אַרום, אויב ער האַלט אָן זיין אייגנאַרטיג לעבען, וואָס פאַרבינדט אים מיט אומשטערבליכקייט. אום זיך צו באַשיצען פון דעם שרעקליכען מבול, דעם שטענדיגען אויסגוס פון שנאה און פאַרפאָלגונגען, זאָלען די אידען איבעראַל בויען זייערע אייגענע תבות, וועלכע זאָלען באַלויכטען ווערען מיט אבנים טובות ומרגליות, די ליכטיגע תורה־אידעאַלען און טראַדיציעס.

דער „ירושלמי" באַמערקט אָבער, אַז אין דעם לעבען פון די אידען אין גלות האָבען די אומשטענדען און אומגעבונגען תמיד אַריינגעבראַכט שינויים אין זייער באַציהונג צו אמונה און טראַדיציע: אין ליכטיגע טאָג־פעריאָדען, אין פרייע לענדער, איז דער שיין פון אמונה ביי זיי געווען טונקעל, אין פינס־טערע צייטען, אָבער, האָט די אמונה געשיינט און זיי באַלויכטען זייער וועג.

דער אברבנאל באַמערקט אויף דעם: „ווען דער איד הויבט אָן צו פילען די פינסטערניש פון גלות, דאַן שיינט ביי אים אויף דער ליכט פון גלויבען, ווי איך האָב עס מיט מיינע אייגענע אויגען געזעהן ביים גירוש ספרד, ווען ביי די ערגסטע אידען האָט דעמאָלט אויפגעוואַכט און אויפגעלויכטען דער ‚אור ישראל', די אידישע ליכט פון תורה און אמונה".

## הפטרה

### וואָרום זיינען אידען ניט אונטערגעגאַנגען?

**רני עקרה לא ילדה — כי רבים בני שוממה מבני בעולה.**

„רני כנסת ישראל שלא ילדה בנים לגיהנום — הרבה צדיקים העמידה לי בחורבנה יותר משהעמידה לי בבנינה" — די כנסת ישראל מעג זינגען, ווייל זי האָט ניט געבוירען קיין קינדער פאַר דעם גיהנום; פיל מער צדיקים האָט זי מיר צוגעשטעלט אין איר חורבן ווי זי האָט מיר צוגעשטעלט, ווען זי איז געווען געבויט (ילקוט שמעוני, שהש"ר).

אַ נאַציע, וואָס לעבט אין גלות, איז אַן „עקרה", אַ קינדערלאָזע. איר שאַפונגס־קראַפט פאַרשווינדט און זי ווערט אַ „תולה בדעת אחרים", אונטער־

וואָרפֿען און אָפּהענגיג פֿון אַנדערע. דער פּראָצעס פֿון צופּאַסונג, אין אַלע לענדער, וואָס זי שלאָגט אָן אין איר וואַנדערן, באַרויבט איר פֿון איר אָריגי־נאַליטעט. די השפּעה פֿון די פֿרעמדע לאָזט זיך שטאַרק מערקען אין אַלע אירע אויפֿטואונגען, וועלכע געהערען ניט צו איר, און זי איז קיינמאָל מיט זיי ניט זיכער.

דער גלות שטעלט זעהר גרויסע פֿאָדערונגען. אַלע מעלות און גייסטיגע דערגרייכונגען פֿון דעם גר, פֿון דעם פֿרעמדען, האַלט ער פֿאַר זיך, און לאָזט איהם בלויז איבער די חסרונות און נידערלאַגעס. די עילוים, קינסטלער, גייס־טיגע שעפֿער, וואָס דער וואַנדערער גיט אַרויס, ווערען קאָאָפּטירט און פֿאַר־שריבען אויפֿ׳ן חשבון פֿון די פֿעלקער, צווישען וועלכע ער געפֿינט זיך. אויף זיין חשבון ווערען געשטעלט נאָר די, וואָס ברייגען שאַנד אויף זיין פֿאָלק און וועלכע מען קאָן אויסנוצען אַלס אַן אויסרייד פֿאַר רדיפֿות און פֿאַרפֿאָל־גונגען.

„כל הדר בחוץ לארץ דומה כמי שאין לו אלוק׳״ — ווער עס וואוינט אין חוץ־לארץ דאַכט זיך אויס, אַז ער האָט ניט קיין אייגענעם גאָט (כתובות קי״א). אויך אין „עניני אמונה״, אין רעליגיעזע אנגעלעגנהייטען, איז אַן אומה אין גלות אַן „עקרה״. אין דער פֿרעמד קאָן זיך די שכינה ניט אָריענטירען; אויך זי פֿילט זיך ניט היימיש און איז אין גלות.

דאָס אידיש פֿאָלק אָבער איז אַן אויסנאָם. טראָץ זיין לאַנגען וואַנדערען אין די פֿאַרשיידענע גלות׳ען מיט די אוממענשליכע רדיפֿות, וואָס ער האָט גע־האָט אויסצושטייך, איז ער געבליבען גאַנץ און האָט זיין נאַציאָנאַלען פּנים ניט פֿאַרלוירען. דער נביא, אין דער היינטיגער הפטרה, וועלכער רעדט וועגען דער צוריק־אויפֿבויאונג פֿון דעם אידישען פֿאָלק, גיט אָן די אורזאַך פֿאַר דער אידישער אומשטערבליכקייט. ער זאָגט: „רני עקרה״, די כנסת ישראל מעג זינגען און זיך פֿרייען מיט איר ענדגילטיגען זיג, ווייל כאָטש זי איז פֿאַר אַזאַ לאַנגער צייט געווען אַן „עקרה״ און האָט ווייניג געשאַפֿען פֿאַר זיך, באַשטייט, אָבער איר גרויסקייט אין דעם, וואָס „לא ילדה — בנים לגיהנום״, זי האָט אירע קינדער ניט מפקיר געווען אויפֿ׳ן מזבח פֿון אַסימילאַציע און אונטערגאַנג. אין געגענטייל, „רבים בני שוממה מבני בעולה״, זי האָט אין איר חורבן אין גלות פֿון זיך אַרויסגעגעבען פֿיל מער געטרייע קינדער צו איר פֿאָלק, ווי ווען זי האָט געבאַלעבאָטעוועט אין איר אייגען לאַנד.

דער גרויסער און לאַנגער גלות האָט דאָס אידיש פאָלק געלייטערט. „כי מי נח זאת לי" — פונקט ווי נח האָט זיך געראַטעוועט פון דעם שרעקליכען מבול אין אַ ספעציעלער תבה, וואָס ער האָט געבויט פאַר זיך און זיינע קינדער, אַזוי אויך האָבען זיך די אידען געראַטעוועט פון די גרויסע מבול'ס, וואָס דער גלות האָט אויף זיי אָפט געבראַכט, מיט דעם, וואָס זיי האָבען געבויט זייערע אייגענע „תבות", זייערע אייגענע היימען און שוהלען, וועלכע האָבען זיי געגעבען די מעגליכקייט צו קאָנען אָנהאַלטען זייער אייגענאַרטיגען פאָלקס־כאַראַקטער.

ג.

## דער דורכפאַל פון דער ערשטער „יונייטעד ניישאָנס"

**ויהי כל הארץ שפה אחת.**

„למה הדבר דומה, לצנצנת מלאה חגבים. עלה הראשון ונפל, השני ונפל, והשלישי ונפל. שלישי לא למד מן השני והשני לא למד מן הראשון" — דאָס איז געגליכען צו אַ גלאָז פול היישעריקען. איינער האָט געפּרואווט אַרויפצוקלעטערען און איז אַראָפּגעפאַלען, אַ צווייטער האָט געפּרואווט אַזוי צו טאָן און איז אַראָפּגעפאַלען, און אויך אַ דריטער איז אַראָפּגעפאַלען. דער דריטער האָט ווייניג געלערענט פון דעם צווייטען און דער צווייטער האָט ווייניג געלערענט פון דעם ערשטען (מדרש תנחומא).

די שרעקליכע וועלט־מלחמה, וועלכע האָט זיך נאָר־וואָס פאַרענדיגט, האָט פאַראורזאַכט גרויסע איבערקערענישען און געבראַכט געוואַלדיגע ענדערונגען אין דער פאָליטישער און אויך אין דער עקאָנאָמישער לאַגע פון דער וועלט. גרויסע און מעכטיגע אימפּעריעס זיינען אויפגעטרייסעלט געוואָרען און האָבען פאַרלאָרען זייער קאָלאָניאַלע מאַכט. פילע פון זיי זיינען איינגעשרומפּען געוואָרען אין קליינע און שוואַכע מלוכות. גרויסע באַפעלקערונגען, וועלכע זיינען יאָרענלאַנג געזעסען אויף זייערע ערטער, ווערען איצט איבערגעזיידעלט פון איין לאַנד אין אַ צווייטען. גרעניצען ווערען איבערגעטאַשט און די לאַנד־קאַרטע פון אונזער ערד־קוגעל וועט באַקומען אַ גאַנץ אַנדער אויסזעהן.

אַלע לענדער, וועלכע זיינען געווען פאַרמישט אין דעם קריג, איבערהויפּט די גרעסערע און מעכטיגערע פון זיי, האָבען זיך איצט פאַרנומען אויסצוגלייכען

די פאַרשיידענע סכסוכים פון די פעלקער און אויספאַרמירען אַ צוקונפט, וואָס זאָל כלומר׳שט פאַרזיכערען דעם וייטערדיגען פרידען פון דער וועלט. פילע קאָנווענשאָנס און קאָנפערענצען פון דעלעגאַטען און פאָרשטייער פון די פאַרשיידענע מלוכות זיינען שוין אָפגעהאַלטען געוואָרען און דער שיקזאָל פון יעדער מדינה הענגט אויפ׳ן וואָגשאָל און וואַרט געשליכטעט צו ווערען.

זיי האָבען געגרינדעט אַ „יונייטעד ניישאָנס״, אַ פאַראייניגונג פון אַלע פעלקער, וועלכע זאָל גאַראַנטירען יעדען לאַנד און יעדער נאַציע דאָס רעכט צו לעבען אומגעשטערט און זיך אַנטוויקלען לויט די אייגענע כוחות און פעהיגקייטען. ספעציעל ווערט פאָרגעשלאָגען אַ פלאַן צו אינטערנאַציאָנאַליזירען געוויסע סטראַטעגישע פונקטען, ווי דעם מיטעללענדישען ים, דעם פאָרט פון טריעסט, די דאַרדאַנעלען א. ד. גל. אויב דאָס זאָל קאָנען געשעהן, זאָגען אונז די פאַרפאַסער פון דעם פלאַן, וועלען אַלע שטרייט-וויכוחים צווישען די פעלקער אויסגעגליכען ווערען און די וועלט וועט קאָנען לעבען אין שלום און אחדות.

נו, זיינען שוין פאָרגעקומען אין לאָנדאָן און אין מאָסקווע זיצונגען פון די הויפט אַרכיטעקטען פון דעם פלאַן, די אויסלאַנד-מיניסטאָרען פון די פינף גרויסע מלוכות, און זיי האָבען זיך בשום אופן ניט געקאָנט אייניגען צווישען זיך ווי אַזוי דעם פלאַן דורכצופירען. וואָכענלאַנג זיינען זיי געזעסען און פאַרהאַנדעלט. פיל הייס-בלוט האָט זיך געשאָפען צווישען די טאָנגעבער און זייער פרואוו איז געווען אַ דורכפאַל. מען האָט טאַקע אויסגעלופטערט פילע פון די באַהאַלטענע כוונות און אייגעננוציגע דערגרייכונגען, וואָס יעדע פון די גרויס-מאַכטען דערוואַרט צו באַקומען פון דעם זאָגענאַנטען וועלט-פרידען — און ביי דעם איז מען געבליבען. די מיניסטאָרען האָבען זיך צוריקגעקערט צו זייערע לענדער מיט ליידיגען און איצט זוכען זיי צו דערקלערען די אורזאַכען, וועלכע האָבען געפירט צו דעם אַנטוישענדען דורכפאַל.

אַז די אידייע פון אינטערנאַציאָנאַליזאַציע און פאַראייניגען אַלע ראַסען און פעלקער אין אַ מין „יונייטעד ניישאָנס״ איז ניט קיין נייע, קאָנען מיר אַרויסלערנען פון דער היינטיגער סדרה. און אויב מיר פאַרטיפען זיך אין די געדאַנקען, וואָס אונזערע בעלי-אגדה זאָגען אַרויס איבער דעם קאָמפּליצירטען ענין, קאָנען מיר לייכט זעהן וואָרום דער ערשטער צוזאַמענקום פון די אויסלאַנד-מיניסטאָרען פון די גרויס-מאַכטען איז געווען אַ דורכפאַל. לאָמיר פרובירען פאַרשטיין דאָס מערקווירדיגע, כמעט אומפאַרשטענדליכע בילד, וואָס

די היינטיגע סדרה גיט אונז איבער דער שאַפונג און דעם צוזאַמענבראָך פון דער פאַראייניגונגס־אידייע אין די צייטען פון דעם „דור הפלגה" און ווי אונ־זערע חכמים דערקלערען עס.

כאָטש אַלע מענשען קומען פון איין פאָטער און זיינען פאַרמירט „בחותמו של אדם הראשון", לויט'ן מוסטער פון דעם ערשטען מענשען, „אין אחד מהם דומה לחברו", איז דאָך איינער ניט גלייך צום צווייטען. יעדער מענש אונטער־שיידעט זיך פון דעם אַנדערען „בקול, במראה ובדעת", אין שטים, אין אויסזעהן און אין פאַרשטאַנד (סנהדרין ל"ח ע"א). אַזוי איז געווען דער ווילען פון גאָט, זאָגען אונז די חכמים, ווייל גראָד צוליב דעם, וואָס די מענשען אונ־טערשיידען זיך איינע פון די אַנדערע, איז יעדער אימשטאַנד בייצוטראָגען זיין געהעריגען חלק צו דער אַנטוויקלונג פון דער וועלט. די באַזונדערע כאַ־ראַקטערען פון די מענשען און זייער אויסטויש פון פאַרשיידענאַרטיגע באַ־גריפען און מיינונגען באַרייכערט די מענשהייט און מאַכט איר פראָדוקטיוו און שאַפונגס־פעהיג.

פונקט ווי די אייגענאַרטיגקייט פון דעם יחיד העלפט בויען אַ פאַרבענ־רייכע געזעלשאַפט פון מענשען אין אַ שטאַט אָדער אין אַ לאַנד, אַזוי אויך די אייגענאַרטיגקייט פון אַ ראַסע אָדער אַ פאָלק ביישטייערט אַ געהעריגען חלק צו דער געשטאַלטונג פון דעם פעלקערטום אין דער וועלט. די איינטיילונג פון מענשען אין פאַרשיידענע ראַסען און פעלקער ווייזט „גדולתו של הקב"ה", די גרויסקייט פון דעם אויבערשטען (שם). מענשען פון אַ באַזונדערען אויס־זעהן און דיזעלביגע כאַראַקטערען, וועלכע לעבען אונטער ענליכע אומשטענדען, באַזיצען גאַנץ אַנדערע באַגריפען, נייגונגען און אַספּיראַציעס. אויב זיי ווערען ניט געשטערט און באַקומען די פולע מעגליכקייט זיך צו אַנטוויקלען לויט זייערע אייגענע אַנזיכטען און כוחות, וועט יעדער פון זיי צוטראָגען אַן אייגענאַרטיגען חלק צו דער אַנטוויקלונג פון דער וועלט. זייערע פאַרשיידענע אייגענשאַפטען און פעהיגקייטען וועלען דערגענצען איינע די אַנדערע און מאַכען די גאַנצע מענשהייט אינטערעסאַנט און פאַרבענרייך.

טרעפט אָבער אַמאָל, אַז די אָדער יענע ראַסע פאַלט אונטער דער הער־שאַפט פון „נפילים", פון געפאַלענע, נידעריגע און גייצרייכע הערשער, וועלכע גיבען זיך אַרויס פאַר „בני אלקים", פאַר אויבערמענשען, און זוכען צו באַ־הערשען די וועלט און צווינגען אַלע אַנדערע ראַסען און פעלקער זיי צו דינען און צאָלען שטייערען. דאָס פירט צו אַזאַ לאַגע, אַז „ותמלא הארץ חמס",

די גאַנצע וועלט ווערט פול מיט רויב און מאָרד און מוז ענדליך חרוב ווערען. עס ברעכט אויס אַ שרעקליכער מבול, אַ קאַטאַסטראָפע, וואָס כאַפּט אַרום „את כל היקום", די גאַנצע באַפעלקערונג פון דער וועלט. לענדער און שטעט ווערען חרוב; הייזער, פעלדער און וועלדער ווערען אָפּגעמעקט פון דער ערד, מענשען און חיות פאַלען ווי די פליגען און די מי און אַרבייט פון לאַנגע דורות ווערט פאַרפלייצט פון די ברויזענדע כוואַליעס, וואָס פאַרניכטען אַלץ אין זייער וועג.

די וועלט ווערט אָבער געראַטעוועט פון די שטילע און גאָטס־פאָרכטיגע נח'ס, וועלכע בויען אַ גרויסע „תבה", אַ מין אַליאירטע מאַכט, כדי צו קאָנען ווידערשטיין די ווילדע אָנפאַלען פון די גרויזאַמע שטראָמען. כל זמן די קאַטאַסטראָפע האָט אָנגעהאַלטען, האָבען זיך אַלע צוויי־פיסיגע און פיר־פיסיגע חיות געהאַלטען פאַראייניגט אין דער תבה און האָבען צוזאַמען פאָרטגעזעצט זייער קאַמף קעגען דעם אויסערליכען שונא, וואָס האָט געזוכט זיי צו פאַרניכטען. אַזוי גיך אָבער ווי די געפאַר איז פאַראיבער, „נפרדו איי הגוים בארצותיהם איש ללשונו למשפחותיהם בגויהם" — האָבען זיך די פאַרשיידענע ראַסען פון די פעלקער פאַנאַנדערגעטיילט אין זייערע לענדער, יעדער לויט זיין שפראַך, זיין פאַמיליע און זיין פאָלק.

די נמרוד'ס, די פאַרבליבענע גרויסע הערשער, זוכען אָבער צו שאַפען אַ פאַראייניגונג צווישען פעלקער און פראָפּאַגאַנדירען: „הבה נבנה לנו עיר ומגדל וראשו בשמים ונעשה לנו שם, פן נפוץ על פני כל הארץ", לאָמיר פאַר זיך בויען אַ שטאָט מיט אַ גרויסען טורעם, וועמעס שפיץ זאָל גרייכען ביז די הימלען, און לאָמיר פאַר זיך מאַכען אַ פאַראייניגטען נאָמען, אַ געמיינזאַמען ציל, כדי מיר זאָלען מער ניט פאַרשפּרייט ווערען איבער דער גאַנצער וועלט. אין דער היינטיגער פּאָליטישער שפּראַך קאָן דאָס הייסען, אַז דער פּלאַן איז געוועזען צו גרינדען אַ „יונייטעד ניישאָנס", אַ פאַראייניגונג פון אַלע פעלקער.

פון זייער גרויסען פּלאַן איז אָבער גאָרנישט געוואָרען, ווייל „בלל ה' שפת כל הארץ" — גאָט האָט אַריינגעבראַכט אַ מישמאַש אין זייערע שפּראַכען. אַ גרויסע מיספאַרשטענדעניש האָט אויסגעבראָכען צווישען זיי, וואָס האָט געשטערט זייער פאַראייניגונג. זיי האָבען, ווי היינט, ניט געזוכט צו שאַפען אַ פולשטענדיגע פאַראייניגונג פון אַלע פעלקער, מיט גלייכבאַרעכטיגונג פאַר אַלעמען. „נתכנסו כל הארצות בראש טורין והיתה כל אחת בולעת אנשי מקומם" — די אַלע גרויסע לענדער האָבען זיך פאַרזאַמעלט, יעדער אויף זיין שפּיץ

באַרג, און געזוכט איינצושלינגען די אַנדערע מענשען פון זייערע ערטער (ב״ר ל״ח). יעדע פון די גרויסמאַכטען האָט געזוכט צו פאַרכאַפּען די קלענערע לענדער אין זייער שכנות און זיי אַרייננעמען אין זייער פּאָליטישען קרייז.

און איצט פאַרשטייען מיר דעם טיפען געדאַנק, וואָס ווערט אויסגעדריקט אין דעם אויבען־ציטירטען מדרש: „למה הדבר דומה״ — די זאַך איז געגליכען „לצנצנת מלאה חגבים״, צו אַ גלאָז פול מיט היישעריקען. אָט די היישעריקען, וועלכע זיינען באַפאַלען פילע לענדער און זיי חרוב געמאַכט, האָבען זיך איינגעשלאָסען אין אַ גלאָז, אין אַן אייגענעם כשוף־קרייז, וואָס לאָזט זיי ניט אַרויס אין דער ברייטער וועלט און באַטראַכטען די גאַנצע פראַגע אָביעקטיוו און נייטראַל. איינער פון זייערע מיניסטאָרען „עולה ונפל״, פּרובירט אַרויסצוקריכען, אָבער ער פאַלט דורך, און אַזוי אַ צווייטער און אַ דריטער. און דער אומגליק באַשטייט אין דעם, וואָס „השלישי לא למד מן השני והשני לא למד מן הראשון״, דער דריטער האָט גאָרנישט געלערענט פון דעם צווייטען און דער צווייטער האָט גאָרנישט געלערענט פון דעם ערשטען.

אויב דער אַפּעטיט פון די גרויסמאַכטען איינצושלינגען די קלענערע פעלקער וועט ניט אָפּגעשוואַכט ווערען, האָבען מיר מורא, אַז די היינטיגע „יונייטעד ניישאָנס״ וועט גיין אין דעמזעלבען וועג ווי די אַמאָליגע איז געגאַנגען, ווייל די אימפּעריאַליסטישע פעלקער, ווי עס ווייזט אויס, האָבען נאָך ליידער גאָרנישט געלערענט און גאָרנישט פאַרגעסען.

---

# הפטרה

## אַ פאַרגלייך פון אידישען גלות צום מבול

**אשר נשבעתי מעבר מי נח עוד על הארץ.**

„כשאמר הקב״ה לנח צא מן התבה, לא קבל לצאת, אמר אצא ואהיה פרה ורבה למארה! עד שנשבע לו, שאינו מביא מבול לעולם״ — ווען גאָט האָט געזאָגט צו נח׳ן, אַז ער זאָל אַרויס פון דער תבה, האָט ער ניט געוואָלט אַרויסגיין. ער האָט גע׳טענה׳ט: איך וויל ניט געבוירען קיין קינדער, אַז זיי זאָלען זיין פאַרשאָלטען; ביז גאָט האָט געשוואוירען, אַז ער וועט מער ניט ברייגנען קיין מבול אויף דער וועלט (ילקוט שמעוני).

דער נביא אין דער היינטיגער הפטרה מאַכט אַ פאַרגלייך פון דעם אידישען גלות צו דעם מבול און זאָגט צו די אידען: זייט ניט שטאַרק פאַרצווייפעלט צוליב די שרעקליכע ליידען, וואָס איר האָט דורכצומאַכען אין אייער שווערען און לאַנגען גלות. „כי מי נח זאת לי" — דאָס איז פאַר מיר ווי דער געוויסער אין די צייטען פון נח. פונקט ווי דער מבול איז געקומען אויף דער וועלט אַלס שטראָף אויף די אומות העולם פאַר זייערע שלעכטע מעשים, אַזוי איז אויך דער גלות געקומען אויף די אידען אַלס שטראָף פאַר זייער שלעכטער אויפ־פירונג אין זייער אַלטער היים. אָבער פונקט ווי די וועלט איז נאָך דעם מבול צוריקגעבויט געוואָרען אויף שענערע און בעסערע יסודות, אַזוי וועט אויך דאָס אידיש פאָלק און זיין לאַנד, נאָכ'ן גלות, צוריקגעבויט ווערען אויף פעס־טערע און מער זיכערע יסודות ווי פריער.

„אשר נשבעתי מעבר מי נח על הארץ" — אַזוי גוט ווי איך האָב גע־שוואוירען און פאַרשפּראָכען נח'ן מער ניט צו ברייגנען דעם געוויסער פון דיינע צייטען אויף דער וועלט, „כן נשבעתי מקצף עליך ומגער בך" — אַזוי שווער איך מער ניט צו צערנען אויף דיר אָדער צו שרייען אויף דיר. דו זאָלסט זיך אויך ניט שרעקען פאַר די שטערונגען, וואָס די גרויסע און מעכ־טיגע אימפעריעס לייגען דיר אין וועג. „כי ההרים ימושו והגבעות תמוטינה"— ווייל די בערג וועלען זיך רירען פון זייערע ערטער און די הויכען וועלען זיך וואַקלען. אַט די גרויסע און מעכטיגע מלוכות וועלען אויפגעטרייסעלט ווערען צוליב די אומרעכטען, וואָס זיי זוכען צו באַגיין קעגען דיר.

„כל כלי יוצר עליך לא יצלח" — איטליך געצייג, וואָס זיי פורמען קעגען דיר, וועט ניט געלינגען. מיט זוכען צו שאַפען אַ שאָטענדיגע „אַראַבישע ליגע" צו סטראַשען די פריינטליכע לענדער מיט אומרוען, אויב מען וועט דיר געבען דאָס רעכט צו גיין צוריק צו דיין לאַנד און דאָרט בויען דיין נאַציאָנאַלע היים, וועלען זיי מיינע גרויסע פּלענער פאַר דיין צוקונפט ניט אָפּהאַלטען. „כל לשון תקום אתך למשפט תרשיעי" — יעדען צונג, וואָס וועט זיך שטעלען אין משפט מיט דיר וועסטו שולדיג מאַכען. די וועלט וועט ענדליך איינזעהן דעם גרויסען פאַרראַט פון דער אימפעריע, וואָס האָט דיר פאַרשפּראָכען צו העלפען בויען דיין היימלאַנד. דיינע קינדער וועלען מער ניט אויסגעזעצט ווערען „למארה", צו דעם שרעקליכען פלוך פון צו זיין שטענדיג נע ונד. דו וועסט ווערען אַ פאָלק מיט אַלע פעלקער צוגלייך.

ד.

## די תקופות פון אידישען אורשפרונג

### ויהי כל הארץ שפה אחת ודברים אחדים.

„אמרו דברים חדים על שני יחידי עולם, על ה' ועל אברהם. אמרו אי אפשינו לא בו ולא באלקותו" — זיי האָבען גערעדט שאַרפע רייד קעגען די צוויי יחידים פון דער וועלט, קעגען גאָט און קעגען אברהם. זיי האָבען געשריען: מיר ווילען ניט אים און ניט זיין גאָט (במ"ר פ' ל"ה).

איבער צוויי דורות, דער „דור המבול" און דער „דור הפלגה", וועלכע האָבען קעגען זיך אַרויסגערופען דעם צאָרן פון גאָט און פאַראורזאַכט גרויסע וועלט־קאַטאַסטראָפעס, ווערט דערציילט אין דער היינטיגער סדרה. ביידע דורות און די תקופות, אין וועלכע זיי האָבען געלעבט, זיינען ענג פאַרבונדען מיט דער אידישער געשיכטע, ווייל אין דער צייט פון דעם דור־המבול איז געבוירען געוואָרען „שם", דער פאָטער פון אונזער ראַסע, און אין דער צייט פון דעם דור־הפלגה איז געבוירען געוואָרען „אברהם", דער פאָטער פון אונזער פאָלק און דער גרינדער פון אונזער אמונה. אין אַ פעריאָד פון איין גרויסען וועלט־שמערץ ווערט געלייגט דער יסוד פאַר דעם אידישען גוף און אין אַ צווייטער — פאַר דער נשמה...

די וועלט פאַר דעם מבול, לויט אונזערע חז"ל, איז געווען איין גרויסער גן־עדן פאַר די מענשען, וועלכע האָבען דאַן געלעבט. די רייכע נאַטור האָט זיי באַזאָרגט מיט אַלע גוטסקייטען און עס האָט זיי קיין זאַך ניט געפעלט. אָבער די צו־פיל גוטס, וואָס גאָט האָט זיי געגעבען, האָט זיי אַראָפגעפירט פון דעם גלייכען וועג. זיי האָבען זיך גענומען יאָגען נאָך אַלערליי תאוות און קערפערליכע פאַרגעניגענס און זיינען מאָראַליש געזונקען צו דער נידעריגסטער שטופע. אפילו די „בני אלקים", די העכערע שיכטען פון פאָלק, די געבילדעטערע צווישען זיי, זיינען געוואָרען „נפילים", געפאַלענע ברואים, מיט נידעריגע כאַראַקטערען, וואָס האָבען אונטערגעגראָבען אַלע יסודות פון דער מענשליכער געזעלשאַפט (סנהדרין ק"ח, ב"ר ל"א).

בלויז איין קליינע פאַמיליע פון ערליכע און שטילע מענשען האָט דאַן געלעבט אויף דער וועלט — נח מיט זיינע דריי זין: שם, חם און יפת. זיי האָבען זיך געהאַלטען אָפגעזונדערט פון די אַרומיגע שכנים און אויסגעמיטען

זייערע שלעכטע דרכים. נח איז אויך געווען באַקאַנט אונטער דעם נאָמען „נחמני", דער טרייסט, ווייל ער האָט דערפונדען דעם אַקער־אייזען, וואָס האָט פיל פאַרגרינגערט די אַרבייט אויף די פעלדער און באַרייכערט די אַגריקולטור פון דער וועלט (מדרש אגדה ס׳ ח׳). ווען נח האָט געזעהן די ווילדע אויפפי־רונגען פון זיינע שכנים, האָט ער זיי געוואָרענט, אַז מיט זייערע שלעכטע מעשים וועלען זיי ברענגען אַן אומגליק אויף דער וועלט. האָבען זיי זיך אָבער פון אים אויסגעלאַכט און נאָך אָנגעהויבען אים שטאַרק צו רודפ׳ן (מדרש שוחר טוב).

**„ותמלא הארץ חמס" — די וועלט איז פול געוואָרען מיט רויב און מאָרד — און די קאַטאַסטראָפע איז ענדליך געקומען.** אַ שרעקליכער מבול האָט אויס־געבראָכען, וואָס האָט פאַרפלייצט און אומגעבראַכט „את כל היקום" — די גאַנצע באַפעלקערונג. בלויז דער גאָטספאָרכטיגער נח מיט זיין קליינער פאַמיליע זיינען ניצול געוואָרען, ווייל זיי האָבען פאַר זיך אויסגעבויט אַ „תבה" — אַ באַזונדער היים מיט אַ באַזונדער שוהל, צו וועלכער זיי האָבען ניט צוגע־לאָזט קיין „דבר עבירה", קיין זינדיגע זאַך (סנהדרין ק״ט). אָט די אייגענ־אַרטיגע „תבה" האָט אָבער באַוויזען דעם גרויסען נס צו קאָנען ווידערשטיין די גרויזאַמע ווינטען און כוואַליעס פון דעם שרעקליכען מבול, און אַזוי־אַרום זיינען געראַטעוועט געוואָרען נח מיט זיינע דריי זין, פון וועלכע „שם", דער גרינדער פון דער אידישער ראַסע, איז געווען דער פאַרנעמסטער צווישען זיי.

לויט דער טראַדיציע, זיינען בלויז די עלטערע צוויי זין, שם און יפת, געווען פיינע, אידעלע מענשען און זיינען געגאַנגען אין די דרכים פון זייער ערליכען פאָטער. דער אינגערער זון אָבער, „חם", איז שוין געווען אַ ווילדער יונג מיט אַ פאַרדאָרבענעם כאַראַקטער און האָט זיין טאַטען און זיינע ברידער פאַרשאַפט פיל שאַנד און עגמת נפש. איינער פון זיינע אוראייניקלעך, דער גרויזאַמער „נמרוד", איז מיט עטליכע דורות שפעטער געוואָרען דער הערשער פון דעם לאַנד „שנער" און האָט מיט זיינע ווילדע, באַרבאַרישע מעשים גע־בראַכט אַ צווייטע קאַטאַסטראָפע אויף דער וועלט, פון וועלכער די מענשהייט ליידט נאָך ביז היינטיגען טאָג.

שטיל און רוהיג האָבען די פעלקער פון זיין צייט געלעבט צווישען זיך. יעדער פאָלק האָט אָנגעפירט אַ פרידליכען פאַרקער מיט די אַרומיגע שכנים, ביז נמרוד איז געוואָרען דער הערשער פון „שנער" און האָט זיך פאַרנומען צו באַקעמפען די גאַנצע וועלט. אַזוי גיך ווי ער איז געקומען צו דער מלוכה,

האָט ער אָנגעהויבען אַ גרויסע אַגיטאַציע צווישען זיינע אונטערטאַנען פאַר אַ ברייטערען „לעבענסרוים" פאַר זיין חמ'ישער ראַסע, וועלכע ער האָט פּראָקלאַמירט צו זיין די העכסטע און בעסטע פון אַלע אַנדערע. „הלכו בכל העולם למצא מקום שיחזיק את כלם" — זיי זיינען אַרומגעגאַנגען איבער דער גאַנצער וועלט צו זוכען פּלאַץ, וואָס זאָל זיי קאָנען אַלעמען אויפהאַלטען (מדרש אגדה פ' נח). פאַר אַזאַ געהויבענער ראַסע איז ניט גענוג איין לאַנד, זי מוז זיך אויסשפּרייטען איבער אַלע מדינות פון דער וועלט.

„ויהי כל הארץ שפה אחת ודברים אחדים" — און דאָס גאַנצע לאַנד האָט אָנגעהויבען רעדען די זעלביגע שפּראַך און די זעלביגע ווערטער: „הבה נבנה לנו עיר ומגדל" — לאָמיר זיך בויען אַ שטאָט מיט אַ טורעם, וועלכע זאָל ווערען דער מיטעלפּונקט פון דער גאַנצער וועלט. אַלע פעלקער און לענדער מוזען אונטעריאָכט ווערען צו דינען דעם הערען־פאָלק פון „שנער" און זיין פירער נמרוד. זיי האָבען זיך אויך פאַרמאָסטען קעגען די הימלען און געוומען באַקעמפען אַלע רעליגיעס. „נעשה ע"ז בראש המגדל וניתן חרב בידה" — לאָמיר אַוועקשטעלען אונזער אייגענעם אָפּגאָט אויפ'ן שפּיץ פונ'ם טורעם, מיט אַ שווערד אין זיין האַנט, אַלס אַ צייכען פאַר אַלע דורות, אַז בלויז ברוטאַלע מאַכט איז דער הערשענדער כוח פון דער וועלט (ב"ר פ' ל"ה).

צו יענער צייט האָט אין דער שטאָט „אור כשדים" געוואוינט אַ באַרימטער פּריסטער „תרח" מיט זיינע דריי זין — אברהם, נחור און הרן. ער האָט אויך געהאַט אַ גרויס געשעפט פון מאַכען פאַרשידענע אָפּגעטער, וועלכע ער פלעגט פאַרקויפען פאַר גוט געלט. זיין עלטערער זון, אברהם, האָט אָבער פאַראַכטעט זיין פאָטער'ס געשעפט און אָפּגעשפּעט פון זיינע געמאַכטע געטער. ער האָט זיך דערטראַכט צו דער גרויסער אידייע פון אַן אייביגען גאָט, וועלכער איז דער איינציגער כוח, וואָס האָט די וועלט באַשאַפען און פירט זי לויט זיין רצון.

ווען נמרוד און זיינע מענשען האָבען זיך פאַרנומען צו בויען זייער וועלט־שטאָט מיט דעם הויכען טורעם, „עבר אברהם בן תרח וקללם בשם אלקיו" — איז אברהם, דער זון פון תרח, פאַרבייגעגאַנגען און זיי געשאָלטען אין נאָמען פון זיין גאָט (פדר"א פ' כ"ד). אַז זיי האָבען אים איינגעלאַדען: „בא וסייע אותנו", קום און העלף אונז, „אמר, הנחתם מגדל עז שם ה' ואתם אומרים נעשה לנו שם" — האָט ער זיי געענטפערט, איר האָט אַוועקגעוואָרפען דעם שטאַרקען טורעם, וועמעס נאָמען איז גאָט, און ווילט זיך אַליין מאַכען פאַר געטער (מדרש תנחומא).

דאָס האָט שטאַרק אויפגערעגט דעם ווילדען נמרוד, און צוזאַמען מיט זיינע אכזריות'דיגע סאַטראַפּען האָבען זיי אויסגעשריען: „אי אפשינו לא בו ולא באלקותו" — מיר ווילען ניט אים און ניט זייך גאָט (ב"ר ל"ה). אברהם האָט זיך אויסבאַהאַלטען פאַר אַ געוויסער צייט, אָבער ער איז ענדליך געכאַפּט געוואָרען און איז אַריינגעוואָרפען געוואָרען אין אַ קאַלך־אויוען. אַז די מלאכים „מיכאל" און „גבריאל" האָבען עס דערזעהן, האָבען זיי געוואָלט גלייך אַרונטער אויף דער ערד און ראַטעווען דעם פרומען אברהם. גב"ה האָט אָבער געזאָגט צו זיי: „אני יחיד בעולמי והוא יחיד בעולמו, נאה ליחיד להציל את היחיד" — איך בין איינער אין מיין וועלט און ער איז איינער אין זיין וועלט, פּאַסט זיך פאַר איין יחיד צו ראַטעווען דעם צווייטען יחיד (ילקוט שמעוני).

דער ווילדער פּלאַן פון נמרוד איז אים אָבער ניט געלונגען. גאָט האָט אַרונטערגעשיקט אַ מיספאַרשטענדניש צווישען זיינע מענשען: „בלל שפת כל הארץ" — ער האָט צעמישט די שפּראַך פון דער גאַנצער וועלט, און זיי האָבען זיך מער ניט געקאָנט צוזאַמענריידען. אַט די מיספאַרשטענדניש הערשט נאָך ביז היינטיגען טאָג און פאַראורזאַכט וועלט־מלחמות און בלוט־פאַרגיסונגען פון צייט צו צייט. אויך דער פאָטער פון אונזער אמונה איז געבוירען געוואָרען אין אַ צייט פון אַ גרויסען וועלט־שמערץ און איז דורך אַ נס געראַטעוועט געוואָרען. דאָסזעלבע האַלט זיך איך איבער'חזר'ען אין אַלע צייטען און אין אַלע דורות . . .

# הפטרה

## אידישע אייביגקייט

**כל כלי יוצר עליך לא יצלח.**

„אנדריאנוס קיסר אמר לו לרבי יהושע, גדולה היא הכבשה שעומדת בין שבעים זאבים? אמר לו גדול הוא הרועה שמצילן" — אַנדריאַנוס קיסר האָט געפרעגט ביי רבי יהושע: ווי גרויס איז די שעפּסעלע, וואָס שטייט צווישען זיבעציג וועלף? האָט ער אים געענטפערט: גרויס איז דער פאַסטוך, וואָס ראַטעוועט זי (מדרש רבה אסתר י').

„אַלע געווער, וואָס וועט געפורעמט ווערען קעגען דיר, וועט ניט גע־

לינגען״, זאָגט דער נביא צום אידישען פאָלק אין היינטיגער הפטרה. וויפיל די פעלקער פון דער וועלט זאָלען ניט זוכען מיטלען דיך אומצוברייגנען, וועט עס זיי זיך ניט איינגעבען. „זאת נחלת עבדי ה׳, וצדקתם מאתי, נאום ה׳״ — דאָס איז די ירושה פון די קנעכט פון גאָט, און זייער גערעכטיגקייט וועלען זיי קריגען פון מיר, דאָס איז דער פאַרשפרעכען פון גאָט. דאָס אידיש פאָלק איז געבוירען געוואָרען מיט נסים, לעבט און האַלט זיך אויף מיט נסים, אָבער — עס וועט ענדליך אויך אויפגעבויט ווערען מיט נסים.

פּראָפעסאָר לוי גינזבורג פון טעאָלאָגישען סעמינאַר אין ניו יאָרק, אין זיין קאָלאָסאַלען ווערק „די אידישע לעגענדען״, וואָס זיינען פון אים צוזאַמענ־געשטעלט געוואָרען פון די אַלטע מקורים פון אונזערע אגדתות און מדרשים, שילדערט פאַר אונז די טרויעריגע אומשטענדען פון דעם געבורט פון אונזער פאָטער אברהם, לויט דער לעגענדע און אידישע טראַדיציעס:

„איידער אברהם איז געבוירען געוואָרען, האָט דער דעספּאָטישער נמרוד, דער דעמאָלסטיגער קעניג פון בבל, וועלכער האָט זיך אויך געהאַלטען פאַר אַ גאָט, אַרויסגעלייענט פון די שטערען, אַז אַ זון וועט באַלד געבוירען ווערען צו איינעם פון זיינע אונטערטאַנען, וואָס וועט צונישט מאַכען זיין געטליכקייט און וועט אונטערגראָבען זיין אַלמעכטיקייט. דאַן האָט נמרוד אַרויסגעגעבען אַ באַפעהל צוזאַמענצוברייגנען אַלע שוואַנגערע פרויען אין איין גרויס הויז, וואו זיי זאָלען וואוינען ביז זיי וועלען דאַרפען אַנטבונדען ווערען. די היי־באַמעס האָט ער אָנגעזאָגט צו טויטען יעדען זכר, וואָס וועט געבוירען ווערען.

„ווען אמתלאי, די מוטער פון אברהם, האָט געפילט, אַז זי איז שוואַנגער, האָט זי זיך אויסבאַהאַלטען, און אַז די צייט איז געקומען פאַר איר אַנטבונדען צו ווערען, איז זי אַוועק אין וואַלד צווישען די בערג און געלעבט אין אַ הייל. דאָרטען האָט זי געבוירען איר זון און האָט אים אַ נאָמען געגעבען „אברם״, אויסדריקענדיג מיט דעם איר תפילה, אַז דער „הויכער פאָטער״ זאָל אים שיצען. זי האָט אים איבערגעלאָזט אין דער הייל אויף גאָט׳ס באַראָט און אַליין איז זי אַוועק צוריק צו איר מאַן אין שטאָט אַריין.״

אָט אַזוי איז געבוירען געוואָרען דער פאָטער פונ׳ם אידישען פאָלק, אָהן אַ הייבּ, ערגעץ אין אַ פאַרוואָרפענעם הייל, אין אַ פאַרלאָזענעם וואַלד. דאָרטען האָט ער זיך מיט נסים אויסגעהאָדעוועט און דאָרטען, אין זיין גרויסער איינזאַמקייט, האָט ער דערקענט די אמת׳ע גאָטהייט, וועלכע ער האָט נאָכדעם פאַרשפרייט איבער דער גאַנצער וועלט.

כמעט אונטער דיזעלביגע אומשטענדען איז אויך געבוירען געוואָרען דער אידישער באַפרייער און געזעצגעבער משה רבנו. די „אצטגנינים", די וואָרזאָגער פון פרעה, לייענען אַרויס פון די שטערען, אַז באַלד וועט געבוירען ווערען אַ אידיש קינד, וואָס וועט מיט דער צייט באַפרייען די אידען פון זייער קנעכטשאַפט און וועט ברייגנען אַ גרויסע מפּלה אויף פרעה'ן און גאַנץ מצרים (שמו"ר ב'). פרעה ווערט דערשראָקען און גיט אַרויס אַ באַפעל צו די אידישע הייבאַמעס: „בילדכן את העבריות—אם בן הוא והמתן אותו"—ווען מען רופט אייך צו אַ אידישער קימפעטאָרין און אַז איר זעהט, אַז דאָס איז אַ זון, זאָלט איר אים טויטען. שפּעטער, אַז ער געפינט אויס, אַז זיין באַפעהל איז ניט דורכגעפירט געוואָרען, גיט ער אַרויס אַ גזירה: „כל הבן הילוד היארה תשליכוהו" — יעדער זון, וואָס וועט געבוירען ווערען, זאָל מען וואַרפען אין טייך אַריין.

אָבער אויך די שרעקליכע גזרה העלפט ניט — דער אידישער באַפרייער קומט. „בשעה שנולד משה נתמלא כל הבית כולו אורה" — ווען משה איז געבוירען געוואָרען, איז דאָס גאַנצע הויז פול געוואָרען מיט ליכט (שם). זיין מוטער יוכבד באַמערקט גלייך, אַז ער איז אַנדערש פון אַנדערע קינדער, און זי באַהאַלט אים גאַנצע דריי מאָנאַטען. אַז זי קאָן אים שוין מער ניט אויסבאַהאַלטען, לייגט זי אים אַריין אין אַ גומענעם קעסטעלע און לאָזט אים שווימען ביים ברעג טייך. צו יענער צייט דאַרף פרעה'ס טאָכטער גיין זיך באָדען. זי באַמערקט דאָס קעסטעלע און שיקט איר דינסט אַרויסנעמען עס פון וואַסער. אַזוי אַרום איז געראַטעוועט געוואָרען דער באַפרייער פון אידישען פאָלק.

אונטער אַזעלכע אומשטענדען האָבען אויך די קינדער פון אברהם און די תלמידים פון משה רבנו געלעבט און זיך געהאַדעוועט פאַר די טויזענטער יאָרען פון זייער עקזיסטענץ. נאָכדעם ווי די רוימער באַזיגען דאָס לאַנד פון יהודה און ר' יהושע קומט בעטען ביי אַנדריאַנוס קיסר, אַז ער זאָל איבערלאָזען „יבנה וחכמיה", די ישיבה אין יבנה און אירע געלערנטע, פרעגט ער אים: צי דענקסטו, אַז אַ שעפּסעלע, וואָס שטייט צווישען זיבעציג וועלף, איז גרויס און שטאַרק גענוג צו קאָנען בלייבען לעבען? ענטפערט ער אים: „גדול הוא הרועה שמצילן" — גרויס איז דער פּאַסטוך, וואָס ראַטעוועט זי. מיט אַלע זייערע גרויזאַמקייטען וועט עס די וועלף ניט געלינגען צו פאַרצוקען די קליינע שעפּסעלע.

ה.

# קיינע ענדערונגען אין דעם לעבענס־גאַנג פון דער וועלט.

## ויהי כל הארץ שפה אחת ודברים אחדים.

„רבי אבא פתח: „אם תכתוש את האויל במכתש בתוך הריפות בעלי לא תסור מעליו אולתו — עד שהוא מעלה את השבט לשנות לו שוכח את הראשונות, כך דור המבול מדור הפלגה" — רבי אבא האָט עס דערקלערט מיט דעם פסוק אין משלי: „ווען דו זאָלסט שטויסען דעם נאַר אין אַ שטויסעל מיט אַ מערזער צווישען גריץ, וועט זיך נישט אָפּטאָן פון אים זיין נאַרישקייט". אין דער קורצער צייט, וואָס דער שטעקען ווערט אויפגעהויבען צו געבען אַ צווייטען קלאַפּ, פאַרגעסט ער דעם ערשטען. דאָסזעלבע איז געווען מיט דעם דור המבול (מדרש תנחומא).

„וואָס מער מ'שטודירט די ביבעל", זאָגט איינער פון די גרויסע ניט־אידישע געלערענטע, „ווערט מען אַלץ מער איבערצייגט אין איר געטליכקייט. קיין מענשען־קינד — האָט ער אַפילו געמעגט זיין אַ משה רבנו — וואָלט ניט געקאָנט דערוויזען צו שאַפען אַזאַ גייסטיג ווערק, וואָס נעמט אַרום די גאַנצע אייביגקייט. ניט נאָר אירע געזעצען און פאַרשריפטען זיינען צוגעפּאַסט פאַר אַלע צייטען און אומשטענדען, אויך איר געשיכטליכער טייל איז ניט באַגרעניצט פון אָרט און צייט. אין די שילדערונגען פון די פאַרשידענע געשעהענישען אין דער ביבל, שפּיגעלט זיך אָפּ דער לעבענס־גאַנג פון דער גאַנצער מענשהייט אין אַלע אירע דורות און צייטען ביז היינטיגען טאָג. וואָס עס זאָל ניט פּאַסירען אין דער וועלט, געפינען מיר אַן אָנדייטונג פאַר דעם אין דער תורה; און ווי גליקליך וואָלטען די מענשען געווען, אויב זיי וואָלטען פאַרשטאַנען ווי אויסצונוצען די גוטע עצות, וואָס זי גיט זיי, כדי צו קאָנען פאַרמיידען קאַטאַסטראָפעס און אומגליקען, וועלכע שטערען דעם פּראָגרעס פון זייער אַנטוויקלונג."

איבער צוויי גרויסע היסטאָרישע געשעהענישען, וואָס האָבען געענדערט דעם גאַנג פון דער דעמאָלסדיגער וועלט, ווערט גערעדט אין דער היינטיגער סדרה. די ערשטע איז דער „מבול", וואָס האָט פאַרפלייצט אַ גרויסען טייל פון דער וועלט און געבראַכט טויט און פאַרניכטונג אויף די מענשען פון יענעם דור. די צווייטע איז געווען די „הפלגה", די צעשפּאַלטונג און מיספאַרשטענדניש

צווישען די פֿאַרשיידענע פֿעלקער פֿון דער וועלט, וואָס האָט נאָכגעפֿאָלגט די שרעקליכע קאַטאַסטראָפֿע און ניט דערלאָזען רעכט־צו־מאַכען דעם גרויסען שאָדען, וואָס דער מבול האָט פֿאַראורזאַכט.

די מעשה מיט דעם מבול איז פֿאַר אַ לאַנגער צייט באַטראַכט געוואָרען פֿון די אַלטע היסטאָריקער אַלס אַ אידישע פֿאָלקס־לעגענדע, וואָס האָט פֿאַר זיך דעם מוסר־השכל, אַז אויב מענשען פֿירען זיך אויף ניט ווי גאָט האָט געבאָטען, ווערען זיי שטרענג באַשטראָפֿט. אָבער אַז אַזאַ זאַך איז טאַקע פֿאָרגעקומען אין די אוראַלטע צייטען, דאָס האָט קיינער פֿון זיי ניט געוואָלט צוגעבען, ביז עס איז אָנגעקומען די נייע וויסענשאַפֿט, וועלכע הייסט „אַרכעאָלאָגיע", וואָס גיט זיך אָפּ מיט אויסגראָבען אַלטע היסטאָרישע דאָקומענטען, וואָס וואַרפֿען אַ ליכט איבער דער לאַנגער פֿאַרגאַנגענהייט. און פֿון די טאַבעלען, וואָס מען האָט געפֿונען, איז צו זעהן, אַז דיזעלבע מעשה ווערט דערציילט פֿון אַנדערע אוראַלטע פֿעלקער, נאָר אין פֿאַרשיידענע וואַריאַציעס.

די עגיפּטער, די כאַלדייער, די גריכען, די סקעטען, די קעלטען און אַפֿילו די אַלטע איינוואוינער פֿון אַמעריקע, מעקסיקע און פּערו דערציילען פֿון אַ גרויסען מבול, וואָס איז אַמאָל פֿאָרגעקומען אין דער וועלט און האָט חרוב גע־מאַכט פֿיל לענדער און געטויט זייערע איינוואוינער. דער פֿאַקט, אַז כמעט אַלע אוראַלטע פֿעלקער רעדען פֿון דעם, באַהויפּטען די נייע וועלט־היסטאָרי־קער, איז אַ גענוגענדער באַווייז, אַז אַזאַ קאַטאַסטראָפֿע איז טאַקע פֿאָרגעקומען אין אַ געוויסער צייט אין דער אוראַלטער וועלט (ברייענט, „איינשענט מיטאָ־לאָדזשי").

פֿון די דערקלערונגען, וואָס ווערען אָנגעגעבען איבער די סיבות, וואָס האָבען געפֿירט צו דער שרעקליכער קאַטאַסטראָפֿע, קאָן מען גלייך אַרויסזעהן דעם אונטערשייד אין דער מאָראַלישער אויפֿפֿאַסונג פֿון די אידען אין פֿאַר־גלייך צו די אַנדערע פֿעלקער. די אידען, וועלכע האָבען געגלויבט אין איין גאָט, וואָס האָט באַשאַפֿען די וועלט און באַהערשט די גאַנצע בריאה, זעהן אין דעם מבול אַ גרויסע וועלט־איבערקעהרעניש, וואָס די מענשען פֿון דעם דור האָבען אויף זיך אַליין געבראַכט. אין דער תורה ווערט איבערגעגעבען, אַז די סיבה פֿאַר דעם מבול איז געווען: „כי השחית כל בשר את דרכו על הארץ" — אַלע מענשען, וואָס האָבען דאַן געלעבט אויף דער וועלט, זיינען געוואָרען פֿאַרדאָרבען. אַזאַ וועלט טאָר ניט עקזיסטירען, און דער אויבער־שטער באַשליסט: „הנני משחיתם את הארץ" — איך וועל זיי פֿאַרניכטען

צוזאַמען מיט זייער לאַנד. בלויז דער צדיק נח און זיינע קינדער הייסט ער זיך ראַטעווען אין אַ „תבה", אַ קאַסטען־שיף, געבויט פאַר דעם צוועק, און פון אים מיט זיינע קינדער וועט ער בויען אַ נייע וועלט.

די אַנדערע פעלקער האָבען אָבער פון אַן איינציגען גאָט קיין אַנונג ניט געהאַט. זיי האָבען ניט געקאַנט באַגרייפען, אַז איין כוח זאָל באַהערשען די וועלט און אַז סיי גוטס און סיי שלעכטס קומט פון אים. זיי האָבען געדינט צו פאַרשיידענע אָפּגעטער. יעדער עלעמענט אין דער נאַטור ווערט באַהערשט פון אַן אַנדער אָפּגאָט, און זיי פירען אַן אַ קאַמף צווישען זיך ווער פון זיי עס זאָל זיין דער אויבערהערשער. אַלע ווילדע תאוות זיינען צוגעשריבען געוואָרען צו „בני אלקים", געצענקינדער, וועלכע די געטער האָבען אַראָפּגעשיקט אויף דער וועלט צו פאַרכאַפּען די ממשלה איבער די מענשען. דער פסוק רופט זיי אָן מיט דעם נאָמען „נפילים", געפאַלענע, נידעריגע אינסטינקטען, וואָס גראָבען אונטער אַלע יסודות פון דער מענשליכער געזעלשאַפט און שלעפּען איר צום אָפּגרונט.

די דאָזיגע פעלקער גיבען אָן גאַנץ אַנדערע טעמים וועגען די סיבות, וואָס האָבען געבראַכט דעם מבול — טעמים וואָס ווייזען אויף דער נידעריגער שטו־פע פון זייער גייסט און מאָראַל. צוליב מאַנגעל אין פּלאַץ ווועלען מיר דאָ איבערגעבען בלויז אייניגע פון זייערע דערקלערונגען:

די כאַלדייער זאָגען, אַז איינער פון די מענשליכע גבורים האָט געטויט אַ שלאַנג, וואָס איז געוועזען דער ליבלינג פון דעם גאָט איבער די ים'ען. דאָס האָט אַרויסגערופען זיין צאָרן און ער האָט באַפוילען אַלע ים'ען און טייכען זיך אויפצוהויבען פון זייערע בייטען און פאַרפלייצען די וועלט. אויף טאַבע־לען, וואָס מען האָט געפונען אין אַרקאַדיע ווערט איבערגעגעבען, אַז מאַנכע פון די געטער האָבען ניט פאַרגונען די הצלחה, וואָס די מענשען האָבען אויף דער ערד און האָבען באַשלאָסען זי צו פאַרניכטען דורך אַ מבול און זיי אַלע־מען אומברייינגען. אַז „עא", דער גאָט פון חכמה, האָט זיך דערפון דערוואוסט, האָט ער עס דערציילט צו זיין פריינט אויף דער ערד „סיטנאַפּיסטי" און האָט אים געראַטען צו בויען אַ שיף פאַר אים, זיין ווייב און זיינע קינדער, און ער איז געוועזען דער איינציגער, וואָס האָט זיך געראַטעוועט פון דעם אומגליק.

די גריכישע לעגענדע דערציילט, אַז אין אַ קריג, וואָס האָט אויסגע־בראָכען צווישען די געטער, איז געקומען אַ מבול אויף דער וועלט. דער

גאָט „פּראָמעטעאוס” האָט דעמאָלט געגומען זיין זון „דעווקאַליאָן” און זיין פרוי „פירהא” און זיי אַריינגעזעצט אין אַ שיף. די שיף איז לאַנג געשוואוּמען איבער׳ן וואַסער ביז זי איז צוגעקומען צום באַרג „פּאַרנאַסוס”. דאָרט האָט „דעווקאַליאָן” באַקומען אַ באַפעל פון זיין פאָטער, אַז ער און זיין פרוי זאָלען אַרויס פון שיף און וואַרפען שטיינער הינטער זיך. פון די שטיינער, וואָס דעווקאַליאן האָט געוואָרפען, זיינען געוואָרען מענער און פון די שטיינער, וואָס פּערראה האָט געוואָרפען, זיינען געוואָרען פרויען. אויף אַזאַ אופן איז באַשאַפען געוואָרען אַ נייער מענשען־געשלעכט. „דעווקאַליאָן” האָט נאָכדעם געבוירען אַ זון העללען, פון וועלכען עס זיינען אַרויסגעקומען די גריכען, און דערפאַר רופען זיך אָן די גריכען מיט דעם נאָמען „העלענען” (י. ג. פאָגט „וועלט־געשיכטע”).

אָט אַזעלכע און אַנדערע נאַרישקייטען ווערען אָנגעגעבען פון די פאַר־שיידענע פעלקער וועגען די אורזאַכען, וואָס האָבען געבראַכט צום מבול. קיי־נער פון זיי ציט ניט פון דער גרויסער געשעהעניש וואַסערע ניט איז מאָראַ־לישע שלוסען. זיי זעהען בלויז דעם קלאַפּ, אָבער הערען ניט זיין אָפּקלאַנג. זיי דערציילען דעם פאַקט, וואָס האָט פּאַסירט, אָבער לערנען פון אים קיין זאַך ניט, וואָס זאָל ברייגגען נוצען צו דער מענשהייט. אָבער די תורה, וואָס צילט אויסצובעסערען די וועלט און ברייגגען לעבען פאַר אַלע מענשען, מאַכט פאַר אונז קלאָר, אַז די אַלע קאַטאַסטראָפעס, וואָס באַפאַלען די וועלט, ווערען מערסטענס אַרויסגערופען פון די מענשען אַליין, צוליב זייערע שלעכטע אויפ־פירונגען.

„ארבעה דברים נשתנו בימי המבול” — פיר זאַכען זיינען געענדערט געוואָרען אין די צייטען פון דעם דור המבול: „ההרים נעשו טרשים, והתחיל המת מרחיש, ונעשו פניהם כקופין, ונעשו חולין למזיקין” — די פרוכטבאַרע בערג זיינען געוואָרען אייז־בערג, די טויטע האָבען אָנגעפאַנגען פאַרוועדימט צו ווערען און זייערע פּנים׳ער זיינען געוואָרען ווי די פון אַפען, און די גאַנצע מענשהייט איז געוואָען וואַכעדיג פאַר אַלערליי שלעק (ב״ר פ׳ כ״ג). רבי חיים פישל עפּשטיין ז״ל, געוועזענער רב הכולל פון סט. לואיס, גיט איבער דעם מאמר אַ מערקווירדיג שיינע דערקלערונג. ער זאָגט: די מענשען, וואָס האָבען געלעבט פאַר דעם מבול, האָבען זיך געפונען אין זעהר גוטע אומשטענדען. די רייכע נאַטור האָט זיי באַזאָרגט מיט אַלע גוטסקייטען און קיין זאַך האָט זיי ניט געפעלט. אָבער די צופיל גוטס האָט זיי אַראָפּגע־

פירט פון דרך הישר און זיי האָבען זיך גענומען יאָגען נאָך אַלערליי תאוות און קערפּערליכע פאַרגעניגענס. „ההרים נעשו טרשים”, זייערע הויכע פירער זיינען געוואָרען פאַרגליווערטע אייז־בערג. זיי האָבען זיך וויניג וואָס גע־קימערט פאַר דעם מאָראַלישען מצב פון זייער פאָלק און האָבען קיין זאַך ניט אויפגעטאָן, וואָס זאָל פאַרזיכערען זייער צוקונפט. רעספּעקט פאַר טראַ־דיציע איז געפאַלען, „התחיל המת מרחיש”, די לערע, וואָס זיי האָבען באַקומען פון זייערע טויטע עלטערען, האָבען זיי פאַראַכט און באַטראַכט פאַר ווערעמדיג און אַלטמאָדיש. זיי זיינען געוואָרען „כקופין”, ווי אַפּען, ווי מאַנקיס, וואָס זוכען נאָכצומאַכען און נאָכצוקרימען אַנדערע. אונטער אַזאַ צושטאַנד איז די מענשהייט געוואָרען „חולין” — וואַכעדיג און אויסגעזעצט צו אַלערליי מזיקין, אַלערליי קריגערייען און בלוטפאַרגיסונגען (המדרש והחיים).

און די קאַטאַסטראָפע איז ענדליך געקומען. עס האָט אויסגעבראָכען אַ שרעקליכער מבול, וואָס האָט פאַרניכטעט דעם גרעסטען טייל פון דער וועלט. האָבען אָבער די איבערגעבליבענע מענשען עטוואָס געלערענט פון דעם גרויסען אומגליק? זיינען זיי געוועזען גרייט גוטצומאַכען די פעלערען, וואָס האָבען געפירט צו דעם און זעהן, אַז וויטער זאָל עס ניט פאַסירען?

ווי עס ווייזט אויס פון די וויטערדיגע געשעהענישען, האָבען די קומענ־דיגע דורות וויניג־וואָס געלערענט פון דער פאַרגאַנגענהייט. „ויהי כל הארץ שפה אחת” — די גאַנצע וועלט האָט טאַקע גערעדט איין שפּראַך, אַלע האָבען געפּאָדערט שלום, פאַראייניגונג פון פעלקער, אָבער ווען זייערע פאָרשטייער זיינען זיך צוזאַמענגעקומען צו בויען דעם „מגדל”, דעם גרויסען טורעם פון פאַראייניגונג, האָבען זיי שוין גערעדט „דברים אחדיב”, גאַנץ אַנדערע ווער־טער. „וכל אחד בולעת אנשי מקומה”, יעדער גרעסער פאָלק האָט געזוכט איינצושלינגען די מענשען פון זיין פּלאַץ, כדי צו באַהערשען די קלענערע פעל־קער אַרום זיך. פּונקט ווי מיר זעהען היינט נאָך דעם גרויסען מבול פון דער לעצטער וועלט־מלחמה.

אויף דעם באַמערקט רבי אבא, אַז דאָס האָט געהאַט שלמה המלך אין זינען, ווען ער האָט געזאָגט אין משלי, אַז דער נאַר גיט ניט אויף זיין נאַריש־קייט, כאָטש מען קלאַפּט אים אין אַ שטייסעל פול מיט גריץ, וויל אין דער קורצער צייט, וואָס מען הויבט־אויף דעם שטעקען אים צו געבען אַ צווייטען קלאַפּ, פאַרגעסט ער דעם ערשטען. פון איין מבול ביז דעם צווייטען, פון איין

מלחמה ביז דער צווייטער פאַרגעסען די פעלקער וואָס עס איז געשעהן פריער און לאָזען זיך פירען פון די „הרים טרשים״, די פאַרגליווערטע אייז־בערג, זייערע פוסטע דיפּלאָמאַטען, וואָס זוכען גאַנץ וויניג די טובה פון דער מענשהייט.

# הפטרה

## אַ פאָלק מיט אַ גלאָררייכער פאַרגאַנגענהייט וועט נישט אונטערגיין

## וחסדי מאתך לא ימוש.

„אמר ר׳ אחאי לעולם זכות אבות קימת״ — רבי אחאי זאָגט, אַז דער זכות פון אונזערע גרויסע עלטערען וועט אימער פאַרבלייבען (ילקוט שמעוני ח״ב תע״ג).

דער נביא זעהט די אידישע אומה אין דער וועלט: „כאשה עזובה ועצובת רוח״ — ווי אַ פאַרלאָזענע פרוי מיט אַ טרויעריגען געמיט, וואָס קיינער קוקט זיך אויף איר ניט אום און איר לאַגע איז אַ פאַרצווייפעלטע. ער פאַרגלייכט דעם גלות צום שרעקליכען מבול און זאָגט: „כי מי נח זאת לי״ — דאָס איז פאַר מיר אַזוי ווי דער געוויסער אין די צייטען פון נח. ווען דער מבול האָט אויסגעבראָכען, האָט נח מיט זיין פאַמיליע געמוזט עוקר זיין פון דעם פּלאַץ, וואו ער האָט געלעבט, און זיך ראַטעווען אין אַ „תבה״, וואָס האָט זיך אַרומגע־בלאָקייעט איבער די רוישענדע וואַסערען. אַז דער מבול האָט ענדליך אָפּגע־לאָזט, „וישכו המים״, די שלעכטע וואַסערען זיינען שטילער געוואָרען און די וועלט האָט פרייער אָפּגעאָטעמט, שיקט ער אַרויס אַ טייבעלע צו זעהן „הקלו המים״ — זיינען די וואַסערען גרינגער געוואָרען אויך פאַר אים און זיינע קינ־דער? דאָס טייבעלע אָבער ברענגט אים די טרויעריגע בשורה: „לא מצאה מנוח לכף רגלה,״ זי האָט ניט געפונען קיין רו־פּלאַץ פאַר אירע פיס. פאַר אַלע מענשען פון דער וועלט איז שוין דער מבול פאַראיבער, אָבער ניט פאַר נח׳ן. ער מוז נאָך זיין אויסגעשלאָסען און אָפּגעטיילט פון די איבעריגע מענ־שען...

און דער נביא טרייסט די אידישע אומה און זאָגט איר ניט צו פאַר־צווייפלען: „אשר נשבעתי מעבר מי נח עוד על הארץ, כן נשבעתי מקצף עליך ומגער בך״ — אַזוי גוט ווי איך האָב געשוואוירען און פאַרשפּראָכען נח׳ן

מער ניט צו ברייגגען דעם מבול פון זיינע צייטען אויף דער וועלט, אַזוי שווער איך מער ניט צו צערנען אויף דיר אָדער צו שרייען אויף דיר. דו זאָלסט זיך ניט אָפּשרעקען פאַר די שטערונגען, וואָס די גרויסע, מעכטיגע אימפּעריעס לייגען דיר אין וועג, „כי ההרים ימושו והגבעות תמוטנה" — ווייל די בערג וועלען זיך רירען פון זייערע ערטער און די הויכען וועלען זיך וואַקלען, „וחסדי מאתך לא ימוש", און מיין גענאָד פון דיר וועט ניט אַוועקגענומען ווערען. און רבי אחאי באַמערקט אויף דעם: „לעולם זכות אבות קימת" — דער זכות פון אונזערע גרויסע עלטערען וועט אונז אויפהאַלטען. אַ פאָלק מיט אַזאַ גרויסער פאַרגאַנגענהייט וועט קיינמאָל ניט אונטערגיין. די צוקונפט באַלאַנגט צו אים.

# לך לך

### א.

## דער איד האַלט, נאָך אַלץ אין איין וואַנדערען

**לך לך מארצך וממולדתך.**

„כך נדמה לו הקב״ה לאברהם, כאדם שדוחק את חברו ואומר לו לך לך"— אַזוי האָט זיך דער אויבערשטער פאַרשטעלט פאַר אברהמ׳ען, ווי איינער, וואָס האַלט זיין חבר אין איין אַרומיאָגען און טרייבט אים: „גיי דיר" (מדרש הגדול).

אונזערע חז״ל זעהען אין די פּאַסירונגען, וואָס ווערען געשילדערט אין דער תורה, בילדער פון דעם אידישען לעבען אין אַלע דורות און אַלע לענדער. „מה שאירע לאברהם אירע לבניו" — וואָס עס האָט פּאַסירט מיט אברהמ׳ען, האָט אויך פּאַסירט מיט זיינע קינדער. צוליב זיין אמונה איז אברהם געצוואונגען געוואָרען צו פאַרלאָזען זיין געבורטס־פּלאַץ און וואַנדערען פון לאַנד צו לאַנד; אַזוי איז אויך דער שיקזאַל פון זיינע קינדער אין די לאַנגע דורות פון זייער עקזיסטענץ. „לך לך" — גיי דיר, דו קאָנסט זיך ניט איינבירגערען אין פרעמדע לענדער — האָט דער אויבערשטער געזאָגט צו אברהמ׳ען — ווייל דיין אמונה, דיין אַרט לעבען איז אַן אַנדערער. און דערזעלביגער באַפעל פון „לך לך" — גיי דיר — ווערט נאָך אַלץ איבערגע׳חזר׳ט פון אַלע פעלקער, וואָס דער איד שלאָגט אָן אין זיינע וואַנדערונגען.

פאַרוואָס האָט אונזער ערשטער פאָטער געהייסען „אברהם העברי"? ווייל „כל העולם מעבר אחד והוא מעבר אחד" — די גאַנצע וועלט איז פון איין זייט, און ער אויף דער צווייטער זייט (ב״ר, מ״ב). די וועלט איז קעגען אים, און ער ווייזט אויס צו זיין קעגען דער גאַנצער וועלט. אברהם שטימט ניט מיט זיין פלימעניק לוט, ווייל זיינע פּאַסטוכער פירען זייערע שעפּסען אין פרעמדע פעלדער און פּאַשען זיי אויף גזלה. ער זאָגט אים ענדליך: „הפרד

נא מעלי״ — שייד זיך אָפּ פון מיר, איך קאָן מיט דיר ניט וואוינען צוזאַמען. ער קעמפט קעגען די פינף מעכטיגע מלכים, וועלכע האָבען פאַרפירט אַ מלחמה קעגען די קלענערע פעלקער אין זיין צייט און פאַרנומען זייער האָב און גוטס. דער זיג איז טאַקע אויף זיין זייט: די דערדריקטע פעלקער באַקומען צוריק זייערע לענדער און אויך דעם גרעסטען טייל פון זייערע רייכטימער. ער אַליין אָבער געניסט גאָר ניט פון דעם שלוב, וואָס ער האָט געהאָלפען ברייננגען, און שפּעטער־צו איז ער געדריקט ווייטער אויסצוואואַנדערען.

זיינע קינדער הייסען אויך „עברים״, און די גאַנצע וועלט איז קעגען זיי. אויך זיי קעמפען איבעראַל פאַר סאָציאַלע רעכט און זוכען אויסצובע־סערען די געזעלשאַפט און די באַציאונגען פון אַרבייטער און אַרבייט־געבער. אָבער ווען עס קומט צו קאָנען געניסען פון זייער שווערער מי, קומט דער „הפרד נא מעלי״ — שיידט זיך אָפּ פון אונז, איר זענט אַנדערש ווי מיר. אויך אין די גרויסע שלאַכטען, וואָס קומען פאַר צווישען די פעלקער, וועלכע זוכען איינצושלינגען איינס ס׳אַנדערע, נעמען די קינדער פון אברהם פּראָפּאָר־ציאָנעל אַ גרעסערען אַנטייל. זיי פאַרגיסען זייער בלוט אויף אַלע שלאַכט־פעלדער. אָבער ווען שלום קומט, געניסען זיי ניט „מחוט ועד שרוך נעל״, אַ פאָדים אָדער אַ שוך־בענדעל. זיי האַלט מען אין איין זאָגען: „לך לך״ — גיי דיר, איר זייט פרעמדע, אַ מינאָריטעט איבעראַל, און קאָנט זיך מיט אונז ניט טיילען די פרוכט פון אונזער זיג.

ווען אברהם האָט געפאָדערט פון דעם אויבערשטען: „במה אדע כי אירשנה״? — ער זאָל אים געבן אַ פאַרזיכערונג, אַז דאָס פאַרשפּראָכענע לאַנד וועט איבערגיין צו זיינע קינדער, איז גב״ה געוואָרען אין כעס און האָט אים געזאָגט: „אברהם כל העולם בדבורי הוא עומד ואתה אומר במה אדע כי אירשנה! חייך שתי פעמים, ידע תדע כי גר יהיה זרעך״ — „אברהם, די גאַנצע וועלט עקזיסטירט אויף מיין וואָרט, און דו ווילסט פון מיר פאַרזיכע־רונגען. דו פרעגסט ביי מיר „במה אדע״, מיט וואָס וועסטו וויסען, אַז איך וועל האַלטען מיין וואָרט, און דיינע קינדער וועלען באַזיצען דאָס לאַנד? שווער איך ביי דיין לעבען, אַז ניט איין מאָל, נאָר צוויי מאָל וועסטו וויסען, אַז דיינע קינדער וועלען זיין גרים אין פרעמדע לענדער; צוויי חורבנות וועלען זיי מוזען דורכמאַכען, ביז זייער ענדגילטיגע גאולה וועט קומען (פדר״א מ״ח).

דער קאָצקער רבי ר׳ מענדעלע גיט אַן אַנדער דערקלערונג איבער די פסוקים. ער זאָגט:

„אברהם האָט חו״ש ניט געצווייפעלט אין דער פאַרשפּרעכונג פון דעם אויבערשטען. ער האָט בלויז געוואָלט פון אים אַ הבטחה „כי אירשנה״, אַז ער זאָל קאָנען איבערגעבען בירושה צו זיינע קינדער די ליבע און איבערגעבענקייט צו ארץ ישראל, וואָס ער האָט געהאַט. ער האָט אַלץ מורא געהאַט, אַז זיינע קינדער, וואָס וועלען זיין צעזייט און צעשפּרייט איבער אַלע לענדער, זאָלען זיך חו״ש ניט אַסימילירען צווישען די פעלקער, וואו זיי וועלען זיך געפינען.״

„אויף דעם האָט אים דער אויבערשטער געגעבען צוויי הבטחות: ערשטענס, אַז „גר יהיה זרעך״ — דיינע קינדער וועלען זיך פילען פרעמד אין אַנדערע לענדער, זיי וועלען זיך דאָרט ניט קאָנען אָריענטירען און ריכטיג איינבירגערען. און, צווייטענס, אויב עס וועלען זיך טאַקע געפינען מאַנכע צווישען זיי, וואָס וועלען זוכען צו פאַרגעסען זייער אייגען לאַנד און עס פאַרבייטען אויף אַנדערע, זאָל ער זיין זיכער, אַז די דאָרטיגע איינוואוינער וועלען שוין לאָזען וויסען זיינע קינדער, אַז זיי געפינען זיך „בארץ לא להם״, אין אַ לאַנד, וואָס איז ניט פאַר זיי.״

דער קאָמעניצער מגיד באַמערקט אויף דעם פּסוק: דער טרויעריגער שיקזאַל פון אידען איז אַזוי, אַז אויך די אַנדערע מינאָריטעטען אין אַ לאַנד, וועלכע זיינען אויך פרעמדע, וועלען זוכען אים צו דריקען. ער טייטשט: „כי גר יהיה זרעך בארץ לא להם״ — זיי וועלען באַטראַכט ווערען פאַר גרים אויך פון אַזעלכע, וואָס דאָס לאַנד איז ניט זייערס און זיינען דאָרט אַליין גרים.

---

# הפטרה

## דאָס אידישע פאָלק שטייט העכער פאַרן מזל

**מי העיר ממזרח צדק.**

„אמר אברהם לפני הקב״ה: נסתכלתי באיצטגנינות שלי ואיני ראוי להוליד בן. אמר לו: צא מאיצטגנינות שלך שאין מזל לישראל. מאי דעתך דקאי צדק במערב, מהדרנא ומוקמינו לו במזרח״ — אברהם זאָגט צו קב״ה:

איך האָב זיך איינגעקוקט אין מיינע שטערען און האָב אויסגעפונען, אַז איך פּאַס זיך ניט צו האָבען קינדער. ענטפערט אים גאָט: גיי אַרויס פון דיין שטערען־זעהעריי — אידען זיינען ניט אונטערוואָרפען צו קיין מזלות. וואָס דענקסטו, אַז דיין רעכטער מזל שטייט אין מערב, איך וועל אים אומקערען און אַוועק־שטעלען אין מזרח (שבת קנ"ו, ע"א).

דער מדרש תנחומא באַמערקט אויף דעם: איידער גאָט האָט אָנגעזאָגט אברהמ'ען, ער זאָל פאַרלאָזען זיין לאַנד און געבורט־פּלאַץ, האָט ער אים פאַר־זיכערט: „אותך אני בורא בריה חדשה" — פון דיר וועל איך באַשאַפען אַ ניי באַשעפעניש. דיינע קינדער וועלען זיין פאַרשידען פון אַלע אַנדערע פעלקער אויף דער וועלט. די גויים וועלען קאָנען געפירט ווערען פון „חכמים", „חרטומים" אָדער „שטערען־זעהער". די אידען אָבער וועלען זיך נויטיגען אין „נביאים". חכמים אָדער שטערען־זעהער זיינען בלויז „רואים את הנולד" — זיי קאָנען בלויז אַרויסזעהן, וואָס עס איז מעגליך צו געשען אין דער נאָענטער צוקונפט. נביאים אָבער באַזיצען אַ פיל ווייטערען בליק, וואָס קאָן דורכ־דרינגען די ווייטע צוקונפט, און זעהן דעם מאָרגען אין אַבסטראַקט, אָפּגעזונ־דערט און אָפּגעטיילט פון דעם נעכטען און דעם היינט.

דאָס לעבען פון די אַנדערע פעלקער ווערט געוועבט פון מעשים און גע־שעהענישן, וואָס פאָלגן נאָך איינע די אַנדערע און זיינען געקניפּט איינע מיט דער צווייטער. זייערע פירער קאָנען זיין בלויז „חכמים" אָדער שטערען־זעהער, וואָס דאַרפען ניט גיין ווייטער ווי די נאָענטע צוקונפט. ביי די אידען אָבער איז דאָס לעבען אַ שטורעמדיגס; זיינע געשעהענישען זיינען מערסטענס איבערראַשונגען, וואָס קומען פּלוצלינג און האָבען אַ קנאַפּע שייכות מיט די פריערדיגע פּאַסירונגען. מיר מוזען האָבען „נביאים", וועלכע באַקומען זייער וויזיע פון גאָט אַליין און קאָנען זעהן דעם „אחרית הימים", דעם „מחר לאחר זמן", די ווייטע צוקונפט.

דאָס אידישע פאָלק איז אויך אַ „בריה חדשה", אַ באַזונדערע באַשעפעניש, מיט דעם, וואָס עס שטייט העכער איבער דער צייט. עס איז אַ געטליך פאָלק, ביי וועמען „אלף שנים כיום אתמול כי יעבור" — טויזענט יאָר איז בלויז איין נעכטען. די שטערען און „מזלות" זאָגען ניט אַרויס זיין צוקונפט, דאָס קומט פון דעם „כסא הכבוד", איין גאָט ווייסט, וואָס זיין ווייטער מאָרגען וועט אים ברייגנען. און דער נביא אין דער היינטיגער הפטרה מאַכט אויפמערקזאַם דעם אידישען פאָלק: „למה תאמר יעקב ותדבר ישראל נסתרה דרכי מה" —

וואָס זאָגסטו, יעקב, און רעדסטו, ישראל, אַז מיין וועג איז פאַרהוילען פון דער גאָטהייט? די געשיכטע האָט דיר שוין אומצייליגע מאָל באַוויזען, אַז „אין חקר לתבונתו" — מ'קאָן ניט באַגרייפען זיין פאַרשטאַנד. ער גיט דעם מידען כוח און דעם אוממעכטיגען פאַרמערט ער זיין שטאַרקייט. די, וואָס האָפען אויף גאָט, וועלען זיך באַנייען מיט כוח, זיי וועלען אויפהייבען פליגלען ווי די אָדלערס; זיי וועלען לויפען און ניט מיד ווערען; זיי וועלען גיין און ניט מאַט ווערען.

„מי העיר ממזרח צדק יקראהו לרגלו"? — ווער האָט דערוועקט דעם גערעכטען טאַטען אברהם און אים גערופען, ער זאָל גיין זיין וועג, און נאָכדעם פאַר אים געגעבען פעלקער און געמאַכט אים צו געוועלטיגען איבער מלכים? „אני ה' ראשון ואת אחרונים אני הוא" — איך בין עס דער גאָט, וואָס איז געווען מיט די ערשטע, און מיט די לעצטע וועל איך אויך זיין דער אייגענער. אברהם האָט געדענקט, אַז זיין מזל, זיין שיקזאַל איז פאַרבונדען מיט'ן מערב, און דערפאַר האָט ער געצווייפעלט, אויב ער וועט ווערען אַ פאָלק. ער האָט אָבער ניט געוואוסט, אַז איך האָב גאָר זיין מזל פאַרבונדען מיט'ן מזרח, און דאָרטען ליגט זיין גליק.

---

## ב.

## די ערשטע וועלט־מלחמה און דער איד

**ויהי בימי אמרפל.**

„רב ושמואל, חד אמר נמרוד שמו, ולמה נקרא שמו אַמרפל, שאמר והפיל לאברהם אבינו בתוך כבשן האש; וחד אמר אמרפל שמו, ולמה נקרא שמו נמרוד, שהמריד את כל העולם כולו" — רב און שמואל זיינען מחולק, איינער זאָגט, אַז זיין אמת'ער נאָמען איז געווען נמרוד, און ווארום האָט מען אים אויך גערופען אמרפל ((אמר הפל), ווייל ער האָט אַמאָל באַפוילען אַריינצוואַרפען אונזער פאָטער אברהם אין קאַלכאויווען. דער אַנדערער זאָגט, אַז זיין אמת'ער נאָמען איז טאַקע געווען אמרפל, און וואַרום האָט מען איבּ אויך גערופען נמרוד,

ווייל ער האָט אַרויסגערופען אַ רעוואָלוציע אין דער גאַנצער וועלט (עירובין נ"ג ע"א).

איבער דיזער פרשה איז פאַר אסך יאָרען אַ שיין ביסעל טינט פאַרגאָסען געוואָרען. די זאָגענאַנטע ביבעל־קריטיקער, איבערהויפּט די ניט־אידישע, וועל־כע האָבען דורכאויס געזוכט אַרונטערצורייסען דעם תנ"ך, האָבען פאַר אַ גאַנץ לאַנגער צייט אַפּגעלייקענט די וואָרהאַפּטיגקייט פון דער היסטאָרישער געשעהע־ניש, וואָס ווערט דאָ געשילדערט. אַזוי ווי אין די קוואַלען, פון וואַנען זיי שעפּען זייערע טיפע ידיעות איבער דער אוראַלטער צייט, ווערט ניט דערמאָנט, אַז אַזאַ מלחמה זאָל האָבען ווען פאַרגעקומען, האָבען זיי זיך באַמיט מבטל צו זיין די היסטאָרישע באַדייטונג פון דער גאַנצער געשיכטע. מאַנכע פון אונזערע משכילים, וואָס האָבען פיל מער דרך־ארץ פאַר דער מיינונג פון אַ גוי'אישען געלערנטען ווי פאַר דער גאַנצער אידישער מסורה, האָבען ביז דאָ ניט לאַנג איינגעשטימט מיט זייערע מיינונגען. די לעצטע אויסגראָבונגען, אָבער, וואָס זיינען געמאַכט גע־וואָרען אין אָריענט, וואַרפען אַ קלאָר ליכט איבער די פאַקטען, וואָס זיינען פאַר־צייכענט אין דער דאָזיגער פרשה, און באַשטעטיגען אַ היפּשען טייל פון דעם, וואָס דאָ ווערט דערציילט.

„א"ר אלעזר, תא חזי בשעתא דאתחברו כל אינון מלכין לאגחא קרבא, עליה דאברהם אתיעטו לאעברא ליה מן עלמא" — ר' אלעזר האָט געזאָגט, קום און זעה, אַז ווען די אַלע פעלקער האָבען זיך פאַראייניגט אַנצופירען אַ מלחמה, האָבען זיי וועגען אברהמ'ען גלייך איינגעשטימט אים אָפּצוראַמען פון דער וועלט (זהר ח"א קי"ב). די ערשטע וועלט־מלחמה אין די אוראַלטע צייטען, ווען איין איינציגער איד האָט זיך געפונען אויף דער וועלט, און ער פאַרנעמט שוין דעם אויבענאַן פון דער געשיכטע און ווערט אַוועקגעשטעלט אין צענטער פון דעם גאַנצען געראַנגעל! „מה שאירע לאברהם אירע לבניו" — וואָס עס האָט פאַסירט מיט אַברהמ'ען האָט אויך נאָכדעם פאַסירט מיט זיינע קינדער. קליין און אָרעם איז דאָס אידיש פאָלק, פאַרשפּרייט איבער אַלע שבעה ימים פון דער וועלט, אי־בעראַל אַ קליינע מינאָריטעט, און דאָך ווערט ער תמיד אַוועקגעשטעלט אין מיטען פון אַלע וועלטליכע איבערקערענישען.

ר' חיים פישל עפּשטיין ז"ל, דער רב־הכולל פון סט.־לואיס, אין זיין וויכ־טיגען ספר „מדרש החיים", פרעגט: „וואָרום הויבט זיך אָן די פרשה מיט אמרפל און ניט מיט כדרלעמר, וועלכער איז געווען דער גרעסטער און מעכטיג־סטער פון די מלכים? אין פסוק ווערט דאָך געזאָגט, אַז די אורזאַך פון דעם

קריג איז געווען: „שתים עשרה שנה עבדו את כדרלעמר ושלש עשרה שנה מרדו" — צוועלף יאָר האָבען זיי געדינט כדרלעמר'ן און אויף דעם דרייצענטען יאָר האָבען זיי רעוואָלטירט?

„קאָנטיג, — פירט אויס הרב עפשטיין ז"ל, — אַז דער הויפּט־אָנפירער פון דעם אויסברוך, דער, וואָס האָט פּראָוואָצירט די גאַנצע מלחמה, איז געווען אמרפל און ניט כדרלעמר; און די סיבה איז געווען דער איד אברהם, קעגען וועמען ער האָט געטראָגען אַן אַלטע שנאה".

שוין דאַן, אין די אוראַלטע צייטען, האָט זיך אָנגעפאַנגען דער טייפעלשער שפּיל, אַז כדי אויפצורייצען די מדינות איינע קעגען די אַנדערע און דערטרינקען די וועלט אין אַ ים פון בלוט, איז דער איד דער בעסטער מיטעל אָט דעם בלוטיגען ציל צו דערגרייכען. די שנאה צום אידען אברהם פאַראייניגט כדרלעמר'ן מיט זיינע אַליאירטע און די וועלט־מלחמה ברעכט אויס.ביידע נעמען, זאָגען די חז"ל, פּאַסען זיך פאַר דעם אַלטען היטלער: אמרפל, צוליב דעם, וואָס ער האָט געהאַסט אברהמ'ען און אים געזוכט צו פאַרברענען אין קאַלכ־אויוועו, און נמרוד, ווייל צוליב אָט דער ברענענדיגער שנאה איז ביי אים רעכט געווען צו פאַרפירען אַ וועלט־מלחמה.

„ויחלק עליהם לילה" — ער האָט זיך איינגעטיילט קעגען זיי ביינאַכט.

„א"ר יהודה, כד אזיל אברהם להאי, לא אזל לאגחה קרבא ולא סמך על ניסא, אלא צערא דלוט אפקיה מביתו. נטל ממונו למפרק ואם לאו דימו בהדיה גו שביה; כיון דנפק חמא שכינא דנהרה קמיה וכמה חילין סחרניה, בההוא שעתא רדף בתרייהו וקב"ה קטיל לון" — ר' יהודה זאָגט, אַז אברהם מיט זיינע געציילטע מענשען זיינען אַוועק צום שלאַכטפעלד, איז ער ניט געגאַנגען צו פאַרפירען אַ קריג מיט זיי, ווייל ער האָט זיך ניט געוואָלט פאַרלאָזען אויף נסים. בלויז דער צער פון לוט האָט אים אַרויסגעשלעפּט פון זיין הויז. ער האָט צוזאַמענגענומען זיין גאַנצע געלט איב אויסצולייזען, און אויב ניט, וועט ער שטאַרבען צוזאַמען מיט אים אין געפאַנגענשאַפט. אַזוי גיך ווי ער איז אַרויס, האָט ער באַמערקט ווי די שכינה שיינט קעגען אים, און ער איז אַרומגערינגעלט מיט אַ גרויסער געטליכער אַרמיי. ערשט דאַן האָט ער זיך אָנגעפאַנגען יאָגען נאָך זיי, און דער אויבערשטער האָט זיי צעשלאָגען (זהר ח"א קי"ב).

„די אומות העולם ציילען זייערע טעג נאָך דער זון, און די אידען נאָך דער לבנה. איינע פון די אורזאַכען פאַר דעם, וואָלט איך זאָגען, — האָט אַמאָל באַמערקט דער קאָמעניצער מגיד, — איז, ווייל כל זמן די זון שיינט פאַר די

אידען, זיינען זיי צעטיילט אין פאַרשיידענע לאַנדסמאַנשאַפטען און ציילען זייערע טעג און יאָרען נאָך די קאַלענדאַרען פון די לענדער, וואו זיי געפינען זיך. ווען עס קומט אָבער אַ פעריאָדע פון נאַכט און פינסטערע וואָלקענס פאַרשפרייטען זיך איבער די אידישע הימלען, דאַן פאַראייניגען זיי זיך און פאַנגען אָן צו געהן נאָך דעם שיין פון דער לבנה".

„ויחלק עליהם לילה" — די נאַכט, די פינסטערניש בריינגט אברהמ'ען זיך אָפּצוטיילען פון די אַנדערע און זיך צו פאַראייניגען מיט זיין ברודער לוט. ער זעהט איין, אַז אויך ער איז ניט זיכער מיט זיין לעבען. זיין אַלטער שונא נמרוד איז דער אָנפירער פון קריג און זיין הויפט כונה איז צו פאַרניכטען אים מיט אַלע אידען. ווי קאָן ער אָבער מיט אַ הייפעלע פון דריי הונדערט מיט אַכצען מענשען אַרויסגיין זיך שלאָגען מיט זיי. ער איז טאַקע אַ מלומד בנסים און ניט איינמאָל איז ער שוין געראַטעוועט געוואָרען דורך אַ נס. אָבער ווי קאָן מען זיך פאַרלאָזען אויף נסים?

וואָס־זשע טוט אַ איד? צוערשט נעמט ער צוזאַמען זיין גאַנץ אייגענס און זוכט דערמיט אויסצוקויפען זיין פלימעניק לוט. „נכסי חוץ לארץ אין להם מזל ברכה" — די גיטער אָבער, וואָס אַ איד דערווערבט אין גלות, האָבען וויניג מזל־ברכה, די גוי'אישע אַנטיסעמיטען קאָנפיסקירען עס און נעמען עס פון אים אַוועק. זיין איינציגע רעטונג קומט ווען „שכינא נהרה קמיה", אַז די שכינה הויבט אָן צו שיינען איבער אים, און מיט דעם כח פון זיין גלויבען באַזיגט ער זיינע שונאים.

---

# הפטרה

## די ברכה צו אונזער פאָטער אברהם וועט מקוים ווערען

**למה תאמר יעקב — נסתרה דרכי מה'.**

„אין בן דוד בא עד שיתיאשו מן הגאולה, כביכל אין סומך ועוזר לישראל" — משיח בן דוד וועט ניט קומען ביז די אידען וועלען זיך אינגאַנצען מיאש זיין

פון דער גאולה, זיי וועלן זיין איבערצייגט, אַז קיינער שטיצט ניט אָדער העלפט ישראל (סנהדרין צ״ז, ע״ב).

ווען דער אויבערשטער האָט באַפוילען אונזער פאָטער אברהם, אַז ער זאָל פאַרלאָזען זיין לאַנד און געבורט־פּלאַץ און גיין צו דעם לאַנד, וואָס ער וועט אים אָנווייזען, האָט ער אים געמאַכט פאָלגענדען פאַרשפּרעכען: „ואעשך לגוי גדול, ואברכך, ואגדלה שמך״ — איך וועל דיך מאַכען פאַר אַ גרויס פאָלק, איך וועל דיך בענשען און איך וועל גרויסמאַכען דיין נאָמען. און דער מדרש באַמערקט אויף דעם: „לפי שהדרך ממעטת פו״ר, ממעטת את הממון וממעטת את השם״, ווייל די וואַנדערונגען פאַרקלענערען די צאָל קינדער, פאַרקלענערען דעם פאַרמעגען און פאַרקלענערען דעם נאָמען, „לכך הוזקק לשלש ברכות הללו״ — דערפאַר האָט ער זיך גענויטיגט אין די דריי ברכות.

הרב יצחק ניסענבוים ז״ל גיט זעהר אַ זאַכליכע דערקלערונג איבער דיזען מדרש:

„דער גלות האָט פיל פאַרקלענערט אונזער צאָל. אין דער צייט פון חורבן בית שני האָט דאָס אידיש פאָלק געציילט לערך זעקס מיליאָן נפשות. לויט דעם נאַטירליכען וואוקס האָט אונזער פאָלק געדאַרפט היינט באַשטיין פון אַ באַפעלקערונג, לכל הפחות, פון הונדערט מיליאָן. דער גלות אָבער מיט זיינע גרויזאַמע רדיפות, מערדערליכע שחיטות און פּאָגראָמען, וואָס האָבען אויך פאַראורזאַכט שמד־עפּידעמיעס, האָט אונז ניט געלאָזט וואַקסען, און מיר ציילען איצטער קוים זיבעצעהן מיליאָן נפשות.

„דער גלות האָט אויך צו קליינגעלט געמאַכט אונזער פאָלקס־פאַרמעגען. וויפיל קאַפּיטאַל און רייכטימער האָט דאָס ענערגישע און אַרבייטסזאַמע אידישע פאָלק צונויפגעזאַמעלט אין דעם משך פון טויזענטער יאָרען? דאָך זיי־נען מיר דאָס אָרימסטע פאָלק אין דער וועלט, ווייל דער גרויזאַמער גלות האָט שוין געזעהן, אַז פון אונזערע קאַפּיטאַלען זאָל אונז גאָרנישט בלייבען.

„דער גלות האָט אויך פאַרניכטעט אונזער גרויסען נאָמען. פון דעם אַמאָליגען „עם סגולה״, אויסגעצייכענט פאָלק, וואָס האָט געגעבען דער וועלט אַ גלויבען, גרויסע נביאים און הויכע אידעאַלען, איז אין לויף פון גלות גע־וואָרען אַ „שה פזורה ישראל״, אַ פאַרוואָרפענע שעפּסעלע, וואָס געפינט זיך אימער צווישען בייזע וועלף און איז „ללעג וקלס בגוים״, פאַרשפּאָטעט און אָפּגעלאָכט פון אַלע פעלקער, און ווערט אויך באַרויבט פון אַלע מענשליכע רעכטען״.

גאָט האָט אויך פאַרשפּראָכען אונזער פאָטער אברהם, אַז אויף זיינע לאַנגע וואַנדערונגען, ביז ער וועט קומען צו זיין אייגען לאַנד, „ואברכה מברכיך ומקללך אאר״, וועל איך בענשען די, וואָס וועלען דיך בענשען, און וועל שיל־טען די, וואָס וועלען דיך שילטען. אָט די ברכה איז ניט געמיינט געוואָרען פאַר אברהמ׳ן אַליין. אַלץ וואָס דער אויבערשטער האָט געטאָן פאַר אים, אַלע ברכות וואָס ער האָט אים געגעבען, זיינען געווען פאַר דעם צוועק „למען אשר יצוה את בניו ואת ביתו אחריו״, אום ער זאָל עס איבערגעבען צו זיינע קינדער און זיין הויז־געזינד נאָך אים.

זיינע קינדער אָבער, וואָס שמאַכטען אין די פינסטערע גלות׳ן, האָבען זיך שוין באַלד מיאש געווען פון די ברכות. זעהענדיג, אַז די צאָל פון אידישע מקללים, פון די וואָס שילטען און פייניגען זיי, ווערט אַלץ גרעסער, און די צאָל פון די מברכים, די בענשערס, וואָס זאָלען זיך אַנגעמען פאַר זייער קריוור־דע, ווערט אַלץ קלענער און קלענער, פרעגען זיי מיט פאַרצווייפלונג: „עד מתי״ — ביז ווי לאַנג? האָט טאָקע דער אויבערשטער אָן אונז פאַרגעסען?

און דער נביא אין היינטיגער הפטרה ענטפערט זיי: זאָל יעקב ניט זאָגען און ישראל ניט רעדען, אַז „נסתרה דרכי מה׳״ — מיין וועג איז פאַרבאָרגען פון גאָט און ער וויל פון מיר מער ניט וויסען. די סיבה פאַר אייער זיין אַזוי לאַנג אין גלות איז דער „הלא ידעת אם לא שמעת אלקי עולם ה׳״ — אייער ניט וועלען וויסען און ניט וועלען הערען, אַז דער האַר פון דער וועלט איז גאָט. איר לייגט צופיל האָפענונג אויף פרעמדע און פאַרשווענדט אייערע כוחות פאַר אַנ־דערע.

„אין בן דוד בא עד שיתייאשו מן הגאולה״ — דער אידישער משיח וועט ערשט דאַן קומען, ווען די אידען וועלען זיך מיאש זיין פון אַזעלכע גאולות, וואָס ווערען אים פאַרשפּראָכען פון אַנדערע. זיי מוזען איינמאָל פאַר אַלעמאָל קו־מען צו דער איבערצייגונג, אַז „אין סומך ועוזר לישראל״ — פרעמדע, ווי גוט און דעמאָקראַטיש זיי זאָלען ניט זיין, וועלען דעם אידען ווייניג שטיצען און העלפען. זיי מוזען זיך אַנגורטען מיט אייגענעם כוח און מיט האָפענונג אין זייער אייגענעם גאָט, און דאַן וועט די ישועה קומען. „קוי ה׳ יחליפו כח, יעלו אבר כנשרים, ירוצו ולא ייגעו, ילכו ולא ייעפו״ — די וואָס האָפען אויף גאָט, וועלען באַנייט ווערען מיט קראַפט און דערהויבען ווערען אויף אָדלער־פליגלען, זיי וועלען לויפען און ניט מיד ווערן, גיין און ניט מאַט ווערען.

ג.

## אידען וועלען זיין ווי שטויב, זאַמד און שטערן

**הבט נא השמימה וספר הכוכבים — כה יהיה זרעך.**

„אין הבטה אלא מלמעלה למטה, העלה אותו למעלה מכיפת הרקיע" — הבטה, מיינט קוקען פון אויבען אַרונטער. גאָט האָט אים אויפגעהויבען העכער איבער דער דעקע פון די הימלען (ב"ר מ"ד).

דריי מאָל, און אויף פאַרשיידענע אופנים, האָט דער אויבערשטער פאַרשפּראָכען אונזער פאָטער אברהם, אַז די צאָל פון זיינע קינדער וועט זיין אַזוי גרויס, אַז קיינער וועט זיי ניט קאָנען ציילען. צום ערשטען מאָל איז די דאָזיגע הבטחה געקומען נאָך דעם ווי לוט האָט זיך אָפּגעטיילט פון אים און איז אַוועק וואוינען אין סדום. דאַן האָט גאָט געזאָגט צו אברהמ'ן: הויב־אויף דיינע אויגען און באַטראַכט דאָס לאַנד פון אַלע זייטען, ווייל איך בין גרייט דאָס לאַנד אַוועקצוגעבען פאַר דיינע קינדער ביז אייביג. „ושמתי את זרעך כעפר הארץ" — און איך וועל מאַכען דיינע קינדער ווי שטויב פון דער ערד. און פונקט ווי עס איז מעגליך פאַר איינעם צו ציילען די שטויב פון דער ערד, אַזוי וועט אויך מעגליך זיין צו ציילען דיינע קינדער.

אַ צווייטען מאָל איז דיזעלבע הבטחה געמאַכט געוואָרען נאָך דעם ווי אברהם איז געקומען צוריק פון דער מלחמה מיט די פיר מלכים, וועלכע ער האָט באַזיגט און געראַטעוועט פון זייערע הענט זיין פּלימעניק לוט, וועמען זיי האָבען געהאַט גענומען געפאַנגען. אַז אברהם באַקלאָגט זיך פאַר גאָט: „הן לי לא נתת זרע" — מיר האָסטו דאָך קיין קינדער ניט געגעבען, און ווער וועט מיך ירש'ענען? נעמט אים דער אויבערשטער אַרויס אין דרויסען און זאָגט אים: „הבט נא השמימה וספר הכוכבים, אם תוכל לספר אותם" — קוק נאָר אַרויף אויף די הימלען און צייל די שטערען; זעה, אויב דו קאָנסט זיי ציילען, און גאָט פאַרשפּרעכט אים: „כה יהיה זרעך" — אַזוי וועט עס זיין מיט דיינע קינדער — קיינער וועט זיי ניט קאָנען ציילען.

אַ דריטען מאָל איז עס פאָרגעקומען גלייך נאָך דער עקדה. אַז אברהם אבינו האָט אויסגעהאַלטען דעם נסיון און איז געווען גרייט אויסצופילען דעם

באַפעהל פון גאָט און מקריב זיין פאַר אַ קרבן זיין בן יחיד הערט ער די שבועה פון דעם אויבערשטען: „יען אשר עשית את הדבר הזה" — יוויל דו האָסט געטאָן אָט די זאַך און האָסט ניט פּאַרמיטען דיין איינציגען זון פון מיר, וועל איך דיך בענשען: „והרבה ארבה את זרעך ככוכבי השמים וכחול אשר על שפת הים" — און איך וועל פאַרמערען די צאָל פון דיינע קינדער ווי די שטערען אין הימעל און ווי די זאַמד ביים ברעג פון ים.

די דאָזיגע ברכה, אין אירע פאַרשיידענע וואַריאַציעס, ווערט שפּעטער פיל מאָל איבערגע׳חזר׳ט פון משה רבנו און די נביאים. אונזערע חז"ל דרינגען פון דעם אַרויס פילע אָנדייטונגען און פאָראויסזאָגונגען איבער דעם אידישען מצב צווישען די פעלקער פון דער וועלט, ווי ער וועט זיך האַל־טען אין איין בייטען, ביז דעם פאַרשפּראָכענעם „אחרית הימים", די ווייטע צוקונפט, ווען די ענטגילטיגע גאולה פון די אידען וועט קומען און די גאַנצע מענשהייט וועט פאַרוואַנדעלט ווערען אין איין גרויסער פריינטליכער פאַמיליע:

„משולים לעפר" — זיי זיינען צוגעגליכען צו שטויב, ווייל „מה עפר הארץ מסוף העולם ועד סופו, כן בניך יהיו מפוזרין מסוף העולם ועד סופו" — ווי די שטויב פון דער ערד איז אויסגעשפּרייט פון איין עק וועלט ביז דעם צווייטען אַזוי וועלען אויך דיינע קינדער זיך צוואָרפען פון איין עק וועלט ביז דעם צווייטען. „כשם שהעפר למטה והכל מדיישין אותו כך יהיו בניך" — אַזוי ווי די שטויב ליגט אונטען און אַלע טרעטען איבער איר, אַזוי וועלען אויך זיין דיינע קינדער (אגד"ב פל"ט). אָבער ווי טרויעריג זייער לאַגע וועט ניט זיין, פאַרצווייפלען זאָלען זיי ניט. קיין אומה ולשון, ווי גרויזאַם זיי זאָלען ניט זיין צו די אידען, פאַרניכטען זיי, אונטערברייינגען זיי וועלען זיי ניט קאָנען. „כשם שאין אדם יכול לסייף את עפר הארץ, כך אין זרעך מסתייפין" — אַזוי ווי קיינער קאָן ניט פאַרשניידען די שטויב פון דער ערד, אַזוי וועלען אויך דיינע קינדער קיינמאָל ניט פאַרשניטען ווערען (מדרש הגדול).

„משולים לחול" — זיי זיינען געגליכען צו זאַמד, ווייל „מה החול גדר לים, בכל עת שהוא סוער הגלים נשברים עליו, כך ישראל" — פּונקט ווי די זאַמד איז אַ צאַם פאַר דעם ים, צו יעדער צייט, וואָס ער שטורעמט זיך פאַנאַנ־דער, ברעכען זיך זיינע כוואַליעס איבער אים — אַזוי זיינען אויך די אידען (מדרש אגדה). די אידען זיינען די ערשטע געשלאָגען צו ווערען פון די גרוי־זאַמע כוואַליעס, וואָס יעדער שטורעם פון האַס און פון פיינטשאַפט ברייינגט

אויף דער וועלט. מיט פאַרפאַלגען די אידען הויבט זיך אָן יעדע מלחמה, און מיט פאַרגעסען אָן זיי — ענדיגט זי זיך. אָבער די אידענפּרעסער באַקומען זייער פאַרדינטע שטראָף. „מה חול, אדם נוטל הימנו ונותן לתוך העיסה או לתוך התבשיל לא יכל לטעמה שמקהה את שיניו, כך ישראל, כל מי שגוזלם או בוזזם מקהה שיניו" — אַזוי ווי זאַמד, אויב איינער זאָל עס אַריינטאָן אין טויג אָדער אין געקעכץ, וועט ער זיי ניט קאָנען עסען, ווייל ער וועט ברעכען זיינע ציינער, אַזוי איז אויך דער איד — ווער עס גזל'ט אָדער באַרויבט אים, ברעכט זיך אויס די ציינער (פסיקתא רבתי).

„נמשלו לכוכבים" — זיי זיינען אויך געגליכען געוואָרען צו שטערען, ווייל „כשם שהכוכבים עליונים על כל העולם, כך בניך עליונים על הכל" — אַזוי ווי די שטערען שטייען העכער איבער דער גאַנצער וועלט, אַזוי וועלען אויך דיינע קינדער שטיין העכער איבער אַלעמען (אגד"ב פל"ט). טראָץ דעם, וואָס כמעט אין אַלע לענדער און אין אַלע דורות זוכט מען צו דערנידעריגען דעם אידען, פאַרנעמט ער דאָך דעם אויבענאָן אין דער געשיכטע. די גייסטרייכע לערע פון דער אידישער אמונה זיינען נאָך אַלץ די הויפּט־קוואַלען, פון וועלכע די רעליגיעס פון הונדערטער מיליאָנען מענשען אין דער וועלט שעפּען זייער גייסטיגע יניקה. אירע גרויסע נביאים פון אַמאָל דינען נאָך איצט אַלס די מאָראַל־פּרעדיגער פון דער גאַנצער מענשהייט.

אברהם און זיינע קינדער האָבען קיינמאָל ניט געזוכט צו אונטעריאָכען אַנדערע. „חרות", פרייהייט און גלייכהייט פאַר אַלע מענשען, וואָס זיינען גע־בוירען געוואָרען „בצלם", אין געשטאַלט פון גאָט, איז דער אידעאַל פון זייער גלויבען. און אַז עס טרעפט אַמאָל, אַז אויך אברהם מוז נעמען אַ שווערד אין האַנט צו באַקעמפען זיינע שונאים, וויל ער אָבער פון זיינע זיגען גאָרנישט גע־ניסען. אַז ער קומט צוריק אַ זיגער פון דער שלאַכט קעגען די פיר מלכים און דער קעניג פון סדום אָפּפערט אים דעם גאַנצען „רכוש", די אַלע רייכ־טימער, וואָס ער האָט פון זיי פאַרנומען, ענטפערט אים אברהם: „הרמותי ידי אל ה', קונה שמים וארץ", איך האָב געהויבען מיין האַנט צוליב גאָט, וואָס האָט באַשאַפען הימעל און ערד. מיין קאַמף, וואָס איך האָב אָנגעפירט קעגען זיי, איז געווען פאַר פרייהייט און גערעכטיגקייט פאַר אַלעמען, אַליין וויל איך דערפון ניט געניסען „מחוט ועד שרוך נעל", פון אַ פאָדעם ביז אַ שוך־בענדעל.

מיט דעם, זאָגט דער מדרש: „העלה למעלה מכיפת הרקיע", האָט ער זיך דערהויבען העכער איבער די הימלען. די קינדער פון אַזאַ פאָטער וועלען

שיינען ווי די שטערען, „שאין היד שולטת בהם״, וואָס קיין בייזע האַנט קאָן איבער זיי ניט געוועלטיגען.

# הפטרה

## אין וואָס באַשטייט דער אידישער כוח ?

**ירוצו ולא יגעו, ילכו ולא ייעפו.**

„הה״ד: מי יתן לי אבר כיונה אעופה ואשכונה. למה כיונה? לפי שכל העופות בשעה שהם יגעים הן נחין על גבי סלע או על גבי אילן, אבל היונה הזו בשעה שהיא פורחת ויגעה, קופצת אחת מאגפיה ופורחת מאחת מאגפיה״ — אויף דעם ווערט אָנגעדייט, אין תהלים (נ״ה), ווער גיט מיר אַ פליגעל פון אַ טויב, איך זאָל אַוועקפליען און רוען? וואָרום ווי אַ טויב? ווייל אַלע אַנדערע פויגלען, ווען זיי פליהען און ווערען פאַרמאַטערט, רוען זיי זיך אָפּ אויף אַ פעלז אָדער אַ בוים, אָבער דאָס טייבעלע, אַז זי ווערט פאַרמאַטערט, פאַרמאַכט זי איינע פון אירע פליגלען און פליט מיט׳ן צווייטען פליגעל (ב״ר ל״ט).

„לך לך מארצך וממולדתך ומבית אביך״ — גיי דיר פון דיין לאַנד, פון דיין געבורט-פּלאַץ און פון דיין פאָטער׳ס הויז. מיט דעם הויבט זיך אָן די געשיכטע פון אונזער פאָטער אברהם, און דאָס איז אויך דער שיקזאַל פון זיינע קינדער אין די לאַנגע דורות פון זייער עקזיסטענץ. האַלטען זיי אין איין גיין, אין איין וואַנדערען איבער אַלע זיבען ימ׳ען פון דער וועלט — דאָס איז געוועזען און איז נאָך היינט דער טרויעריגער גורל פון דעם אידישען פאָלק. און אונזער וואַנדערען איז פונקט אַזוי אומנאַרמאַל, ווי אונזער גאַנצער לעבען. אַנדערע מענשען, אַז זיי באַשליסען צו וואַנדערען, פאַרלאָזען צוערשט זייער שטוב, נאָכדעם זייער שטאָט און נאָכהער זייער לאַנד. ביי אונז אידען גייט עס אָבער פאַרקערט. אַפילו זיצענדיג אין לאַנד ווערען מיר באַטראַכט פאַר וואַנדערער, פאַר פרעמדע. די שטעט, אין וועלכע מיר געפינען זיך, אנערקענען אונז ניט פאַר „תושבים״, פאַר איינגעזעסענע בירגער. מיר זיינען איבעראַל איינגעבעטענע געסט, וואָס קומען פאַר אַ ווײַלע און

ווערען דערוואַרטעט באַלד צוריק אָוועקצוגיין און וואַנדערען ערגעץ אַנ־דערשוואו.

אָבער, טראָץ זייער שרעקליכען שיקזאַל פון „לך לך", פון אַרומוואַנ־דערען, פון שטענדיגען נע ונד, וועלען אברהם מיט זיינע קינדער ענדליך קומען „אל הארץ אשר אראך", צו דעם לאַנד, וואָס גאָט האָט זיי איינמאָל אָנגעוויזען און פאַר זיי באַשטימט. דער מדרש תנחומא זאָגט: איידער גאָט האָט באַפוילען אברהמ'ען, אַז ער זאָל פאַרלאָזען זיין לאַנד און געבורט־פּלאַץ, האָט ער אים פאַרזיכערט: „אותך אני בורא בריה חדשה" — פון דיר וועל איך באַשאַפען אַ נייע באַשעפעניש. דאָס פאָלק, וואָס וועט פון דיר אַרויסקומען, וועט זיין פאַרשיידען פון אַלע אַנדערע פעלקער אויף דער וועלט. עס וועט באַזיצען אייביגקייט, אומשטערבליכקייט. אַלע קראַנקהייטען, וואָס שוואַכען־אָפּ און ברייגגען־אונטער אַנדערע פעלקער, וועלען אויף אים קיין שליטה ניט האָבען. כאָטש זיין לעבען וועט פאַר אַ גאַנץ לאַנגער צייט זיין אַ נע־ונד'ער, אַ וואַקעלדיגער, וועט עס אָבער קיינמאָל ניט אונטערגיין און וועט בלייבען אייביג לעבען.

אין וואָס אָבער באַשטייט דער אידישער כוח? פון וועלכע קוועלען שעפּט ער זיין אומפאַרגלייכליכען אויסדויער צו קאָנען ווידערשטיין די שטורמישע כוואַליעס פון האַס און פאַרפאָלגונג, וואָס דער ים פון לעבען ברויזט אויף קע־גען אים מיט אַזוי פיל וואוט און צאָרן אויף זיינע לאַנגע און פינסטערע גלות־וואַנדערונגען? אויף דעם גיט אונז דער אויבען־ציטירטער מדרש אַ טיפ־זיניגען היסטאָרישען ענטפער:

אַלע אַנדערע פעלקער, כדי צו קאָנען עקזיסטירען אין דעם רוים פון דער וועלט אַלס באַזונדערע נאַציעס, מוזען האָבען צוויי פליגלען, אַן עקאָנאָמישען און אַ גייסטיגען, אַן אייגען לאַנד און אַן אייגענע קולטור. האָט איינע פון זיי פאַרלאָרען איר לאַנד און איר עקאָנאָמישער פליגעל איז געבראָכען געוואָרען, איז אויך איר גייסטיגער פליגעל אָפּגעשוואַכט געוואָרען — איר קולטור, אַזוי גוט ווי דאָס לאַנד, איז פאַרלאָרען געגאַנגען. די קינדער פון דעם באַזיגטען פאָלק האָבען זיך אָפּגעשטעלט אויף די „סלע'ס", די „אילנ'ס", די שטאַרקערע און רייכערע לענדער, און זיך צעמישט צווישען זייערע איינוואוינער. דערפאַר איז פון זייער אייגענער נאַציע קיין זכר ניט געבליבען.

דאָס אידיש פאָלק אָבער איז אַזוי ווי אַ טייבעלע, וואָס אום צו קאָנען פליען און זיך האַלטען אין דער הויך, דאַרף זי ניט האָבען דווקאביידע פליג־

לען. אויב זי ווערט פאַרמאַטערט, „קופצת אחת מאגפיה ופורחת באחת מאגפיה" — פאַרמאַכט זי איין פליגעל און פליט מיט'ן צווייטען. ווען דאָס אידיש פאָלק האָט זיין לאַנד פאַרלאָרען, האָט עס זיין קולטור, זיין תורה ניט אויפגעגעבען. מיט אָט דעם גייסטיגען פליגעל, וואָס איז געגעבען געוואָרען אויפ'ן באַרג סיני, האַלט ער זיך אין דער לופטען אַלס „עם ישראל", אַ גאַנצע און באַזונ־דערע נאַציע.

„קוי ה' יחליפו כוח" — די, וואָס האָפען צו גאָט, באַנייען זיך מיט קרעפ־טען, „ירוצו ולא יגעו, ילכו ולא ייעפו" — זיי לויפען און ווערען ניט מיד, זיי וואַנדערען אַרום און ווערען ניט פאַרמאַטערט. זיין גייסטיגע אָפּגעזונדערטקייט גיט דעם אידען אַ תכלית פאַר זיין לעבען, און אַ פאָלק מיט אַ דערהויבענעם ציל פאַר זיין לעבען וועט קיינמאָל ניט שטאַרבען. „אַז איינער ליידט", זאָגט הרב שמואל מאָהליווער ז"ל, „צוליב אַ אידעאַלען צוועק, זיינען די ליידען ניט אַזוי שמערצפול. דער תכלית פון זיין לעבען גיט אים מוט צו קאָנען ווידער־שטיין אַלע אָנגריפען פון דער צייט און דער סביבה. ער רעכענט זיך ניט מיט די אָנפאַלען פון זיינע שכנים, וועלכע שטייען פיל נידעריגער פאַר אים אין גייסט און האָבען אויף אים אַ קנאָפּע שליטה".

דער אידישער שיקזאַל איז טאַקע לעת עתה דער „לך לך", דאָס אַרומ־וואַנדערען, וואו אַ טאָג און וואו אַ נאַכט, אָבער פאַרצווייפלען, אויפגעבען אונ־זערע האָפענונגען — דאָס טוען מיר ניט. מיט אונזער גייסטיגען פליגעל, מיט אונזער תורה און אמונה זיינען מיר דורכגעפלויגען טויזענטער יאָרען פון גלות, אין פאַרשיידענע לענדער, און מיט דעם זעלבען פליגעל וועלען מיר ענדליך דערפליען „אל הארץ אשר אראך", צום לאַנד, וואָס גאָט האָט פאַר אונז באַשטימט.

---

ד.

## דער מיסטעריעזער „כה", וואָס איז דער אידישער שיקזאל

**כה יהיה זרעך.**

„הראה לו מזלו של יצחק מן הכוכבים ששמו ,כה'" — — ער האָט אים געוויזען דעם מזל פון זיין זון יצחק פון צווישען די שטערען, וואָס זיין נאָמען איז „כה" — אָט אַזוי (מדרש שה"ש זוטא א').

אונזער פּאָטער אברהם קערט זיך נאָך־וואָס צוריק פון אַ גרויסער וועלט־מלחמה, אין וועלכער ער האָט געשפּילט אַ דאָמינירענדע ראָל. אין דער מלחמה זיינען געווען פאַרמישט ניין גרויסע מלוכות און זי איז אָנגעפירט געווען פון צוויי דעספּאָטישע הערשער, „אמרפל" און „כדרלעמר", וועלכע זיינען באַפאַלען די לענדער סדום, עמרה, אדמה, צבאים און צוער, חרוב געמאַכט זייערע היימען און פאַרנומען זייער גאַנצע מאַנשאַפט מיט אַלע זייערע רייכטימער. די שטאָט חברון און די גאַנצע געגענט פון ממרא, וואו אברהם האָט געוואוינט, איז צו־ערשט ניט געווען פאַרמישט אין דעם קריג. ענר, אשכל און ממרא, צו וועמען די לענדערייען אַרום חברון האָבען באַלאַנגט, זיינען פרידליכע הערשער און האָבען געזוכט אויסצומיידען מלחמות. זיי זיינען געווען גרויסע פריינט פון אברהם און האָבען אים שטאַרק ליב געהאַט.

„ויבא הפליט ויגד לאברהם העברי" — אַן אַנטרונענער, וואָס האָט זיך געראַטעוועט פון דער מלחמה, איז געקומען און האָט אָנגעזאָגט דעם „אידען" אברהם, „כי נשבה אחיו" — אַז מען האָט גענומען געפאַנגען זיין ברודער „לוט" און אַז אַלע אידען דאַרט ליידען שרעקליכע יסורים. ווערט אברהם אַן אויפ־געציטערטער און באַשליסט צו גיין אויף מסירת נפש, אַבי צו ראַטעווען זיינע ברידער. ער האָט זיך אויך געשראָקען פאַר זיין אייגען לעבען. דער אָנפירער פון די זיגרייכע אַרמייען איז דאָך אמרפל, זיין אַלטער שונא נמרוד, וועלכער האָט איבר אַמאָל געלאָזט וואַרפען אין אַ קאַלכאויוועז, ווייל ער האָט ניט גע־וואָלט צוגעבען, אַז ער באַזיצט געטליכע כוחות (עירובין נ"ב ע"א). זיין שנאה צו אים ברענט נאָך ווי אַמאָל, און אברהם האָט אינסטינקטיוו געפילט, אַז ער וועט ניט רוהען ביז ער וועט אויך אים אַריינכאַפּען אין זיין נעץ און אים אומ־ברייגען פון דער וועלט.

ער ווענדעט זיך צו זיינע פריינטליכע שכנים, ענר, אשכל און ממרא, און דערקלערט זיי, אַז אויך זייערע לענדער זיינען ניט זיכער מיט זייער פרייהייט. די דעספּאָטען אמרפל און כדרלעמר זוכען צו פאַרכאַפּען די ממשלה איבער דער גאַנצער וועלט און זיי וועלען זיי אויך געוויס ניט אויסלאָזען. זיין אַגיטאַציע מאַכט אַ גרויסע ווערקונג און זיי באַשליסען זיך אָנצושליסען אין דעם קאַמף. „וירק את חניכיו" — אברהם מאָביליזירט זייערע אַרמייען; „הוריקן בכלי זיין ובזהב" — ער שטאַט זיי אויס מיט אַלערליי געווער און גיט זיי גענוג געלט צו דעקען די הוצאות פון דעם קריג (נדרים ל"ב). נאָך זיין גרויסען זיג גיט ער זיי אַ חלק פון די דעראָבערטע גיטער. פאַר זיך אַליין אָבער לאָזט ער ניט

איבער „מחוט ועד שרוך נעל״ — פון אַ פאָדעם ביז אַ שוך־בענדעל. ער האָט ניט געוואָלט אַז מען זאָל אים באַשולדיגען מיט דער אַלטער אַנטיסעמיטישער טענה פון „אני העשרתי את אברהם״ — אַז זיין באַטייליגען זיך אין קריג איז ניט געווען צוליב פרייהייט, נאָר כדי רייך צו ווערען.

זיין גרויסמוטיגקייט העלפט אים אָבער גאַנץ ווייניג. טראָץ די גרויסע קרבנות, וואָס ער האָט געבראַכט פאַר זייער זיג, ווערט ער דאָך באַשולדיגט, אַז ער איז געווען דער גורם פאַר דער שרעקליכער מלחמה. ער זעהט ווי זיינע אַליאירטע מלוכות, פאַר וועלכע ער האָט אַזוי מסירת־נפש׳דיג געקעמפט, „מכניסין אוכלסין״, רופען צוזאַמען קאָנפערענצען צו פאַרהאַנדלען וועגען אַ וועלט־שלום, אָבער ער ווערט צו די קאָנפערענצען ניט צוגעלאָזען. אַנשטאָט דורכ־צופירען די הבטחות, וואָס זיי האָבען אים געגעבען, „עושין עמו מלחמה״ — פירט מען גאָר אַ מלחמה קעגען אים אויף שריט און טריט (מדרש הנעלם). ווען ער הערט פון גאָט, ווי ער זאָגט אים: „אל תירא אברם, אנכי מגן לך, שכרך הרבה מאד״ — האָב קיין מורא ניט אברם, איך וועל דיך שיצען, דיין לוין וועט זיין זעהר גרויס, שרייט ער אויס מיט ווייטוט: „מה תתן לי ואנכי הולך ערירי?״ — וואָס נוצט מיר וואָס דו וועסט מיר געבען, אַז איך גיי אַרום אַליין, אָפּגע־זונדערט פון דער גאַנצער וועלט, „ובן משק ביתי דמשק אליעזר״ — און דער ווירטשאַפטער פון מיין הויז איז גאָר דמשק־אליעזר. אויב איך וויל קויפען אַ נחלה אין מיין אייגען לאַנד, טאָר איך ניט, איך מוז עס טאָן אויף אַ פרעמדען נאָמען? . . .

ווידער באַקלאָגט זיך אברם: „הן לי לא נתת זרע והנה בין ביתי יורש אותי״ — מיר האָסטו דאָך קיין קינדער ניט געגעבען, און דער זון פון מיין הויזגעזינד, פון מיין דינסט הגר, וועט מיך ירש׳ענען, „ומה תועלת בכל אשר תתן לי״ — וואָס פאַר אַ נוצען וועט מיר אַריינברייגנען אַלץ, וואָס דו וועסט מיר געבען? ((רש״י). אברהם וויל האָבען אַ גייסטיגען יורש, וואָס זאָל אי־בערנעמען זיין גרויסע, געטליכע ירושה און איר דורכפירען אין לעבען. אַזאַ זון האָט ער ניט, און אין גלות, אין פרעמדע לענדער, איז שווער אַזעלכע קינ־דער אויפצואַדעווען. אַלס ענטפער אויף זיינע ביידע קלאַגעס נעמט אים גאָט אַרויס אין גאַס און זאָגט אים: „הבט נא השמימה וספור הכוכבים — כה יהיה זרעך״ — קוק נאָר אויפ׳ן הימעל און צייל די שטערען — אָט אַזוי וועלען זיין דיינע קינדער. ער פאַרשפרעכט אים אויך, אַז ער וועט ענדליך באַזיצען דאָס לאַנד, וואָס ער האָט אים שוין איינינע מאָל פאַרשפראָכען.

אברהם בלייבט שטיין אַ געפּלעפּטער. ער זעהט פאַר זיך אַ וועלט איינ־געטיילט אין פאַרשיידענע עקאָנאָמישע גרופּען: „עגלה משולשת, עז משולשת, ואיל משולש" — שטיקער פלייש פון פעטע קעלבער, ציגען און באַראַנען.

יעדעס פאָלק איז פאַרטאָן אין זיינע אייגענע עקאָנאָמישע נוצען און זיי זיינען צעשניטען און צעריסען צווישען זיך. איבער זיי פליט אַרום אַ „גוזל", אַ טייבעלע, דער סימבאָל פון אידישען פאָלק, און האָט נעבאך ניט וואו אירע שוואַכע פיסלאך אַוועקצושטעלען. ער זעהט אויך, אַז פון צייט צו צייט „לפיד אש עובר בין הבתרים" — פליט דורך אַ פאַקעל פייער צווישען די שטיקער. אַ בלוטיגע מלחמה ברעכט אויס, „וירד העיט על הפגרים" — און אַ רויב־פויגעל נידערט אַרונטער איבער די שטיקער און פרעסט־אויף און פאַרצערט אַלע זייערע דערגרייכונגען. „וישב אותם אברם" — און אברהם טרייבט זיי אַוועק. ער באַטייליגט זיך אין אַלע זייערע קאַמפּען. אָבער וואָס האָט ער דערפון? ער בלייבט דער זעלבער „ערירי", פאַרלאָזענער און פאַרשטויסענער, ווי געוועזן . . .

„והנה אימה חשכה נופלת עליו"—און אַ גרויסע, פינסטערע שרעק באַפאַלט אים. איז דאָס די באַדייטונג פון דעם „כה יהיה זרעך" — אַט אַזוי וועלען זיין דיינע קינדער? . . . און דיזעלבע פראַגע ווערט פון אים ווייטער איבער־געחזר'ט ביי דער מעשה פון דער עקדה. האָט אים שוין גאָט מזכה געווען אויף דער עלטער מיט אַ גוטען זון „יצחק", אַן אמת'ער גייסטיגער יורש, אויף וועלכען ער האָט אַזוי לאַנג געהאָפט און מתפלל געווען. ערשט ער הערט דעם באַפעהל פון גאָט, וואָס זאָגט אים: „קח את בנך את יחידך והעלהו לעולה" — נעם דיין זון, דיין איינציג קינד, און ברייננ אים אויף פאַר אַ קרבן עולה צו מיר. אברהם ווערט אַן אויפגעציטערטער. ער פאָלגט אָבער דעם באַפעל פון גאָט און גייט מיט זיין ליבען זון צו דער עקדה. אויפ'ן וועג שטעלט ער אָפּ זיינע קנעכט און הייסט זיי וואַרטען. „ואני והנער נלכה עד כה" — און איך און דער יונג וועלען גיין ביז „כה" — „נלך ונראה מה בסוף הדיבור של כה" — מיר וועלען גיין און וועלען אויסגעפינען וואָס עס איז דער סוף פון דעם צוזאָג „כה יהיה זרעך" — אַט אַזוי וועלען זיין דיינע קינדער? (פסיקתא רבתי פ' מ'). איז דאָס טאַקע די באַדייטונג פון דעם „כה", תמיד געבראַכט צו ווערען פאַר אַ קרבן אין דער וועלט? . . .

אויך משה רבנו שטעלט דיזעלבע פראַגע, אַז ער גייט אַרויס צו זיינע ברידער אין מצרים, „וירא בסבלותם" — און זעהט זייער שווערע לאַגע. ער

זעהט ווי יונגע קינדער ווערען געצוואונגען צו טאָן די אַרבייט פון דערוואַקסענע, אַלטע און שוואַכע לייט טראַגען דיזעלבע משא, וואָס יונגע, קרעפטיגע מענער (שמו"ר ד'). אויסער דעם באַמערקט ער ווי „איש מצרי מכה איש עברי" — אַז די מצריים, וועלכע זיינען אַנגעשטעלט אַלס פאַרוואַלטער אַנצופירען מיט דער שקלאַפען־אַרבייט, שלאַגען, פייניגען די אידען, און ער ווערט אויפגעטריי־סעלט פון צער און צאָרן. „ויפן כה וכה" — ער קערט זיך אַהין און אַהער און זוכט אַ דערקלערונג, וואָרום קומט עס זיינע ברידער אַזוי פיל צרות? „אמר לפני הקב"ה: אם כך הורגין בניך, איה הכה שאמרת להם"? — ער טענה'ט צו גאָט: אויב אַזוי מוטשעט מען דיינע קינדער, וואו איז דיין פאַרשפּרעכען צו אונזער פאָטער אַברהם: „כה יהיה זרעך" — אַז דיינע קינדער וועלען זייך ווי די שטערען אין הימעל? איז דאָס די באַדייטונג פון דעם „כה"? אָט אַזאַ טרויעריג לעבען האָסטו געמיינט? (מדרש אבכיר).

נאָך דעם ערשטען חורבן, ווען נבוכדנצר האָט חרוב געמאַכט דעם בית־המקדש און פאַרטריבען די אידען נאָך בבל, קלאָגט דער נביא ירמיהו און זאָגט: „איכה ישבה בדד העיר רבתי עם" — ווי אַזוי איז געבליבען זיצען אַליין און עלענד די גרויסע פאָלקס־שטאָט? זאָגט אויף דעם רבי אליעזר, אַז ירמיהו האָט געפרעגט די אַלטע פראַגע: „אי כה"? — וואו איז דער „כה", וואָס גאָט האָט פאַרשפּראָכען צו אונזער פאָטער אברהם? (מדרש איכה א'). איז דאָס דער „אַזוי", וואָס דער אויבערשטער האָט געמיינט, שטענדיג צו וואַנדערען, אימער צו זיין נע ונד? . . .

און די פראַגע איז נאָך אַלץ ניט פאַרענטפערט געוואָרען. גב"ה האָט געוויזען אונזער פאָטער אברהם דעם מזל פון זיינע קינדער, וועלכער הייסט „כה", און ביז היינטיגען טאָג פאַרשטייען מיר ניט זיין באַדייטונג. נאָך יעדער צרה, נאָך יעדען אומגליק, וואָס באַפאַלט אונזער פאָלק, הויבען מיר אונזערע אויגען צום הימעל און פרעגען: „אי כה?" — וואו און וואָס מיינט דער געטליכער פאַרשפּרעכען, אַז אַזוי וועלען זיין דיינע קינדער? מיר ווייסען, אַז פון די הבטחות, וואָס דער אויבערשטער האָט אונז פאַרשפּראָכען, וועט קיין זאַך ניט פעלען. אָבער, ווי זאָגט דער גרויסער אידישער משורר ש. פרוג:

יאָ, גאָטעניו, אמת! ווי זאַמד און ווי שטיינער,
צעשפּרייט און צעוואָרפען אויף שאַנד און אויף שפּאָט,
אָבער די שטערען, די ליכטיגע קלאָרע —
די שטערען, די שטערען, וואו זיינען, גאָט?

# הפטרה

## די פאַרבאָרגענע וועגן פון דער השגחה

**זרע אברהם אוהבי.**

„אמר הקב״ה לאברהם: אותך אני בורא בריה חדשה״ — קב״ה האָט געזאָגט צו אברהמ׳ען: פון דיר וועל איך מאַכען אַ נייע באַשעפעניש (מדרש תנחומא).

אין דער סדרה ווערט אונז איבערגעגעבען, אַז נאָכדעם ווי אברהם האָט געהאָלפען דעם מלך סדום און זיינע אַליאירטע קעגען די אַנגרייפענדע מלוכות פון כדרלעמר און אמרפל און זיי באַזיגט, האָט זיך גאָט געוויזען צו אים און געזאָגט: „אל תירא אברם אנכי מגן לך״ — האָב קיין מורא ניט אברם, איך וועל דיך באַשיצען. פרעגען אונזערע חז״ל: „ממי היה מתירא״? — פאַר וועמען האָט ער זיך געשראָקען? זיין שונא אמרפל, דער געוועזענער נמרוד, איז געפאַלען; די פעלקער, וועלכע ער האָט געשטיצט, זיינען דאָך זיינע פריינט; וואָס האָט ער מורא צו האָבען? און זיי גיבען אויף דער פראַגע אַ העכסט־מיסטעריעזען ענטפער: „הראה לו גלות יהויכין, שאברם יצא מאור כשדים והם גלו לכשדים שהוא בבל״ — דער אויבערשטער האָט אים געוויזען דעם אידישען גלות אין די צייטען פון קעניג יהויכין, אברם איז אַרויס פון בבל און זיינע קינדער ווערען צוריק פאַרטריבען נאָך בבל (הכתב והקבלה).

אברהם ווערט אַן אויפגעציטערטער: איז דאָס דער שיקזאַל פון זיינע קינ־דער, פון איין צרה אַרויס און אין אַ צווייטער צרה אַריין? געדענקט ער דאָך די ברכה, וואָס גאָט האָט אים געגעבען ביים פאַרלאָזען זיין געבורט־שטאָט אור כשדים: „אברכה מברכיך ומקלליך אאר״ — איך וועל בענשען די, וואָס ווע־לען דיך בענשען, און די, וואָס וועלען דיך שעלטען, וועל איך שעלטען. ווען וועט אָט די ברכה מקוים ווערען? דערווייל זעהט ער, אַז די צאָל פון די „מקללים״, די וואָס שעלטען און פייניגען זיינע קינדער, ווערט אַלץ גרעסער, און די צאָל פון די „מברכים״, די בענשערס, וואָס זאָלען זיך אָננעמען פאַר זייער קריוודע, ווערט אַלץ קלענער און קלענער, און ער וואונדערט זיך: ווי וועלען זיי דאָס קאָנען אויסהאַלטען?

און דיזעלבע פראַגע ווערט נאָך געפרעגט פון זיינע קינדער ביז היינטי־גען טאָג. וויפיל קרבנות זיי זאָלען ניט ברייגגען פאַר די לענדער, אין וועלכע

זיי געפינען זיך, איז אַלץ ניט אָנגעלייגט. ביי יעדער שווערינקייט, וואָס באַ־פאַלט די וועלט, זיינען זיי די ערשטע כפרה־הינדעל און ווערען פון אַלעמען באַשולדיגט אומזיסט און אומנישט. פונקט ווי זייער פאָטער אברהם, באַקלאָגען זיך נאָך היינט זיינע קינדער, אַז זיי זיינען „הולכים ערירים”, זיי בלייבען אַליין, אָפּגעזונדערט און פאַרשטויסען פון אַלע אַנדערע פעלקער אין דער וועלט. קענ־טיג, אַז גאָט האָט אין זיי איינגאַנצען פאַרגעסען . . .

דער נביא פון דער היינטיגער הפטרה באַמערקט זייער פאַרצווייפלונג און זאָגט זיי: „למה תאמר ישראל נסתרה דרכי מה׳ ומאלקי משפטי יעבר” — וואָרום זאָלסטו זאָגען, ישראל, אַז מיין וועג איז פאַרהוילען פון גאָט און מיינע רעכט ווערען פון אים פאַרקוקט? עס איז ניט אמת, דער אויבערשטער האָט אייך קיינמאָל ניט פאַרלאָזען און וועט אייך מיט דער צייט צוריק אויפריכטען. איר קענט עס זעהן פון דעם פאַקט, אַז טראָץ אַלע רדיפות און פאַרפאָלגונגען, זענט איר געבליבען לעבען און נאָך איבערגעלעבט אייערע שונאים. אייער לאַנגע מאַרטירער־געשיכטע באַווייזט, אַז מען קאָן אייך ניט אומברענגען. גאָט האָט אייך באַשאָנקען מיט אייביגקייט און איר וועט אימער לעבען בלייבען. ער האָט אייך געמאַכט פאַר אַ „בריה חדשה”, אַ מערקווירדיגע באַשעפעניש, וואָס צע־ברעכט די, וואָס זוכען איר צו צעברעכען. „הנה שמתיך למורג חרוץ חדש בעל פיפיות” — איך האָב אייך געמאַכט פאַר אַ שטאַרקער דרעש־מאַשין מיט שאַרפע שפּיצען פון ביידע זייטען, וואָס בלייבט אימער ניי, „תדוש הרים ותדוק, וגבעות כמוץ תשים” — דו וועסט נאָך צעדרעשען די הויכע בערג און זיי צע־מאָלען, און די גרויסע הויכען, וואָס שטייען אין דיין וועג, וועסטו פאַרוואַנדלען אין שפּריי, וואָס דער ווינט וועט צעשפּרייטען. „ואתה תגיל בה׳” — דו אָבער וועסט זיך פרייען מיט גאָט.

---

ה.

## אברהם דרעמלט־איין נאָכ׳ן גרויסן זיג

**ותרדמה נפלה על אברהם.**

„רבי אליעזר אומר תרדמת מרמיטה, ורבנן אומרים אף תרדמה של שטות” — רבי אליעזר זאָגט, אַז דאָס איז געווען אַ היפּנאָטישער שלאָף און די רבנן זאָגען, אַז דאָס איז אויך געווען אַ נאַרישער שלאָף (ילקוט שמעוני).

און גאָט האָט געזאָגט: „לך לך מארצך וממולדתך ומבית אביך אל הארץ אשר אראך" — גיי דיר פון דיין לאַנד און פון דיין געבורט־פּלאַץ און פון דיין פאָטער'ס הויז צו דעם לאַנד, וואָס איך וועל דיר אָנווייזען. מיט דעמדאָזיגען מיסטעריעזען רוף פון דער השגחה הויבט זיך אָן פאַנאַנדערצוּאוויקלען די מערק־ווירדיגע געשיכטע פון אונזערע אבות און פון זייערע קינדער, די בני אברהם, יצחק ויעקב, אין די לאַנגע דורות פון זייער עקזיסטענץ . . .

„גיי דיר"! פאַרלאָז דיין לאַנד, דיינע געשעפטען, אויך דיין הויז־געזינד און גיי דיר זוכען אַן אַנדער לאַנד, אַן אַנדער וואוין־אָרט, וואו דו זאָלסט קאָנען אויסלעבען דיינע יאָרען לויט דיין אייגענאַרטיגער טראַדיציע און לעבענס־גאַנג. דאָס איז געווען דער שיקזאַל פון אונזערע עלטערען און דאָס איז נאָך, ליידער, דער שיקזאַל פון זייערע קינדער ביז היינטיגען טאָג. „מה שאירע לאבות אירע לבנים" — וואָס עס האָט פּאַסירט מיט די אבות, מיט די טאַטעס פון אונזער פאָלק, האָט נאָכדעם פּאַסירט מיט זייערע קינדער, דעם „עם ישראל", וועמעס געשיכטע איז נאָך אַלץ דער גרעסטער רעטזעל צווישען אַלע פעלקער פון דער וועלט.

ווער איז געווען אברהם? וואָס פאַר אַ יוגענט האָט ער פאַרבראַכט? און וואָס האָט געפירט צו דעם, אַז ער זאָל פּלוצלינג אָפּשניידען פון זיין גאַנצער פאַרגאַנגענהייט און אָנפאַנגען אַ ניי לעבען, אַ לעבען פון „נע ונד", פון אַרומוואַנדערען און זוכען אַ פּלאַץ, וואו ער זאָל זיך קאָנען באַזעצען? איבער דעם ווערט ווייניג גערעדט אין אונזער תורה. די תורה איז מער פאַראינטערעסירט אין מעשים, אין אויפטואונגען, איידער אין געשיכטע, און די מעשים, די שאַפונגען פון אברהם, הויבען זיך ערשט אָן מיט זיין אויסוואַנדערען פון „אור כשדים", וואו ער האָט צוליב געוויסע אומשטענדען ניט געקאָנט דורכפירען זיינע פּלענער און אידייען, וואָס ער האָט זיך געשטעלט פאַר זיין אויפגאַבע.

אויך אין דעם שפּיגעלט זיך אָפּ די שפּעטערדיגע געשיכטע פון זיינע קינדער. די מערסטע אידישע קהלות, וועלכע זיינען צעשפּרייט איבער אַלע שבעה ימים פון דער וועלט, האָבען אַ מינדערוויכטיגע און בלאַסע יוגענט. אימיגראַנטען, גרים, שלאָגען ניט אַזוי גיך קיין וואָרצלען, און אָריענטירען זיך זעהר לאַנגזאַם אויף אַ נייעם באָדען. אידישע גלות'ן הויבען זיך אָן געוויינליך מיט אַ זון, וואָס פאַרלאָזט זיין געבורט־פּלאַץ און זיין פאָטער'ס הויז און פאָרט אַוועק זוכען פּרנסה, אָדער בעסערע לעבענס־באַדינגונגען אין אַ פרעמדער מדינה, וואו ער ווערט פאַרשוואַרצט פאַר אַ געוויסער צייט, ביז ער אַרבייט זיך

אַרויף און שיקט נאָך זיין ווייב און קינדער, נאָך זיין פאָטער, זיינע ברידער און שוועסטער. פרישע איינוואַנדערער אין אַ לאַנד שאַפען זעהר ווייניג געשיכטע. דער פראָצעס פון צופאַסונג צו די נייע אומשטענדען דערלאָזט ניט קיין שנעלע אַנטוויקלונג פון זייערע אייגענשאַפטען און ספּעציעלע פעהיגקייטען, און דאָס שטערט זיי צו שאַפען פאַר זיך אַזעלכע אויפטואונגען, וואָס זאָלען האָבען אַ היסטאָרישען ווערט.

פרעמדע זיינען ניט שטאַרק ווילקאָמען אין קיין פּלאַץ. איבעראַל קוקט מען אויף זיי מיט חשד. אונזער ערשטער פאָטער איז געווען באַקאַנט מיט דעם נאָמען „אברהם העברי", דער מענש, וואָס איז אַריבערגעקומען פון דער צווייטער זייט, אָדער ווי דער מדרש רעאַגירט אויף דעם מיט אַ טרויעריגען סאַרקאַזם: „כל העולם מעבר אחד והוא מעבר אחד" — די גאַנצע וועלט שטייט פון איין זייט און ער אויף דער צווייטער זייט, אַלע זיינען קעגען אים און ער איז קעגען אַלעמען. זיינע קינדער הייסען אויך „עברים", מענשען, וואָס קומען פון אַנדערע זייטען און די גאַנצע וועלט איז קעגען זיי.

די אגדה וויל האָבען, אַז נאָך אין זיין יוגענט האָט אברהם אַנערקענט די גרויסקייט פון גאָט און האָט זיך אַנטזאָגט צו פאָלגען דעם מעכטיגען „נמרוד", וועלכער האָט דאַן געהערשט איבער'ן לאַנד און האָט זיך פּראָקלאַמירט פאַר אַ גאָט. ער ווערט פאַר דעם חטא געוואָרפען אין קאַלך־אויווען און ווערט געראַטעוועט דורך אַ נס. אַזוי איז פאָרגעקומען און עס קומט נאָך אַלץ פאָר מיט זיינע קינדער אין די שפּעטערדיגע דורות ביז היינטיגען טאָג. אויך זיי אַנטזאָגען זיך צו אַנערקענען דעספּאָטישע מענשען־געטער אָדער אַנדערע עבודה־זרה'ס און ווערען דערפאַר געברענט און געבראָטען אויף שייטער־הויפענס אָדער גאַז־קאַמערען און ווערען געראַטעוועט דורך נסים.

צוליב די רדיפות פון נמרוד'ן אין „אור כשדים", די שטאָט פון זייער געבורט, באַשליסט תרח, דער פאָטער פון אברהם, צו נעמען זיינע קינדער און גיין נאָך דעם לאַנד כנען. אָבער „ויבאו עד חרן וישבו שם" — זיי זיינען געקומען ביז חרן און האָבען זיך דאָרט באַזעצט. אַזוי אויך פּאַסירט מיט אברהמ'ס קינדער. נאָך אַ גרויסער פאָלקס־קאַטאַסטראָפע באַשליסען זיי צו גיין קיין „כנען", נאָך ארץ־ישראל, און צוריקבויען דאָרט זייער נאַציאָנאַלע היים. אָבער אויפ'ן וועג שטעלען זיי זיך אָפּ, צוליב עקאָנאָמישע אורזאַכען, אין פרעמדע לענדער, וועלכע ווערען מיט דער צייט פאַרוואַנדעלט אין אַ

„חרן״ — אַ פּלאַץ פון גרימצאָרן און פאַרפאַלגונגען (חרון אף של עולם, רש״י ויצא).

אברהם פאַרלאָזט חרן צוזאַמען מיט זיין פּלימעניק „לוט״.ביידע באַזעצן זיך צוערשט אין דעם נייעם לאַנד און ווערען רייך. זיי באַזיצען פיל שאָף און רינדער און עס גייט זיי עקאָנאָמיש גאַנץ גוט. זיי קאָנען אָבער ניט הויזען צוזאַמען און עס קומען פאַר גרויסע מחלוקות צווישען די פּאַסטוכער פון אברהם און די פּאַסטוכער פון לוט, ביז עס שאַפט זיך אַ לאַגע פון „הפרד נא מעלי״ — שייד זיך אָפּ פון מיר. אברהם בעט לוט׳ן, אַז ער זאָל זיך אַרויסציען פון זיין שכנות און וואוינען ערגעץ אַנדערש. לוט טיילט זיך אָפּ פון אים און באַזעצט זיך אין סדום. דיזעלבע דערשיינונג זעהען מיר דאָך אויך היינט מיט אברהמ׳ס קינדער. צוליב עקאָנאָמישע אורזאַכען, צוליב נאַרישער קאָנקורענץ רייסט מען זיך אַרום און מען טיילט זיך איין אין פאַרשיידענע פּאַרטייען און לאַנדסמאַנשאַפטען, וועלכע האַלטען אָן דעם „הפרד נא מעלי״. דער פּרוד לבבות איז זעהר שטאַרק צווישען זיי און שטערט די איינהייט פון דעם אידישען פאָלק.

מיט איניגע יאָר שפּעטער, נאָך דער צעטיילונג פון אברהם און זיין פּלימעניק לוט, ברעכט אויס אַ גרויסע מלחמה, אין וועלכער עס זיינען פאַרמישט ניין גרויסע און מעכטיגע פעלקער און, ווי געוויינליך, איז דער איד די ערשטע כפּרה. „ויקחו את לוט ואת רכושו״ — מען פאַרנעמט דעם אידען לוט מיט זיין גאַנצען פאַרמעגען. „ויבא הפליט ויגד לאברהם״ — און איינער פון די פליכטלינגע קומט און גיט איבער די טרויעריגע בשורה צו אברהם. „וישמע אברהם כי נשבה אחיו״ — אַז אברהם דערהערט, אַז זיין ברודער איז געפאַנגען געוואָרען, ווערט ער אַ פאַרציטערטער און באַשליסט גלייך צו קומען צו הילף זיין אומגליקליכען ברודער. ער פאַרגעסט די צעשיידענקייט און פּרוד־לבבות, וואָס האָט ביז איצט געהערשט צווישען זיי, און באַראַט זיך מיט זיינע פריינטליכע שכנים „ענר״, „אשכול״ און „ממרא״, וועלכע פאַרשפּרעכען אים זייער הילף, און ער פאַנגט גלייך אָן אָרגאַניזירען אַן אַרמיי, וואָס זאָל אַרויסגיין קעמפען קעגען די וועלט־פאַרכאַפּער. זיינע כוחות זיינען קליין, איינגאַנצען האָט ער בלויז דריי הונדערט מיט אַכצען יונגע קעמפער. ער פאַרלאָזט זיך אָבער אויף גאָט, אַז ער וועט אים העלפען.

העכסט אינטערעסאַנט איז די באַמערקונג פון דעם מדרש איבער דער צאָל פון אברהמ׳ס אַרמיי: די צאָל דריי הונדערט מיט אַכצען איז „עולה למנין

אליעזר״ — טרעפט אַן פונקט ווי די צאָל פון די אותיות אין דעם וואָרט „אליעזר״, וואָס מיינט „מיין גאָט וועט העלפען״ (ברייתא דל״ב מדות).

„וירק את חניכיו״ — ער מאָביליזירט זיין יוגענט. שיקט זיינע קינדער צו קעמפען אין די אַרמייען פון זיינע אַליאירטע. „הוריקן בכלי זין ובזהב״ — ער שטאַטעט זיי אויך אויס מיט געווער און מיט געלט (נדרים ל״ב). ער קויפט מלחמה־באַנדס צו באַזאָרגען די פאַראייניגטע מלוכות מיט קריג־שיפען, מיט טאַנקען, מיט אַמבולאַנסען און מיט אַלערליי אַמוניציעס. „ויחלק עליהם לילה״ — כל זמן דער קאַמף האַלט אַן, שלאָפט ער ניט קיין נעכט און לאָזט זיך גיין אויף מסירת נפש, כדי צו ראַטעווען זיינע ברידער פון דער שרעקליכער סכנה.

נאָך דער מלחמה, ווען די פעלקער, אויף וועמעס זייט אברהם האָט געקעמפט, קומען אַרויס די זיגער, גיט אברהם צוריק דעם מלך פון סדום אַלע זיינע מענשען און גיטער, וואָס ער האָט צוריקגענומען פון זיינע שונאים. פאַר זיך אַליין לאָזט ער גאָר ניט איבער, „מחוט ועד שרוך נעל״ — אפילו ניט קיין פאָדעם און קיין שוך־בענדעל. אַזוי איז שוין ב״ה אַלעמאָל. צום קריג, צו פאַרגיסען בלוט אויף די שלאַכטפעלדער, איז דער איד אַ גלייכער שותף, אָבער פון דעם זיג געניסט ער גאַנץ ווייניג. מען פאַרגעסט אַלע פאַרשפּרעכונגען, וואָס מען האָט אים געמאַכט, און מען לאָזט אים איבער אויף הפקר.

און אברהם זעהט „במחזה״, דורך דער נבואה, אַז דיזעלבע זאַך, וואָס האָט פּאַסירט מיט אים, וועט אויך פּאַסירען מיט זיינע קינדער אין די קומענדיגע דורות. ער זעהט פאַר זיך אַ צעריסען פאָלק, וואָס איז איינגעטיילט אין פאַרשיידענע עקאָנאָמישע און פּאָליטישע פּאַרטייען: „עגלה משולשת, עז משולשת ואיל משולש״ — שטיקער פלייש פון פעטע קעלבער, ציגען און באַראַנען; יעדע איינע פּאַרטאַן מיט זיך און אָפּגעזונדערט פון דער צווייטער. „ויתן איש בתרו לקראת רעהו״ — ער זוכט צוזאַמענצוברייגען די שטיקער איינע צו די אַנדערע, עס געלינגט אים אָבער ניט. פּלוצלינג זעהט ער: „לפיד אש עובר בין הגזרים״ — אַ פאַקעל פייער גייט דורך צווישען די שטיקער. דער העלישער פייער פון האַס און פאַרפאָלגונג גייט דורך די פאַרשיידענע טיילען פון פאָלק און פאַראייניגט זיי.

דאָס האַלט אָבער ניט אַן לאַנג. „ותרדמה נפלה על אברהם״ — אַ שלאָף באַפאַלט אברהמ׳ען. דער דובנער מגיד זאָגט אויף דעם: „איינער פון די גרעסטע אידישע אומגליקען איז אַלעמאָל געווען, וואָס ביי אַ גרויסער געלעגענהייט ליגען די אידען איינגעוויקעלט אין אַ שטאַרקען שלאָף, מיט צוזאַ־

מענגעלייגטע הענט און טוען קיין זאך ניט פאר זייער פאלק. זיי נוצען קיינמאל ניט אויס די געלעגענהייטען, וואס שאפען זיך נאך א גרויסער וועלט־באוועגונג. זיי פאלען אריין אין א לעטארגישען שלאף ביז עס ווערט צו־שפעט".

רבי אליעזר זאגט, אז די אידען ווערען באפאלען פון „תרדמת מרמיתה", א היפנאטישען שלאף, ווייל דער גלות האט זיי היפנאטיזירט און זיי וויסען ניט אויף וואסער וועלט זיי זיינען? און די רבנן באמערקען, אז זיי ווערען אויך באפאלען פון א „תרדמה של שטות", א שלאף פון נאראנים, פון מענשען, וועלכע זעהען גארנישט און געדענקען גארנישט. זיי לאזען זיך נארען און ווערען פאר־פירט פון פוסטע פארשפרעכונגען און הויכקלינגענדע פראזען איבער דעמא־קראטיע, גלייכבארעכטיגונג און „ביל אוו רייטס".

# הפטרה

## אידען וועלען לעבען אין זכות פון אברהם

**ואתה ישראל עבדי — זרע אברהם אוהבי.**

„אמר לו הקב"ה לאברהם: לכשיעשו בניך פגרים, בלא גידים ובלא עצמות, זכותך עומדת להם" — גאט האט געזאגט צו אברהם: אז דיינע קינ־דער וועלען פארוואנדעלט ווערען אין טויטע קערפערס, אהן אדערען און ביינער, וועט זיי דיין זכותביישטיין (ילקוט שמעוני).

אין דער היינטיגער סדרה ווערט אונז איבערגעגעבען, אז נאכדעם ווי אברהם האט געהאלפען באזיגען די אנגרייפענדיגע פעלקער און האט אומגעקערט צום מלך סדום אלע מענשען און פארמעגענס, וואס מען האט פון אים פארכאפט, ניט איבערלאזענדיג פאר זיך קיין זאך, האט זיך גאט צו אים געוויזען און געזאגט: „אל תירא אברם, אנכי מגן לך, שכרך הרבה מאד" — האב קיין מורא ניט אברם, איך וועל דיך שיצען, דיין לוין וועט זיין זעהר גרויס. פרעגען אונזערע חכמים: „ממי היה מתירא?" — פאר וועמען האט זיך אברהם גע־שראקען? און זיי גיבען א מערקווירדיגען ענטפער, וואס ווייזט ווי ווייט זיי האבען ארויסגעזעהן די טרויעריגע לאגע פון די אידען אין די שפעטערדיגע דורות. זיי זאגען:

אברהם האָט זיך געשראָקען, אַז סוף כל סוף וועלען אויך די פעלקער, פאַר וועלכע ער האָט געקעמפט און געהאָלפען זיי אין זייער זיג, „מכנסין אוכלוסין ועושין עמי מלחמה" — וועלען צוזאַמענגעמען גרויסע מאַסען און מלחמה־האַל־טען קעגען מיר (מדרש הנעלם). די פּאַשיסטישע עלעמענטען אין יעדען לאַנד נוצען אויס די שווערע צייטען, וואָס יעדע מלחמה ברייננט אויך צו די זיגער, אין העצען קעגען די מינדערהייטען צווישען זייער באַפעלקערונג און אַגיטירען פאַר דיסקרימינאַציעס קעגען זיי, כאָטש אויך זיי האָבען מער ווי גענוג בײ־געשטייערט זייער חלק צום זיג. און אַזוי ווי אברהם איז דאָך דער אייביגער פרעמדער און אימער אַ „מעט מן העמים" — אַ מינדערהייט צווישען אַלע פעל־קער, איז ער תמיד די ערשטע כפרה־הינדעל.

זעהען מיר דאָך אויך היינט, נאָך דעם גרויסען זיג פון די אַליאירטע מלוכות, צו וועלכען די אידען האָבען צוגעטראָגען דעם גרעסטען חלק קרבנות, אין מענשען און אין קאַפּיטאַל, אַז אויך אין די לענדער פון די זיגער, זאָגאַר אין די דעמאָקראַטישע לענדער, ווערט דער האַס צו אונז פיל מער פאַרשפּרייט, ווי פאַר דער מלחמה. אברהם שרעקט זיך פאַר דער צוקונפט. גאָט באַרוהיגט אים אָבער און זאָגט אים: „אנכי מגן לך בעולם הזה, ושכרך הרבה מאד בעולם הבא" — איך וועל זיין דיין שוץ אויף דער וועלט און דיין לוין וועט זיין זעהר גרויס אין דער קומענדיגער וועלט (פדר"א כ"ח). נאָך אַלע פאַר־פאָלגונגען קעגען דעם אידען, וועט ער דאָך קיינמאָל ניט אונטערגיין. „אנכי מגן לך" — זיין גלויבען אין דעם „אנכי", אין זיין ריינער אמונה, און זיין איבערצייגונג, אַז אין דעם „עולם הבא", אין דער צוקונפט, וועט ער באַקומען זיין פולען לוין, שיצט אים און גיט אים מוט צו קאָנען ווידערשטיין אַלע אָנ־גריפען פון זיינע שונאים און זיי נאָך איבערלעבען.

און דער נביא פון דער היינטיגער הפטרה ציט ווייטער דעם פאָדעם פון דער דאָזיגער טרייסט. ער זאָגט: „ואתה ישראל עבדי, יעקב אשר בחרתיך, זרע אברהם אוהבי" — און דו, ישראל מיין קנעכט, יעקב, וואָס איך האָב דיך אויסדערווילט, קינד פון מיין געליבטען אברהם, „אל תירא כי עמך אני, אל תשתע כי אני אלקיך, אמצתיך אף עזרתיך, אף תמכתיך בימין צדקי" — האָב קיין מורא ניט, ווארים איך בין מיט דיר; זאָלסט זיך ניט אומקוקען, ווארים איך בין דיין גאָט, איך שטאַרק דיך און איך העלף דיר און איך לען דיך אונטער מיט דער רעכטער האַנט פון מיין גערעכטיקייט.

קימער זיך ווייניג פאַר די שונאים אַרום דיר. זיי וועלען דיך ניט קאָ־

נען אומברייינגען. כאַטש דו ווערסט געטראָטען פון יעדען ווי אַ וואָרעם, וואָס וואַלגערט זיך אין מיסט, דאָך „אל תיראי תולעת יעקב, מתי ישראל״ — שרעק זיך ניט, ווערעמעל יעקב, הייפעלע ישראל, „אני עזרתיך, נאום ה׳ וגואלך קדוש ישראל״ — איך האָב דיר געהאָלפען אין דער פאַרגאַנגענהייט, זאָגט גאָט, און דיין אויסלייזער אין דער צוקונפט וועט אויך זיין דער הייליגער פון ישראל.

און דער מדרש לייגט נאָך צו די דאָזיגע ווייטגייענדע באַמערקונג: „לכשיעשו ישראל פגרים, בלא גידים, ובלא עצמות״ — אפילו ווען די אידען וועלען אינגאַנצען ווערען אָפּהענטיג און ליגען אויסגעשפּרייט ווי טויטע קערפּערס, אָהן אָדערען און אָהן ביינער, זיי וועלען ניט האָבען די נויטיגע מוט און שטאַנדהאַפטיגקייט צו קעמפען פאַר זייער באַפרייאונג, „זכותך תעמוד להם״ — וועט זיי דיין זכות ביישטיין. דער פאַקט, אַז זיי זיינען די „בני אברהם״, וועלכע האָבען תמיד געקעמפט פאַר דער געטליכער באַפרייאונג פון דער מענשהייט, וועט זיי צוריק אויפלעבען און ברייינגען צו זייער אייגענער היים.

# וירא

### א.

## די געצעלטען פון אברהמ׳ס קינדער ווערען באַוואַכט

**והוא יושב פתח האהל.**

„בקש לעמוד, אמר הקב״ה שב. אתה סימן לבנים. עתידין בניך לישב בבתי מדרשות ובבתי כנסיות ואני עומד עליהם״ — ער האָט זיך געוואָלט אויפשטעלען, דער אויבערשטער, אָבער, האָט אים געהייסען זיצען. דו ביסט אַ ביישפּיל פאַר דיינע קינדער, — זאָגט ער איבּ, — אַז זיי וועלען זיצען אין זייערע שוהלען און בתי מדרשים און לערנען תורה, וועל איך שטעהן איבער זיי (תנ״י וירא ד׳).

ווי באַוואוסט, איז אונזער פאָטער אברהם געוועזען זעהר אַ רייכער מאַן, „כבד מאד במקנה, בכסף ובזהב״, שווער באַלאָדען מיט רינדער, זילבער און גאָלד. זיינע געשעפטען זיינען געווען פיל פאַרצווייגט און פאַרשפּרייט איבער אַלע לענדער פון דעם גאַנצען אָריענט. ער איז געוועזען באַרימט איבעראַל אַלס גרויסער אינדוסטריאַליסט און אונטערנעמער. „כל מלכי מזרח ומערב משכימין לפתחו לשאול במזלות״ — אַלע קעניגען פון איסט און וועסט פלעגען אים אָפּט באַזוכען, זיך מיט אים מישב צו זיין וועגען נייע אונטערנעמונגען (ב״ב ט״ז ע״ב).

„והוא יושב פתח האוהל״ — כאָטש ער פיהלט זיך שוואַך אין געזונט, ווייל ערשט מיט דריי טעג צוריק האָט ער זיך מל געווען, און פאַר אַן אַלטען מאַן פון ניין־און־ניינציג יאָר איז עס אַ גאַנץ שווערע אָפּעראַציע, זיצט אָבער אברהם ביים טיר פון זיין געצעלט און וואַרט אויף אורחים. ער געדענקט זעהר גוט די שווערע צייטען, וואָס ער אַליין האָט דורכגעמאַכט אין זיינע יונגע יאָרען, און איצט, אַז גאָט האָט אים באַגליקט, וויל ער זיין רייכטום טיילען מיט די מעהר באַדערפטיגע.

ער איז אויך געווען שטאַרק איבערגעגעבען צו זיין גרויסען געטליכען אידעאַל און צו באַקערען וואָס מעהר נייע מענשען צו זיין אמונה. דער רמב״ם, אין הלכות דעות, הלכה ז׳, דערקלערט אונז, אַז אברהם האָט קיינמאָל ניט גע־זוכט צו פאַרשפּרייטען זיין אמונה דורך דרוק־מיטלען. זיין וועג איז תמיד גע־ווען דער „שביל הזהב״, דער גאָלדענער וועג, דער מיטעל־וועג, וואָס האָט בהדרגה, גראַדענווייז, דורך דערקלערונגען און פריינטליכער באַהאַנדלונג באַקערט זיינע מיט־מענשען צו זיין גלויבען. ווי די גמרא זאָגט אונז: „משהיו אוכלים ושותים — היה אומר להם ברכו״, נאָכדעם אַז זיי האָבען ביי אים געגעסען און געטרונקען, האָט ער זיי געבעטען צו בענשען (בבא מציעא). ער האָט זיך ניט באַנוצט מיט זייער שווערער לאַגע, מיט זייער הונגער און נויט זיי אַריינצונאַרען און באַקערען צו זיין אמונה. ער האָט זיי פריהער געהאָלפען און געשפּייזט, און מיט פריינטשאַפט און איידעלקייט זיי געלערענט זיין גרויסען אידעאַל.

איין זאַך האָט אים אָבער שטאַרק געקרענקט און אים איז ניט איינגע־גאַנגען זיין גאַנצער פאַרמעגען. דער פאַקט, אַז ער האָט ניט קיין זוהן פון זיין ליבער פרוי שרה, וועלכער זאָל קאָנען איבערנעמען זיין אייגענס און אויך זיין גייסטיגע ירושה, איז אימער געשטאַנען פאַר זיינע אויגען און ער פלעגט זיך זעהר אָפט באַקלאָגען פאַר גאָט אויף זיין טרויעריגען שיקזאַל.

אונזערע חז״ל ווילען האָבען, אַז אברהם האָט שטאַרק געוואָלט האָבען אַ זוהן פון זיין פרוי שרה, וועמען ער זאָל קאָנען איבערגעבען זיינע אידעאַלען פון „אחדות הבורא״ און ער זאָל עס פאַראייביגען דורך זיינע קינדער. ווען דער אויבערשטער פאַרשפּרעכט אים, אַז ער וועט האָבען קינדער, „אמר לפניו רבש״ע אם עתיד אני להעמיד בנים להכעיסך מוטב לי ואנכי הולך ערירי״ — זאָגט ער צו אים, רבונו של עולם, איך וויל וויסען, וואָס פאַר אַ קינדער איך וועל האָבען, אויב מיר איז באַשערט צו ברייננגען קינדער אויף דער וועלט, וועלכע וועלען דיך דערצערנען, איז פאַר מיר גלייכער אַוועקצוגיין פון דער וועלט אַליין (ב״ר מ״ד).

„והוא יושב פתח האוהל״ — כאָטש ער איז געווען זעהר רייך און האָט זיך געקאָנט פאַרגינען אַלערליי לוקסוסען און פאַרגעניגענס, איז אָבער זיין הויפּט־זיץ־פּלאַץ געווען ביי זיין אייגענעם געצעלט. דאָרט איז ער געזעסען און האָט זיך פאַרטיפט אין זיין גרויסער וויזיע פון „אחדות הבורא״, פון דעם אי־מער־לעבעדיגען און אַלמעכטיגען גאָט.

און אברהם איז אַביישפּיל פאַר זיינע קינדער. אויך זיי האָבען אין זייערע וואַנדערונגען אַנגעשלאָגען אַלע וועלט־טיילען, האָבען געפירט גרויסע געשעפטען און געבויט גרויסע לענדער און מדינות. זיי האָבען זיך אָבער ניט צעמישט צווי־שען די פעלקער, וואו זיי האָבען געוואוינט. פונקט ווי זייער פאָטער אברהם, זיינען זיי איבעראַל געוועזן "יושבים פתח האוהל"—זייער הויפּט־זיץ־פּלאַץ איז געוועזן אַרום די טירען פון זייערע אייגענע געצעלטען. אין זייערע שוהלען און בתי־מדרשים האָבען זיי פאַרטגעזעצט צו שמידען די קייט פון זייער פאָלק'ס קיום.

און דערזעלבער גאָט, וואָס איז געשטאַנען איבער אברהמ'ען און האָט גע־שיקט זיינע מלאכים צו אים אין געצעלט, אים אויסצוהיילען פון זיין קראַנקהייט און אים צו באַשיצען געגען די אָנפאַלען פון שונאים, שטעהט אויך איבער די אידישע קינדער, וואָס זיצען אין זייערע געצעלטען און לערנען תורה. ער באַ־וואַכט זיי און פאַרהיט זיי פון אונטערגאַנג. מעגען זייערע שונאים פאַר אַ גע־וויסער צייט טריאומפירען איבער זיי, זייער טריאומף אָבער וועט ניט לאַנג אַנהאַלטען. די שונאים וועלען פאַרשווינדען און דער איד מיט זיין תורה וועלען אימער לעבען בלייבען.

---

# הפטרה

## ווי מען דאַרף דערציהען קינדער

**ויחם בשר הילד.**

ויגהר עליו בכל כחו עד שהתחמם בשר הילד, שלא יחול הנס על האין רק על היש" — ער האָט זיך געלייגט איבער אים מיט זיין גאַנצען כח, ביז דאָס לייב פון אינגעל איז געוואָרען וואַרעם, ווייל אַ נס קאָן ניט חל זיין אויף אַ נע־גאַטיווער זאַך, נאָר אויף אַ פּאָזיטיווער (מלבי"ם).

אין דער היינטיגער הפטרה ווערט געשילדערט אַ וואונדערליכע געשעהעניש מיט אלישע הנביא, וועלכע איז שטאַרק צוגעפּאַסט צו דעם אינהאַלט פון דער היינטיגער סדרה.

אלישע הנביא פלעגט אָפט באַזוכען דאָס קליינע שטעטעל "שונם", וועלכע איז געוועזן ניט ווייט פון דער דעמאָלטדיגער הויפּט־שטאָט "שמרון". דאָרט

האָט געוואוינט אַ באַרימטע פרוי, וועלכע האָט זיך מיט אים שטאַרק באַפריינ־דעט. אַזוי ווי ער פלעגט ביי איר זיין אַן אָפטער גאַסט, האָט זי געבעטען איר מאַן ער זאָל פאַר אים אויסבויען אַ ספּעציעלען צימער און האָט אים אויס־געשטאַטעט מיט אַלע באַקוועמליכקייטען. אלישע'ן איז שטאַרק געפעלען גע־וואָרען זייער גאַסטפריינטליכקייט און ער האָט געהייסען זיין משרת גחזי, ער זאָל אויסגעפינען וואָס זיי פעהלט און אויב זיי נויטיגען זיך אין אַ טובה פון דער מלוכה.

גחזי האָט אים איבערגעגעבען, אַז זיי זיינען גאַנץ רייך און דאַרפען ניט קיין הילף. די איינציגע זאַך, וואָס זיי פעהלט איז אַ זוהן, און דער מאַן איז שוין גאַנץ אַלט. אלישע האָט צו זיך גערופען די פרוי און איר אָנגעזאָגט די פרייליכע בשורה, אַז צום צווייטען מאָל, ווען ער וועט קומען צו איר אויף אַ באַזוך, וועט זי געבוירען אַ זוהן. און אַזוי איז טאַקע געווען. פּונקט צו דער צייט, וואָס דער נביא האָט איר פאַרשפּראָכען, האָט זי געבוירען אַ זוהן.

אין עטליכע יאָר אַרום, אַז דאָס אינגעל איז אונטערגעוואַקסען, האָט אים זיין פאָטער געגומען אין פעלד אַריין און דאָרט האָט ער געקראָגען אַ שטאַרקען קאָפּווייטאָג און אין עטליכע שטונדען אַרום איז ער געשטאָרבען. די מוטער האָט גענומען דאָס טויטע קינד און האָט עס אַוועקגעלייגט אויף אלישע'ס בעט, און אַליין איז זי אַוועק אויפצוזוכען דעם געטליכען מאַן. אַז אלישע האָט דער־פאַרען וואָס מיט איר האָט פּאַסירט, האָט ער געזאָגט צו זיין משרת גחזי: „נעם מיין שטעקען און לויף גלייך צו איר אין הויז און לייג אים אַרויף אויף דעם פּנים פון אינגעל".

גחזי האָט געטאָן ווי זיין האַר האָט אים באַפוילן. עס האָט אָבער ניט געהאָלפען. דאָס אינגעל איז געבליבען ליגען אַ טויטער. דאַן איז אלישע אַליין געקומען אין הויז, איז אַריין אין זיין צימער און דאָרט געפונען דאָס טויטען אינגעל ליגענדיג אויף זיין בעט. האָט ער פאַרשלאָסען די טיר הינטער זיך און מתפלל געווען צו גאָט. ער איז אַרויף און האָט זיך געלייגט איבער'ן קינד, האָט אַרויפגעטאָן זיין מויל אויף זיין מויל, זיינע אויגען אויף זיינע אויגען, זיינע הענט אויף זיינע הענט און האָט זיך אויסגעצויגען אויף אים, ביז דאָס לייב פון אינגעל איז געוואָרען וואַרעם. און דאָס אינגעל האָט גענאָסען זיבען מאָל און האָט אויפגעמאַכט זיינע אויגען.

נאָך זייענדיג אַ אינגעל האָב איך געהערט פון דעם „האַראַדנעם מגיד" אין מינסק אַ מערקווירדיג שיינע דערקלערונג איבער די אויבן־ציטירטע

פסוקים. ער האָט געזאָגט: „פון דעם גרויסן נס, וואָס אלישע הנביא האָט דערוויזן, קאָנען מיר אַרויסלערנען ווי מען דאַרף מחנך זיין אידישע קינדער, אַז זיי זאָלן נאָכדעם, ווען זיי ווערן עלטער, פון אונז ניט אָפּשטאַרבן צו־ליב פאַרשידענע קאַפּוויטאַגען פון פרעמדע אידייען און באַוועגונגען. עס איז ניט גענוג, אַז מיר זאָלן די דערציאונג פון אונזערע קינדער איבערגעבן בלויז צו משרתים, גובערנאַנטקעס און לערער, וואָס האָבן טאַקע דעם „משענת", דעם פּעדאַגאָגישען שטעקען. זיי קאָנען בלויז לערנען מיט אונזערע קינדער, אָבער זיי ניט דערציהען צו זיין וואַרימע, איבערגעגעבענע אידען. פאַר דעם בויטיגט זיך, אַז די טאַטעס און די מאַמעס זאָלן אַליין וואַכען איבער זייערע קינדער, אָפּהיטען זייער מויל, זייערע אויגען און זייערע הענט, אַז אַלץ וואָס זיי רעדען, זעהען אָדער טוען, זאָל שטימען מיט דעם אידישען געדאַנק".

דער מלבי"ם ז"ל גיט דאָ איבער צו טיפען וואונק: ליידער זיינען פאַראַן אַזעלכע אידען, וועלכע האַלטען וויניג פון געבען זייערע קינדער אַ רעליגיעזע אידישע דערציהונג. אויב זיי שיקען שוין זייערע קינדער צו לערנען עטוואָס אידיש, שיקט מען זיי אין אַזעלכע שולעס, וואו מען לערענט זיי אונזער שפּראַך און הייליגע שריפטען פון מעטאָדעס, וואָס זיינען געשריבען לויט דעם מוסטער פון די ביבעל קריטיקער. מען מאַכט צו גאָרנישט אונזערע הייליגטימער און מען פאַרקלענערט דעם ווערט פון די גרינדער פון אונזער פאָלק אין זיין רע־ליגיע. פילע פון זיי באַגנוגענען זיך מיט אַ כלומר'שט „נאַציאָנאַלע דערצי־הונג", וואָס באַשטייט פון זינגען עטליכע נאַציאָנאַלע לידער און אַ צאָל העברע־אישע ווערטער, וועלכע זיי פאַרגעסען אין אַ קורצער צייט נאָכדעם, אַז זיי פאַר־לאָזען די שולע.

די ערפאַרונג, אָבער, האָט געוויזען, אַז אַזאַ מין חנוך האָט קיין האָפּט ניט. די ערציהונג פון אַ קינד קאָן ניט באַגרינדעט ווערען אויף „אין", אויף נעגאַטיווע יסודות. אויב מיר ווילען, אַז אונזערע קינדער זאָלן בלייבען גע־טרייע אידען, מוז זייער חנוך זיין באַזירט אויף אַ „יש", אויף פּאָזיטיווע. מען מוז איבער זיי אויפּפּאַסען, אַז עס זאָל זיין „ויחם בשר הילד", אָט די אידישע וואַרעמקייט, וואָס האָט אונז אויפגעהאַלטען פאַר הונדערטער דורות און אונז באַשיצט פון אונטערגאַנג.

## ב.

# שטאַנדהאַפטיגקייט פאַרזיכערט דעם אידישען קיום פון דער השגחה

**וישא עיניו וירא והנה שלשה אנשים נצבים עליו.**

„אמרו המלאכים, רבש"ע עד מתי אתה מכבדו? עד מתי אתה עומד והוא יושב? אמר להם הקב"ה: אני רואה שלשה אנשים שעתידים לעמוד ממנו, שכל העולם משתחוים לצלם והם עומדים" — די מלאכים האָבען געפרעגט: האַר פון דער וועלט, ווי לאַנג נאָך וועסטו אים געבען אַזוי פיל כבוד? ווי לאַנג נאָך וועסטו שטיין און ער וועט זיצען? און דער אויבערשטער ענטפערט זיי: איך זעה דריי מענשען, וועלכע וועלען פון אים אַרויסקומען (חנני' מישאל ועזרי'), וועלכע וועלען בלייבען שטיין פעסט, כאָטש די גאַנצע וועלט וועט זיך בוקען צו אַן אָפּגאָט (אגדב"ר פי"ט).

הימעל און ערד, מלאכים און מענשען שטייען פאַרגאַפט און קאָנען זיך ניט אָפּוואונדערען אויף דער רעטזעלהאַפטער דערשיינונג פון אַ פאָלק, וואָס האָט דערוויזען צו עקזיסטירען אַזוי לאַנג אונטער אַזעלכע אומשטענדען, ווי די אידען האָבען איבערגעלעבט אַמאָל און לעבען איבער איצט, אין זייערע לאַנגע און טרויעריגע גלות'ן. צעשפּרייט איבער אַלע שבעה ימים, אַ קליינע און שוואַכע מינדערהייט איבעראַל, דאָך פאַרנעמען די אידען, פּראָפּאָרציאָנעל, אַ פיל גרעסערען פּלאַץ אין דער עקאָנאָמישער און פּאָליטישער אַנטוויקלונג פון דער מענשהייט ווי אַלע אַנדערע פעלקער פון דער וועלט.

אונטערדריקט און באַרויבט פון בירגערליכע רעכטען, אויסגעשלאָסען און ניט צוגעלאָזען צו די העכערע געזעלשאַפטען, דאָך ווערען זיי אָוועקגעשטעלט אין מיטעלפּונקט פון אַלע שטרייטיגקייטען, וואָס קומען פאָר אין די פאַרשיידענע לענדער. אַרום זיי און וועגען זיי טומעלט זיך איבעראַל מער ווי וועגען אַנדערע ראַסען און פעלקער.

קאָנטיג, אַז אויך זיינע ביטערסטע שונאים גיבען צו, אַז ער איז אַ כוח, מיט וועלכען מען מוז זיך רעכענען. קראַנקע און שוואַכע ווערען ניט גע'רודפ'ט. און די היסטאָרישע פאָרשער פון היינט, אַזוי גוט ווי די מלאכים אַמאָל, פרעגען דיזעלבע פראַגע: „עד מתי אתה מכבדו"? — ביז ווי לאַנג וועט דאָס אידישע פאָלק פאַרנעמען דעם אויבענאָן אין דער וועלט־געשיכטע? פון וואַנען שעפּט ער

דעם גרויסען אויסדויער צו קאָנען ווידערשטיין אַלע אוממענשליכע פאַרפאָל־גונגען און נאָך אָנוואַרפען אַ שרעק אויף זיינע שונאים?

און ניט נאָר אין די עקאָנאָמישע און פּאָליטישע אָפּטיילונגען פון דער וועלט פאַרנעמט דאָס אידיש פאָלק אַ בכבוד׳יגען פלאַץ, אויך אין די גייסטיגע און קולטורעלע ספערען פאַרנעמט ער דעם אויבענאָן אין דער געשיכטע. זיין תורה האָט איבעראַל דורכגעמאַכט דעמזעלבען שיקזאַל, וואָס ער אַליין. מען האָט זי געברענט און געריסען אין אַלע לענדער פון זיין לאַנגען וואַנדערען. דאָך זיינען אירע גייסטיגע לערען נאָך איצט די הויפּט־קוואַלען, פון וועלכע די רע־ליגיעס פון הונדערטער מיליאָנען מענשען אין דער וועלט שעפען זייער גייס־טיגע יניקה.

פאַרהאַסט און פאַרשריען אַלס אַ נידעריגע ראַסע, וועלכע מען מוז אָפּזונ־דערען און אויסשליסען פון דער געזעלשאַפט, דאָך דינען נאָך איצט אירע גרויסע נביאים פון אַמאָל אַלס די מאָראַל־פּרעדיגער פון דער גאַנצער מענש־הייט און זייערע ווערטער הילכען־אָפּ אין די העכערע און מער געבילדעטע ספערען פון דער וועלט. עס ווייזט אויס, אַז דער מדרש איז געווען גערעכט מיט זיין באַהויפּטונג, אַז „לא נברא העולם הזה והעולם הבא אלא בשביל ישראל" —ביידע וועלטען, די עקאָנאָמישע אַזוי גוט ווי די גייסטיגע, זיינען באַשאַפען געוואָרען נאָר צוליב די אידען (ילקוט שמעוני).

און די מלאכים, אַזוי ווי די מענשען, פרעגען ווידער: „עד מתי אתה עומד והוא יושב"? — ביז ווי לאַנג וועט זיין אמונה בלייבען שטיין און ער וועט בלייבען זיצען? ווי לאַנג נאָך וועלען זיי ביידע עקזיסטירען? וואו איז דער קוואַל, פון וואַנען זיי ביידע ציען אומשטערבליכקייט?

און דער ענטפער קומט: איך זעה פאַר זיך מענשען, אברהמ׳ס קינדער, וועלכע בלייבען שטיין פעסט אין זייער אמונה און בויגען זיך ניט פאַר קיין מאַכט אין דער וועלט. אָט אין דער שטאַנדהאַפטיגקייט און אין דער עקשנות׳־דיגער מסירת נפש פאַר זייער תורה און אמונה ליגט זייער אידישער כוח.

אויף אברהמ׳ען ווערט געזאָגט, אַז ער איז אַ „סימן לבנים", אַז זיין לעבען האָט געדינט אַלס אַ ביישפּיל און מוסטער פאַר זיינע קינדער, און די געשיכטע פון אידישער מאַרטירערטום איבערצייגט אונז אין דעם אמת פון דער באַהויפּ־טונג.

די טראַדיציע דערציילט אונז, אַז אַ צייט לאַנג, איידער אברהם איז גע־בוירען געוואָרען, האָט דער דעספּאָטישער „נמרוד", דער דעמאָלסדיגער קעניג

פון בבל, וועלכער האָט זיך אויך געהאַלטען פאַר אַ גאָט, אַרויסגעלייענט פון די שטערען, אַז אַ זון וועט באַלד געבוירען ווערען צו איינעם פון זיינע אונ־טערטאַנען, וואָס וועט צונישט מאַכען זיין געטליכקייט און וועט אונטערגראָבען זיין אַלמעכטיגקייט. דאַן האָט נמרוד אַרויסגעגעבען אַ באַפעל צוזאַמענצו־ברייגגען אַלע שוואַנגערע פרויען אין איין גרויס הויז, וואו זיי וועלען וואוינען ביז זיי וועלען דאַרפען ענטבונדען ווערען. די הייבאַמעס האָט ער אָנגעזאָגט צו טויטען יעדען זכר, וואָס וועט געבוירען ווערען.

ווען אמתלאי, די מוטער פון אברהם, האָט געפילט, אַז זי איז שוואַנגער, האָט זי זיך אויסבאַהאַלטען, און אַז די צייט איז געקומען פאַר איר ענטבונדען צו ווערען, איז זי אַוועק אין וואַלד צווישען די בערג און געלעבט אין אַ הייל. דאָרטען האָט זי געבוירען איר זון און האָט אים אַ נאָמען געגעבען „אברם", אויס־דריקענדיג מיט דעם די תפילה, אַז דער אַב־רם, דער הויכער פאָטער, זאָל אים שיצען. זי האָט אים איבערגעלאָזט אין דער הייל אויף גאָט'ס באַראָט און אַליין איז זי אַוועק צוריק צו איר מאַן אין שטאָט אַריין.

אָט אַזוי איז געבוירען געוואָרן דער פאָטער פון דעם אידישען פאָלק. אָהן אַ הייב, ערגעץ אין אַ פאַרבאָרגענער הייל, אין אַ פאַרלאָזענעם וואַלד. דאָרטען האָט ער זיך מיט נסים אויפגעהאָדעוועט און דאָרטען, אין זיין גרויסער איינ־זאַמקייט, האָט ער דערקענט די אמת'ע גאָטהייט, וועלכער ער האָט נאָכדעם פאַרשפרייט איבער דער גאַנצער וועלט.

שפעטער, ווען ער ווערט עלטער, ווערט ער געכאַפּט און געבראַכט פאַר דעם דעספּאָט נמרוד. ער פאָדערט פון אים, אַז ער זאָל אויפגעבען זיינע אידייען איבער אַ גאָט, וואָס קיינער זעהט ניט, און אָנערקענען אים, „נמרוד'ן", פאַר אַ גאָט. ער אָנטזאָגט זיך קאַטעגאָריש און ווערט דערפאַר אריינגעוואָרפען אין אַ ברענענדען קאַלך־אויוון. זיין גאָט אָבער ראַטעוועט אים. ער בלייבט לעבען און לעבט איבער זיין פאַרפאָלגער, דעם גרויזאַמען „נמרוד".

דערזעלבער שיקזאַל האָט אויך פּאַסירט און פּאַסירט נאָך איצט מיט זיינע קינדער. אויך זיי ווערען געטריבען פון אַלע לענדער, און אין די וועלדער, אין קאַלטע און נאַסע הייל'ען געבוירען זיי זייערע קינדער און לערנען זיי זייער זיידען'ס אמונה. אויך זיי אָנטזאָגען זיך צו אָנערקענען מענשען־געטער און ווערען דערפאַר געוואָרפען אויף שייטער־הויפענס און געברענט אויף „אָטאָ־דאַ־פיס".

זיי ווערען אָבער געראַטעוועט, און די געשיכטע באַווייזט אונז אַז נאָך

יעדען אַנפאַל, נאָך יעדען גרויזאַמען אַנגריף קומען זיי אַרויס פיל קרעפטיגער אַלס פאָלק און מער געשטאַרקט אין זייער באַשלוס צו קעמפען פאַר זייער עקזיסטענץ און באַפרייאונג.

מלאכים אַמאָל, און מענשען היינט, פרעגען: „עד מתי״? — ביז ווי לאַנג נאָך וועט ער עקזיסטירען, ווי לאַנג וועט ער אויסהאַלטען? און דער ענט־פער איז: „לעולם ועד״ — פאַר אימער און אייביג. כל זמן עס וועלען זיך צווישען אידען געפינען חנניה׳ס, מישאל׳ס און עזריה׳ס, וועלכע וועלען בלייבען „נצבים״, שטאַנדהאַפטיג און פעסט אין זייערע איבערצייגונגען, שטעלען אויף זייער פאָלק און איבערגעגעבען צו זיין תורה און זיין לאַנד און זיך ניט בוקען צו אַ „צלם״, אַ מענשליכען אָפּגאָט, מעג די גאַנצע וועלט פאַר איהם קניען, וועט דאָס אידיש פאָלק, די בני אברהם, לעבען בלייבען.

# הפטרה

## די אידישע אומה לעבט מיט איר אמונה

**ואת ובניך תחיי בנותר.**

„הברכה האחרונה היתה גדולה מן הראשונה, שנאמר ואת ובניך תחיי בנותר, עד שיחיו המתים״ — די לעצטע ברכה איז געוועזן גרעסער פאַר דער ערשטער, ווייל עס ווערט געזאָגט: דו און דיינע קינדער וועלען לעבען פון דאָס איבערגעבליבענע ביז תחית המתים (ילקוט שמעוני ח״ב רמז רכ״ח).

אין דער היינטיגער הפטרה ווערען איבערגעגעבען צוויי נסים, צוויי וואונ־דערבאַרע געשעהענישען, וואָס זיינען פאָרגעקומען אין דעם לעבען פון אלישע הנביא.ביידע פון זיי ברייטערען אויס דעם געדאַנק פון דער היינטיגער סדרה. לויט די בעלי אגדה, ווייזט די ערשטע געשעהעניש, אַז מיר אידען וועלען אימער בלייבען לעבען צוליב דער אמונה פון אונזער פאָטער אברהם, און דער צווייטער נס ציינט אָן ווי צו דערהאַלטען אונזערע קינדער ביי דעם אי־דישען לעבען און ווי זיי צו דערציען. וועגען דעם צווייטען פאַל האָבען מיר שוין געשריבען. היינט וועלען מיר באַרירען דעם ערשטען נס.

א פרוי פון אַ פאַרשטאָרבענעם נביא איז געקומען זיך באַקלאָגען פאַר אלישע, אַז איר מאַן איז געשטאָרבען אַ בעל חוב און דער מאָנער וויל צונעמען אירע צוויי קינדער פאַר קנעכט. פרעגט איר אלישע: וואָס האָסטו אין הויז? ענטפערט זי: קיין זאַך, וואָס זאָל האָבען אַ ווערט, נאָר אַ קליין קריגעלע בוימעל. הייסט ער איר, זי זאָל צוזאַמענלייען פון אירע שכנים וויפיל ליידיגע כלים זי קאָן, זיך פאַרשליסען אין הויז און גיסען פון קריגעלע די בוימעל אין די כלים. זי האָט אַזוי געטאָן, און פון דעם קליינעם קריגעלע בוימעל האָט זי אָנגעפילט אַלע ליידיגע כלים, און אַז עס האָבען זיך אויסגענומען די כליב, האָט זיך דאָס בוימעל אָפּגעשטעלט. זי איז צוריקגעקומען צום נביא און גע־פרעגט וואָס זי זאָל איצט טאָן האָט ער איר געהייסען פאַרקויפען גענוג בוימעל צו באַצאָלען אירע חובות — „ואת ובניך תחיי בנותר", און דו און דיינע קינדער וועלען לעבען פון איבעריגען.

דער דובנער מגיד ע"ה זעהט אין דעם נס אַ בילד פון דעם אידישען לעבען אין גלות: די אידישע אומה באַקלאָגט זיך, אַז איר מאַן איז פון איר אַוועק און האָט קיין זאַך ניט איבערגעלאָזען, בלויז אַ „אסוך שמן" — אַ קריי־געלע בוימעל, די אידישע אמונה. אירע קינדער ווערען געדראָהט פאַרנומען צו ווערען פון דעם „נושה", דעם פינסטערען גלות, וואָס מאָנט און נאָגט און וויל זיי אָפּרייסען פון איר.

די אידישע נבואה אָבער, וועלכער קוקט אַריין אין דער ווייטער צוקונפט, ראָט איר, אַז אויב זי און אירע קינדער ווילען בלייבען לעבען, זאָל זי זיך האַלטען פאַרשלאָסען אין די ווענט פון איר אייגען היים און פאַרטזעצען צו לעבען אייגענאַרטיג און אָפּגעזונדערט פון דער ניט־אידישער סביבה.

און דער מדרש באַמערקט אויף דעם, דאָס די לעצטע ברכה איז פיל גרע־סער פאַר דער ערשטער. ניט נאָר האָט דער נביא געמיינט צו באַזאָרגען איר פאַר דעם היינט, נאָר מיט זיין ברכה „את ובניך תחיי בנותר", אַז מיט די אי־בערגעבליבענע בוימעל וועט זי זיך קאָנען דערנערען מיט אירע קינדער ביז דער ווייטער אייביגקייט. „עד שיחיו המתיב", דאָס קריגעלע בוימעל, די אי־דישע אמונה וועט אויפהאַלטען די אידען ביים לעבען ביז דער אידישער טויט וועט בטל ווערען, און די גאַנצע אומה וועט איינגעוויקעלט ווערען אין אומ־שטערבליכקייט.

ג.

## די גרויסע מצוה פון הכנסת אורחים

**אל נא תעבור מעל עבדך.**

„גדולה הכנסת אורחים מקבלת פני השכינה" — די מצוה פון הכנסת אורחים שטייט העכער פאר דער מצוה פון אויפנעמען די שכינה (שבת קכ"ז ע"א).

אונזער פאטער אברהם זיצט ביי דער טיר פון זיין געצעלט און ווארט אויף אורחים. ער פילט זיך שוואך אין געזונט, ווייל ערשט מיט דריי טעג צוריק האט ער זיך מל געווען, און פאר אן אלטען מאן פון 99 יאר איז עס א גאנץ שווערע אפעראציע. אים קימערן אבער ניט זיינע ווייטאגען. ער איז נייגעריג מקיים צו זיין די מצוה פון הכנסת אורחים. כאטש דער טאג איז זעהר א הייסער און די זון ברענט און דאס גיין איז פאר אים שווער, ווען ער דערזעהט אבער אורחים אנקומען פון וועג, איז „וירץ לקראתם" — לויפט ער אנטקעגען זיי און בעט זיך ביי זיי: „אל נא תעבורו" — גייט ניט פארביי מיין הויז, קומט אריין, וואשט אפ אייערע פיס, שפארט זיך אן אונטער'ן בוים און איך וועל אייך ארויסטראגען עפעס צו עסען און טרינקען.

און אז זיי נעמען אן זיין איינלאדונג, פילט ער זיך גליקליך. ער לויפט גלייך אין געצעלט אריין צו זיין פרוי שרה, בעט איר, אז זי זאל צוגרייטען פון דעם שענסטען און בעסטען, וואס זי האט אין הויז; לויפט אליין אין שטאל און קלייבט אויס א יונגען רינד „רך וטוב", א ווייכען און גוטען. ווען דאס עסען ווערט פארטיג, סערווירט ער אליין. ער באדינט זיינע אורחים מיט דער גרעסטער גאסטפריינטליכקייט, שטייט איבער זיי און בעט זיך, אז זיי זאלען עסען און טרינקען וואס מער. ווען זיי ווערען פארטיג מיט'ן עסען און קלייבען זיך אין וועג אריין, „אברהם הולך עמהם לשלחם" — גייט אברהם זיי באגלייטען און ווייזען דעם וועג.

ווען זיי ווילען אים באדאנקען פאר זיין גאסטפריינטשאפט, זאגט ער זיי: דאנקט ניט מיר, נאר דעם גאט, צו וועמען דאס עסען באלאנגט; און ווען זיי פרעגען אים: וואו געפינט זיך אט דער גאט? פירט ער זיי ארויס אין גאס און ווייזט זיי די הימלען און זאגט זיי: דארט איז ער און צו אים באלאנגט די ערד און אלץ, וואס געפינט זיך אויף איר (מדרש רבה).

אברהם אבינו האט זיך ניט באנוגענט בלויז מיט געבען זיינע אורחים

צו עסען און טרינקען און אַ פּלאַץ, וואו זיך צוצושפּאַרען און אויסרוען. ער האָט זיך אויך פאַראינטערעסירט מיט זייער לאַגע און זיי אָנגעוויזען דעם וועג, וואָס פירט צו אויסבעסערונג און פאַרלייכטערונג. „משהיו אוכלים ושותים, היה אומר להם ברכו" — נאָך דעם ווי זיי האָבען ביי אים געגעסען און גע־טרונקען, האָט ער זיי געבעטען צו בענשען (ב"מ פ"ז). ער האָט זיך ניט באַנוצט מיט זייער שווערער לאַגע, מיט זייער הונגער און נויט אַריינצו־נאַרען און באַקערען זיי צו זיין אמונה. פריער האָט ער זיי געהאָלפען און געשפּייזט און ערשט נאָכדעם האָט ער זיי מיט פריינטשאַפט און איידעלקייט געלערענט זיין גרויסען אידעאַל.

און אַזוי האָט זיך אונזער פאָטער אברהם אויפגעפירט אויף אַלע זיינע נסיעות. וואו ער האָט אויפגעשטעלט זיין געצעלט, האָט ער אים פאַרוואַנ־דעלט אין אַ גאַסט־הויז. „ויטע אשל" — זיין היים איז געווען אָפען פאַר יעדען פאַרבייגייער, פאַר יעדען וואַנדערער, וואו זיי פלעגען באַקומען „אכילה", „שתיה" און „לויה" — עסען, טרינקען און באַגלייטען. ניט נאָר האָבען די פאַרמאַטערטע וואַנדערער אין זיין הויז באַקומען גענוג אָפּצוכאַפּען זייער האַרץ און זיך אויסצורוען, נאָר ער פלעגט זיי אויך באַגלייטען, מיטגיין מיט יעדען פרעמדען און אים אָנצייגען דעם ריכטיגען וועג. מאַנכע פון אונזערע חכמים ווילען האָבען, אַז איבעראַל, וואו אברהם האָט איינגעוואַנדערט, האָט ער געגרינדעט אַן אַנשטאַלט, וואו מענשען האָבען זיך אויפגעהאַלטען און צו דער זעלבער צייט געלערענט זיין אמונה. „ויטע אשל" חד אמר פרדס וחד אמר פונדק" — ער האָט אויפגעשטעלט אַן „אשל"; איינער זאָגט, אַז דאָס איז געווען אַ לער־אַנשטאַלט, און אַ צווייטער זאָגט, אַז דאָס איז געווען אַן אַריינפאָר־הויז (סוטה י').

דאָס וואָרט „אשל" מיינט דאָ ניט אַ בוים, ווי די רביים אין חדר האָבען אונז געלערענט. דאָס וואָרט געפינט זיך אין פיל אַנדערע שפּראַכען. אין ענגליש ווערט עס אויסגעשפּראָכען „האָסטעל", אָדער „האָטעל". דאָס ערשטע מיינט אַ פּאַנסיאָן, אַ דאָרמיטאָרי, אין וועלכען עס וואוינען סטודענטען, און דאָס צווייטע מיינט אַן אַריינפאָר־הויז פאַר רייזענדע, אַ „פונדק", פאַר דורכ־פאָרער. אַזעלכע „אשל"ס" האָט אברהם געגרינדעט איבעראַל וואו עס האָבען זיך אויפגעהאַלטען גריב, וואַנדערער און נויטבאַדערפטיגע, ווי אויך די, וועל־כע זיינען ספּעציעל געקומען צו לערנען פון אים זיין נייעם גלויבען, וואָס האָט זיי שטאַרק צוגעצויגען.

אָט די מידה פון הכנסת אורחים, פון גאַסט־פריינטליכקייט צו פרעמדע וואַנדערער, האָבען די קינדער פון אברהם געלערענט פון זייער טאַטען, און ביז היינטיגען טאָג ווערט עס באַטראַכט פון די מצוות „שאדם אוכל פירותיהן בעולם הזה והקרן קימת לעולם הבא" — וואָס אַ מענש עסט זייערע פּרוכט אויף דער וועלט, און דער קרן, דער גרונט־קאַפּיטאַל, פאַרבלייבט פאַר דער קומענדיגער וועלט (שבת קכ"ז). רבן שמעון בן גמליאל דערציילט, אַז אין ירושלים איז געווען איינגעפירט דער שיינער מנהג, אַז יעדער באַלעבאָס, וואָס האָט נאָר געקאָנט דערווייזען, „היתה מפה פרוסה על גבי הפתח לאות שמבקשים אורחים לכנוס שם" — פלעגט אַרויסהענגען אַ טעפּיך איבער זיין טיר אַלס אַן אָנווייזונג, אַז אורחים ווערען געבעטען אַריינצוקומען (תענית כ' ע"ב).

און ניט נאָר דער אידישער יחיד דאַרף באַטראַכטען די מצוה פון הכנסת אורחים אַלס איינע פון די וויכטיגסטע, אויך דער אידישער כלל, די מלוכה פון לאַנד, זאָל אויפנעמען דעם גר מיט ליבע און פריינטשאַפט. אין 36 פאַרשידענע ערטער אין דער תורה ווערט אונז אָנגעזאָגט ווי זיך צו באַגיין מיט אַ גר, מיט אַן אימיגראַנט, וואָס וואַנדערט אויס נאָך ארץ־ישראל און זוכט זיך דאָרט צו באַזעצען. „ואהבתם את הגר" — איר זאָלט ליב האָבען דעם פרעמדען; „וגר לא תלחצנו" — דעם פרעמדען זאָל מען ניט דריקען. עס איז אַ גרויס פאַרברעכען צו דיסקרימינירען קעגען אָרימע איינוואַנדערער און וועלען זיי אָפּטיילען פון די איבעריגע איינוואוינער. באַרויבט זיי ניט פון די מעגליכקייטען צו קאָנען אַרבייטען אָדער זיך באַשעפטיגען מיט דעם, צו וואָס זיי פילען זיך פעהיג און איז נענטער צו זייער האַרצען. אויב איר וועט זיי נאָר געבען די געלעגענהייט, וועלען זיי געוויס ווערען אַ חשוב'ער טייל פון דער אַלגעמיינער געזעלשאַפט און וועלען זיכער בייטראָגען זייער חלק צו דער עקאָנאָמישער און גייסטיגער אַנטוויקלונג פון אייער לאַנד.

די חז"ל גיבען־צו אויך אַן עטיש־יורידישען טעם, וואָרום מען זאָל באַ־האַנדלען אימיגראַנטען מיט פריינטשאַפט און איינזעהעניש. זיי זאָגען: „מפני מה הזהירה התורה על הגר בל"ו מקומות? מפני שסורו רע" — וואָרום האָט די תורה אין גאַנצע 36 ערטער פאַרזאָגט וועגען דער באַהאַנדלונג פון אַ גר? ווייל זיין אָפּקער איז שלעכט (ב"מ נ"ט ע"ב). מיט פאַרפאָלגען אַ פרעמדען און מיט דיסקרימינירען קעגען אים פלאַנצט מען איין אין זיין האַרצען אַ שנאה צום פאָלק און צו זיין גלויבען. ער פאַראַכט דאָס לאַנד

און זיינע מנהגים, און אויב ער איז נאָך אַ בירגער פון אַן אַנדער לאַנד, קאָן עס נאָך פירען צו אינטערנאַציאָנאַלע פּלאָנטערס און קריגערייען און שטערען דעם שלום פון דער וועלט.

איבערהויפּט איז די תורה שטאַרק מזהיר און פאַרבאָט זעהר שטרענג די שופטים און דיינים, די געזעצגעבער און ריכטער, אַז זיי זאָלען חס ושלום ניט מאַכען קיין באַזונדערע געזעצען, אָדער אַזוי אויסטייטשען די געזעצען, אַז דאָס זאָל שאַדען די אָרימע אימיגראַנטען. „לא תטה משפט גר" — איר זאָלט בשום אופן ניט אָפּנויגען דעם געזעץ פון אַ גר. כאָטש די תורה האָט שוין פיל מאָל אָנגעזאָגט, אַז מען טאָר קיין געזעץ ניט בויגען, ניט פאַר די רייכע און ניט פאַר די אָרימע, ווייל פאַר'ן געזעץ זיינען אַלע גלייך, „כקטן כגדול תשמעון", דעם קליינעם אַזוי גוט ווי דעם גרויסען, דעם שוואַכען אַזוי גוט ווי דעם שטאַרקען מוז מען גלייך אויסהערען און משפּט'ן ערליך, וואָרענט זי אונז נאָכאַמאָל וועגען די דינים פון אַ גר: „שכל המטה דינו של גר עובר בשני לוין" — ווייל דער יעניגער, וואָס פאַרבויגט דעם געזעץ פון אַן אימיגראַנט, באַגייט צוויי פאַרברעכענס: ערשטענס, קעגען דער עטיק פון דעם געזעץ אַליין, וואָס דאַרף זיין אויסגעהאַלטען און פאַר אַלעמען גלייך; צווייטענס, פאַרברעכט איר קעגען אייער אייגענעם געוויסען, ווייל איר האָט פאַרגעסען ווי שלעכט אייך איז געווען, ווען איר אַליין זענט געווען גרים אין אַ פרעמד לאַנד (ספרי).

דער רמב"ם, וועלכער האָט געלעבט אין די צייטען פון גירוש שפּאַניע און איז אין זיינע יונגע יאָרען געווען געדריקט אַרומצוואַנדערען פון איין לאַנד אין דעם צווייטען, וואו צוזאַמען מיט פיל אַנדערע פאַרפאָלגטע אידען האָט ער געהאַט אויסצושטיין שרעקליכע רדיפות אַלס אומגעווינשטער אימיגראַנט, ביז ער איז אָנגעקומען קיין קאַירא, אין עגיפּטען, מאַכט פאָלגענדע באַמערקונג אויף דעם פּסוק: „לא תטה משפט גר יתום". ער זאָגט: עס שטייט ניט געשריבען „לא תטה משפט גר ויתום" — דו זאָלסט ניט אָפּנויגען דעם געזעץ פון אַ גר און אַ יתום, נאָר עס ווערט געזאָגט „גר יתום", וואָס מיינט: „אם היה הגר יתום, עובר בג' לאוין" — אויב דער גר איז נאָך אַ יתום דערצו, באַגייט מען דריי פאַרברעכענס, אויב מען זינדיגט געגען אים (הלכות סנהדרין פ"ב).

בירגער, וועלכע זיינען געקומען פון פרעמדע לענדער, קאָנען געפינען שוץ קעגען דיסקרימינאַציעס ביי די פאָרשטייער פון זייער רעגירונג אין

לאַנד, וועלכע וועלען זיך פאַר זיי אָננעמען. וואָס זאָל אָבער טאָן אַזאַ גר, וואָס איז נעבאַך אַ יתום, אָהן אַ פאָטערלאַנד, און ער האָט ניט ווער עס זאָל זיך פאַר אים איינשטעלען? אַ שטייגער ווי די היינטיגע אויסגעוואָר־צעלטע אידען אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערען אין דער פון בלוט דורכ־געווייקטער איראָפּע. אָפּצונויגען דעם געזעץ פאַר אַזאַ אומגליקליכען איז אַ דרייאיגער פאַרברעכען, פאַר וועלכען די געזעצגעבער און ריכטער וועלען שטאַרק באַשטראָפט ווערען פון גאָט און פון דער היסטאָריע, וועלכע וועט זיי געוויס ניט שוינען.

דאָס אידיש פאָלק, וועמעס געשיכטע עס הויבט זיך אָן מיט „לך לך“, גיי דיר פון לאַנד צו לאַנד ביז דו וועסט דאָרט קאָנען גרינדען דיין נאַציאָ־נאַלע היים, האָט ריכטיג פאַרשטאַנען ווי אָפּצושאַצען דעם ווערט פון הכנסת אורחים. ביי אונז איז „גדולה הכנסת אורחים מקבלת פני השכינה“ — גרע־סער די מצוה פון אויפנעמען אָרימע וואַנדערער און זיי געבען אַ היים, ווי די מצוה צו בויען שוהלען אויף אויפצונעמען די שכינה. אונזער תורה לערנט אונז צו זיין פריינטליך צו דעם אונטערדריקטען און געבען שוץ צו די וועלכע קלאַפען אין אונזערע טירען און בעטען מען זאָל זיי אַריינלאָזען אין לאַנד, ווייל אַזוי איז אויך דער ווילען פון גאָט אַליין.

---

# הפטרה

## עס איז בעסער צו גיין מיטן פאָלק

**בתוך עמי אנכי יושבת.**

„לא בעינא דידכרון לי וישגחו בי, אלא בתוך עמי. מאן דעאל רישי' בין עמא לא ישגחו עלי' למידן לו לביש“ — איך וויל ניט, אַז מען זאָל מיך אַליין דערמאָנען און מיר שיינקען צופיל אויפמערקזאַמקייט. איך וויל בע־סער זיין צוזאַמען מיט מיין פאָלק. דער, וואָס ברייננגט אַריין זיין קאָפּ צווישען דעם גאַנצען פאָלק, קוקט מען זיך אויף אים ניט אום צו משפט'ן אים צו שלעכטס (זוהר פ' נח).

אלישע הנביא פלעגט אָפט באַזוכען דאָס קליין שטעטעל שונם, וואו ער האָט זיך באַקענט מיט אַ באַרימטער פרוי, וואָס האָט איהם באַפריינדעט און איינגעלאַדען צו זיין איר גאַסט יעדען מאָל, ווען ער וועט קומען אויף אַ באַזוך אין שטאָט. אַזוי ווי ער פלעגט דאָרט זיין אָן אָפטער גאַסט, האָט די פרוי געבעטען איר מאַן, ער זאָל פאַר איהם אויסבויען אַ ספעציעלען צימער און האָט איהם אויסגעשטאָט מיט אַלע באַקוועמליכקייטען. אלישע'ן איז זעהר געפעלען געוואָרען זייער גאַסטפריינטליכקייט און ער האָט געהייסען זיין משרת גחזי, ער זאָל די פרוי אַריינרופען, ווייל ער וויל פון איר אויסגעפינען מיט וואָס ער קאָן איר אָפדינען.

אַז די שונמית איז געקומען, זאָגט ער צו איר: „הנה חרדת אלינו את כל החרדה הזאת" — דו האָסט זיך אַזוי פיל באַמיט צוליב אונז, „מה לעשות לך, היש לדבר לך אל המלך און אל שר הצבא?" — וואָס קאָן איך טאָן פאַר דיר? ווילסטו, אַז איך זאָל וועגען דיר רעדען מיט'ן קעניג אָדער זיין קאָמאַנדיר? „ותאמר בתוך עמי אנכי יושבת" — זי האָט איהם אָבער געענטפערט: איך זיץ צווישען מיין פאָלק און איך דאַרף פון קיינעם קיין טובות ניט האָבען. אָבער זיין משרת גחזי האָט איהם געלאָזט וויסען, אַז די איינציגע זאַך, וואָס איר פעלט, איז אַ זון, און איר מאַן איז שוין אַלט. רופט ער זי אַריין אַ צווייטען מאָל און פאַרשפּרעכט איר, אַז אין אַ יאָר אַרום וועט זי געבוירען אַ זון. און אַזוי איז טאַקע געוועזען.

דער ענטפער, וואָס שונמית האָט געגעבען צו אלישע, אַז ער פאַרשפּאָרט זיך צו מיען וועגען איר ביים קעניג, ווייל זי זיצט צווישען דעם פאָלק, קלינגט אַביסעל אומפאַרשטענדליך. אָבער דער זוהר הקדוש גיט אויף דעם אַ העכסט מאָראַלישע דערקלערונג. ער זאָגט: „ההוא יומא ראש השנה הוה וקוב"ה דאיין עלמא" — דער טאָג, וואָס דער דאָזיגער שמועס איז צווישען זיי פאָרגעקומען, איז געוועזען ראש השנה, ווען דער אויבערשטער משפט די וועלט. איידער ער גייט אין שוהל תפילה טאָן, פרעגט ער ביי איר: „היש לך לדבר אל מלך המשפט" — האָסטו עפּעס צו בעטען ביי דעם קעניג פון געזעץ? ווילסטו, אַז איך זאָל וועגען דיר תפילה טאָן צו גאָט, אַז ער זאָל דיר געבען אַ גוט יאָר?

ענטפערט זי איהם: איך פאַרלאַנג ניט, אַז דו זאָלסט כביכול תפילה טאָן פאַר מיר. איך וויל ניט, אַז מען זאָל מיך אַליין דערמאָנען און מיר שיינקען צופיל אויפמערקזאַמקייט. „בתוך עמי אנכי יושבת" — איך וויל

בעסער איינגעשלאָסען ווערען צוזאַמען מיט מיין פאָלק. שטייט מען פאַר־איניגט מיט׳ן פאָלק, ווערט קיין בייז ניט געשעהן. בלויז די, וועלכע זוכען זייערע אייגענע אינטערעסען, ווערען שלעכט גע׳משפט.

ד.

## וואָס די עקדה לערענט אונז

**ויהי אחר הדברים האלה.**

„מאי אחר? אחר שכרת הברית אם אבימלך, נתקבצו מלאכי השרת לפניו ואמרו: רבון כל העולמים! אדם יחידי שבחרת לך משבעים לשונות כרת ברית עם אומות העולם. אמר להם: בן יחיד נתתי לו למאה שנה ואמרתי לו ביצחק יקרא לך זרע, אומר לו להעלהו לעולה, אם יעלהו הריני אדע, ואם לאו יפה אתם אומרים" — נאָך וועלכע געשעהענישען האָט עס פאַסירט? דאָס האָט געטראָפען נאָכדעם ווי אברהם האָט געשלאָסען אַ בונד מיט אבימלך, האָבען זיך די מלאכים אין הימעל פאַרזאַמעלט אַרום גאָט און צו אים געזאָגט: האַר פון אַלע וועלטען! דער איינציגער מענש, וועמען דו האָסט אויסגעקליבען פון צווישען אַלע זיבעציג לשונות, האָט איצט גע־שלאָסען אַ בונד מיט פרעמדע פעלקער! האָט גאָט זיי געענטפערט: אַ בן יחיד האָב איך אים געגעבען צו זיין הונדערטסטען געבורטסטאָג און האָב אים געזאָגט, אַז מיט יצחק׳ן וועלען זיך אָנפאַנגען רעכענען זיינע קינדער. איצט וועל איך אים הייסען, אַז ער זאָל אים אויפברייינגען פאַר אַ קרבן עולה. אויב ער וועט מיך פאָלגען, וועל איך וויסען וואָס איך האָב צו טאָן; אויב ניט, זענט איר גערעכט (סדא״ר פ״ז).

די סדרה פון „לך לך" האָלט נאָך אַן פאַר אונזער פאָטער אברהם. ער איז נאָך אַלץ „נע ונד" און וואַנדערט אַרום צו זוכען נייע לענדער, וואו ער זאָל זיך באַזעצען און קאָנען לעבען רוהיג. טראָץ די גרויסע קרבנות אין מענשען און געלט, וואָס ער האָט געבראַכט צו העלפען זיינע שכנים קעגען די אָנפאַלען פון דעם מעכטיגען „כדרלעמר", וואָס האָט געוואָלט פאַרכאַפּען

זייערע לענדער, איז ער נאָך אַלץ פאַררעכענט געוואָרען פאַר אַ גר, פאַר אַ פרעמדען צווישען זיי. כאָטש פאַר זיך אַליין האָט ער ניט גענומען פון דעם גרויסען זיג „מחוט ועד שרוך נעל", האָבען פונדעסטוועגען זיינע שונאים געהאַלטען אין איין שרייען, אַז ער איז שולדיג אין דער מלחמה, ווי די „רענ־קינס" און „בילבאָס" שרייען אויך היינט, אַז די מלחמה איז געווען צוליב אידען און פאַר אידען. אונזער פאָטער אברהם האָט זיך געפונען געענגט אין „אלוני ממרא" און האָט באַשלאָסען אויסצוואַנדערען.

„ויסע משם אברהם ארצה הנגב, ויגר בגרר" — און אברהם ציט זיך אַרויס פון דאָרט און וואַנדערט נאָך דעם נגב און מאַכט זיין ציטווייליגע היים אין גרר, די הויפט־שטאָט פון די פלשתים. דאָרט חזר'ט זיך איבער מיט אים דיזעלבע לאַגע, וואָס ער האָט שוין איינמאָל דורכגעמאַכט אין מצרים. דער קעניג אבימלך פאַרנעמט זיין שיינע פרוי שרה און ברייגנט זי אין זיין האַרעם. ערשט ווען ער דערוויסט זיך, אַז זי איז פאַרהייראַט צו אברהמ'ען, וועלכער האָט געהאַט אַ שם פאַר אַ „נביא", אַ געטליכער מענש, לאָזט ער זי אָפּ. ער שיקט נאָך אברהמ'ען און זאָגט אים: „הנה ארצי לפניך, כטוב בעיניך שב" — מיין לאַנד איז אָפען פאַר דיר; וואו דיר געפעלט, קאָנסטו זיך באַזעצען.

צוליב דער גאַסטפריינטשאַפט, וואָס אבימלך, דער קעניג פון גרר, האָט גלייך ביי זיין אָנקומען אַרויסגעוויזען, באַשליסט אברהם דאָרט צו מאַכען זיין נייע היים. אין גרר טרעפט מיט אים דער גרויסער נס, אַז צו זיין הונדערטסטען געבורטסטאָג ווערט ביי אים געבוירען אַ זון פון זיין ליבער פרוי שרה, און ער פילט זיך העכסט גליקליך. זיין נאָמען ווערט באַרימט אין דער גאַנצער סביבה אַלס „איש אלקים", אַ געטליכער מענש, און אויך אַלס פעהיגער און דערפאָלגרייכער געשעפטסמאַן. ער האָט אויך זעהר געטריי און איבערגעבען געדינט דעם נייעם לאַנד, און אבימלך מיט זיין פעלדמאַר־שאַל פיכל פלעגען אים אָפט באַזוכען און זיך מיט אים באַראַטען איבער וויכטיגע ענינים פון דער מלוכה.

עס איז אָבער אַ טעות צו דענקען, אַז אין דער נייער מדינה האָט אברהם גאָר ניט געליטען פון האַס און פאַרפאָלגונג. אבימלך האָט זיך טאַקע שטאַרק געפריינדעלט מיט אים, אָבער די „עבדי אבימלך", זיינע אונטערטאַנען, האָ־בען ניט פאַרגונען אברהמ'ען זיין גרויסקייט און זיין רייכטום און האָבען געזוכט צו פאַרכאַפּען אַלע ברונעמער און מקורות פון פרנסה, וואָס ער האָט

געהאַט. „והוכיח אברהם את אבימלך על אדות באר המים אשר גזלו עבדי אבימלך" — און אַז אברהם האָט פאַרגעהאַלטען אבימלכ׳ן וועגען דעם ברוּ־נעם וואַסער, וואָס די קנעכט פון אבימלכ׳ן האָבען פון אים אַוועקגעגזל׳ט, באַקומט ער דעם גוט־באַקאַנטען ענטפער: „לא ידעתי מי עשה את הדבר הזה" — איך ווייס ניט ווער עס האָט געטאָן אָט די זאַך. די מלוכה ווייסט פון קיין זאַך ניט. אויב עס זיינען פאָרגעקומען געוויסע דיסקרימינאַציעס און אידענפיינטליכע טאַטען, איז עס געווען די אַרבייט פון יחידים, פון פּריוואַטע בירגער, פאַר וועלכע די מלוכה קאָן ניט געהאַלטען ווערען פאַראַנטוואָרטליך.

זיין לאַגע אין גרר איז אָבער געווען אַ פיל מער דערטרעגליכע, ווי אין אַנדערע לענדער פון זיין אַרומוואַנדערען, און ער שליסט אַ בונד מיט אבימלך, בירגערט זיך דאָרט איין, „ויגר אברהם בארץ פלשתים ימים רבים" — און אברהם בלייבט וואוינען אין דעם לאַנד פון די פלשתים פאַר אַ גאַנץ לאַנגער צייט. איין זאַך אָבער האָט אברהמ׳ען ניט געלאָזט רוען און פיל ליידען פאַרשאַפט. זיין עלטערער זון ישמעאל איז אַרויס „לתרבות רעה" — ער האָט זיך אָפּגעלערענט פון דער אַרומיגער יוגענט אַלע זייערע שלעכטע מעשים און דינט אין געהיים צו פאַרשידענע עבודה זרה׳ס. זיין פרוי שרה באַמערקט „את בן הגר המצרית מצחק" — ווי דער זון פון הגר דער עגיפּטערין שפּילט זיך אַרום מיט איר זון יצחק און ער פירט אים אַראָפּ פון גלייכען וועג. זי פאָדערט: „גרש האמה ואת בנה" — טרייב אַרויס די דינסט מיט איר זון, „כי לא יירש עם בני עם יצחק", כדי ער זאָל פון אים ניט ירש׳ענען זיינע שלעכטע וועגען. אברהם זעהט ענדליך איין, אַז מיט אַלע גליקען, וואָס ער האָט פאַר זיך דערוואָרבען אין דעם נייעם לאַנד, איז ער דאָך ניט זיכער מיט זיין צוקונפט. וואָס טויגען אים אַלע זיינע רייכטימער, אויב זיינע קינדער וועלען ניט זיין זיינע און וועלען ניט פאָרטזעצען דעם גרויסען אידעאַל פון דער גאָטהייט, פאַר וועלכען ער האָט אָפּגעגעבען זיינע טעג און יאָרען?

„והאלקים נסה את אברהם" — און גאָט פּרובירט ווייטער אויס אברהמ׳ען. ער שטעלט אים פאַר דעם גרעסטען נסיון אין זיין לעבען: זיין מוח, זיין פאַרשטאַנד ראָט אים צו פאַרבלייבען וואו ער איז. זיין עקאָנאָמישער צושטאַנד איז אַ געזיכערטער, זיין פּאָליטישער מצב איז מער אָדער וועניגער אַ פעסטער און פריינטליכער, דאָ אין גרר פעהלט אים קיין זאַך ניט. אָבער זיין האַרץ

קאָן זיך ניט באַרוהיגען. די געטליכע שטימע אין אים רופט צו אים און זאָגט אים: „קח את בנך את יחידך ולך לך אל ארץ המוריה — מקום שהוראה יוצאה לעולם" — נעם דיין איינציגען זון יצחק, וועמען דו האָסט ליב, און גיי דיר צו דעם לאַנד מוריה, פון וואַנען עס זאָל אַרויסקומען אַ לערע פאַר דער וועלט (ב"ר נ"ה). דאָ אין גרד וועסטו בשום אופן ניט קאָנען דערציען דיין קינד אַזוי ווי דו ווילסט. די לערע, וואָס דיין זון וועט דאָ באַקומען, וועט ניט זיין אַזוי אידישלאַך, ווי דו האָסט זיך פאַרגעשטעלט און צו וואָס דו האָסט אימער געשטרעבט.

אויב דו ווילסט, אַז ער זאָל זיין דיין גייסטיגער יורש און פון דיר איבערנעמען די גרויסע אויפגאַבע, וואָס דו האָסט זיך געשטעלט אין לעבען, „והעלהו שם לעולה על אחד ההרים אשר אומר אליך" — זאָלסטו אים דאָרט אַרויפברייגגען פאַר אַן עולה אויף איינעם פון די בערג, וואָס איך וועל דיר זאָגען. דו מוזט אים מקריב זיין פאַר אַ פיל העכערען אידעאַל ווי עקאָנאָמישע און מאַטעריעלע דערגרייכונגען. דאָ, אין אַ פרעמד לאַנד, אונטער דער השפעה פון פרעמדע קולטורען, וועסטו עס בשום אופן ניט קאָנען דערווייזען. אויסער דעם דאַרפסטו ניט פאַרגעסען, אַז אויך מיט דיין עקאָנאָמישען און פאָליטישען מצב ביזטו דאָ ניט אינגאַנצען זיכער. „נכסי דחוץ לארץ אין בהם מזל ברכה" — די גיטער, וואָס אַ איד דערווערבט פאַר זיך אין די גלות־לענדער, האָבען ווייניג מזל־ברכה. דיינע דערפאַרונגען האָבען דיר דאָך שוין ניט איינמאָל געוויזען, אַז ביי דער קלענסטער פאָליטישער איבערקערע־ניש אין דער פרעמד, ביזטו געווען דאָס ערשטע כפרה־הינדעל און אַלץ, וואָס דו האָסט דאָרט דערגרייכט, איז אַוועק מיט'ן ווינט.

און אברהם באַשליסט צו פאָלגען דעם רוף פון גאָט. ער שטייט־אויף גאַנץ פרי, שפּאַנט איין זיין אייזעל, נעמט זיין זון יצחק מיט זיך און לאָזט זיך גיין „אל המקום אשר אמר לו אלקים" — צו דעם אָרט, וואָס גאָט האָט אים געזאָגט. די חכמים באַמערקען אויף דעם: „הוא החמור שנברא בין השמשות, הוא החמור שרכב עליו משה בבאו למצרים, הוא החמור שעתיד בן דוד לרכוב עליו" — דאָס איז דער אייזעל, אויף וועלכען משה איז גע־קומען רייטענדיג נאָך מצרים, און דאָס איז אויך דער אייזעל, אויף וועלכען משיח וועט קומען רייטענדיג (פדר"א פ' ל"א). וואָס פאַר אַ טיפער געדאַנק ליגט איך דער דאָזיגער באַמערקונג! דאָס אידישע לעבען אין גלות איז איין גרויסער „בין השמשות", אַ לאַנגער פאַרנאַכט. פון איין זייט דוכט זיך,

אַז דער טאָג שיינט נאָך, און פון דער צווייטער מערקט זיך, אַז די נאַכט רוקט זיך אונטער. די עקאָנאָמישע לאַגע אין די פרייערע מדינות שיינט פאַר די אידען דאָרט צו זיין פאַר דערווייל מער אָדער ווייניגער אַ געזיכערטע. פּרנסה איז דאָ; אַ פּלאַץ, וואו אָנצושפּאַרען דעם קאָפּ, איז דאָ, אָבער מען קאָן קיינמאָל ניט וויסען ווי לאַנג דאָס וועט געדויערען. די נאַכט, די פינס־טערניש, קאָן אָנקומען פּלוצלינג, גאָר ניט־געריכטערהייט, און דעמאָלט איז אַלץ פאַרלאָרען.

דער איד מוז שטענדיג האָבען זיין אייזעל געשפּאַנט, זיין האָב און גוטס פּאַרפּאַקט, גרייט צו פאַרלאָזען זיין פרעמדע היים צו יעדער צייט. אַזוי האָט פּאַסירט אין מצרים, ווען נאָך אַ פּעריאָד פון רו, פון עקאָנאָמישער און פּאָ־ליטישער זיכערקייט, נאָכדעם ווי יוסף האָט געראַטעוועט דאָס לאַנד פון אַ גרויסען קריזיס, דערשיינט פּלוצלינג אַ „מלך חדש״, אַ נייער קעניג, אַ גרוי־זאַמער דעספּאָט, „אשר לא ידע את יוסף״, וואָס וויל ניט וויסען און אָנער־קענט ניט די לייסטונגען, וואָס יוסף האָט בייגעשטייערט צו דעם לאַנד. און עס פאַנגט זיך אָן אַן עפּאָכע פון אונטערדריקונגען, פון שקלאַפעריי, „ותעל שועתם אל אלקים״, זייער פיינליכער געשריי שפּאַלט די הימלען. דאַן קומט דער באַפרייער משה רייטענדיג אויף דעם אייזעל, וואָס איז באַשאַפען געוואָרען פאַר אַזאַ „בין־השמשות׳דיגער״ צייט. און אַזוי וועט עס אויך זיין פאַר דער ענטגילטיגער גאולה. אידען וועלען זיך איינלעבען אין זייערע גלות־לענדער און ניט וועלען וויסען פון אַן אייגען לאַנד, פון אַן אייגענער היים. צוליב זייערע מאַטעריעלע דערגרייכונגען וועלען זיי פאַרנאַכלעסיגען די דערציאונג פון זייערע קינדער, וועלכע זיי וועלען לאָזען דינען אַלערליי עבודה־זרה׳ס פון קולטורעלען און אידעאַלען, וועלכע זיינען קעגען דעם גאַנצען קיום פון אונזער פאָלק. ביז עס וועט זיך אונטעררוקען אַ פינסטערע נאַכט, וואָס וועט איינגאַנצען צעשטערען אַלץ, וואָס זיי האָבען דערוואָרבען. און אין דער „בין־השמשות׳דיגער״ עפּאָכע וועט משיח קומען אויף דעמזעלבען אייזעל.

אָט דער געדאַנק ווערט אויסגעדריקט אין דעם מיסטישען בילד, וואָס די אויבענציטירטע אגדה שילדערט פאַר אונז: „ויהי אחר הדברים האלה״ — דאָס קומט פאַר נאָך אַזעלכע געשעהענישען. אַזוי גיך ווי אברהם שליסט אַ בונד מיט פרעמדע פעלקער און ער איז גרייט אויפצוגעבען זיינע אידעאַלען, ברעכט אויס קעגען אים אַ שטורעם אין זיינע הימלען. די מלאכים, וואָס האָבען אים ביז איצט געשיצט פון אונטערגאַנג, וואונדערען זיך וואָס עס

וועט ווערן פון אים. און דער אויבערשטער שטעלט אים פאר א גרויסען נסיון, וועלכען ער האלט אויס מיט דערזועלבער געטריישאפט, ווי ער האט אויסגעהאלטען אלע אנדערע נסיונות. ער פארלאזט זיין אדאפטירטע היים און נעמט זיין זון צו דער עקדה, וואו ער לערענט אים זיך מוסר־נפש צו זיין אויף דעם „הר הגדול״, דעם גרויסען אידעאל, פאר וועלכען ער האט מקריב געוועזן זיין גאנצען לעבען, און וועלכער, ער האפט, וועט אים ברייגגען „אל הארץ המוריה״, דאס לאנד, וואו ער וועט שאפען א תורה פאר דער גאנצער וועלט.

# הפטרה

## מאמעס מוזען אכטונג געבען אויף זייערע קינדער

**ויאמר שאי בנך.**

„רבי זכרי׳ אומר: רצון יראיו יעשה, הרתה וילדה, ויגדל הנער ויצא לפוגת נפש לראות בקוצרים וקרהו אסון ומת״ — רבי זכרי׳ זאגט: גאט טוט דעם ווילען פון זיינע צדיקים, דערפאר האט זי געטראגען און גע־בוירען, אבער אז דאס אינגעל איז אונטערגעוואקסען, איז ער מיט א זעל־קלעמעניש ארויס צו זעהן די שניטער, האט מיט אים געטראפען אן אומ־גליק און ער איז געשטארבען (פדר״א ל״ג).

אין דער היינטיגער הפטרה ווערט דערציילט פון א דאפעלטען נס, וואס אלישע הנביא האט באוויזען צו א בארימטער פאמיליע אין שונם, וועלכע האט אים שטארק באפריינדעט. ער האט פארשפראכען דער פרוי, אז זי וועט גע־בוירען א זון, כאטש איר מאן איז געוועזן זעהר אלט, און זיין פארשפרעכען איז מקוים געווארען. אז דאס אינגעל איז אונטערגעוואקסען, איז ער אייך טאג אוועק צום פאטער אין פעלד אריין און דארט האט ער געקראגען א שטארקען קאפווייטאג און איז אין עטליכע שעה ארום געשטארבען. זיין מוטער האט אים אוועקגעלייגט אויף אלישע׳ס בעט און אליין איז זי אוועק

אויפזוכען דעם נביא. אַז אלישע האָט דערהערט די שרעקליכע בשורה, האָט ער געזאָגט צו זיין משרת גחזי: נעם מיין שטעקען און לויף גלייך צו איר הויז. אויפ׳ן וועג זאָלסטו מיט קיינעם ניט רעדען און קיינעם ניט באַגריסען, און ווען דו וועסט אַריינקומען אין קינד׳ס צימער, זאָלסטו דעם שטעקען אַרויפלייגען אויף זיין געזיכט. גחזי האָט אָבער ניט געטאָן אַזוי ווי זיין האַר האָט אים באַפוילען. אויפ׳ן וועג האָט ער געשמועסט מיט וועמען ער האָט זיך נאָר באַגעגענט און נאָך חוזק געמאַכט פון אלישע׳ן. אַנוויזענדיג אויפ׳ן שטעקען, האָט ער צו יעדען געזאָגט: „התאמין שהמטה הזה מחיה את המתים“? — וואָלסטו געגלויבט, אַז אָט־דער שטעקען קאָן לעבעדיג מאַכען טויטע? „לפיכך לא עלתה בידו“ — דערפאַר איז עס אים ניט געלונגען און דאָס אינגעל איז געבליבען ליגען אַ טויטער (ילקוט שמעוני). דאַן איז אלישע אַליין אַריין אין צימער, האָט זיך אַרויפגעלייגט אויף דעם קינד — ביז דאָס לייב פון אינגעל איז געוואָרען וואַרעם און ער איז צוריק לעבעדיג געוואָרען.

פילע פון אונזערע מגידים ווילען האָבען, אַז מיט דעם דערקלערט די הפטרה, וואָרום אונזער מוטער שרה האָט אַזוי שטרענג געפאָדערט פון אברהמ׳ען, אַז ער זאָל אַרויסטרייבען זיין דינסט הגר מיט איר קינד. זי האָט ניט געוואָלט, אַז ער זאָל זיך אַרומשפּילען מיט ישמעאל׳ן, וועלכער איז אַרויס לתרבות רעה, און פון אים זיך אָפּלערנען זיינע שלעכטע וועגען. אַז מען לאָזט קינדער גיין וואו זיי ווילען און פאַרקערען אין שלעכטער געזעלשאַפט, שטאַרבען זיי אָפּ פאַר אונזער פאָלק דורך אַלערליי קאָפּווייטאָגען, פאַראורזאַכט פון פרעמדע אידייען און באַוועגונגען. און דאָס איז דער געדאַנק, וואָס ווערט אויסגעדריקט פון רבי זכרי׳: ווען דאָס קינד איז גרויס געוואָרען, האָט איבּ די מוטער געלאָזט גיין וואו ער האָט געוואָלט, ער האָט זיך אַרומגעפירט מיט די „קוצרים“, מיט די, וועלכע זוכען צו שניידען זייער אידישקייט, און דאָס האָט אים געבראַכט צו אַ „פוגת נפש“ — אַ זעל־קלעמעניש, וואָס האָט ענדליך פאַראורזאַכט זיין טויט.

ה.

# אברהם אבינו׳ס גייסטיגער „לך־לך״

## קח נא את בנך — ולך לך אל ארץ המוריה.

„פליגי בה רבי לוי ורבי חנינא, חד אמר שיצא ממנו הוראה לישראל, וחד אמר שיצא ממנו מורא לעובדי כוכבים״ — זיינען אין דעם מחולק רבי לוי און רבי חנינא. איינער זאָגט, אַז „מוריה״ מיינט אַ פּלאַץ, פון וואַנען עס וועט אַרויסקומען אַ תורה פאַר אידען, און דער אַנדערער זאָגט, אַז פון אים וועט אַרויסקומען אַ שרעק פאַר געצענדינער (תענית ט״ז ע״א).

אַרום צוויי לך־לך׳ס, צוויי פאַרשידענע וואַנדערונגען און זוכענישען ווערט געוועבט און געשפּונען די לעבענס־געשיכטע פון אונזער פאָטער אברהם און אויך פון זיינע קינדער אין די לאַנגע דורות פון זייער עקזיסטענץ. מיט דעם ערשטען „לך־לך״ — גיי דיר זוכען אַ לאַנד, וואו דו און דיינע קינדער זאָלען קאָנען לעבען פריי און זעלבסטשטענדיג, הויבט זיך אָן די ביאָגראַפיע פון אברהם אבינו, און מיט׳ן צווייטען „לך־לך״ — גיי דיר זוכען אַ באַרג, אַן ערהאַבענעם פּלאַץ, וואו דו זאָלסט קאָנען אַרויפברייגגען דיין זון פאַר אַ קרבן־עולה צו גאָט, פאַרענדיגט זיך די לעבענס־געשיכטע פון אברהמ׳ען און עס הויבט זיך אָן די געשיכטע פון זיין זון יצחק.

אין ביידע פאַלען ווערען אים לכתחילה ניט אָנגעוויזען די באַשטימטע פלעצער, צו וועלכע ער זאָל קאָנען גלייך צוקומען. דער ערשטער „לך־לך״ באַפעהלט אים צו פאַרלאָזען זיין געבורט־פּלאַץ און גיין „אל הארץ אשר אראך״, צום לאַנד, וואָס איך וועל דיר שפּעטער אָנווייזען, און דער צווייטער „לך־לך״ הייסט אים גיין זוכען „אחד ההרים אשר אומר אליך״, איינעם פון די בערג, וואָס איך וועל דיר שפּעטער זאָגען. באַשטימטע טעריטאָריעס ווערען אָנגעצייכענט פאַר די אַנדערע ראַסען און פעלקער פון זיין צייט, און זיי פאַרנעמען זיי טאַקע, „וישבו שם״, און זיי באַזעצען זיך דאָרט. אָבער אברהם טאָר נאָך ניט וויסען וואו זיין לאַנד ליגט, ער מוז פריער דורכ־מאַכען אַ לאַנגען פּראָצעס פון „ויסע״, „וילך״, אַרומרייזען און אַרומגיין, וואַנדערען פון פּלאַץ צו פּלאַץ, ביז ער וועט זיך דערשלאָגען צו זיין נחלה, צו זיין נאַציאָנאַלען היימלאַנד.

פון דעם מאָמענט אָן, וואָס גאָט האָט אים געהייסען פאַרלאָזען די שטאָט חרן, וואו ער מיט זיין פאָטער האָבען זיך לכתחילה באַזעצט, און גיין „אל הארץ אשר אראך", צו דעם לאַנד, וואָס ער וועט אים אָנווייזען, האָט אברהם געהאַלטען אין איין אַרומוואַנדערען. ער האָט באַזוכט פיל שטעט און לענדער. פון חרן איז ער געפאָרען נאָך שכם, נאָך אלון מורה, נאָך בית אל. אַז עס ברעכט אויס אַ הונגער אין דעם אָרט, וואו ער געפינט זיך, וואַנדערט ער אויס נאָך מצרים, נאָך גרר, און דאַן צוריק נאָך בית אל, נאָך חברון, נאָך באר שבע. ער שיינקט ניט קיין אויפמערקזאַמקייט צו די טענות פון זיינע „חניכי בית", זיין הויז־געזינד, וועלכע פרעגען אים: „הארץ היכן היא"? — וואו איז דאָס לאַנד, וואָס דיין גאָט האָט דיר פאַרשפּראָכען? וואָרום ווייזט ער דיר ניט ניט אָן דעם פּלאַץ, וואו דו זאָלסט זיך קאָנען באַזעצען און מאַכען אַ סוף צו דיינע לאַנגע און שווערע וואַנדערונגען? ער וואַרט אַלץ פאַר אַ קלאָרען צייכען פון גאָט, וואָסער לאַנד ער האָט געמיינט, און זעצט פאָר זיינע רייזען (ב"ר ל"ט).

אין מאַנכע אָרטער פון זיין גלות־לעבען גייט אים גאַנץ גוט, „כבד במקנה, בכסף ובזהב", ער איז שווער באַלאָדען מיט רינדער, זילבער און גאָלד, אָבער קיין „תושב", אַנערקענטער בירגער, איז ער אין ערגעץ ניט. ווערט ער צו־רייך אין מצרים, מוז ער פון דאָרטען גיין. „ויצו עליו פרעה אנשים וישלחו אותו ואת אשתו ואת כל אשר לו" — גיט פרעה אַ באַפעהל צו זיינע מענשען און מען שיקט אים אַרויס, מיט זיין ווייב און אַלע וואָס באַלאַנגען צו אים. אין גרר איז דוקא די מלוכה צו אים העכסט פריינטליך. דער קעניג אבימלך מיט זיין קריגס־מיניסטער באַזוכען אים גאַנץ אָפט. אָבער די „עבדי אבימלך", די קלענערע באַאַמטע, די פאַרוואַלטער פון לאַנד, גזל'ענען פון אים אַוועק די ברונימער, וואָס ער גראָבט, און נעמען פון אים אַוועק אַלע קוואַלען פון הכנסה, און ער מוז ווייטער אויסוואַנדערען.

אָט אַזוי פאַרברייננגט אונזער פאָטער אברהם כמעט זיין גאַנצען לעבען אין איין „לך־לך", אין איין אַרומוואַנדערען צו זוכען דאָס פאַרשפּראָכענע לאַנד. ער באַקלאָגט זיך אָבער ניט. פאַר אים איז אַ לאַנד, אַ נאַציאָנאַלער באָדען, ניט דער הויפּט ציל אין לעבען. ער וויל אויך אַ הימלישע טעריטאָריע, אַ גייסטיגען באָדען, וואָס זאָל אים און זיינע קינדער געבען דעם אמת'ן תכלית אין זייער לעבען. און דאַן הויבט זיך אָן אַ נייע סדרה פון „לך־לך", פון

זוכען דעם „מקום מרחוק״, דעם ווייטען און מיסטעריעזען „מקומו של עולם״, דעם מיטעלפונקט פון דער וועלט־שאַפונג.

„ויחבש את המורו״, ער שפּאַנט איין זיין אייזעל, און לאָזט זיך אין וועג אַריין. אונזערע חז״ל באַמערקען אויף דעם: „הוא החמור שרכב עליו משה בבואו למצרים, והוא החמור שעתיד בן דוד לרכוב עליו״ — דאָס איז דער־זעלבער אייזעל, אויף וועלכען משה האָט געריטען, ווען ער איז געקומען נאָך מצרים, און דאָס וועט אויך זיין דערזעלבער אייזעל, אויף וועלכען עס וועט רייטען משיח בן דוד פאַר דער ענטגילטיגער גאולה (פדר״א פ׳ ל״א). די אידישע פרייהייט און זעלבסטשטענדיגקייט מוזען קומען פון ביידע „לך־לך׳ס״, פון זוכען און געפינען אַ גייסטיגען באָדען אַזוי גוט ווי אַ נאַציאָנאַלע טע־ריטאָריע.

אין מדרש תנחומא ווערט דערציילט, אַז ווען אברהם האָט באַמערקט דעם פלאַץ פון דער ווייטענס, האָט ער זיך אַ קער געטאָן צו זיין זון יצחק און אים געפרעגט: „רואה אתה מה שאני רואה״? — זעהסטו אויך דאָס, וואָס איך זעה? „א״ל אני רואה הר נאה ומשובח וענן קשור עליו״, איך זעה אַ שיי־נעם און פּראַכטפולען באַרג, אָבער אַ וואָלקען הענגט איבער אים. אברהם פרעגט אויך ביי די אַנדערע יונגען, וועלכע זיינען מיטגעגאַנגען מיט אים: „רואים אתם כלום״? — זעהט איר אויך עפּעס? „אמרו לו, אין אָנו רואים אלא מדבריות״ — ענטפערען זיי אים: מיר זעהען גאָרנישט, נאָר פוסטע מדבריות. אַז אברהם הערט זייער ענטפער, זאָגט ער צו זיי: „הואיל ואינכם רואים, שבו לכם פה עם החמור״ — וויבאַלד איר זעהט קיין זאַך ניט, בלייבט דאָ זיצען מיט׳ן אייזעל. „ואני והנער נלכה עד כה״ — און איך און מיין אינגעל יצחק וועלען מיר גיין ביז „אַזוי״. „מהו עד כה״ — וואָס מיינען די ווערטער „ביז אַזוי״? „הקב״ה אמר לי כה יהיה זרעך — נראה מה יהיה בסוף כה״ — גאָט האָט מיר פאַרשפּראָכען, אַז אַזוי וועלען זיין מיינע קינדער, וועלען מיר גיין זעהן וואָס איז דער סוף פון דעם „אַזוי״ (מדרש תנחומא וירא).

וואָס פאַר אַ וואונדערבאַרער געדאַנק דאָ ווערט אויסגעדריקט אין מדרש? אברהם זעהט דעם פלאַץ פון דער ווייטענס. ער פאַרשטייט, אַז ערשט ווען ער וועט צוקומען צו דעם פלאַץ, וועט ער האָבען דערגרייכט זיין הויפּט אויפגאַבע אין לעבען. ער וויל אָבער וויסען, אויב זיין איינציגער זון, זיין גע־ליבטער יצחק, זעהט און פאַרשטייט אויך דאָסזעלבע וואָס ער. און יצחק

ענטפערט אים: יאָ, פאָטער, איך זעה דעם „הר נאה ומשובח" — דעם שיי־נעם און פראַכטפולען הויך, צו וועלכען דו ווילסט, אַז מיר זאָלען דערגרייכען, און כאָטש „ענן קשור עליו", אַ וואָלקען הענגט איבער אים, און דער קאַמף אים צו באַשטייגען איז אַ שווערער און קאָמפּליצירטער, דאָך בין איך צו־פרידען צו גיין מיט דיר, ביז מיר וועלען צוקומען צו דיין געווינשטען תכלית.

די אַנדערע יונגען אָבער זעהען ניט די גרויסע וויזיעס פון אברהמ'ען. זיי שרעקען זיך פאַר די גרויסע מדבריות און וויסטע גלות'ן, וואָס מען מוז דורכמאַכען אום צו דערגרייכען אָט דעם דערהאָבענעם אידעאַל. און אברהם ענטפערט זיי: בלייבט דאָ זיצען מיט אייער חמר'ישען אייזעל. אַלץ, וואָס איר זעהט, איז בלויז די מאַטעריעלע זייט פון לעבען, און איך אינטערע־סירט ניט אייער גייסטיגע אַנטוויקלונג. גאָט ב"ה האָט צו מיר געזאָגט: „כה יהיה זרעך", אַזוי וועלען זיין דיינע קינדער. איך און מיין זון יצחק וועלען האַלטען אין איין וואַנדערען און זוכען דעם „כה", כדי צו דערגיין דעם ווי אַזוי וויל ער, אַז די וועלט זאָל געפירט ווערען.

אָט דער „כה", די אָנווייזונג, ווי די וועלט דאַרף געפירט ווערען, וואָס מיר האָבען באַקומען אויף דעם „הר המוריה", האָט געגעבען די ריכטיגע „הוראה", די אמת'ע לערע, ווי צו לעבען און ווי זיך אויפצופירען כדי צו דער־גרייכען דעם אידעאַל פון שלום און שלוה פאַר דער גאַנצער מענשהייט. ער האָט אָבער אַרויפגעוואָרפען אַ מורא אויף די געצענדינער, אויף די, וועלכע גלויבען אין מענשען־געמאַכטע געטער און פירער, וואָס זוכען זייערע אייגענע נוצען. מיר ווערען נאָך פאַרפאָלגט צוליב אָט דער מורא, און אונזער שיק־זאַל איז נאָך אַלץ דער „לך־לך", דאָס שטענדיגע וואַנדערען. מיר וועלען אָבער מיט גאָט'ס הילף קומען צו דעם לאַנד, וואָס ער האָט אונז פאַרשפּראָכען, און צו דעם הויכען באַרג פון גייסטיגער דערגרייכונג, וואָס ער האָט אונז צוגעזאָגט.

# הפטרה

## די אידישע היים מוז זיין אָפּגעזונדערט

**וסגרת הדלת בעדך ובעד בניך.**

„כל המשקים מתערבים זה בזה והשמן אינו מתערב" — אַלע געטראַנ־קען מישען זיך אויס איינע אין די אַנדערע, אָבער בוימעל מישט זיך קיינמאָל ניט אויס (שמו"ר ל"ו).

איינע פון די שטאַרקסטע פעסטונגען, וואָס האָבן געהאָלפען צו באַשיצען די אידישע אומה פון אונטערגאַנג, איז געווען איר אָפּגעשלאָסענע און אָפּגע־זונדערטע היים. די דערנידעריגענדע אומשטענדען, אונטער וועלכע דער איד איז געווען געצוואונגען צו לעבען אין גאָס אָדער אין מאַרק, האָבן קיינמאָל ניט אַריינגעדרונגען אין סאַנקטום־סאַנקטאָרום — די הייליגע סביבה פון זיין הויז־געזינד. דאָרט האָט ער זיך געפילט פריי און זעלבסטשטענדיג. האָט די גאַס אים געמעגט פאַראַכטען און פאַרשפּאָטען, האָט די אויסערליכע וועלט אים געמעגט פאַרוואַרפען מיט שטיינער — אין זיין אייגענער היים איז ער געווען דער פרייער בן־מלך, דער שטאָלצער פרינץ, דער אתה בחרתנו.

קומענדיג אַהיים אַ צעבראָכענער, אַ נידערגעשלאָגענער, אָבער באַמער־קענדיג ווי אין איין ווינקעל זיצט זיין זון און לערענט אַ פרשה חומש, אַ קאַפּיטעל תנ"ך, אַ בלאַט גמרא, און אין דעם צווייטען ווינקעל שטייט זיין טאָכטער און העלפט דער מאַמען צוגרייטען דאָס עסען, לויט די דינים פון זיין שולחן ערוך, האָט זיך ביי אים זיין רוקען אויסגעגליכען, זיינע אויגען האָבען אויפגעשיינט און איבער זיינע ליפּען האָט געשוועבט אַ פאַראַכטענ־דער שמייכעל קעגען זיינע שונאים און פאַרפאָלגער. „זיי וועלען מיך ניט אומברענגען, מיין גאָט וועט מיך באַשיצען און איך וועל נאָך דערלעבען מיין גאולה" — אָט דיזער בטחון האָט אַרויסגעשטראַלט פון זיין אויפגעלויכטען פנים און אים געשטאַרקט און געמוטיגט אָנצוהאַלטען זיין עקזיסטענץ.

פילע פון אונזערע דרשנים לערנען אָט דעם געדאַנק אַרויס פון היינ־טיגער הפטרה, וואו עס ווערט איבערגעגעבען אַ מערקווירדיגער נס, וואָס אלישע הנביא האָט באַוויזען:

אַ פּרוי פון אַ פאַרשטאָרבענעם נביא האָט זיך באַקלאָגט פאַר אלישע׳ן, אַז איר מאַן איז געשטאָרבען אַ בעל־חוב און דער קרעדיטאָר וויל צונעמען אירע צוויי קינדער פאַר קנעכט. פרעגט איר אלישע: וואָס האָסטו אין הויז? ענטפערט זי: קיין זאַך, וואָס זאָל האָבען אַ ווערט, נאָר אַ קליין קריגעלע בוימעל. הייסט ער איר צוזאַמענלייען פון אירע שכנים וויפיל ליידיגע כלים זי קאָן נאָר קריגען. „וסגרת הדלת בעדך ובעד בניך“, דו זאָלסט פאַרשליסען די טיר פון דיין הויז פאַר דיר און פאַר דיינע קינדער און גיסען פון קריגעלע דאָס בוימעל אין די כלים. זי האָט אַזוי געטאָן — און פון דעם קליינעם קריגעלע בוימעל האָט זי אָנגעפילט אַלע ליידיגע כלים. דאָס האָט אַריינגעבראַכט גענוג געלט צו באַצאָלען איר מאַנ׳ס חוב און אויף חיונה פאַר זיך מיט די קינדער.

אונזערע אַלטע מגידים זעהען אין דעם נס אַ בילד פון דעם אידישען לעבען אין גלות. זיי זאָגען: די פרוי פון דעם נביא שטעלט מיט זיך פאָר די אידישע אומה, וועלכע באַקלאָגט זיך, אַז איר גאָט איז פון איר אַוועק און אַלץ, וואָס ער האָט איר איבערגעלאָזען, איז אַן „אסוך שמן“, אַ קריגעלע בוימעל, די אידישע אמונה. אירע קינדער ווערען געדראָט פון דעם „נושה“, דעם פינסטערען גלות, וואָס מאָנט און נאָגט און וויל זיי אָפּרייסען פון איר. דער אידישער נביא אלישע פאַרזיכערט איר אָבער, אַז אָט דאָס קליינע קריגעלע בוימעל וועט איר אויפהאַלטען ביים לעבען. ער ראָט איר אָבער, אַז אויב זי וויל פון דעם בוימעל ציען איר חיונה און פאַרהיטען אירע קינדער, אַז זיי זאָלען ניט פאַרנומען ווערען פון דעם שווערען גלות, זאָל זי זיך האַלטען אָפּגעזונדערט פון אירע שכנים. „וסגרת הדלת בעדך ובעד בניך“ — פאַרשליס די טיר פון דיין הויז פאַר דיר און פאַר דיינע קינדער. לאָז ניט צו קיין פרעמדע געדאַנקען און השפעות אין דיין היים, ווייל „כל המשקים מתערבים זה בזה והשמן אינו מתערב“ — אַלע געטראַנקען מישען זיך אויס איינע אין די אַנדערע, אָבער בוימעל מישט זיך קיינמאָל ניט אויס (שמו״ר ל״ו). די אידישע תורה, די אידישע אמונה פאַרטראָגט ניט קיין אַסימילאַציע אָדער רעפאָרמען. אויב די כלים, די אידישע קינדער, וועלכע דאַרפען זיך דערנערען פון דעם גייסטיגען בוימעל, ווערען אָנגעפילט מיט פרעמדע אידייען און מחשבות, דאַן איז „ויעמד השמן“, שטעלט זיך דאָס בוימעל אָפּ און דער אידישער גייסט פאַלט.

דיין תורה און אמונה, זאָגט איר ווייטער דער נביא, וועלען אָנפילען די לײדיגע כלים פון דיינע שכנים. זיי וועלען פון זיי ציען זייער גייסטיגע יניקה און דיינע נביאים וועלען דינען אַלס די מאָראַל־פּרעדיגער פון דער וועלט. אויב דו וועסט זיך האַלטען איינגעשלאָסען אין דיין אייגענער היים און אָנהאַלטען דיין אייגענאַרטיג לעבען, „ושלמי את נשיכי ואת ובניך תחיי בנותר" — וועסטו קאָנען באַצאָלען אַלע דיינע חובות צו דער אויסערליכער וועלט און דו מיט דיינע קינדער וועלען לעבען פון דעם איבעריגען.

# חיי שרה

## א.

## מיט שרה'ס טויט הויבט זיך אָן דער „ישוב הארץ"

**ויקם אברהם מעל פּני מתו.**

„ראה מלאך המות מתריס כנגדו", אברהם האָט איינגעזעהן, אַז דער טויט פאַרשטעלט אים דעם וועג (ב"ר נ"ח).

פון דעם מאָמענט אָן, וואָס דער אויבערשטער האָט אים געהייסען פאַר־לאָזען די שטאָט חרן, וואו ער מיט זיין פאָטער האָבען זיך באַזעצט, און געהן „אל הארץ אשר אראך", צו דעם לאַנד, וואָס ער וועט אים אָנווייזען, האָט אברהם געהאַלטען אין איין אַרומוואַנדערען. ער האָט באַרייזט פיל שטעט און לענדער. פון חרן איז ער געפאָרען נאָך שכם, נאָך אלון מורה, נאָך בית אל. אַז עס ברעכט אויס אַ הונגער אין לאַנד וואַנדערט ער אויס נאָך מצרים, און דאַן צוריק נאָך בית אל, נאָך חברון, נאָך גרר, נאָך באר שבע. ער האָט ניט געוואוסט וואו צו בויען זיין שטענדיגע היים, ווייל ער האָט ניט געקראָגען דעם ריכטיגען צייכען פון גאָט, וואָסער לאַנד ער האָט געמיינט און ער האָט דאַרום געהאַלטען אין איין אַרומרייזען (ב"ר ל"ט).

אין דעם טויט פון שרה האָט אברהם געזעהן דעם צייכען פון גב"ה. „ראה מלאך המות מתריס כנגדו", ער האָט געזעהן אַז דער טויט פאַר־שטעלט אים דעם וועג. ווי קאָן ער דאָ איבערלאָזען זיין ליבע פרוי שרה און גיין ווייטער? זי איז דאָך געווען זיין לעבענס־באַגלייטערין; וואו ער איז געגאַנגען, אויף אַלע זיינע רייזעס איז זי דאָך מיט אים מיטגעגאַנגען און געטיילט זיין שיקזאַל. וויפיל מאָל האָט זי איינגעשטעלט איר אייגען לעבען צו ראַטעווען זיינעם, ווי עס האָט פּאַסירט אין מצרים ביי פרעה און אין גרר ביי אבימלך?

אויסער דעם איז זי דאָך געווען זיין בעסטע אַרויסהעלפערין אין זיין לעבענס־אויפגאַבע, צו פאַרשפּרייטען זיין גרויסען געטליכען אידעאַל. אין דער צייט, וואָס ער האָט געזוכט צו באַקערען די מענער צו זיין אמונה, האָט שרה געווירקט אויף די פרויען צו טאָן דאָס זעלבע (אברהם מגייר אנשים ושרה מגיירת נשים — רש״י לך־לך). ניין, ער קאָן זיך פון איר ניט שיידען אויף אייביג. ער מוז זיך דאָ באַזעצען אויף שטענדיג, און באַזאָרגען אַן „אחוזת קבר״, אַ באַערדיגונגס־פּלאַץ פאַר זיין ליבער פרוי און פאַר זיך.

אונזערע חז״ל, וואָס האָבען אין יעדער פּאַסירונג, וואָס ווערט געשיל־דערט אין דער תורה, אַרויסגעזעהן אַ וואונק, אַן אַנדייטונג פאַר די צו־קונפטיגע אידישע דורות, באַמערקען אויף דעם: „ווען די חניכי ביתו״ און זיינע נאָכפאָלגער, וואָס האָבען אברהמ׳ען באַגלייט אויף אַלע זיינע נסיעות, האָבען אים געפרעגט: „הארץ היכן היא״, וואו איז דאָס לאַנד, וואָס דיין גאָט האָט דיר פאַרשפּראָכען? וואָרום ווייזט ער דיר ניט אָן דעם פּלאַץ, וואו דו זאָלסט זיך באַזעצען און מאַכען אַ סוף צו דיינע לאַנגע און שווערע וואַנ־דערונגען? האָט זיי אברהם געענטפערט: „אַז איר וועט קומען צו אַ „שדה קברות״, וואו טויטע זיינען באַערדיגט געוואָרען, זאָלט איר וויסען, אַז דאָרט הויבט זיך אָן דאָס לאַנד״ (ילקוט שמעוני).

„אום צו האָבען אַ „נחלת שדה וכרם״, אייגענע פעלדער און וויינ־גערטנער אין אַן אייגען לאַנד״, האָט אַמאָל געזאָגט דר. שמריהו לעווין, ע״ה, „מוז מען פריהער פאַרלייגען אַ „שדה הקברות״, מען מוז האָבען פּיאָנערען, חלוצים, וועלכע זאָלען איינשטעלען זייער אייגענעם לעבען פאַר דעם לעבען פון פאָלק. מיט׳ן ערשטען „אחוזת קבר״, וואָס אברהם האָט איינגעהאַנ־דעלט, איז געלייגט געוואָרען דער יסוד פאַר דעם „ישוב הארץ״, וואָס איז פאַרבליבען די אמת׳ע אידישע היים ביז אויף היינטיגען טאָג״.

„ואלה ימי שני אברהם אשר חי״ — דיזע זיינען די טעג פון די לעבענס יאָרען, וואָס אברהם האָט געלעבט. „מה תלמוד לומר אשר חי? אלא שהיו כל ימיו חיים ואין בהם מיתה״, — וואָס לערענט אונז די איבערגע׳חזר׳טע פראַ־זע „אשר חי״, וואָס ער האָט געלעבט? דאָס איז נאָר אונז צו דערקלערען, אַז אַלע זיינע יאָרען זיינען געווען פול מיט לעבען, און אין זיי איז ניט געווען קיין טויט (מדרש הגדול).

דער „דובנער מגיד״, אין זיין הקדמה צו „שמות״, גיט אַ וואונדערבאַרע דערקלערונג איבער דעם שווערען פסוק אין פרשה „ראה״, וואו די תורה

זאָגט אונז אָן, אַז מען מוז העלפען דעם נויטבאַדערפטיגען און אים געבען „די מחסורו, אשר יחסר לו״, וויפיל ער דאַרף און וואָס אים פעלט. אויף זיין אייגענאַרטיגען שטייגער דערקלערט ער דעם אונטערשייד פון „די מחסורו״ און „אשר יחסר לו״:

„פאַראַן מענשען, וואָס גיבען צדקה מיט׳ן האַרצען. זיי זיינען בטבע גוטהאַרציג און קאָנען ניט פאַרטראָגען צו זעהן ווי אַנדערע ליידען. אויב דער אָרימאַן איז הונגעריג, גיבען זיי אים עסען; איז ער באַקעט און אָפּגע־ריסען, גיבען זיי אים קליידער. זייער הילף אָבער איז בלויז צייטווייליג, באַגרעניצט צו דער געגענוואַרט און האָט גאָרניט צו טאָן מיט זיין מאָר־גען, מיט זיין צוקונפט. אַנדערע אָבער גיבען צדקה מיט׳ן קאָפּ. זיי גייען אַריין אין דער לאַגע פון דעם אָרימאַן, זוכען אים אַוועקצושטעלען אויף די פיס און אים מאַכען זעלבסטשטענדיג, ער זאָל ניט דאַרפען מער אָנ־קומען צו פרעמדע. די ערשטע גיבען דעם אָרימאַן „די מחסורו״, וויפיל ער דאַרף פאַר דער ווייל; די צווייטע אָבער גיבען אים „אשר יחסר לו״, וואָס אים פעלט און וואָס ער דאַרף האָבען, אום צו ווערען לייטען גלייך״.

אברהם אבינו האָט זיך ניט באַנוגענט מיט געבען זיינע אורחים צו עסען און טרינקען און אַ פלאַץ, וואו זיך צוצושפּאַרען און אויסרוהען. ער האָט זיך פאַראינטערעסירט מיט זייער לאַגע און זיי אָנגעוויזען דעם וועג, וואָס פירט צו אויסבעסערונג און פאַרלייכטערונג. זיין מאָטאָ אין לעבען איז געווען צו פלאַנצען איבעראַל אַן „אשל״, וואָס מיינט „אכילה, שתיה און לויה״, עסען, טרינקען און באַגלייטען, מיטגיין מיט׳ן אָרימאַן, מיט׳ן פרעמדען און אים אָנצייגען דעם ריכטיגען וועג.

ער האָט ליב געהאַט אַלע מענשען און ניט געקאָנט פאַרטראָגען קיין עוולות. ווען ער האָט געהערט פון דעם אויבערשטען, אַז ער קלייבט זיך חרוב צו מאַכען די זינדיגע „סדום ועמורה״, איז ער געוואָרען אַן אויפגע־ציטערטער. ער בעט זיך ביי אים: „האף תספה צדיק עם רשע״? — וועסטו אויך פאַרניכטען דעם אומשולדיגען צוזאַמען מיט׳ן שולדיגען?

אַזאַ לעבען, ווי אברהם האָט געלעבט, שטאַרבט קיינמאָל ניט. „אין בהם מיתה״, דער טויט האָט ניט אויף אים קיין שליטה. עס איז אַ פולער לעבען און בלייבט אַ מוסטער פאַר אַלע קומענדיגע דורות.

# הפטרה

## מלוכה קליידער וואַרעמען ניט

**ויכסוהו בבגדים ולא יחם לו.**

„מוניטון של אברהם — זקן וזקנה מכאן ובחור ובתולה מכאן, מוניטון של דוד המלך — מקל ותרמיל מכאן ומגדל מכאן״ — דער עמבלעם, דער סימ־באָלישער צייכען פון אברהם איז געווען: אַן אַלט פּאָר־פאָלק פון איין זייט און אַ יונג פּאָר־פאָלק פון דער צווייטער זייט. דער עמבלעם פון קעניג דוד איז געווען: אַ שטעקען און רענצעל פון איין זייט און אַ טורעם פון דער צווייטער זייט (ב״ר מ״ד).

אברהם אבינו, דער גרינדער פון אונזער פאָלק, וועלכער איז געווען שטאַרק באַהערשט פון זיין גרויסען אידעאַל „אחדות הבורא״, דעם גלויבען אין איין גאָט, האָט זיך געשטעלט פאַר זיין הויפּט־אויפגאַבע צו געווינען וואָס מער אַנהענגער פאַר זיין גרונט־אידייע. אַזוי ווי פאַר גאָט זיינען אַלע גלייך, האָט ער ניט געטרוימט פון מדינות און קעניגרייכען, פון איינטיילען די מענשהייט אין הערשער און באַהערשטע. אים האָט אויך ניט אינטערע־סירט צו באַגרעניצען די וועלט אין פאַרשיידענע לענדערייען און נאַציאָנאַ־ליטעטען. ביי אים זיינען „סדום״ און „עמורה״ אַזוי ליב און טייער ווי „חברון״ און „בית אל״. ווען ער באַזיגט דעם מעכטיגען קעניג אמרפל מיט זיינע אַליאירטע, גיט ער צוריק זיין קאַזין לוט און דעם קעניג פון סדום זייערע מענשען און רייכטימער, וואָס אַמרפל האָט פון זיי פאַרנומען. ער אַליין וויל ניט נהנה זיין פון זיין זיג „מחוט ועד שרוך נעל״, פון אַ פאַדים ביז אַ שוך־בענדעל.

זיין הויפּט־אידעאַל איז: „הרימותי את ידי אל ה׳ קונה שמים וארץ״ — איך הויב מיין האַנט צו גאָט, וואָס האָט באַשאַפען הימעל און ערד. רייכטום אָדער גרויסקייט, וואָס איינער דערוועדבט פאַר זיך דורך כח און דרוק, דורך באַזיגען דעם צווייטען און אים צווינגען צו טאָן זיין רצון, איז אַפּשטויסענד צו דער אמונה. איינטיילען די מענשהייט אין פאַרשיידענע קאַסטעס פון שקלאַפען, פון אונטערטאַנען און בעלי־בתים, איז קעגען די לערען פון אַן איינציגען גאָט, דער פאָטער פון אַלע מענשען־קינדער. אברהמ׳ס מטבע האָט

אויף זיך געטראָגען דעם סימבאָלישען צייכען פון „בחור ובתולה", „זקן וזקנה", יונג און אַלט, אָרעם און רייך, אַלע זיינען באַרעכטיגט צו געניסען פון דער וועלט און לעבען פריי און אומגעשטערט.

דוד המלך אָבער איז געווען שטאַרק באַהערשט פון דעם אידישען נאַציאָנאַלען געדאַנק. ער האָט געטרוימט צו מאַכען פון דעם אידישען פאָלק אַ שטאַרקע און מעכטיגע מלוכה, וואָס זאָל זיין די פירערין פון דעם גאַנצען אָריענט. „בן שלושים שנה דוד במלכו, ארבעים שנה מלך" — דרייסיג יאָר איז דוד אַלט געווען, ווען ער איז געוואָרען קעניג, און פערציג יאָר האָט ער געהערשט. פאַר דער צייט האָט ער אָנגעפירט פיל מלחמות, האָט אויסגעברייטערט די גרעניצען פון לאַנד און האָט אונטערטעניגט די פעלקער אַרום ארץ־ישראל. זיין „מוניטון", זיין סימבאָלישע מטבע איז געווען — „מקל ותרמיל מכאן ומגדל מכאן" — אַמוניציע און קריגס־געווער פון איין זייט און אַ טורעם פון דער צווייטער זייט. ער האָט געוואָלט האָבען גרויסע אַרמייען מיט פיל גענעראַלען, וואָס זאָלען פאַר אים אַריינקריגען די „מצודת ציון", די פעסטונגען פון ציון, און זיי פאַרוואַנדלען אין אַ „מגדל דוד", אַ טורעמדיגע און מעכטיגע רעגירונג.

די אמונה אָבער איז גלייכגילטיג צו אַזעלכע דערגרייכונגען. ווען דוד באַשליסט צו בויען דעם בית־המקדש און זאַמעלט צונויף די אַלע נויטיגע מאַטעריאַלען פון זילבער, גאָלד, קופּער און האָלץ פאַר די געביידעס, קומט צו אים דער נביא „גד" און זאָגט אים: „לא תבנה בית לשמי" — דו קאָנסט ניט בויען דאָס הויז פאַר מיר, „הרבה דמים שפכת" — ווייל צופיל בלוט האָסטו פאַרגאָסען. אַ הויז פאַר גאָט קאָן ניט געבויט ווערען פון פאַרנומענע מאַטעריאַלען. „ביתי בית תפלה יקרא לכל העמים" — מיין הויז איז באַשטימט צו זיין אַ געבעט־הויז פאַר אַלע פעלקער. אמונה, גלויבען, וויל ניט וויסען פון נאַציאָנאַלע גרעניצען. זי איז קעגען האָבען אונטערדריקטע און פאַריאָכטע פעלקער. דיין זון שלמה, וועלכער איז אַ „שר שלום", אַ פּרינץ פון פרידען, ער וועט בויען מיין הויז פאַר מיר, צו וואוינען דאָרט צווישען די אידען.

אברהם, דער גאָט מענש, דערלעבט אַ „שיבה טובה", אַ גוטע עלטער, און שטאַרבט „זקן ושבע", אַלט און צופרידען פון זיינע לעבענס־דערגרייכונגען. דוד, דער מלוכה־מענש, ווערט אַלט פאַר דער צייט. זיין לעבען איז געווען אַ שטורעמדיגער, און אויך פאַר זיין טויט ברעכט אויס אַ ברודער־קריג צוליב דער מלוכה, וועלכען ער מוז פון זיין שטאַרב־בעט איינשטילען. „ויכסוהו

בבגדים ולא יחם לו", מ'האָט אים צוגעדעקט מיט קליידער, אָבער זיי האָבן אים ניט געוואָרעמט. מלוכה־קליידער האָבן ניט די געטליכע וואַרעמקייט, וואָס די „בגדי שרד", די אמונה־קליידער, האָבן.

ב.

## ברעכט זיין וואָרט נאָכ'ן עלעקשאָן

**ועפרון יושב בתוך בני חת.**

„אותו היום מינו אותו ארכיסטרטיגוס; רשעים אומרים הרבה ואפילו מעט אינם עושים. הם הבל ודבריהם הבל וכל מעשיהם הבל" — יענעם טאָג האָט מען אים אויסדערוויילט אַלס הויפטליגג; רשעים פאַרשפּרעכען פיל, אָבער טוען גאָרנישט. זיי זיינען גאָרנישט, זייערע רייד מיינען גאָרנישט און אַלע זייערע מעשים זיינען גאָרנישט (ב"ר נ"ח).

דער כלל פון אונזערע חכמים, אַז „מה שאירע לאבות אירע לבנים" — אַלץ, וואָס האָט פּאַסירט מיט אונזערע אבות, האָט אויך פּאַסירט מיט זייערע קינדער, האַלט נאָך אויס ביז היינטיגען טאָג. היסטאָריקער זאָגען: „געשיכטע ווידערהאָלט זיך". דאָס איז אַלץ גערעדט בנוגע די אַנדערע פעלקער פון דער וועלט. אין דעם פּראָצעס פון זייער אַנטוויקלונג ווידערהאָלען זיך אַמאָל געוויסע סיטואַציעס. אָבער ביי אונז אידען האָט זיך די געשיכטע קיינמאָל ניט געביטען. אין יעדען דור, אין יעדען לאַנד און צו אַלע צייטען קומען פאָר די־זעלבע געשעהענישען און די טרויעריגע סיטואַציעס, וואָס האָבן ניט דער־לאָזען אונזער פאָלק צו קומען צו זיך, ווערען נאָך אַלץ פאַרטגעזעצט אָהן שנויים, אָהן ענדערונגען.

אין די שילדערונגען פון דער היינטיגער סדרה, ווי אַזוי אונזער פאָטער אברהם איז געקומען אין באַזיץ פון דעם לאַנד, ווי אויך די פאַרשידענע פאַר־האַנדלונגען, וואָס ער האָט אָנגעפירט מיט די אַמאָליגע איינוואוינער און זייער פירער „עפרון החתי", שפּיגלען זיך אָפּ דיזעלבע שוועריגקייטען, וואָס מיר אידען מאַכען איצט דורך אין אונזער הייליג לאַנד. די שטערונגען, וואָס מיר באַגעגענען היינט אויף אונזער וועג פון „ישוב הארץ", זיינען שטאַרק ענליך

צו די, וואָס אונזער פאָטער אברהם האָט געהאַט דורכצומאַכען מיט טויזענטער יאָרען צוריק. אויך די פאַלשע הבטחות און פאַר־עלעקשאָן צוזאָגונגען, וואָס זיינען אונז געמאַכט געוואָרען פון אונזערע כלומר'שטע פריינט, וואָס האָבען נאָכדעם זייער וואָרט ניט געהאַלטען, זיינען פאַר אונז קיין נייעס ניט. „כבר היה לעולמים" — דאָס האָט שוין מיט אונז אַמאָל פּאַסירט. אויך אונזער פאָ־טער אברהם האָט געהאַט דיזעלבע דערפאַרונג, ווי מיר זעהען עס קלאָר אַרויס פון די פסוקים אין דער תורה, ווי זיי ווערען דערקלערט פון אונזערע חכמים:

אַ גאַנצען יאָרהונדערט האָט אברהם אַרומגעוואַנדערט פון איין לאַנד צו אַ צווייטען, ביז ער האָט ענדליך איינגעזעהן, אַז ער מוז מאַכען אַ סוף צו זיין נאָמאַדישען לעבען און זיך באַזעצען אויף אַן אייגענעם באָדען, וואו ער זאָל קאָנען אויפבויען זיין נאַציאָנאַלע היים פאַר זיך און פאַר זיינע קינדער. ווען דער אויבערשטער האָט אים באַפוילען צו פאַרלאָזען זיין פאָטער'ס הויז און גיין „אל הארץ אשר אראך" — צו דעם לאַנד, וואָס איך וועל דיר אָנווייזען, האָט ער זיך אַרויסגעלאָזט צו זוכען דאָס פּלאַץ. פיל לענדער האָט ער פאַר דער צייט באַזוכט. אין מאַנכע פון זיי האָט אים שטאַרק באַגליקט און ער איז רייך גע־וואָרען. ער האָט זיך אָבער אין ערגעץ ניט איינגעבירגערט, ווייל ער האָט אַלץ געוואַרט אויף דער אָנווייזונג פון גאָט, וואָסער לאַנד ער האָט געמיינט. אין דעם טויט פון זיין ליבער פרוי שרה האָט ער געזעהן דעם צייכען פון גאָט, אַז ער דאַרף אויפגעבען זיינע וואַנדערונגען.

וואָרום האָט אברהם געדאַרפט אַזוי פיל יאָרען זיין „נע־ונד"? וואָס איז דער זין פון זיין לאַנגען אַרומוואַנדערען? איבער דעם ווערט אונז אין מדרש אָנגעגעבען אַ מערקווירדיגע דערקלערונג: „כך אמר הקב"ה לאברהם" — אַזוי האָט דער אויבערשטער געזאָגט צו אברהמ'ען: „הרבה מעשים טובים יש לך, הרבה מצוות יש לך, טלטל עצמך ממקום למקום ושמך מתגדל בעולמי" — פיל גוטע מעשים האָסטו, פיל מצוה'ס האָסטו, וואַלגער זיך אַרום פון איין אָרט אין צווייטען און דיין נאָמען וועט באַרימט ווערען אין דער וועלט (שהש"ר פ"א). אברהם איז דאָך ניט גלייך צו אַלע אַנדערע מענשען. ער איז אַן „איש אלקים", אַ מענש, וואָס האָט דערקענט די אמת'ע גאָטהייט און האָט זיך געשטעלט פאַר זיין אויפגאַבע די דאָזיגע אידייע צו פאַרשפרייטען אין דער וועלט. איידער ער גייט זיך באַזעצען אויף אַן אייגענעם באָדען און דאָרט בויען זיין נאַציאָנאַלע היים, מוז ער פאַר אַ גאַנץ לאַנגער צייט זיך אַרומטראָגען מיט זיין תורה צווישען פרעמדע פעלקער, כדי זיי זאָלען זיך פון אים אָפּלערנען זיינע גוטע מעשים

און שיינע מצוה׳ס. ער מוז זיך צוגרייטען צו ווערען דער גייסטיגער פירער פון דער וועלט, ווייל אויך זיין נאַציאָנאַלע היים איז באַשטימט געוואָרען פון דעם בורא עולם צו זיין אַן „ארץ המוריה״ — אַ לאַנד, פון וואַנען עס וועט אַרויסקומען אַ תורה פאַר דער וועלט.

„ויקם אברהם מעל פני מתו וידבר אל בני חת״ — און אברהם שטייט אויף פון פאַר זיין טויטען און רעדט צו די קינדער פון חת. כאָטש ער האָט ביי זיך באַשלאָסען צוערשט אָפּצוקויפען די „מערת המכפלה״, וואָס באַלאַנגט צו עפרון, דעם זון פון צוחר, פאַרהאַנדעלט ער אָבער ניט מיט אים דירעקט. ער זוכט ניט צו שליסען קיין געהיימע קאָנטראַקטען. ער וויל ניט נעמען אין זיין באַזיץ קיין שפּאַן ערד פון דעם לאַנד אָהן דער צושטימונג פון אַלע איינ־וואוינער פון לאַנד. ער באַמיט זיך צו גרינדען זיין נאַציאָנאַלע היים „עפענט־ליך און רעכטליך״. אין זיינע פאַרהאַנדלונגען דערקלערט ער זיי אָפען „גר ותושב אנכי עמכם״, ביז אַהער בין איך דאָ געווען אַ גר, אָבער איצט איז מיין באַגער צו ווערען אַ תושב צוזאַמען מיט אייך. איך האָב בדעה צו ווידמענען אַלע מיינע כוחות און רעסורסען אויפצולעבען דאָס לאַנד און עס מאַכען פּראָ־דוקטיוו. „עמכם״, צוזאַמען מיט אייך ווייל איך דאָ בויען מיין נאַציאָנאַלע היים. מיר דאַרפען ניט פאַרגעסען, אַז אברהם איז ניט געקומען מיט ליידיגען נאָך כנען. ער איז געווען „כבד מאד במקנה, בכסף ובזהב״ — שווער באַלאַדען מיט פיי, זילבער און גאָלד (לך לך ג׳). זיין גאַנצען פאַרמעגען, וואָס ער האָט אָנגעזאַמעלט אין גלות, האָט ער מיטגענומען, כדי ער זאָל האָבען די בויטיגע קאַפּיטאַלען און מיטלען, מיט וועלכע צו קאָנען אַנטוויקלען דעם באָדען פאַר זיך אַזוי גוט ווי פאַר זיינע שכנים. פאַר דעם באַערדיגונגס־פּלאַץ, וואָס אברהם וויל האָבען פאַר זיין פרוי שרה, איז ער צופרידען צו באַצאָלען „בכסף מלא״, מיט פיל געלט. ער באַט זיי אַן גרויסע פרייזען פאַר זייער ווייסטען באָדען. שטרעקעס לאַנד, וואָס זיינען פאַרנאַכלעסיגט געוואָרען פאַר טויזענטער יאָרען און וועלכע מוזען פריהער פאַרלייגט ווערען מיט היפשע קברים, ביז זיי וועלען צוריק ווערען פּרוכטבאַר צו קאָנען שפּייזען אַ גרעסערע באַפעלקערונג, וויל ער אָפּקויפען און באַצאָלען פאַר זיי גרויסע פרייזען.

אין די פאַרהאַנדלונגען, וואָס גייען אַן צווישען אברהם און די „בני חת״ וועגען לאַנד־קויף, שווימט פלוצלינג אַרויף די פראַגע פון די הייליגע פלעצער, וואָס האָבען זיך געפונען אין געוויסע טיילען פון לאַנד. זיי זיינען שטאַרק באַזאָרגט, אַז ווען די קינדער פון אברהם וועלען אַריינקריגען דאָס לאַנד אין

זייער באַזיץ, וועלען זיי מיט דער צייט פאַרלעצען די קדושה פון זייערע הייליג־טימער. זיי פאַרלאַנגען פון אים: „כרות עמנו שבועה שאין בני ישראל יורשים את עיר יבוס" — גיב אונז אַ שבועה, אַ באַוואָרעניש, אַז די אידען וועלען ניט פאַרנעמען די שטאָט יבוס, וואו עס האָבען זיך געפונען די „גלולים של נחושת" — די קופערנע אָפּגעטער, וואָס זיי האָבען באַטראַכט פאַר זעהר הייליג. און אברהם פאַרשפּרעכט זיי, אַז ער וועט זייער ווילען מקיים זיין. ער גיט זיי די נויטיגע פאַרזיכערונגען, אַז זיינע קינדער וועלען די שטאָט יבוס אויסלאָזען, סיידען אירע איינוואוינער וועלען אַליין צושטימען צו ווערען אַ טייל פון דעם דאָזיגען לאַנד (פרד"א פל"ו).

און די בני חת זיינען העכסט צופרידען מיט אמרהמ׳ס פאַרשלאָגען. זיי פילען, אַז מיט דעם אָנקום פון אברהם וועט דאָס לאַנד צוריק אויפגעלעבט ווע־רען און אַז אויך זיי וועלען געניסען פון דעם. אַז זיי האָבען זיך דערוואוסט, אַז אברהם האָט אַן אויג אויף דער „מערת המכפלה", וואָס באַלאַנגט צו עפרונ׳ען, „מינו אותו ארכיסטרטיגוס", מאַכען זיי אים פאַר אַ קאַנדידאַט צו ווערען זייער הויפּטלינג, כדי „דלא יהיה בר נש רב זבין מן בר נש זעיר" — כדי אַ גרויסער מענש זאָל ניט דאַרפען פאַרהאַנדלען מיט אַ קליין מענשעלע (ב"ר נ"ח). פאַר עלעקשאָן מאַכט עפרון פאָלגענדע פאַרשפּרעכונגען צו אברהם: „באזני בני חת לכל באי שער עירו" — פאַר די אויערען פון די בני חת און צו די אַלע, וואָס קומען אַריין אין די טויערען פון זיין שטאָט: ערשטענס, „השדה נתתי לך" — דאָס פעלד גיב איך דיר אַוועק. דו קאָנסט זיך דאָרט באַזעצען און באַאַרבייטען דאָס לאַנד. צווייטענס, „המערה אשר בו לך נתתיה" — די הייל, וואָס געפינט זיך דאָרט, וואו עס זיינען באַגראָבען דיינע עלטערען אדם וחוה, גיב איך דיר אַוועק. דיין אומקערען זיך צו דעם לאַנד איז אַ היס־טאָרישע רעכט, וואָס איך אַנערקען. דריטענס, „לעיני בני עמי נתתיה לך" — פאַר די אויגען פון מיין פאָלק גיב איך עס צו דיר. דו קאָנסט אַהין פריי אַריינ־קומען און קיינער וועט דיר ניט שטערען.

אַזוי גייך אָבער ווי די עלעקשאָנס זיינען פאַראיבער, „ועפרון יושב בתוך בני חת", און עפרון באַזעצט זיך אין מלוכה־הויז פון די בני חת, פאַרגעסט ער אַלע זיינע גרויסע הבטחות און דריקט אברהמ׳ען צו צאָלען אומגעהייער גרויסע פרייזען פאַר יעדען שפּאַן ערד. און דער מדרש באַמערקט אויף דעם: „רשעים פאַרשפּרעכען פיל און טוען גאָרנישט". מען קאָן אויף זייערע ווער־טער ווייניג בויען, ווייל „הם הבל, ודבריהם הבל וכל מעשיהם הבל" — זיי

זיינען פאַלש, זייערע רייד זיינען פול מיט ליגענס און זייערע מעשים פאַר דעם אידען לאָזען זיך אויס מיט גאָרנישט.

# הפטרה

## מיר מוזען שטענדיג דערמאָנען די מלוכה פון דוד

**יחי המלך דוד לעולם.**

„מי שלא זכר מלכות דוד בבונה ירושלים לא יצא ידי חובתו בברכת המזון" — ווער עס דערמאָנט ניט די מלוכה פון דוד אין דער ברכה „בונה ירושלים", האָט ניט יוצא געווען זיין פליכט אין בענשען נאָכ'ן עסען (ברכות מ"ח, מ"ט).

שוין באַלד צוויי טויזענט יאָר, אַז מיר אידען וואַרטען אויף משיח'ן, ער זאָל קומען און אונז באַפרייען פון דעם לאַנגען און פינסטערען גלות. און דער משיח וועט זיין אַ בן דוד, אַן אָפּשטאַם פון דוד המלך, וועלכער האָט פאַראייניגט דאָס גאַנצע פאָלק און אים געמאַכט נאַציאָנאַל־באַוואוסטזיניג. דוד האָט ניט נאָר אויסגעברייטערט דאָס אידיש לאַנד, ער האָט אויך דעראָבערט ירושלים און זי געמאַכט פאַר דער גייסטיגער הויפּט־שטאָט אין דער גאַנצער וועלט. אָבער מיט אַלע זיינע גרויסע אויפטואונגען, ווערט ניט די פּערזאָן פון דוד פאַר־הייליגט ביי אונז אידען. אונזער אמונה איז קעגען פאַרהייליגונג פון אַ ילוד־אשה, אַ מענשען־קינד. ווי טיפזיניג דריקען זיך אויס אונזערע חכמים: „תינוק בן יומו חי מחללין עליו את השבת, דוד מלך ישראל מת אין מחללין עליו את השבת" — אַ קינד פון אַ טאָג אַלט, אַ לעבעדיגער, מעג מען איבער אים פאַר־שוועכען די הייליגקייט פון שבת; דוד, דער אידישער קעניג, אַ טויטער, טאָר מען איבער אים ניט מחלל שבת זיין (שבת קנ"א).

„דוד מלך ישראל חי וקים" — דוד, דער קעניג פון אידען, לעבט און עקזיסטירט פאַר אונז אימער אַלס אַ סימבאָל פון אַ גייסטיג קעניגרייך, אין איינ־קלאַנג מיט דעם פאַרלאַנג פון גאָט, אַז דער אידישער שטאָט זאָל זיין אַ „ממלכת כהנים וגוי קדוש" — אַ מלוכה פון גייסטיגע פירער און אַ הייליג פאָלק. דוד לעבט פאַר אונז תמיד, „זכה שיהיו דבריו נאמרים בבתי כנסיות ובבתי מדרשות"

— ער האָט זוכה געווען, אַז זיינע ווערטער זאָלען געזאָגט ווערען אין די שוהלען און בתי־מדרשות (שקלים פ"ב ז'). אין זיין תהלים ווערט אויסגעדריקט די גייסטרייכע פאַרבינדונג, וואָס דער „עם ישראל" האָט מיט דעם „אלקי ישראל". ניט די גרויסע גענעראַלען, וואָס האָבען באַזיגט די אַרמייען פון אַנדערע פעל־קער; ניט די באַרימטע אימפעריאַליסטישע דיפּלאָמאַטען, ועמען עס איז גע־לונגען איינצושלינגען וועלטען, קאָנען וואוינען אין די געצעלטען פון דער גאָטהייט. „מי יגור באהלך? מי ישכון בהר קדשך"? — ווער קאָן יאָ וואוינען אין דיינע געצעלטען? ווער קאָן רוען אויף דיין הייליגען באַרג? „הולך תמים ופועל צדק ודבר אמת בלבבו" — דער וואָס פירט זיך אויף ערליך, טוט גע־רעכטיגקייט און רעדט אמת אין זיין האַרצען (תהלים ט"ו).

און זיין תהלים איז מיטגעגאַנגען מיט דעם אידען אויף אַלע זיינע וואַנ־דערונגען. זיינע מזמורים און תפילות האָבען אים געטרייסט און געמוטיגט צו קאָנען ווידערשטיין די שרעקליכע אָנגריפען פון זיינע שונאים. „אלמלא תפלתו של דוד היו כל ישראל מוכרי רבב" — ווען ניט די תפילות פון דוד, וואָלטען אַלע אידען געווען בלויז הענדלער פון שמאַטעס (סוטה מ"ט). די נידעריגע פּרנסות, צו וועלכע מיר האָבען זיך געמוזט נעמען אין די פינסטערע גלות־לענדער; די שאַכער־מאַכער געשעפטען, וואָס אונזערע שונאים האָבען אויף אונז אַרויפגעצוואונגען, האָבען אונז שטאַרק דערנידעריגט אין די אויגען פון דער וועלט. אויב מיר האָבען אונזער מוט און שטאָלץ דאָך ניט פאַרלאָרען, איז עס אַ דאַנק דער גרויסער השפעה, וואָס דער תהלים האָט אויף אונז אויס־געאיבט.

האָט אַ איד געמעגט דערנידעריגט ווערען אַ גאַנצע וואָך, האָט ער נעבאַך געמוזט אויסשטיין אַלערליי באַליידיגונגען אין זיין טאָג־טעגליכען לעבען, ווען ער איז אָבער געקומען אין זיין שוהל און האָט זיין האַרץ אויסגעגאָסען פאַר גאָט מיט עטליכע קאַפּיטלעך תהלים, האָט ער צוריק אויפגעלעבט, זיין רוקען האָט זיך אויסגעגלייכט, זיינע אויגען האָבען אויפגעבליצט און זיין נאַציאָנאַלער שטאָלץ האָט אויפגעוואַכט. די האָפנונג, אַז די גייסטיגע אידישע מלוכה וועט צוריק אויפלעבען, האָט אים געשטאַרקט און געמוטיגט. אָט דערפאַר זאָגען אונז די חכמים, אַז ווער עס דערמאָנט ניט די מלוכה פון דוד אין בענשען נאָכ'ן עסען, האָט פאַרנאַכלעסיגט זיינע פליכטען צו גאָט און זיין פאָלק.

ג.

## אברהם צאָלט גוט געלט פאַר זיין לאַנד

**השדה נתתי לך, והמערה אשר בו לך נתתיה, לעיני בני עמי נתתיה לך.**

„רשעים אומרים הרבה ואפילו מעט אינם עושים. שלש מתנות נאמר כאן ולבסוף שלם אברהם כסף עובר לסוחר. הם הבל ודבריהם הבל וכל מעשיהם הבל" — רשעים פאַרשפּרעכען אַ סך, אָבער טוען גאָרנישט. דריי מאָל ווערט דאָ איבערגע׳חזר׳ט, אַז דאָס לאַנד ווערט אים געגעבען פאַר אַ מתנה, און צום סוף באַצאָלט פאַר דעם אברהם גוט־געלט. זיי זיינען גאָרנישט, זייערע רייד מיינען גאָרנישט (מדרש הגדול).

נאָך דער גרויסער מלחמה פון „כדרלעמר" מיט זיינע שותפים קעגען סדום און אירע אַליאירטע, אין וועלכער אברהם האָט געשפּילט אַ דאָמינירענדיגע ראָל און האָט פיל געהאָלפען צו באַזיגען די אַנגרייפער, באַקומט אברהם די פאָלגענדע דעקלאַראַציע: „אני ה׳ אשר הוצאתיך מאור כשדים לתת לך את הארץ הזאת לרשתה" — איך בין דער גאָט, וואָס האָט דיך אַרויסגענומען פון אור־כשדים, כדי דיר צו געבען אָט דאָס לאַנד איר צו אַרבען. וואָלט אברהם גלייך אויסגענוצט די געלעגענהייט און גענומען דאָס לאַנד אין זיין באַזיץ, וואָלט אפשר די אידישע געשיכטע געווען גאַנץ אַנדערש ווי זי איז איצט. ער איילט זיך אָבער ניט און וויל פריער וויסען „במה אדע כי אירשנה?" — מיט וואָס וועל איך וויסען, אַז איך וועל איר אַרבען? ער וויל זיין זיכער מיט דער־פאָלג נאָך איידער ער מאַכט די קלענסטע אָנשטרענגונג איר צו באַקומען. ניט אומזיסט באַמערקען אויף דעם די חז״ל „מפני מה נענש אברהם שנשתעבדו בניו למצרים מאתים ועשר שניב, מפני שהפריז על מדותיו של הקב״ה, שאמר במה אדע" — וואָרום איז אברהם באַשטראָפט געוואָרען, אַז זיינע קינדער זאָ־לען זיין פאַרשקלאַפט אין מצרים פאַר צוויי הונדערט מיט צען יאָר? ווייל ער האָט איבערגעטריבען אויף די מדות פון גאָט און האָט פאַרלאַנגט צו וויסען מיט וואָס ער וועט דאָס לאַנד קאָנען אַרבען (נדרים ל״ב ע״א).

„צוויי הרחמנ׳ס בעט יעדער איד אין בענשען נאָכ׳ן עסען: „הרחמן הוא יפרנסנו בכבוד", דער דערבאַרעמדיגער זאָל אונז מפרנס זיין מיט כבוד, און „הרחמן הוא ישבר עולינו מעל צוארנו והוא יוליכנו קוממיות לארצנו" — דער

דערבאַרעמדיגער זאָל צעברעכען אונזער יאָך פון אונזער האַלז און ער זאָל אונז פירען מיט שטאָלץ צו אונזער לאַנד. פאַר דעם ערשטען הרחמן זוכט מען אַלערליי מיטלען, מען אַרבייט שווער צו קריגען דאָס שטיקעל פּרנסה און מען פאַרלאָזט זיך ניט אויף נסים. פאַר דעם צווייטען הרחמן אָבער, פאַר דער באַפרייאונג פון פאָלק און פאַר צוריקקריגען זיין לאַנד, טוט מען אַ פינגער אָן אַ פינגער ניט אַ קלאַפּ. מען פאַרלאָזט זיך אינגאַנצען אויף גאָט און מען וואַרט אויף נסים (דרשות אל עמי).

אַז אברהם אַרבייט און קעמפט פאַר פרעמדע פעלקער, פרעגט ער קיין שאלות ניט „במה אדע", מיט וואָס וועט ער וויסען און זיין געזיכערט מיט דער־פאָלג. ער ווערט ניט מיד און פאַרשלאָפט ניט קיין געלעגענהייט. „ויחלק עליהם לילה" — ער טיילט זיך איין קעגען זיי אויף דורך די נעכט. פאַר דעם וואויל און בעסטען פון אַנדערע פעלקער נעמט אים קיין שלאָף ניט. אַז עס האַנדעלט זיך אָבער וועגען אַן אייגען לאַנד, אַן אייגען היים „ותרדמה נפלה על אברהם", באַפאַלט אים אַ שלאָף. ווי ריכטיג באַמערקט אויף דעם דער דובנער מגיד ע"ה, ווען ער זאָגט: „איינער פון די גרעסטע אידישע אומגליקען איז אַלעמאָל געווען, וואָס ביי אַ גרויסען מאָמענט, אַנשטאָט צו זיין וואַך און אויס־נוצען די גינסטיגע געלעגענהייט, ליגען גאָר די אידען איינגעוויקעלט אין אַ „תרדמת מרמיטה", אַ ליטאַרגישען שלאָף, מיט צוזאַמענגעלייגטע הענט און טוען קיין זאַך ניט פאַר זייער באַפרייאונג (אוהל יעקב לך לך).

ענדליך איז אָבער געקומען די צייט, ווען אונזער פאָטער אברהם האָט גע־מוזט זוכען אַן אייגענע נחלה. אַז ער און זיין זון יצחק האָבען זיך צוריקגע־קערט פון דער עקדה נאָך באר שבע, האָבען זיי שוין דאָרט אונזער מוטער שרה ניט געפונען. זי איז אַוועק זיי זוכען אין חברון און דאָרטען איז זי געשטאָרבען. ווי קאָן ער דאָ איבערלאָזען זיין ליבע פרוי שרה און גיין ווייטער? ניין, ער קאָן זיך פון איר ניט שיידען אויף אייביג. ער מוז זיך דאָ באַזעצען אויף שטענ־דיג און באַזאָרגען איין „אחוזת נחלה", אַ באַערדיגונגס־פּלאַץ פאַר זיין ליבער פרוי און פאַר זיך. אויף דעם באַמערקט דער מדרש מיט איראָניע: „כתיב, והחי יתן אל לבו — זה אברהם, שכל השנים האלה לא קנה לו קבר בארץ ישראל עד שמתה שרה ונתן אל לבו לקנות לו קבר להיות בחזקתו". אין קהלת ווערט געשריבען, אַז דער לעבעדיגער זאָל זיך נעמען צום האַרצען. מיט דעם ווערט געמיינט אברהם, ווייל אַלע יאָרען, וואָס ער האָט פאַרבראַכט אין אַרומ־וואַנדערען, האָט ער זיך ניט געקויפט קיין קבר אין ארץ־ישראל, ביז זיין שרה

איז געשטאָרבען, ערשט דאַן האָט ער זיך באַדענקט צו קויפען אַ קבר, וואָס זאָל זיין אין זיין באַזיץ (פסיקתא זוטרתא).

„ויקם אברהם מעל פני מתו וידבר אל בני חת" — אברהם שטייט־אויף פון פאַר זיין טויטען און גייט רעדען מיט די קינדער פון חת, וועלכע האָבען דאַן באַזעסען זיין פאַרשפּראָכען לאַנד. אויך אין זיינע אונטערהאַנדלונגען מיט זיי שטעלט ער ניט אַרויס זיינע נאַציאָנאַלע פאָדערונגען מוטיג און מיט שטאָלץ. ער זוכט זיי, ווי מ'זאָגט היינט, צו אַפּיזען. „גר ותושב אנכי עמכם" — אַ פרעמדער אָדער אַ תושב בין איך ביי אייך. „אם רציתם גר ואם לאו מארי ביתא, שכך אמר לי הקב"ה לזרעך נתתי את הארץ הזאת" — אויב איר ווילט, בין איך אַ גר, און אויב ניט — בין איך באַלעבאָס, ווייל אַזוי האָט מיר גאָט געזאָגט: צו דיינע קינדער האָב איך געגעבען אָט דאָס לאַנד (ב"ר נ"ח).

צוערשט אָקצענטירט ער זיין טרויעריגע לאַגע פון זיין אַ שטענדיגער גר, אַן אייביגער פרעמדער, און אַפּעלירט צו זיי, אַז זיי זאָלען האָבען איינזעהעניש מיט אים צוליב זיין נע־ונד'קייט, צוליב זיין שטענדיגען אַרומוואַנדערען, ווייל ער האָט ניט וואו זיין קאָפּ אָנצושפּאַרען. זיין היסטאָרישען קליים איבער דעם לאַנד, דעם געטליכען פאַרשפּרעכען צו אים, אַז דאָס לאַנד איז זיינס — דאָס לאָזט ער איבער צולעצט. אויף זיין שוואַכען דיפּלאָמאַטישען צוטריט ענט־פערען אים די בני חת: „נשיא אלקים אתה בתוכנו" — דו קאָנסט זיין אַ געט־ליכער פרינץ צווישען אונז. אויב דו ווילסט פאַרבלייבען אַ גר אין לאַנד און זיך בלויז אָפּגעבען מיט דינען דיין גאָט און לערנען זיין תורה, ביזטו אונז וויל־קאָמען. א תושב אָבער, צו בויען דיין נאַציאָנאַלע היים דאָ — דאָס ניט.

אויף זיין פאַרלאַנג פון „תנו לי אחוזת קבר עמכם" — גיט מיר אַ באַערדי־גונגס־פּלאַץ צווישען אייך, קריגט ער דעם ענטפער: „במבחר קברנו קבור את מתך, איש ממנו את קברו לא יכלה ממך" — צווישען אונזערע בעסטע קברים באַגראָב דיין טויטען, קיינער פון אונז וועט ניט פאַרמיידען זיין קבר פון דיר. שטאַרבען אין ארץ־ישראל וועלען זיי אונז ניט שטערען, אָבער צו לעבען דאָרט און בויען דאָס לאַנד — דאָס ניט.

„ויקם אברהם וישתחו לעם הארץ לבני חת" — און אברהם איז אויפגע־שטאַנען און האָט זיך געבוקט צו דעם פאָלק פון לאַנד, צו די קינדער פון חת. ער אַנערקענט זייער צייטווייליג רעכט איבער זיין לאַנד און איז צופרידען מיט זיי צו פאַרהאַנדלען. קוים אָבער גיט אברהם אַ פינגער און בויגט זיך פאַר זיי, ווילען זיי פון אים אַ גאַנצע האַנט. מען באַשווינדעלט אים פון קאָפּ ביז די

פיס. צוערשט זאָגט מען אים צו הרים וגבעות און צום סוף מוז ער פאַר אַלץ באַצאָלען מיט גוט געלט. שטרעקעס לאַנד, וואָס זיינען פאַרנאַכלעסיגט געוואָרען פאַר טויזענטער יאָרען און וועלכע מוזען פריער פאַרלייגט ווערען מיט פרישע קברים ביז זיי וועלען ווערען צוריק פרוכטבאַר, פאַרקויפט מען אים פאַר אומגעהייער גרויסע פרייזען — און אברהם צאָלט און צאָלט.

„ועפרון יושב בתוך בני חת" — עפרון איז דאַן געזעסען צווישען די בני חת. „אותו היום מינו אותו ארכיסטרטיגיוס" — אין יענער צייט האָט מען אים באַשטימט אַלס אויפזעהער (ב"ר נ"ח). אויף דעם היינטיגען לשון קאָן מען עס אויסטייטשען, אַז עפרון האָט געקראָגען דעם מאַנדאַט איבער'ן לאַנד צו יענער צייט און ער פאַרהאַנדעלט מיט אברהמ'ען וועגען דעם לאַנד. צוערשט פאַרשפּרעכט ער אים „השדה נתתי לך" — דאָס פעלד האָב איך דיר אָוועקגעגעבען, דו קאָנסט זיך דאָרטען באַזעצען און באַרבייטען דאָס לאַנד. אַ צווייטען פאַרשפּרעכען גיט ער אים: „המערה אשר בו לך נתתיה" — די הייל, וואָס איז אין אים, אַוואו עס זיינען באַגראָבען זיינע אור־עלטערען אדם וחוה, גיב איך דיר אַוועק. דיין אומקערען זיך צו דעם לאַנד איז אַ היסטאָריש רעכט, וואָס איך אַנערקען. און „לעיני בני עמי נתתיה לך" — איך גיב עס דיר פאַר די אויגען פון מיין פאָלק. דו קאָנסט אַהין פריי אַריינקומען און קיינער וועט דיר ניט שטערען.

אָבער „רשעים אומרים הרבה ואפילו מעט אינם עושים" — אָט די שלעכטע מענשען זאָגען־צו פיל און טוען קיין זאַך ניט. אַלע זיינע פאַרשפּרעכונגען האָט עפרון ניט געהאַלטען. פאַר יעדען שפּאַן לאַנד האָט אברהם געמוזט באַצאָלען „כסף עובר לסוחר", גוט און ווערטפול געלט. און דער מדרש ראָט, מען זאָל אויף די ווערטער פון עפרונ'ען ווייניג בויען, ווייל „הם הבל, ודבריהם הבל וכל מעשיהם הבל" — זיי זיינען פאַלש, זייערע רייד זיינען פאַלש און אַלץ, וואָס זיי טוען, איז פול מיט פאַלשקייטען.

# הפטרה

## אַז מען גיט קינדער צופיל נאָך

**ואדניהו בן חגית מתנשא לאמר, אני אמלך.**

„מלמד שבקש להולמו ולא הולמתו, רבי יוסי אומר: אבן שואבת היתה בה דהות דרא ליה" — פון דעם איז געדרונגען, אַז ער האָט פּרובירט אָנצו־מעסטען די קרוין, אָבער זי האָט אויף אים ניט געפּאַסט. רבי יוסי זאָגט, אַז אַ מאַגנעטישער שטיין איז געווען איינגעפּאַסט אין איר, וואָס פלעגט איר אויפ־הויבען (ע"ז מ"ר ע"א).

אין דער סדרה ווערט איבערגעגעבען, אַז נאָכדעם ווי אונזער מוטער רבקה האָט אויסגעהאַלטען די פּראָבע פון גוט־האַרציגקייט און גאַסטפריינטליכקייט, וואָס אליעזר, דער קנעכט פון אברהם, האָט פאַר איר געשטעלט, פרעגט ער ביי איר: „בת מי את"? וועמע'ס טאָכטער ביזטו? און זי ענטפערט אים: „בת בתואל אנכי" — איך בין די טאָכטער פון בתואל. אַז ער פרעגט איר, אויב אין איר פאָטער'ס הויז איז דאָ אַ פּלאַץ פאַר אים צו נעכטיגען, לויפט זי גלייך צו איר מוטער און גיט איבער וואָס מיט איר האָט פּאַסירט און וואָס אליעזר פאַרלאַנגט.

„ולרבקה אח ושמו לבן, וירץ לבן אל האיש החוצה אל העין" — און רבקה האָט געהאַט אַ ברודער מיט'ן נאָמען לבן, און לבן איז געלאָפען צו דעם מאַן אין דרויסען ביים קוואַל. ניט דער טאַטע בתואל, נאָר דער זון לבן לויפט אים באַגריסען און זאָגט צו אים: קום, דו געבענשטער פון גאָט, וואָס שטייסטו אין דרויסען? „ואנכי פניתי הבית ומקום לגמלים" — איך האָב שוין פאַר דיר צוגעגרייט דאָס הויז און אַ פּלאַץ פאַר די קעמלען. ער רעדט ניט אין נאָמען פון טאַטען און מאַמען, נאָר ער באַטאָנט אַלץ, אַז ער איז דער הויפּט דעה־זאָגער.

און אַז אליעזר קומט אין הויז אַריין און דערציילט זיי וועגען זיין מיסיע, וואָס זיין האַר אברהם האָט אים באַאויפטראַגט דורכצופירען, און אויך וועגען דער פּראָבע, וואָס ער האָט צוגעגרייט פאַר זייער טאָכטער רבקה, וואָס געפעלט איבּ זעהר, „ויען לבן ובתואל ויאמרו: מה' יצא הדבר לא נוכל דבר אליך רע או טוב" — ענטפערען לבן און בתואל און זאָגען: עס ווייזט אויס, אַז דער שידוך איז באַשערט פון גאָט, מיר קאָנען ניט רעדען צו דיר שלעכט אָדער גוט. און ווייטער זעהען מיר, אַז לבן רעדט פריער פאַר זיין טאַטען.

צו מאַרגענס, ווען אליעזר פאַרלאַנגט פון זיי אים איבערצוגעבען רבקה'ן, ווייל ער איילט זיך צו גיין צוריק צו זיין האַר, „ויאמר אחיה ואמה" — ענטפערען איר ברודער און איר מוטער. און דער מדרש פרעגט: „בתואל היכן הלך"? — וואו איז דער טאַטע בתואל אַוועק? און ענטפערט אַ מערקווירדיגען תירוץ: בתואל האָט געוואָלט שטערען, איז געקומען אַ מלאך און האָט אים געטויט (מדרש רבה). אַ פאַטער, וואָס לאָזט זיין זון רעדען פאַר אים און ער אַליין האָט אַ קנאַפּע דעה, איז אַזוי גוט ווי טויט.

אַן ענליכע פּאַסירונג, אָבער מיט אַן אַנדער סוף, ווערט געשילדערט אין דער היינטיגער הפטרה: דער קעניג דוד איז געוואָרען אַלט און ליגט אַ קראַנקער אין בעט. כאָטש ער האָט שוין איינמאָל באַקאַנט געמאַכט, אַז זיין אינגערער זון, שלמה, זאָל איבערנעמען די מלוכה, וואָגט אָבער זיין עלטערער זון, אדוניה, צו פאַרכאַפּען די מלוכה פאַר זיך. אים קימערט וועניג דער רצון פון זיין פאָטער, ווייל „ולא עצבו אביו מימיו לאמר מדוע ככה עשית"? — זיין פאָטער האָט אים קיינמאָל ניט געשטערט און ניט געפרעגט פאַרוואָס טוסטו אַזעלכע זאַכען? דוד המלך איז, קענטיג, געווען צופיל פאַרנומען מיט מלוכה־אינטערעסען און האָט זיך וועניג אָפּגעגעבען מיט דער דערציאונג פון זיינע קינדער.

זיינע זין, אבשלום און אמנון, לאָזט ער טאָן וואָס זיי ווילען, און אַז דער ערשטער טויטעט דעם צווייטען צוליב אַ ליבע, באַשטראָפט ער אים ניט און אין אַ קורצער צייט אַרום לאָזט ער זיך פון אים איבערבעטען. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז שפּעטער־צו פירט אבשלום אַן אַ רעוואָלוציע קעגען אים און זוכט צו פאַרכאַפּען די מלוכה. אויך אדוניה זוכט צו טאָן דאָסזעלבע און מעסטאַן אויף זיך דעם פאָטער'ס קרוין נאָך איידער ער איז געשטאָרבען.

די קרוין פון אידישער פירערשאַפט, באַמערקט די גמרא, האָט זיך אָבער אויף אים ניט געפּאַסט. אַן „אבן שואבת", אַ מאַגנעטישער שטיין איז אַריינגעפּאַסט אין דער אידישער קרוין און ניט אויף אַלע קעפּ לאָזט זי זיך אָנטאָן. איבערהויפּט אַזעלכע קינדער, וועלכע זוכען צו פאַרכאַפּען די דעה פון זייערע פאָטערס און טוען וואָס זיי ווילען, זיינען ניט פּאַסיג פאַר אַזאַ הויכען אַמט.

## ד.

# אַ נאַציאָנאַלער באָדען מאַכט די ברכה פאַרפול

**וה׳ ברך את אברהם בכל.**

„מהו בכל ? לפי שנאמר : ואברהם כבד מאד במקנה, בכסף ובזהב, אבל לא היתה לו קרקע, כיון שקנה השדה נאמר לו בכל״ — וואָס מיינט, גאָט האָט אים געבענשט מיט אַלץ ? ווייל עס ווערט געזאָגט, אַז אברהם איז געווען שווער באַלאָדען מיט שאָף און רינדער, זילבער און גאָלד, אָבער קיין באָדען האָט ער ניט געהאַט ; אַזוי גיך ווי ער האָט אָפּגעקויפט דאָס פעלד און די נחלה פון עפרון, ווערט וועגען אים געזאָגט, אַז ער איז געבענשט געוואָרען מיט אַלץ (מדרש החפץ, תורת שלמה).

אין דער לעבענס־געשיכטע פון אונזערע אבות, ווי עס ווערט איבערגעגעבען אין דער תורה, שפּיגעלט זיך אָפּ דער גורל פון דעם אידישען פאָלק אין אַלע דורות פון זיין עקזיסטענץ. „מה שאירע לאברהם אירע לבניו״ — וואָס עס האָט פּאַסירט מיט אברהמ׳ען, האָט אויך פּאַסירט מיט זיינע קינדער. „מעשה אבות סימן לבנים״ — די געשעהענישען פון די טאַטעס זיינען אַן אָנדייטונג און לערע פאַר זייערע קינדער (מדרש רבה). אברהם, יצחק און יעקב זיינען ניט נאָר געווען די פאָטערס פון דעם אידישען פאָלק, זיי זיינען אויך זיינע פּראָטאָטיפּען, זיינע מוסטערען, נאָך וועלכע זיין לעבען ווערט מאָדולירט און פאָרטגעזעצט.

די געשיכטע פון יעדען פאָלק פאַנגט זיך אָן מיט אַ פאָטער, וואָס איז געבוירען געוואָרען אין אַ באַשטימטען פּלאַץ, האָט דערלאָבערט און געגרינדעט אַ געוויס לאַנד, וואָס ער האָט איבערגעלאָזען בירושה צו זיינע קינדער, וועלכע רופען זיך אויפ׳ן נאָמען פון דעם לאַנד, ווי עגיפּטער, גריכען, ענגלענדער, רוסען און אַזוי ווייטער. אונזער געשיכטע הויבט זיך אָבער אָן מיט אַן „אברהם העברי״, אברהם דער אַריבערגעקומענער, דער איינגעוואַנדערטער פון אַ צווייטען אָרט. איבעראַל אַ פרעמדער, איבעראַל אַן אומגעווינשטער. „כל העולם מעבר אחד והוא מעבר אחד״ — די גאַנצע וועלט שטייט אויף איין זייט און ער אויף דער צווייטער (ב״ר מ״ד). זיינע קינדער הייסען אויך „עברים״, מענשען, וואָס קומען פון אַנדערע זייטען, און די גאַנצע וועלט איז תמיד געגען זיי.

דער מדרש וויל האָבען, אַז אברהם האָט זיך געהאַדעוועט אין די היילען פון די וועלדער און איז געשפּייזט געוואָרען פון לייביכעס, וועלכע האָבען אים געלאָזט זויגען זייער מילך. אָבער אַזוי גיך ווי ער איז געקומען אין זיין פאָטער׳ס הויז און האָט דאָרט צעבראָכען די געצען, מיט וועלכע זיין פאָטער האָט גע־האַנדעלט, ווערט ער פאַר דעם חטא געכאַפּט פון צוויי־פיסיגע חיות, וועלכע ברייגען אים פאַר דעם דעספּאָטישען נמרוד און ער באַפעלט אים צו וואַרפען אין קאַלכאויוועז. ער ווערט אָבער דורך אַ נס געראַטעוועט און בלייבט לע־בען. אויך זיינע קינדער האָבען זיך תמיד אַנטזאָגט צו אנערקענען דעספּאָטישע מענשען־געטער אָדער אַנדערע עבודה־זרה׳ס, און פאַר דעם חטא זיינען זיי פון די צוויי־פיסיגע חיות איבעראַל געבערענט און געבראָטען געוואָרען אויף שייטער־הויפענס און אויטאָ־דאַ־פע׳ס, אָבער זיינען דורך נסים געראַטעוועט געוואָרען און געבליבען לעבען.

און די ישועה קומט אימער פון גאָט אַליין. „מיכאל", „גבריאל" און אַנ־דערע מלאכים בעטען זיך ביי גאָט, ער זאָל זיי לאָזען אַרונטערגיין אויף דער ערד צו ראַטעווען אברהמ׳ען פון קאַלכאויוועז. ער ענטפערט זיי אָבער: „אני יחיד בעולמי והוא יחיד בעולמו" — איך בין איינער אין מיין וועלט און ער איז איינער אין זיין וועלט, „נאה ליחיד להציל את היחיד" — פּאַסט זיך פאַר איין „יחיד" צו ראַטעווען דעם צווייטען יחיד (ילקוט שמעוני). אויך זיינע קינ־דער אין די שפּעטערדיגע דורות קריגען אָנבאָטען פון פרעמדע מלאכים, זיי אַרויסצוהעלפען אין זייער נויט. אָבער פון אַלע זייערע הבטחות לאָזט זיך אויס אַ בוידעם און די אידישע ישועה קומט פון גב"ה אַליין.

צוליב די רדיפות פון דער ממשלה אין אור כשדים, די שטאָט פון זייער געבורט, באַשליסט תרח, דער פאָטער פון אברהם, צו נעמען זיינע קינדער און גיין נאָך דעם לאַנד כנען. אָבער „ויבאו עד חרן וישבו שם" — זיי זיינען געקומען ביז חרן און האָבען זיך דאָרט באַזעצט. אַזוי פּאַסירט עס אויך מיט אברהמ׳ס קינדער. נאָך אַ גרויסער פאָלקס־קאַטאַסטראָפע באַשליסען זיי צו גיין נאָך „כנען", נאָך ארץ־ישראל, און דאָרט צוריקבויען זייער נאַציאָנאַלע היים. אויפ׳ן וועג שטעלען זיי זיך אָפּ, צוליב עקאָנאָמישע און פּאָליטישע אורזאַכען, אין פרעמדע לענדער, וועלכע ווערען פאַר זיי ווייטער אַ „חרן" — אַ פּלאַץ פון גרימצאָרן און פאַרפאָלגונגען (חרון אף של עולם, רש"י ויצא).

אין די פאַרשיידענע חרנ׳ס, וואו אברהם שלאָגט אָן אויף זיינע לאַנגע וואַנדערונגען, וויל מען פון אים צונעמען זיין שיינע ווייב און אים אַליין טויטען.

ער ראַטעוועט זיך דורך פאַרשטעלטע נעמען און לויפט ווייטער. לאָזט מען אים צורו און ער גראָבט גריבער פאַר וואַסער, זוכט מקורים פאַר פּרנסה, קריגט מען זיך מיט אים, און אין מאַנכע פלעצער פאַרשיט מען די ברונימער און ער מוז וואַנדערן ווייטער. דער זעלבער שיקזאַל האָלט אָן מיט זיינע קינדער. זיי מוזען גנב׳ענען גרעניצען דורך אָנגעבען פרעמדע נעמען, זיי מוזען באַהאַלטען זייערע שיינע פרויען, און אַז מען לאָזט זיי שוין צורו און זיי נעמען זיך צו אַנטוויקלען נייע מקורים פאַר פּרנסה, וואָס מאַכען, דוכט זיך, רייך דאָס לאַנד, הויבט מען אָן זיי צו רודפ׳ען און דיסקרימינירען קעגען זיי, ביז זיי מוזען ווייטער איינפּאַקען זייערע בעבעכעס און זוכען נייע לענדער.

אַז עס ברעכט אויס אַ מלחמה צווישען פיר מעכטיגע דעספּאָטען פון איין זייט און פינף שוואַכערע פעלקער פון דער צווייטער זייט, שליסט ער זיך אָן אין די שוואַכערע. ער שיקט זיין גאַנץ הויזגעזינד אויף די שלאַכט־פעלדער און ביישטייערט מער ווי זיין חלק צו די קאָסטען פון דער מלחמה. אַז דער זיג קומט און די דעספּאָטישע הערשער כאַפּען אַ גרויסע מפּלה, קריגט דער מלך פון סדום צוריק אַלץ, וואָס ער האָט פאַרלאָרען, אברהמ׳ען אָבער שטעלט זיך ניט אָפּ „מחוט ועד שרוך נעל״ — פון אַ פאָדעם ביז אַ שוך־בענדעל. ער בלייבט אין היילער שרעק, אַז מען זאָל אים ניט באַשולדיגען מיט דעם „אני העשרתי את אברהם״ — אַז אַלץ, וואָס ער האָט געטאָן פאַר זיי, איז געווען צוליב עגאָאיסטישע מאָטיוועז, כדי רייך צו ווערען.

מיט זיינע קינדער פאַסירט אויך דאָסזעלבע. זיי קעמפען אימער פאַר די לענדער, אין וועלכע זיי געפינען זיך. אַז עס ברעכט אויס אַ מלחמה, שיקען זיי זייערע קינדער צום שלאַכטפעלד און ביישטייערען מער ווי זייער חלק צו די קאָסטען פון דעם קריג. נאָך דער מלחמה, אַז דער זיג איז אויף זייער זייט, פאַרגעסט מען אין די אידען. צו די שלום־פאַרהאַנדלונגען לאָזט מען זיי ניט צו. די מלחמה, וואָס האָט זיך שוין געענדיגט פאַר דער גאַנצער וועלט, האַלט נאָך אָן קעגען זיי. פוןביידע צדדים — אי פון די שונאים, אי פון די כלומר־שטע פריינט — ווערען זיי באַקעמפט און געטאָדעלט, אַז זיי זיינען די הויפּט גורמים, וועלכע האָבען דעם קריג אַרויסגערופען.

אין מאַנכע מקומות אויף זיין לאַנגען וואַנדערען גליקט אָפּ אונזער פאָטער אברהם. ער טוט גוטע געשעפטען און אַרבייט זיך אַרויף. „כבד מאד במקנה, בכסף ובזהב״ — ער ווערט שווער באַלאָדען מיט שאָף און רינדער, מיט זילבער און גאָלד. זיין נאָמען ווערט פאַרשפּרייט איבער אַלע מדינות

אַלס פעהיגער געשעפטסמאַן און אינדוסטריאַליסט. „כל מלכי מזרח ומערב משכימין לפתחו לשאול במזלות" — אַלע אינדוסטריעלע פרינצען פון איסט און וועסט פעדערען זיך צו זיין טיר, זיך מיט אים מישב צו זיין וועגען נייע אונ־טערנעמונגען (מדרש רבה). אָבער מיט אַלע זיינע גליקען בלייבט ער אַלץ אַן עברי, אַ פרעמדער, און איז קיינמאָל ניט זיכער מיט די ברכות, מיט די גוטעס, וואָס ער באַזיצט. ערשט, אַז ער באַקומט אַ נאַציאָנאַלע נחלה, וואו זיינע קינ־דער וועלען קאָנען גרינדען זייער נאַציאָנאַלע היים, קומט דער „וה׳ ברך את אברהם בכל" — גאָט בענשט אים מיט אַלץ. דאָרטען ערשט וועט ער זיין זיכער מיט זיין פאַרמעגען און אויך מיט זיין צוקונפט.

דאָסזעלבע איז אויך מיט זיינע קינדער. אין מאַנכע לענדער אַרבייטען זיי זיך אַרויף. זייער עקאָנאָמישע לאַגע ווערט אַ געהויבענע, און ווערען באַטראַכט אַלס גרויסע אינדוסטריאַליסטען. אָבער „נכסי דחוץ לארץ אין בהם מזל ברכה" — די גיטער, וואָס אידען דערווערבען פאַר זיך אין גלות, האָבען וויי׳ניג מזל-ברכה. ביי דער קלענסטער איבערקערעניש אין אַ לאַנד נעמט מען עס אַוועק און ער בלייבט הויל און נאַקעט. ווי גערעכט איז די גמרא, וואָס זאָגט: „כל המצפה על שולחן אחרים עולם חשך בעדו" — דער, וואָס דאַרף אויסקוקען אויף פרעמדע טישען, איז פאַר אים פינסטער די וועלט (ביצה ל״ב ע״ב). אונטער פרעמדע טישען קלייבט מען בלויז ברעקלאַך. די הויפט־געריכטען ווערען אויפגעגעסען פון די באַלעבאַטים, וואָס זיצען אַרום די טישען.

דער איינציגער וועג פאַר׳ן אידישען פאָלק צו קומען צו זיך און קאָנען אַנט־וויקלען אַלע זיינע פעהיגקייטען, איז צו שאַפען פאַר זיך אַ נאַציאָנאַלען באָדען. אין זיין אייגענעם היימלאַנד וועט די ברכה זיין „בכל", פאַרפול. בלויז אין אַן „ארץ־ישראל", אַ אידענשטאַט, מיט אַן אייגענער מלוכה וועלען די אידען זיין געזיכערט פאָליטיש, עקאָנאָמיש און גייסטיג. ווי דער זוהר הקדוש באַמערקט: „מהו דכתיב בכל? שהשרה שכינתו עמו" — וואָרום שטייט געשריבען, אַז גאָט האָט אים געבענשט מיט אַלץ, ווייל בלויז אין אַן אייגען לאַנד קאָן די שכינה, די גאָטהייט וואוינען מיט די אידען (זוהר כ״ה).

# הפטרה

## שטראָף איז גוט פאַר קינדער

**ולא עצבו אביו מימיו.**

„לא הכעיסו, למדך שהמונע תוכחה מבנו מביאו לידי מיתה" — ער האָט זיך אויף אים קיינמאָל ניט געבייזערט, דאָס לערענט דיר, אַז דער וואָס פאַר־מיידט שטראָף־רייד פון זיין זון, פירט אים צום טויט (רש"י).

אויף די עלטערע יאָרען האָט דוד המלך באַקאַנט געמאַכט צו אַלע זיינע נאָענטע ראַטגעבער, אַז עס איז זיין וואונש, דאָס נאָך זיין טויט זאָל זיין יונגער זון שלמה איבערנעמען דעם טראָן. זיין עלטערער זון, אדוניה, אָבער האָט זיך פאַרבונדען מיט דעם מיליטערישען פעלדמאַרשאַל יואב און דעם כהן גדול אביתר און צוזאַמען האָבען זיי אַרויסגעלאָזען אַ פּראָקלאַמאַציע, אַז אדוניה נעמט איבער דעם טראָן פון זיין טאַטע'ן. אדוניה, ווי עס ווייזט אויס, איז ניט געווען קיין איבעריג פעהיגער מענש. אויף דעם פסוק „מתנשא למלוך", ער גרויסט זיך צו קעניגען, באַמערקען די חז"ל: „מלמד שבקש להולמו ולא הולמתו" — פון דעם איז געדרונגען, אַז ער האָט פּרובירט אַנצומעסטען די קרוין, אָבער זי האָט אויף אים ניט געפּאַסט (ע"ז, מ"ד, ע"א). ער איז טאַקע געווען „טוב תואר מאד", זעהר אַ שיינער, אָבער אויסערליכע שיינקייט מאַכט נאָך איינעם ניט פעהיג צו זיין אַ פירער.

ווי אַזוי אָבער קומט עס, אַז דוד המלכ'ס אַ זון זאָל פריער ניט אָנפרעגען ביים טאַטען און ווילען פאַרכאַפּען די ממשלה נאָך פאַר זיין לעבען? אויף דעם גיט אונז דער פסוק אַן ענטפער: „ולא עצבו אביו מימיו" — זיין פאָטער האָט זיך אויף אים קיינמאָל ניט געבייזערט, און ער האָט תמיד געטאָן וואָס ער האָט געוואָלט. דאָס האָט אָבער געפירט צו זיין מפלה. ווען נתן הנביא האָט זיך דערוואוסט פון דער שטילער רעוואָלוציע, איז ער אַוועק צו בת־שבע, די מוטער פון שלמה, און האָט איר געראַטען, זי זאָל גלייך גיין צו איר מאַן און אים איבערגעבען די נייעס. אַז דוד המלך האָט עס דערהערט, איז ער געוואָרען אַן אויפגעציטערטער און האָט גלייך באַפוילען מען זאָל זאַלבען דעם יונגען און פעהיגען שלמה אַלס קעניג פון די אידען.

אדוניה מיט די איבעריגע פאַררעטער זיינען פאַר'משפט געוואָרען צום טויט. שולדיג אין דער גאַנצער אומגליקליכער געשעהעניש, זאָגען אונזערע

חכמים, איז געווען דוד אַליין. „אלו הרע לו פנים הביאו למוטב" — ווען ער וואָלט אים אַמאָל געוויזען אַ שלעכט פנים און אים באַשטראָפט פאַר זיינע שלעכטע טאַטען, וואָלט ער אים געווען אויסגעבעסערט (קהלת רבה ז'). און רש"י באַמערקט אויף דעם, אַז דער וואָס מיידט אויס צו שטראָפען זיין קינד, פירט אים צו טראַגישע געשעהעני‏שען.

ה.

# אידישע שידוכים

## לא תקח אשה לבני מבנות הכנעני.

„כל הנושא אשה שאינה הוגנת לו אליהו כופתו והקב"ה רוצעו, אוי לו לפוסל את זרעו ולפוגם את משפחתו" — ווער עס נעמט אַ פרוי, וואָס פאַסט ניט פאַר אים, בויגט אים אליהו איין און דער אויבערשטער שמייסט אים. ווי צו דעם, וואָס מאַכט קאַליע זיינע קינדער און פאַרדאַרבט זיין משפחה (קידושין ע' ע"א).

הייראַט איז דער געוואַגסטער שריט, וואָס אַ פּאָר יונגע מענשען מאַכען אין זייער לעבען. אונטער דער חופה ווערט פאַרזיגעלט דער שיקזאַל פון זייער אייגענער צוקונפט און פון דער צוקונפט פון זייערע קינדער און קינדס־קינדער. מיט דעם קידושין־רינגעל, וואָס דער חתן טוט אָן אויף זיין כלה, הויבט זיך אָן פאַנאַנדערצובלעטערען דער „ספר־החיים", דער בוך פון לעבען פון צווי מענשען, וועלכע זיינען ביז איצט געווען פאַראַנטוואָרטליך צו זיך אַליין, אָבער פון היינט אָן און ווייטער מוזען זיי אָנפאַנגען טראָגען אַ געמיינשאַפטליכע אחריות איינער פאַר'ן צווייטען.

„הייראַט", זאָגט דער גרויסער דענקער קאַרלייל, „איז דער שייד־פּונקט צווישען עגאָאיזם און אַלטרואיזם, צווישען טאָן, וואָס מען וויל, און טאָן, וואָס מען מוז. די אָנזיכטען פון דעם מאַן און דער פרוי מוזען זיך קריסטאַליזירען און פאַראייניגען, אום צו שאַפען די נויטיגע האַרמאָניע פאַר אַ צוזאַמענלעבען אין אַ גן־עדן־היים פאַר זיך און פאַר זייערע קינדער". אונזערע חכמים פאַר־

גלייכען דעם טאָג פון דער חתונה צו יום־כפור און הייסען חתן־כלה פאַסטען דעם טאָג „מפני שבאותו היום מוחלין על עוונותיהם", ווייל אין דעם טאָג ווערט זיי פאַרגעבען אויף די פריהערדיגע זינד (ירושלמי בכורים).

אַז אונזער פאָטער אברהם זוכט אַ פרוי פאַר זיין זון יצחק, רופט ער צו זיך זיין געטרייען קנעכט אליעזר און בעט זיך ביי אים: „שים נא ידך תחת ירכי — שתהא ידך עם יוצאי ירכי", — לייג דיין האַנט אונטער מיין דיך און העלף די, וואָס קומען אַרויס פון מיין דיך, — מיינע קינדער און קינדס־קינ־דער (מדרש הגדול). איך וויל דיך באַשווערען, — זאָגט ער אים, אַז דו זאָלסט פאַר אים ניט נעמען אַ פרוי פון די כנענ'ישע טעכטער „כי אל ארצי ואל מולדתי תלך", נאָר צו מיין לאַנד און צו מיין געבורט־פּלאַץ זאָלסטו גיין; איך וויל ניט, אַז מיין זון זאָל הייראַטען אַ פרוי, וואָס איז פרעמד צו אונזער אמונה און צו אונזערע זיטען און מנהגים.

אויף דער פראַגע פון אליעזר: אויב די פרוי וועט ניט וועלען אַרויס־קומען אַהער אין לאַנד, זאָל איך אַרויסברייינגען דיין זון צו איר אין לאַנד? — ענטפערט אים אברהם קאַטעגאָריש: „השמר לך פן תשיב את בני שמה", היט דיך פון אומקערען מיין זון אַהין, „לא רצה להוציאו מקדושתו", ער האָט אים ניט געוואָלט אַרויסנעמען פון זיין הייליגקייט (לקח טוב). אין דער פרעמד קאָן ער נאָך ווערען וואַכעדיג און דערווייטערט פון די אידעאַלען, וואָס ער האָט געלערנט פון זיינע עלטערן. דער גאָט פון די הימלען, זאָגט ער אים ווייטער, וואָס האָט מיך אַרויסגענומען פון מיין פאָטער'ס הויז און פון דעם לאַנד פון מיין געבורט און האָט מיר פאַרשפּראָכען און געשוואָרען „לזרעך אתן את הארץ הזאת", צו דיינע קינדער וועל איך איבערגעבען דיזען לאַנד, ער וועט שיקען זיין מלאך פאַר דיר און דיר העלפען אויסצוקלייבען אַ פרוי פאַר מיין זון.

דער געטרייער אליעזר לאָזט זיך אין וועג אַריין, און אַז ער קומט צו ארם־נהרים איז ער מתפלל צו גאָט: „הקרה נא לפני היום ועשה חסד עם אדוני אברהם" — זעה, אַז איך זאָל היינט ריכטיג טרעפען, און טו חסד מיט מיין האַר אברהם. איך שטיי דאָ ביים קוואַל וואַסער, וואו די טעכטער פון די שטאָטלייט קומען אַרויס שעפּען וואַסער; זאָל זיין, אַז די מיידעל, וואָס איך וועל צו איר זאָגען: „בויג איין, איך בעט דיך, דיין קרוג און לאָמיך טרינקען", און זי וועט ענטפערען: „טרינק, און אויך דיינע קעמלען וועל איך אָנטרינקען", האָסטו זי באַשערט פאַר דיין קנעכט יצחק'ן, און דערמיט וועל איך וויסען, אַז דו האָסט געטאָן חסד מיט מיין האַר.

„למה אמר אליעזר זה התנאי? לפי שהוא ידע, אם אמרה כן, היא צדקת, ותהיה אוהבת לשמש את האורחים, כשם שהיו עושים אברהם ושרה" — וואָרום האָט אליעזר אָנגענומען דעם דאָזיגען פּרוביר־מיטעל? ווייל ער האָט פאַר־שטאַנען, אַז אויב זי וועט אַזוי ענטפערען, איז זי אַ צדקת, און וועט אויך ליב האָבען צו באַדינען אורחים, ווי עס האָבען געטאָן אברהם און שרה (מדרש אגדה). הכנסת אורחים איז איינע פון די מצוות, זאָגען אונז די חז"ל, וואָס אַ מענש עסט פון אירע פּירות אויף דער וועלט און דער קרן פאַרבלייבט פאַר אים אויף יענער וועלט. הכנסת אורחים ווייזט אַ פרייגעביג האַרץ און אַ פריינט־ליכען כאַראַקטער. דאָס פאַר־פאָלק, וואָס בויט אַ היים פון אַזעלכע אידעלע מאַטעריאַלען, בויט פאַר זיך אַ גן־עדן אויף דער וועלט, און פאַר זייערע קינדער אַ „בית־אל", אַ הויז, וואו די שכינה וועט זיך געפינען.

אויפ'ן פסוק „אעשה לו עזר כנגדו" — איך וועל אים מאַכען אַ הילף קעגען אים, — זאָגט די גמרא: „זכה — נעשית לו עזר, לא זכה — כנגדו", אַז איינער איז ווערט, איז אים זיין פרוי אַ הילף, איז ער אָבער ניט ווערט, איז זי זיין קעגנערין (יבמות ס"ג ע"ב).

איך האָב אַמאָל געהערט אַ העכסט וויציגע דערקלערונג איבער דעם מאמר פון אַ באַוואוסטען כלל־טוער אין ניו יאָרק:

„איז איינעם באַשערט, קריגט ער אַריין אַ ווייב, וואָס העלפט אים צו פאַרזיסען זיין לעבען; זי איז אַ גוטע באַלעבאָסטע, האַלט דאָס הויז ווי עס באַדאַרף צו זיין, און גיט זיך אָפּ מיט דער דערציהונג פון זיינע קינדער.

„איז אָבער איינעם ניט באַשערט, קריגט ער אַריין אַ שלאַק, וועלכע איז זיינע אַ ,כנגדו', אַ קאָנקורענטקע; ער לויפט אַרום אין זיינע געשעפטען יעדען טאָג, לויפט זי אויך אַרום איבער די קראָמען צו זוכען מציאות. ער גייט ביינאַכט צו אַ מיטינג פון זיין שוהל, חברה אָדער לאַדזש, האָט זי זיך אירע אייגענע ליידיס סאָסייעטיס, וואו זי פּאַדעט אַרום גאַנצע נעכט; דערווייל ווערט דאָס הויז פאַרנאַכלעסיגט און די קינדער האָדעווען זיך אויף גאָט'ס באַראָט".

„ויביאה יצחק האהלה — וינחם יצחק אחרי אמו" — יצחק האָט איר אַריינ־געבראַכט אין געצעלט אַריין און האָט זיך געטרייסט נאָך זיין מוטער.

„עמוד אור היה דולק באהלה של שרה, וכיון שמתה פסק ונשאר בלא זהר, עד שבאה רבקה וחזר אותו האור לאוהל" — אַ זייל פון ליכט פלעגט ברענען אין דעם געצעלט פון שרה, און ווי באַלד זי איז געשטאָרבען, איז ער פאַר־שוואונדען, און דער צימער איז געבליבען אָהן אַ שיין, ביז עס איז געקומען

רבקה און די זעלבע ליכט האָט זיך צוריקגעקערט צום געצעלט (מדרש הביאור, תורת שלמה).

אין דעם זעלבען פסוק ווערט געזאָגט: „ויקח את רבקה ותהי לו לאשה ויאהבה" — און ער האָט גענומען רבקה'ן און זי איז געוואָרען זיין פרוי און ער האָט איר ליב געקראָגען. באַמערקט אויף דעם ר' שמשון רפאל הירש ז"ל: לויט דעם כלומר'שט מאָדערנעם לעבען פון דער היינטיגער צייט וואָלט געדאַרפט געשריבען ווערען אַזוי: „ויאהבה, ויקח את רבקה ותהי לו לאשה", ער האָט זיך אין איר פאַרליבט, און ער האָט גענומען רבקה'ן און זי איז געוואָרען זיין פרוי. מאָדערניזם האַלט פון ראָמאַן, פון הייראַטען אויס ליבע. אויב נאָכדעם קאָן מען זיך ניט צוזאַמענלעבען, גייט מען זיך פאַנאַנדער, און אויב עס זיינען פאַראַן קינדער, פאַרבלייבען זיי נעבעך לעבעדיגע יתומים. אונזערע גרויסע טאַטעס אָבער זיינען ניט געווען אַזוי ראָמאַנטיש ווי זייערע מאָדערנע קינדער; זיי האָבען געשעצט די ליבע, וואָס קומט נאָך דער חתונה מער ווי חתונה האָבען אויס ליבע; און דערפאַר האָבען זיי שטאַרק מדייק געווען, מיט וועמען זייערע קינדער גייען זיך משדך זיין.

אברהם האָט אָפּגעלעבט מיט זיין פרוי שרה אַ גאַנץ לאַנגע צייט, און ערשט שפּעטער, ווען זיי זיינען געקומען קיין מצרים, האָט ער באַמערקט „כי אשה יפת מראה את", אַז דו ביזט אַ פרוי פון שיינעם אָנזעהן. זיי האָבען אָבער געלעבט אַ גליקליכען לעבען צוזאַמען, און אַז זי איז אים אָפּגעשטאָרבען, האָט ער זיך אנטזאָגט צו שיידען פון איר אויף אייביג. „ראה מלאך המות מתריס כנגדו" — ער האָט איינגעזעהן, אַז איר טויט פאַרשטעלט אים דעם וועג (ב"ר נ"ח). ער גיט אויף זיינע וואַנדערונגען און באַזעצט זיך אין חברון, וואו ער קויפט אַן „אחוזת קבר", אַ באַערדיגונגס-פּלאַץ פאַר זיין ליבער פרוי און פאַר זיך.

אויך יצחק האָט שטאַרק געפילט דעם טויט פון זיין מוטער. כל-זמן זי האָט געלעבט האָט אין זייער געצעלט געשיינט אַן „עמוד אור", אַ ליכטיגער זייל, וואָס האָט אָנגעפילט אַלע ווינקעלעך מיט אַ הערליכער גאַסט-פריינטשאַפט. דאָס הויזגעזינט, אַזוי גוט ווי די פיל אורחים, וואָס פלעגען קומען אָפט, האָט זיך געפילט היימיש און באַהעפטעט איינער צום אַנדערען. ווי זי איז געשטאָרבען איז דאָס ליכט אויסגעלאָשען געוואָרען, איבער'ן גאַנצען הויז איז געהאַנגען אַ טרויעריגער וואָלקען, וואָס האָט געגאָגט דאָס האַרץ.

ערשט אַז רבקה איז געוואָרען די באַלעבאָסטע פון הויז, „חזר אותו האור לאוהל", האָט זיך די זעלבע ליכט צוריקגעקערט צום געצעלט. די היים איז

ווידער געוואָרען אַ פריילּיכער מיטעלפּונקט פאַר׳ן הויזגעזינט און פאַר געסט. די זעלבע פריינטליכקייט, וואָס האָט געוואָרעמט אַלעמען דורך די צייטען פון שרה, איז פון רבקה׳ן צוריקגעבראַכט געוואָרען. דאַן האָט זיך יצחק אַרומ־געזעהן, וואָס פאַר אַ טייערע לעבענסבאַגלייטערין גאָט האָט אים צוגעשיקט. „ויאהבה״, האָט ער זי ליב באַקומען, — און אַזאַ ליבע לעבט אייביג.

# הפטרה

## אַז מען גיט קינדער צו פיל נאָך

**ולא עצבו אָביו מימיו לאמר: מדוע ככה עשית?**

„אמר שלמה, אילו כעס אבא על אדוניה ואילו הרע לו פנים, הביאו למוטב״ — שלמה האָט געזאָגט: ווען מיין פאָטער וואָלט זיך אָפט אָנגעבייזערט אויף אדוניה׳ן און וואָלט אים געוויזען אַ שטרענגען פנים, וואָלט ער אים באַקערט צום גוטען (מדרש קהלת פ׳ ז׳).

אין שאַרפען קאָנטראַסט צום שטילען און גליקליכען לעבען פון אברהם און זיין זון יצחק, ווערט אין דער היינטיגער הפטרה פאַרגעשטעלט דאָס שטור־מישע לעבען, וואָס דוד המלך האָט געהאַט דורכצומאַכען צוליב זיינע קינדער.

פון דעם טאָג אָן, וואָס יצחק איז געבוירען געוואָרען, ביז דעם טאָג פון אברהמ׳ס טויט, זיינען זיי ביידע געווען צוזאַמען. אין אַלץ, וואָס איז פון זיי ביידען אויפגעטאָן געוואָרען פאַר דער צייט, זיינען זיי געווען איינשטימיג. ביי־דע, אי אברהם אי שרה, זיינען געווען שטאַרק איבערגעבען צו זייער געטליכען אידעאַל. „את הנפש אשר עשו בחרן״ — די נפשות, וואָס זיי האָבען געמאַכט אין חרן, דערקלערען אונז די חז״ל, אַז „אברהם היה מגייר אנשים ושרה מגיירת נשים״ — אברהם פלעגט מגייר זיין די מענער און שרה די פרויען (רש״י לך־לך). איבערהויפּט האָבען זיי זיך אָפּגעגעבען מיט דער דערציהונג פון זייער זון. אַז שרה האָט באַמערקט, ווי יצחק שפּילט זיך מיט ישמעאל׳ן און לערנט זיך פון אים אָפּ שלעכטע זיטען, שיקט אברהם אַוועק זיין דינסט הגר מיט איר זון. אַז יצחק גייט צוזאַמען מיט אברהמ׳ען צו דער עקדה און ער פרעגט אים: „הנה האש והעצים ואיה השה לעולה״ — דו האָסט דאָ פייער און האָלץ, און

וואו איז דער שעפּס פאַר דעם קרבן עולה? — ענטפערט אים אברהם: „אלקים יראה לו השה, לעולה בני", גאָט וועט אים ווייזען די שעפּס, אויב ניט, וועט דער קרבן זיין מיין זון. און יצחק פּראָטעסטירט ניט און איז דעם טאַטענ'ס ענטפער מקבל באהבה.

און אַז עס קומט די צייט פאַר יצחק'ן חתונה צו האָבען, טוט ער ניט ווי זיין ברודער ישמעאל, אויסצוקלייבען פאַר זיך אַ פרוי; ער וואַרט, דער טאַטע זאָל עס טאָן פאַר אים, ווייל ער האָט געוואָלט, אַז זיין ווייב זאָל ווערען די „עקרת הבית", די שטעל־פאַרטרעטערין פון זיין מאַמע'ן, וועלכע זאָל אויך זיין געטריי צו זיין פאָטער מיט זיינע אידעאַלען.

דוד המלך, אָבער, איז געווען צופיל פאַרנומען מיט מלוכה־אינטערעסען, און ער האָט זיך ווייניג אָפּגעגעבען מיט דער דערציהונג פון זיינע קינדער. „ואדוניה מתנשא למלוך" — און אדוניה גרויסט זיך צו ווערען קעניג, „מלמד, שבקש להולמו ולא הולמתו" — פון דעם איז געדרונגען, אַז ער האָט שוין געהאַט אָנגעמאָסטען די קרוין, אָבער זי האָט אויף אים ניט געפּאַסט (סנהדרין כ"א ע"ב). „ולא עצבו אביו לאמר: מדוע ככה עשית"? — דוד, אָבער, שטערט אים ניט און רעדט אים ניט אויס, פאַרוואָס ער טוט אַזעלכע זאַכען; דאָס האָט געפירט צום טרויעריגען רעזולטאַט, אַז נאָך איידער זיין פאָטער איז געשטאָרבען, האָט ער געזוכט צו פאַרכאַפּען די קרוין פאַר זיך.

אברהם, דער גאָט־מענש, דער שטרענגער טאַטע, דערלעבט אַ „שיבה טובה", אַ גוטע עלטער, און שטאַרבט „זקן ושבע ימים", אַלט און צופרידען פון זיינע לעבענס־דערגרייכונגען. דוד, דער מלוכה־מענש און דער צו־גוטער טאַטע, ווערט אַלט פאַר דער צייט. זיינע קינדער, וועלכע ער האָט צופיל נאָכגעגעבען, האָבען אים מקצר־ימים געווען.

# תולדות

## א.

## ווי אידישע געשיכטע ווערט געשריבען

### ואלה תולדות יצחק בן אברהם, אברהם הוליד את יצחק.

„אותו היום שגמל אברהם את יצחק בנו עשה סעודה גדולה, היו כל אומות העולם מרננים — מה עשה אברהם אבינו? הלך וזימן כל גדולי הדור ושרה אמנו זימנה את נשותיהם וכל אחת ואחת הביאה בנה עמה — והניקה את כלן — ועדין היו מרננים". אין דעם טאָג, וואָס אברהם האָט אָנטווינט זיין זון יצחק, האָט ער געמאַכט אַ גרויסען באַנקעט. האָבען אַלע פון די אַרומיגע פעלקער אים אָנגעפאַנגען צו באַרעדען. וואָס האָט געטאָן אונזער פאָטער אברהם? ער איז אַוועק און האָט איינגעלאַדען אַלע גרויסע מענשען פון זיין דור און אונזער מוטער שרה האָט איינגעלאַדען זייערע פרויען, און יעדע פון זיי האָט געבראַכט איר קינד און שרה האָט זיי אַלעמען געגעבען זויגען — דאָך האָבען זיי נאָך אַלץ אים באַרעדט (ב"מ, פ"ז, ע"א).

אידישע געשיכטע ווערט ניט געשריבען אַזוי ווי די געשיכטע פון אַלע אַנדערע פעלקער. ביי זיי, ביי די גויים, הויבט זיך עס אָן נאָרמאַל: דער ערשטער האָט געבוירען דעם צווייטען און דער צווייטער דעם דריטען, ביז דאָס פאָלק האָט זיך צעוואַקסען. ביי אונז אָבער איז ניט געווען אַנצופאַנגען מיט „אלה תולדות יצחק בן אברהם" און אָנגעבען די נעמען פון זיינע קינדער. מיר דאַרפען צוערשט פעסטשטעלען וועל מיר אַליין זיינען, אַז „אברהם הוליד את יצחק". מיר מוזען איבעראַל ווייזען וויזעס און פאַספאָרטען, אַז מיר זיי־נען אונזערע טאַטעס קינדער און אַז מיר קומען פון דאָרטען און דאָרטען, ווייל אַזוי איז שוין דער שיקזאַל פון אַ פאָלק, וואָס האָט ניט קיין אייגענע היים, און מוז נעבעך אַרומוואַנדערען אין פרעמדע לענדער.

כאַטש אברהם האָט פיל גוטס געטאָן מיט זיין געלט. ער איז געווען באַ־קאַנט אין דער גאַנצער סביבה אַלס אַ שטאַרקער מכניס אורח, וועלכער באַ־פרייגדעט יעדען וואַנדערער און העלפט אים מיט ראַט און טאַט, אַזוי גיך אָבער ווי „עשה סעודה גדולה״, ער האָט גענומען אַרויסווייזען זיין רייכטום, איז ער געוואָרען גרויס אין די אויגען פון זיינע שכנים און מען האָט אָנגע־פאַנגען „מרנן״ צו זיין, אים צו באַרעדען און אויסטראַכטען אויף איהם כל'ערליי בלבולים. עס האָבען זיך גענומען פאַרשפרייטען צווישען עולם די גוט־באַ־קאַנטע „לשון הרע״ באַהויפטונגען: „דער איד איז שטיין רייך״; „ער לעבט פון שווינדעל און פאַרכאַפּט די בעסטע פּאָזיציעס פון דער אינדוסטריע און האַנדעל״; „די אידישע וועלט־באַנקירען רייצען די פעלקער צו מלחמות״ א. ד. גל.

עס האָט ניט געהאָלפען אברהמ'ס זוכען זיך צו חבר'ן מיט דער גוי'־אישער אַריסטאָקראַטיע, מיט די גדולים פון זיין דור, צו פאַרקערען אין זייערע געזעלשאַפטען און זיי איינצולאַדען צו אַלע זיינע שמחות. עס האָט אויך ניט געהאָלפען, וואָס אי ער, אי זיין פרוי שרה האָבען געשטיצט און געגעבען „זויגען״ אַלע פרעמדע קינדער, און מיט זייערעביישטייערונגען פיל געהאָלפען אויסצוהאַלטען די קינדער־היימען, די האָספּיטעלער און אַנדערע אַנשטאַלטען פון זיינע שכנים. „ועדין היו מרננים״, זיי האָבען אַלץ געהאַלטען אין באַ־רעדען איהם און ניט פאַרגינען איהם זיין פאַרמעגען, זיין כשר־פאַרדינטען רייכטום.

און די דערנער־קייט פון „ועדין היו מרננים״, פון בלבולים און פאַלשע באַשולדיגונגען ציהט זיך אַלץ ווייטער און ווייטער, און געהט איבער בירושה פון איין דור צום צווייטען, פון איין לאַנד אין דעם אַנדערען. ביי יעדער געלעגענהייט, וואָס דעם אידען באַגליקט און זיינע אַן אונטערנעמונג האָט דערפאָלג, הויבט זיך אָן די סדרה פון „מרננים״, פון ניט פאַרגינען, וועלכע ענדיגט זיך דאָס רוב מיט רדיפות און פאַרפאָלגונגען.

אַז עס ברעכט אויס אַ הונגער אין לאַנד, וואַנדערט יצחק אויס נאָך „גרר״. ער באַזעצט זיך דאָרט אַלס אַן ערד־אַרבייטער. „ויזרע יצחק בארץ ההיא״ — ער אַקערט, ער זייהט, ער גיט זיך ניט אָפּ מיט שווינדעל, מיט געלט־לייהען, ער זוכט ניט קיינעם אָפּצונאַרען אָדער עקספּלואַטירען. ער לעבט „מיגיע כפו״, פון שווערער אַרבייט, האָרעוועט ווי אַלע ערד־אַרבייטער פון דער פרי ביז שפּעט אין דער נאַכט, און מישט זיך ניט אין דער פּאָליטיק פון לאַנד.

אָבער אַזוי גיך ווי עס גילט איהם אָפּ, און „וימצא מאה שערים״, ער באַקומט גרויסע פּראָפיטען און אַ רייכען איינקונפט פון זיין אַרבייט, הייסט מען איהם געהן. „לך מעמנו כי עצמת ממנו״ — געה פון אונז, דו ביסט צו שטאַרק פאַר אונז. אָדער ווי דער מדרש דערקלערט: „כל אותן עצמות שעצמת לא ממנו הוא לך״? — אָט די אַלע רייכטימער, וואָס דו האָסט דערוואָרבען, זיינען דען ניט אונזערע? (ב״ר, ס״ד). טראָץ זיין שטילקייט און ערליכקייט ווערט ער דאָך באַשולדיגט אַלס אַ שווינדלער, אַ בלוט־זויגער.

דאָס זעלבע פּאַסירט אויך מיט אונזער פאָטער יעקב. אַז ער איז אָנגעקומען צו זיין פעטער לבן אין ארם נהרים, האָט ער איהם געפונען אין אָרימע אומשטענדען. זיין אייגענע טאָכטער רחל האָט געמוזט פּאַשען די שאָף, כאָטש פאַר אַ באַלעבאַטיש מיידעל האָט עס ניט געפּאַסט (ב״ר, ס״ג). מיט׳ן אָנקומען פון יעקב׳ן, אָבער, האָט זיך זיין לאַגע געביטען און ער איז געוואָרען אַ גרויסער גביר. ווי יעקב דערקלערט עס: „כי מעט אשר היה לך לפני, ויפרץ לרב״ — ווייניג האָסטו געהאַט אידער איך בין געקומען צו דיר, אָבער איצט ביסטו זעהר רייך. און לבן גיט עס טאַקע אַליין צו: „נחשתי ויברכני ה׳ בגללך״ — איך האָב זיך איבערצייגט, אַז גאָט האָט מיך באַגליקט צוליב דיר (ויצא, ל״א).

אַזוי גיך אָבער ווי יעקב האָט אָנגעפאַנגען אַרבייטען פאַר זיך, און „ויפרץ האיש מאד״, ער איז רייך געוואָרען, האָט מען איהם אָנגעפאַנגען מקנא צו זיין. זיי האָבען שוין פאַרגעסען דעם פאַקט, אַז ער האָט זיי אויך רייך געמאַכט. די בני לבן טענה׳ן שוין פאַרקערט: „לקח יעקב את כל אשר לאבינו, ומאשר לאבינו עשה את החיל הזה״ — יעקב האָט צוגענומען אַלץ, וואָס אונזער פאָטער האָט געהאַט, און פון דעם, וואָס באַלאַנגט צו אונזער פאָטער, האָט ער דערוואָרבען זיין גרויס רייכטום.

אָט אַזוי איז שוין דער טרויעריגער שיקזאַל פון אַ גר, פון אַ פרעמדען. זיין געשיכטע ווערט אַנדערש געשריבען אין אַלע זיינע גלות־לענדער. ער מעג ברייינגען גליק און רייכטום אין דעם אָרט, וואו ער האָט זיך באַזעצט, קוים אָבער האָט ער זיך אַרויפגעאַרבייט און איז רייך געוואָרען, הויבט זיך אָן דער שרעקליכער טייפעל־שפּיל פון „מרננים״, פון בלבולים און מסירות. מען באַשולדיגט איהם אין שווינדעל און מען פאַרגינט איהם ניט וואָס ער האָט.

# הפטרה

## עשו׳ס ברודערשאַפט

**הלא אח עשו ליעקב.**

„אתה סבור שעשו מתאחה בך כמו שאתה מתאחה בו, אלא הוא עשו, מה שאתה יודע בו בתחלתו כך הוא בסופו״ — דו דענקסט דאָך, אַז עשו ברידערט זיך מיט דיר אַזוי ווי דו ברידערסט זיך מיט איהם, ניין, ער איז דער זעלבער עשו, ווי דו געדענקסט איהם פון אַמאָל, אַזוי איז ער אויך היינט (מדרש הביאור, תורה שלמה).

דער נביא „מלאכי״, וועלכער האָט געלעבט אין די לעצטע צייטען פון „גלות בבל״, ווען עס האָט זיך אָנגעפאַנגען די גרויסע באַוועגונג פון „ישוב הארץ״, פון צוריקגעהן נאָך ארץ־ישראל און בויען דאָס לאַנד, זוכט צו דער־מונטערען די אידען און שילדערט פאַר זיי אַ גלענצענדע צוקונפט. צו דער זעלבער צייט אָבער גיט ער אָן די אורזאַכען, וואָס האָבען געפירט צו דעם שרעקליכען גלות, און וואָס האָבען איהם פאַרלענגערט. ער הויבט אָן די היינטיגע הפטרה מיט די ווערטער:

„אהבתי אתכם אמר ה׳״ — איך האָב אייך ליב געהאַט, זאָגט גאָט. פון אַלע פעלקער האָט איך אויסגעקליבען די אידען צו זיין מיין „עם סגולה״, מיין אויסדערוויילט פאָלק. איך האָב זיי געגעבען אַ תורה, וועלכע האָט זיי גע־מאַכט פאַר דעם „נס לעמים״, אַ מוסטער פאַר אַלע פעלקער. מיט זייער אייגענאַרטיג לעבען, וואָס איז באַזירט אויף דעם „צדק, צדק תרדוף״, נאָכצו־פאָלגען גערעכטיגקייט, האָבען זיי געדאַרפט הייליג מאַכען מיין נאָמען אין דער וועלט דורך מיינע הומאַניטאַרע געזעצען. וואָלטען זיי זיך געהאַלטען ביי מיינע פאַרשריפטען און אויסגעפאָלגט מיינע עצות, וואָלטען זיי קיינמאָל פון מיין לאַנד ניט אַרויסגעטריבען געוואָרען. אויך אין גלות, אויב זיי וואָלטען פאַרגעזעצט זייער אייגענאַרטיג לעבען און זיך שטרענג געהאַלטען אַלס אַ פאָלק, אַלס אַ באַזונדערע נאַציע, וואָלטען זיי דאָרטען לאַנג נישט געוועזען.

איז אָבער „הלא אח עשו ליעקב״ — יעקב ברידערט זיך צופיל מיט זיין ברודער עשו. נאָך אין ארץ־ישראל שיקט זיין מלך „אחז״ שלוחים נאָך מצרים, בבל און אַנדערע לענדער צו קאָפּירען זייערע מזבחות און זיי אַריבער־צוברענגען צו זיך אין לאַנד. אויך אין גלות איז „וידו אוחזת בעקב עשו״,

יעקב׳ס האַנט האַלט זיך פעסט אָן דער פּיאַטע פון עשו׳ן און געהט אין זיינע וועגען. קוים לאָזט איהם עשו צורו פאַר אַ ווײלע, פאַרגעסט ער באַלד די פאַרגאַנגענהייט און די צרות, וואָס ער האָט פון איהם געהאַט אויסצושטעהן. אַז עשו מאַכט ניט קיין פּאָגראָמען, אָדער אָרגאַניזירט ניט קיין עקאָנאָמישען באָיקאָט געגען איהם, שעצט זיך יעקב גליקליך און איז איהם העכסט דאַנקבאַר פאַר אַזאַ אידעלער האַנדלונג.

כאָטש עשו ברידערט זיך מיט איהם גאַנץ ווייניג און טאָלערירט איהם בלויז, ווערט אָבער יעקב פּאַטריאָטיש געשטימט און איז גרייט צו פּראָקלאַמירען זיינע גלות־לענדער פאַר זיינע ציונ׳ס און ירושלים׳ס. פאַר זיינע אייגענע פאָלקס־הצטרכות׳ן, פאַר זיינע נאַציאָנאַלע באַדערפעענישען איז „נשתייר על פכין קטנים״ — שטעלט ער זיך צופרידען מיט קליינינקייטען (חולין, צ״א), פאַר עשו׳ן אָבער קלייבט ער אויס די בעסטע שאָף און רינדער, קעמלען און אייזלען און טיילט זיי איין אין „עדר עדר לבדו״ — אין באַזונדערע סטאַדעס, און שיקט זיי אַ מתנה צו זיין ברודער עשו.

„למה לא הכניסן כלן כאחת״? — פאַרוואָס האָט ער זיי ניט אַריינגעבראַכט אַלע צוזאַמען — פרעגט דער מדרש, און ענטפערט: „כדי להשביע עיניו של רשע״ — אום אָנצוזעטיגען די אויגען פון רשע (ב״ר, ע״ו). עשו׳ס אויגען זיינען גרויס, און ער שטעלט זיך ניט צופרידען מיט נעמען איינמאָל כאָבאַר, ער וויל עס האָבען אָפט, און וואָס מעהר, אַלץ בעסער.

און דער נביא וואָרענט די אידען, זיי זאָלען זיך ניט לאָזען פאַרפירען פון עשו׳ס כלומר׳שטער פריינטשאַפט. „מה שאתה יודע בו בתחלתו כך הוא בסופו״. ער איז דערזעלבער עשו הרשע, ווי דו געדענקסט איהם פון אַמאָל, אַזוי איז ער אויך איצט. עשו בייט זיך ניט, ער האָט דיך פיינט און וויל דיך פאַר זיין ברודער ניט האָבען.

דער „דובנער מגיד״ גיט אָן אַן העכסט סאַרקאַסטישע דערקלערונג אויבער די ערשטע פסוקים פון דער היינטיגער הפטרה, ער זאָגט: דער נביא טענה׳ט זיך אויס מיט די אידען און זאָגט זיי, איהר וועט ווערען פריי, ווייל גאָט האָט אייך ליב. פרעגען זיי איהם „במה אהבתנו״, פאַרוואָס האָט ער אונז ליב? זאָגט זיי דער נביא: „הלא אח עשו ליעקב״ — ניט צוליב אייערע אייגענע מעשים טובים האָט ער אייך ליב, נאָר אַז ער פאַרגלייכט אייך מיט אייער ברודער עשו, איז „ואוהב את יעקב ואת עשו שנאתי״ — מוז ער ליב האָבען יעקב׳ן און פיינט האָבען עשו׳ן. מיט אַלע זיינע חסרונות איז יעקב

פיל ערליכער און מעהר מענשליכער ווי זיין אכזריות׳דיגער ברודער עשו (אוהל יעקב).

ב.

## אידען ליידען פון צופיל וועלטליכקייט

**שני גויים בבטנך.**

„שני גיאי גוים, זה מתגאה בעולמו וזה מתגאה במלכותו״ — צוויי גרויס־האלטער פון פעלקער, איינער, יעקב, האלט זיך גרויס „בעולמו״, מיט זיין וועלטליכקייט, מיט זיין אינטערנאציאנאליטעט, און דער צווייטער, עשו, גרויסט זיך „במלכותו״, מיט זיינע רעגירונגען און גרויסע ארמייען (ב״ר ס״ג).

מיר גלויבען, אז אין דעם קליינעם מדרש ווערט פארטרעפליך אנגעוויזען אויף די הויפט־אורזאכען, וואס האלטען דאס אידיש פאלק אזוי לאנג אין גלות. דער איד איז צו וועלטליך, צופיל קאסמאפאליטיש. אנשטאט צו ארבייטען פאר זיך, פאר זיין אייגענער נאציע, זארגט ער זיך אימער פאר דעם וואוילשטאנד פון דער גאנצער מענשהייט, און גיט אפ צופיל כחות פאר אנדערע.

אין דער צייט, וואס עשו זוכט צו פארשטארקען זיינע לענדער און זיינע אייגענע מלוכות, איז יעקב פארטאן מיט אינטערנאציאנאלע באוועגונגען. ער קעמפט אויף אלע פראנטען, פארשווענדט זיינע כחות אויסצובעסערען די גאנצע וועלט, און אליין האט ער ניט וואו דעם קאפ אנצושפארען.

וואו נאר א „ויתרוצצו״, א גערانגעל, וואס קומט פאר אין דער וועלט, מעג עס זיין עקאנאמיש אדער פאליטיש, פארנעמט דער קליינער יעקב א מער פראמינענטען פלאץ, ווי דער גרויסער און רייכער עשו. איבעראל איז יעקב „מתפלל בשלומה של מלכות״, פאר דעם פרידען פון דער רעגירונג, אונטער וועלכער ער געפינט זיך, און איז גרייט צו ברייגען די גרעסטע „קרבנות״ פאר איר פאליטישען און עקאנאמישען דערפאלג. פאר זיך אליין אבער, פאר א אידישער מלוכה אין זיין אייגען לאנד, טראכט ער זעהר ווייניג, און אויב ער איז שוין יא א ביסעל נאציאנאליסטיש געשטימט, זוכט ער אפצוקומען זיינע אידישע פליכטען בלויז מיט „נדבות״.

עשו, וועלכער שטאָלצירט מיט זיין „מלכות", זוכט אַלץ וואָס מער צו פאַרשטאַרקען זיינע רייען. ער גיט זיינע קינדער אַ שטרענג נאַציאָנאַלע דער־ציהונג און פלאַנצט איין אין זייערע הערצער שטאַרקע פאַטריאָטישע גע־פילען צו זייער פאָלק, צו זייער לאַנד. יעקב אָבער, וועלכער גרויסט זיך „בעולמו", מיט זיין וועלטליכקייט, אינטערעסירט זיך ווייניג מיט דער אידי־שער דערציהונג פון זיינע קינדער. ער שיקט זיי אין די פּאָבליק סקולס און אַל־געמיינע קאָלעדזשעס, זיי זאָלען דאָרט דערצויגען ווערען מיט די גוי'אישע קינדער צוגלייך. פון זיין אייגענער גרויסער תורה און רייכער קולטור וויסען זיי זעהר ווייניג, און דערוויל ווערען אונזערע אייגענע רייען מער און מער איינגעשרומפען און אויסגעדאַרט.

און וואָס נאָך שלימער איז, דאָס אונזער יוגענט, פילענדיג זיך געדרענגט אין דער גוי'אישער סביבה, פאַר וועלכער זייערע טאַטעס האָבען זיי צוגעגרייט, גייען אַ שריט ווייטער און ווערען קאָסמאָפּאָליטיש, אינטערנאַציאָנאַל. מיט זייער הייסען יוגענטליכען טעמפּעראַמענט און שטאַרקער עמאָציע וואַרפען זיי זיך אַריין אין די רייען פון די „וועלט־פאַרזאָרגער", וואָס פאַרשפּרעכען די הימלען פאַר די, וואָס לייִדען אויף דער ערד. זיי ווערען שטאַרק נתפעל פון אַ קלינגענדער פראַזע, אָדער פוסטער לאָזונג, פון אַ ראַדיקאַלען שטערן, צו וועמען זיי דינען און בוקען זיך, ביז עס קומען אָן נייע וואָלקענס און זייער שטערן פאַרגייט זיך אין זיינע אייגענע נאַציאָנאַלע הימלען, צו וועלכע די אידישע קינדער האָבען גיט קיין צוטריט.

מיין פאָטער ע"ה פלעגט זאָגען: „כל זמן יעקב באַטראַכט עשו'ן פאַר דעם בכור, גייט ער ,בעקב עשו', אין די טריט פון עשו'ן; און אַז די עלטערן ווערען ,עובדי הבעלים', רעספּעקטירען און שעצען בלויז מאַכט און רייכטום, ברייגגען זיי דערמיט זייערע קינדער צו ווערען ,עובדי כוכבים', שטערען־דינער. זיי זוכען זיך אויס נייע שטערן אין יעדען דור, צו וועמען זיי בוקען זיך און אויף וועמעס מזבח זיי זיינען מקריב זייערע יונגע כחות".

אָט דער „מתגאה בעולמו", דער שטאָלצירען מיט וועלטליכקייט האָט געמאַכט און מאַכט נאָך איצט אָן גרויסע חורבנות אויף אַלע אידישע געביטען. אין רעליגיעזען לעבען בילדען זיך איבעראַל נייע פאַרטייען, אונטער פאַרשיי־דענע נעמען, ווי רעפאָרמער, קאָנסערוואַטיוען, רעקאָנסטרוקציאָניסטען א. ד. גל., וועלכע צילען איבערהויפּט צו „עולמות", צו וועלטליכקייט. דער „נהיה ככל הגויים בית ישראל", לאָמיר זיין מיט אַלע פעלקער צוגלייך, שפּי־

געלט זיך אָפּ אין יעדער נייער איינריכטונג אָדער איינפירונג פון זייערע טעמפּלען און סינאַגאָגען. וואָס מער צו דערווייטערן זיך פון דעם אידישען אַלטען מקור, וואָס מער צו פאַרבייטען דעם אידישען אַרט לעבען און אים אויסגלייכען מיט'ן לעבען פון די שכנים, די אַרומיגע פעלקער, איז דער הויפּט־מאָטיוו פון זייערע אויפטואונגען.

מאַנכע פון די רעפאָרמער און זייערע חברים ווילען אונז זאָגאַר איינ־רעדען, אַז דער איד איז ניט קיין פאָלק פאַר זיך, נאָר אַ ראַסע מיט אַ געט־ליכער מיסיע, צו וואַלגערען זיך איבער אַלע שבעה ימים און לערנען די פעל־קער דעם געדאַנק פון „אחדות הבורא". איך האָב אַמאָל געהערט פון נחום סאָקאָלאָוו ע"ה זיינעם אַן ענטפער איבער דער פראַגע, וואָס ער האָט געגעבען צו אַ גרופּע רעפאָרמירטע אידען אין באָסטאָן:

„דער אמת איז", האָט ער געזאָגט, „אַז אונזער תנ"ך און אונזער תלמוד וויסען ניט פון אַזאַ מיסיע. פאַרקערט, מיר זיינען באַשטימט געוואָרען פון דער השגחה צו זיין אַ פאָלק ווי אַלע פעלקער, מיט אַן אייגען לאַנד און אַן אייגען אַרט לעבען; אָבער, אויב איר ווילט, אַז איך זאָל אייך שוין יע צו־געבען, אַז אייער אידייע פון אַ מיסיע האָט אַ היסטאָרישען גרונט, און אונז איז באַשערט צו זיין די רעליגיעזע מלמדים פון דער וועלט, וואָרום ניט עפענען אַן אייגען חדר, אין אַן אייגענער היים, וואו די תלמידים זאָלען קאָנען קומען לערנען? וואָרום מוזען מיר דוקא זיין ווי די אַלטע דאָרפס־מלמדים, וואָס פלעגען זיך אַרומשלעפּען איבער די דערפער און נאָך זיין געצוואונגען צו העלפען די ישוב'ניקעס טראָגען זייערע פאָמוניצעס און פּאַשען זייערע בהמות"?

און דער „מתגאה בעולמו" זוכען צו זיין וואָס מער וועלטליך, האָט זיך לעצטענס אויך אַריינגעריסען אין דעם אידישען חינוך. מען זוכט צו פאַר־בייטען דעם לימוד התורה אויף אַ מין פּאַרזעהעניש, וואָס זיי רופען מיט'ן קלינגענדען נאָמען „רעלידזשעס דזשואיש עדיוקיישאָן", וואָס באַשטייט פון ביינציג פראָצענט וועלטליכקייט און בלויז צען פראָצענט אידישקייט.

און דער טרויעריגער „ויתרוצצו" האַלט נאָך, ליידער, אָן אין דעם אי־דישען לעבען . . .

# הפטרה

## שיינע נעמען, אָבער שלעכטע מעשים

**ואת עשו שנאתי.**

„יש בני אדם ששמותיהם נאים ומעשיהם כעורים, זה ישמעאל ועשו; ישמעאל — שומע אל, עשו — עושה רצון עושיו, אבל מעשיהם רעים" — פאַראַן מענשען, וואָס זייערע נעמען זיינען שיינע און זייערע מעשים זיינען מיאוס'ע, דאָס זיינען ישמעאל און עשו; דער נאָמען ישמעאל מיינט, ער פאָלגט גאָט, און דער נאָמען עשו ווייזט, אַז ער טוט דעם ווילען פון די, וואָס האָבען אים געמאַכט, אָבער זייערע מעשים זיינען שלעכטע (במ"ר פט"ז).

„יעקב", „עשו" און „ישמעאל" ווערען פון די בעלי אגדה פאַרגעשטעלט אַלס די אור־עלטערן פון די דריי גרעסטע רעליגיעס: אידענטום, קריסטענטום און מאַכמעדאַניזם. יעקב, דער „איש תם יושב אוהלים", דער ערליכער און שטילער, וועלכער זיצט אין זיינע געצעלטען, לערנט זיין תורה און לעבט אַן אייגענאַרטיג לעבען, אָפּגעזונדערט פון אַלע אַנדערע, ווערט דער פאָטער פון די אידישע שבטים און דער טרעגער פון דעם גרויסען אידעאַל פון „אחדות הבורא". צוליב זיין אָפּפערווילליגקייט פאַר דעם דאָזיגען אידעאַל קריגט ער פון גאָט דעם נאָמען „ישראל", וואָס באַשטעטיגט, אַז זיין אויפגאַבע איז צו באַהערשען און אויך קעמפען פאַר דער גאָטהייט. די דאָזיגע אויפגאַבע גייט אויך איבער בירושה צו זיינע קינדער און פאַרבלייבט מיט זיי ביז היינטיגען טאָג.

עשו, דער „יודע ציד", דער געיעג־מענש, וועלכער האָט פון זיין פאָטער יצחק געקראָגען די ברכה „ועל חרבך תחיה", אויף דיין שווערד זאָלסטו לעבען, גייט ניט אין די וועגען פון זיינע עלטערן; ער נעמט זיך צום שווערד און באַקעמפט אַ סך פון די אַרומיגע פעלקער און מאַכט זיינע קינדער פאַר „אלופים", הערשער איבער זיי. פאַר לאַנגע דורות דינען זיינע קינדער די פאַרשיידענע אָפּגעטער, ביז זיי ווערען פון די אַפּאָסטאָלען באַקערט צום קריסטענטום. אויך זייער נייע אמונה האָבען זיי מיט'ן כח פון שווערד אַרויפגעצוואונגען אויף אַ גרויסער צאָל פעלקער און איר געמאַכט פאַר דער הערשענדער רעליגיע אין דער וועלט.

די אַראַבישע פעלקער, וועלכע באַהויפּטען, אַז זיי שטאַמען פון ישמעאל׳ן, האָבען נאָכגעפאָלגט די קינדער פון עשו און געשאַפען פאַר זיך אַן אייגענע אמונה — דעם מאַכמעדאַניזם. אויך זיי האָבען זייער נייע אמונה פאַרשפּרייט דורך טייכען בלוט. די נבואה פון דער תורה וועגען ישמעאל׳ן, אַז ער וועט זיין „פרא אדם, ידו בכל ויד כל בו״ — אַ ווילדער מענש, וועלכער וועט זיך שלאָגען מיט דער גאַנצער וועלט, — איז מקוים געוואָרען ביז היינטיגען טאָג. קיין אמונה האָט ניט געשאַפען אַזעלכע ווילדע פאַנאַטיקער, וועלכע האַלטען זיך אין שלאָגען מיט אַלע אַנדערע, ווען זיי באַטראַכטען זיי פאַר אומגלויבער.

כאָטש עשו און ישמעאל האָבען ביידע גענומען זייערע אמונות פון יעקב׳ן, זייערע תורות זיינען אַ נאָכמאַכונג פון דער אידישער תורה, האָבען זיי אים אָבער דערפאַר באַצאָלט מיט שטיינער. ווי ווילדע חיות האָבען זיי זיך פון צייט צו צייט געוואָרפען אויף דעם שוואַכען יעקב און זיך געבאָדען אין זיין בלוט. איבערהויפּט האָבען די קינדער פון עשו אַרויסגעוויזען אַ ווילדע שנאה צו די קינדער פון יעקב און זיי געמאַכט פאַר דעם שעיר לעזאזל פון דער וועלט; אַלע זייערע ווילדע אויסברוכען האָבען זיך אָנגעפאַנגען מיט גרויזאַמע שחיטות אויף אידען, און נאָך ביז היינטיגען טאָג ווערט דער טייפעלשער שפּיל פאַר־געזעצט.

אָט דערפאַר זאָגט דער נביא אין דער היינטיגער הפטרה אין נאָמען פון גאָט: „ואת עשו שנאתי״, און עשו׳ן האָב איך פיינט, „ואשים את הריו שממה ואת נחלתו לתנות מדבר״, און איך וועל וויסט מאַכען זיינע בערג און זיין נחלה וועל איך איבערגעבען צו די שאַקאַלען פון דער מדבר. די בלוט פון זיין ברודער יעקב וועט אים ניט געשענקט ווערען. די מלחמות, וואָס זיי פירען אָן, וועלען זיי אַליין אומברענגען.

דער אויסרייד פאַר יעדער מלחמה ווערט פון ישמעאל׳ן אָנגעגעבען, אַז ער איז אַ „שומע אל״, ער פאָלגט אויס די געבאָטען פון זיין גאָט, און פון עשו׳ן, אַז ער איז אַן „עושה רצון עושיו״, ער טוט דעם ווילען פון די, וואָס האָבען אים געמאַכט. די ווילדע מלחמות ווערען כלומר׳שט אָנגעפירט פאַר הויכע אידעאַלען, אָדער צו פאַרשפּרייטען זייער גאָטהייט, אָדער צו פאַרפעס־טיגען דעמאָקראַטיע. זייערע פאַלשקייטען אָבער ווייזען זיך אַרויס בולט נאָך די מלחמות. אַז דער אָרימער יעקב, וועלכער האָט געליטען מער פאַר אַלע־מען, קומט אויך פאָדערען זיין רעכט, ענטפערט מען אים: „רוששנו ונשוב

ונבנה חרבות", מיר זיינען דאָך פאַראַרעמט, לאָמיר צוערשט צוריקבויען אונ־זערע נאַציאָנאַלע חורבות, נאָכדעם וועלן מיר אויפנעמען די אידענפראַגע.

„כה אמר ה' צבאות" — אַזוי אָבער זאָגט דער גאָט פון אַלע הערשאַפ־טען: „המה יבנו ואני אהרוס" — זיי וועלען בויען און איך וועל צעשטערען, „וקראו להם גבול רשעה", און מען וועט זיי רופען די גרעניצען פון שלעכט־קייט. אויב די גרעניצען פון זייערע לענדער זיינען געשלאָסען פאַר די אידען און זייערע טירען ווערען פאַרשוויגען, וועלען זיי זיך לאַנג ניט האַלטען. מיט זייער שנאה צו ישראל פאַרזייען זיי צוריק שנאה און פיינטשאַפט אין זייערע קינדער, וועלכע וועט שפּעטער ווייטער אויסברעכען און זייערע לענדער צוריק פאַרניכטען.

עשו און ישמעאל — „שמותיהם נאים", זייערע נעמען זיינען טאַקע גאַנץ שיינע, זייערע „אַטלאַנטיק טשאַרטערס" און דעמאָקראַטיש־קלינגענדע רעדעס זיינען אויסגעצייכענט, אָבער זייערע מעשים מיט זייערע שוואַרץ־ווייסע פאַ־פירען זיינען שלעכט און באַרבאַריש.

---

ג.

## יצחק קריגט אַ באַפעהל ניט צו פאַרלאָזען דאָס לאַנד

**המה יבנו ואני אהרוס.**

„לזרעך אתן" אין כתיב כאן, אלא „נתתי לזרעך", „כבר נתתי" — צו דיינע קינדער „וועל" איך געבען די אַלע לענדער ווערט דאָ ניט געשריבען, נאָר איך „האָב" זיי געגעבען, דאָס הייסט, איך האָב דאָס שוין לאַנג זיי אַוועק־געגעבען (ירושלמי חלה פ"ב הל' א').

דער כלל פון אונזערע חכמים, אַז „מה שאירע לאבות אירע לבנים" — אַלץ, וואָס האָט פּאַסירט מיט אונזערע אבות, האָט נאָכדעם פּאַסירט מיט זייע־רע קינדער, ווערט רעפלעקטירט אויך אין דער לעבענס־באַשרייבונג פון אונזער פאָטער יצחק. אברהם איז געווען באַוואוסט איבער אַלע לענדער פון דעם אָריענט אַלס אַ „נשיא אלקים", אַ געטליכער פּרינץ, ווייל וואו ער איז גע־קומען אויף זיינע לאַנגע וואַנדערונגען, האָט ער געבויט „מזבחות", אַלטאַרען,

פון וועלכע ער האָט פאַרשפּרייט זיין נייעם גלויבען. ער איז אויך געווען באַרימט אַלס רייכער מאַן און גרויסער מכניס אורחים. דאָך האָט מען אים איבעראַל באַטראַכט אַלס „אברהם העברי" — אַלס אַ מענש, וועלכער קומט פון דער פרעמד, פון אַן אַנדער זייט.

עס איז דעריבער קיין וואונדער ניט, וואָס די געשיכטע פון אונזער פאָטער יצחק הויבט זיך אָן מיט „אלה תולדות יצחק בן אברהם — אברהם הוליד את יצחק" — דאָס זיינען די געבירט פון יצחק, דער זון פון אברהם — אברהם האָט געבוירען יצחק'ן. אידישע געשיכטע ווערט ניט געשריבען אַזוי ווי די געשיכטע פון אַנדערע פעלקער. ביי זיי, די גוים, הויבט זיך עס אָן נאָרמאַל: דער ערשטער האָט געבוירען דעם צווייטען און דער צווייטער דעם דריטען, ביז דאָס פאָלק האָט זיך צוואָקסען. אַזוי זעהען מיר טאַקע אין דער סדרה חיי שרה, וואו עס ווערען איבערגעגעבען די תולדות, די גע־בירט, פון ישמעאל. ביי אים פאַנגט זיך עס אָן פראָסט און פשוט: „ואלה שמות בני ישמעאל בשמותם לתולדותם", דאָס זיינען די נעמען פון די קינ־דער פון ישמעאל, לויט זייערע נעמען פון געבורט, „סדר לידתן זה אחר זה" — לויט דעם סדר פון זייער געבורט, איינער נאָכ'ן אַנדערן (רש"י).

אָבער ביי אונז איז ניט געווען אָנצופאַנגען מיט „אלה תולדות יצחק בן אברהם" און אָנגעבען די נעמען פון זיינע קינדער לויט זייער עלטער, מיר דאַרפען צוערשט פעסטשטעלען ווער מיר אַליין זיינען. אַז „אברהם הוליד את יצחק" — אַז אברהם האָט טאַקע געבוירען זיין זון יצחק. מיר מוזען אי־בעראַל ווייזען ווייזעס און פאַספּאַרטען, וועלכע זאָלען באַשטעטיגען, אַז מיר זיינען אונזערע טאַטע'ס קינדער און אַז מיר האָבען קיינע גרעניצען ניט גע'־גנב'עט. אַזוי איז שוין דער שיקזאַל פון „עברים", פון וואַנדערער, וועלכע האָבען ניט קיין אייגענע נאַציאָנאַלע היים און מוזען שטענדיג קלאַפּען אין די טירען פון פרעמדע לענדער, אַז מען זאָל זיי אַריינלאָזען . . .

אונזערע חז"ל ווילען האָבען, אַז מיט די ווערטער „אברהם הוליד את יצחק" ווערט באַצייכענט די גרויסע ענליכקייט, וואָס יצחק האָט געהאַט צו זיין פאָטער אברהם: ער איז געווען ענליך צו אים אין שיינקייט, אין חכמה, אין כוח, אין רייכטום און אין מעשים טובים. אויך איז דאָס לעבען פון יצחק געווען שטאַרק ענליך צו דעם לעבען פון זיין פאָטער אברהם. אויך ער איז געווען געצוואונגען אַרומצוואַנדערען פון איין אָרט צום צווייטען. אויך ער האָט געהאַט רדיפות און פאַרפאָלגונגען פון זיינע שכנים אין די פאַרשיי־

דענע לענדער, וואו ער האָט צייטווייליג געוואוינט. איבערהויפּט האָט מען זיך צו אים געטשעפּעט און אים פאַרפאָלגט ביי יעדער געלעגענהייט, וואָס האָט אים באַגליקט און ווען זיינע אָן אונטערנעמונג האָט געהאַט דערפאָלג (ב״ר ס״ד).

נאָך זיין פאָטער׳ס טויט באַזעצט זיך יצחק אין באר שבע, אויף דער נחלה, וואָס ער האָט אָפּגעקויפט פון עפרון החתי. ער קויפט איין נאָך נחלאות און באַאַרבייט זיי, און ווי זיין פאָטער האָט געטאָן, בויט ער אויך מזבחות פאַר גאָט אין אַלע לענדערייען, וואָס ער האָט דעראָבערט. ברעכט אָבער אויס אַ גרויסער הונגער אין לאַנד און ער איז געדריקט אויסצוואַנדערען אין אַזעלכע לענדער, וואו דער הונגער האָט ניט דערגרייכט. זיין ערשטע כונה איז געווען צו פאַרען נאָך מצרים. דער אויבערשטער ווייזט זיך אָבער צו אים און זאָגט אים: „אל תרד מצרימה, שכן בארץ אשר אומר אליך״ — דו זאָלסט ניט אַרונטערנידערען נאָך מצרים, וואוין אין דעם לאַנד, וואָס איך וועל דיר זאָגען. דאָ זעהט מען ווייטער אָן ענליכקייט צו זיין פאָטער אברהם, וועלכער האָט באַקומען דעם באַפעל פון גאָט: „לך לך אל הארץ אשר אראך״ — גיי דיר צום לאַנד, וואָס איך וועל דיר ווייזען.

„וישב יצחק בגרר״ — באַזעצט זיך יצחק אין גרר, אויף די גיטער, וואָס זיין פאָטער האָט דאָרט אַמאָל איינגעהאַנדעלט. ער געפינט, אַז „כל הבארות אשר חפרו עבדי אביו סתמום פלשתים וימלאום עפר״ — אַלע ברונימער, וואָס די קנעכט פון זיין פאָטער האָבען געגראָבען, האָבען די פלשתים פאַרשטאָפּט און פאַרשאָטען מיט ערד. ווי עס ווייזט אויס, האָבען די נאָמאַדישע איינוואוינער פון יענע לענדער קיינמאָל קיין שטאַרקע ליבע ניט געהאַט צו דעם לאַנד. זיי האָבען קיינמאָל ניט געזוכט צו פאַרבלייבען די שטענדיגע איינוואוינער פון לאַנד און צו אַנטוויקלען די רעסורסען פון זיין באָדען. אין געגענטייל, אַזוי גיך ווי עס פלעגט זיי מיאוס ווערען צו זיצען אויף איין אָרט, פלעגען זיי צוזאַמעננעמען זייערע שאָף און רינדער און וואַנדערען ווייטער. אָבער איידער זיי האָבען פאַרלאָזען דאָס פּלאַץ, האָבען זיי צעשטערט און פאַרניכטעט אַלע פעלדער און וועלדער און אויך די ברונימער פון וואַסער פאַרשטאָפּט און פאַרשאָטען.

דער אַמעריקאַנער פּראָפעסאָר לאודערמילק, וועלכער האָט פאַר אַ לאַנגער צייט אויסגעשטודירט דעם באָדען פון ארץ־ישראל, גיט אָן אורזאַך וואָרום אירע אַראַבישע איינוואוינער האָבען אים אַזוי פאַרלאָזען און פאַרוויסט. ער

זאָגט: די אַראַבער זיינען מערסטענס באַשטאַנען פון קריגערישע שבטים, וועלכע פלעגען קעמפען איינער קעגען די אַנדערע. זיי האָבען זיך קיינמאָל ניט אָפּגעגעבען מיט באַארבייטען דעם באָדען, ווייל זיי האָבען ווייניג ליבע געהאַט צו אים. אַז איין שבט איז באַפאַלען אַ צווייטען, האָט ער חרוב געמאַכט אַלע מקורים פון פרנסה און איבערהויפּט פאַרשאָטען אַלע ברונימער פון וואַסער, וואָס זיינען העכסט נויטיג פאַר דער לאַנדווירטשאַפט אין די טראָפּישע לענדער. זיי פלעגען אויך אויסרייסען אַלע ביימער און אַזוי־אַרום אויסגעזוזעצט דעם באָדען צו טאָרנאַדען און אירוזיעס, וועלכע האָבען פון דעם גאַנצען לאַנד געמאַכט אַ וויסטע מדבר. די אידישע חלוצים געפינען דאָרט איצט פיל אַזעלכע ברונימער, וואָס זיינען בידים פאַרשאָטען געוואָרען, כדי צו האַלטען דאָס לאַנד פוסט און וויסט.

טראָץ אַלע שוועריגקייטען, אַרבייט זיך יצחק אַרויף. „ויזרע יצחק בארץ ההיא" — יצחק זייט דאָרט אין לאַנד. ער האָרעוועט שווער און מאַכט דעם באָדען צוריק פּרוכטבאַר. דאָס קענען אָבער זיינע שכנים ניט פאַרטראָגען. אַזוי גיך ווי עס גילט אים אָפּ, „וימצא מאה שערים" — און ער באַקומט גרויסע פּראָפיטען און אַ רייכע איינקונפט פון זיין אַרבייט, הייסט מען אים גיין. „לך מעמנו כי עצמת ממנו" — גיי פון אונז, דו ביזט צו־שטאַרק פאַר אונז. אָט דיזעלבע טענה הערען מיר דאָך אויך איצט פון דער „אַראַבישער ליג", וועלכע פאַרגינט ניט די אידען זייערע דערגרייכונגען אין ארץ־ישראל. ביי זיי איז פיל ליבער, אַז דאָס לאַנד זאָל ווייטער שטיין פוסט און לער, אַבי ניט צו האָבען דאָרט די אידען.

יצחק גייט פון דאָרט אַוועק און באַזעצט זיך אויף אַן אַנדער נחלה, וואָס זיין פאָטער האָט פאַרמאָגט אין „נחל גרר". ער מיט זיינע באַדינער הויבען אָן צוריק אויפגראָבען די ברונימער פון זיין פאָטער, וואָס די פלשתים האָבען פאַרשאָטען. אָבער אַזוי גיך ווי ער געפינט וואַסער, באַפאַלט מען אים אויך דאָרט און מען נעמט עס פון אים אַוועק. ער רופט אָן דעם ברונעם „עשק", קריג, ווייל דאָס האָט פאַראורזאַכט אַ קריג צווישען אים און זיינע שכנים. און אַזוי ווי ער וויל אויסמיידען קריגערייען, לאָזט ער דעם ברונעם איבער און גייט זיך באַזעצען אויף אַן אַנדער נחלה פון זיין פאָטער, אין אַן אַנדער געגענט פון לאַנד.

ער גראָבט דאָרט ווייטער אַ ברונעם און ווידער ברעכען אויס מחלוקות. ער רופט דעם ברונעם „שטנה", פיינטשאַפט, צוליב דער גרויסער שנאה, וואָס

דאָס האָט אַרויסגערופען קעגען אים מצד די פלשתים, און ער לאָזט אים אויך איבער און ציט זיך אַרויס פון דאָרט. ער גראָבט ווייטער. און אַז מען לאָזט אים ענדליך צורו, גיט ער שוין דעם ברונעם אַ נאָמען „רחובות", דערלייכ־טערונג, „כי הרחיב ה' לנו" — גאָט האָט אונז באַפרייט און מיר וועלען איצט קענען לעבען בשלום.

„אַזוי איז עס תמיד," באַמערקט אויף דעם ר' אהרן יעלינעק, „אידישע רחבות באַשטייט אין דעם, וואָס מען טשעפּעט זיי ניט און לאָזט זיי צורו."

די אורזאַך, וואָרום גאָט האָט אים געהייסען, אַז ער זאָל ניט פאַרלאָזען דאָס לאַנד, ווערט אָנגעגעבען אין פּסוק: „כי לך ולזרעך אתן את כל הארצות האל" — ווייל צו דיר און דיינע קינדער וועל איך געבען די אַלע לענדער. כאָטש זיי זיינען נאָך איצט באַוואוינט פון אַנדערע פעלקער, וועלען זיי אָבער ענדליך זיין דיינע, ווייל אין מיין שבועה, וואָס איך האָב געגעבען צו דיין פאָטער אברהם, „כבר נתתי לזרעך את כל הארצות האל", האָב איך שוין לאַנג איבערגעגעבען די אַלע לענדער צו זיינע קינדער (ירושלמי שם). דאָס דאַרף דינען אַ לעקציע צו די אַלע, וואָס זוכען חלוקה אין ארץ־ישראל. דאָס לאַנד קען ניט צעטיילט ווערען. אין דעם לאַנד זיינען שותפים די זיידעס אַזוי גוט ווי די אייניקלאַך און מיר האָבען ניט קיין רעכט מפקיר צו זיין זייער חלק.

באַמערקונגסווערט איז דער אויספיר, וואָס גאָט גיט אים, וואָרום ער האָט דאָס לאַנד פאַרשפּראָכען צו זיין פאָטער אברהם: „עקב אשר שמע אברהם בקולי וישמר משמרתי, מצותי, חוקותי ותורתי" — דאָס איז דערפאַר, ווייל אברהם האָט זיך צוגעהערט צו מיין שטים און האָט אָפּגעהיט מיינע מצוות, געזעצען און תורה. האַלטען זיך די אידען ביי זייער גלויבען און גיבען ניט אויף זייער אייגענאַרטיג לעבען, וועלען זיי מיט דער צייט אויפגעריכט ווערען אַלס פאָלק און צוריק באַקומען זייער לאַנד „מדן ועד באר שבע".

# הפטרה

## בלויז אידען וועלען בויען ארץ־ישראל

**המה יבנו ואני אהרוס**

„כל מה שהם יושבין ומחשבין לבנות עלינו ולכלותנו, הוא הורס עצתם" — אַלץ, וואָס זיי זיצען און פּלאַנען צו בויען קעגען אונז און אונז צו פאַר־ניכטען, וועט גאָט צעשטערען זייער עצה (מדרש שוחר טוב).

די נבואה פון היינטיגער הפטרה איז געזאָגט געוואָרן צו די חלוציב, וועלכע האָבען זיך אָפּגעגעבען מיט צוריקבויען דאָס חרוב׳ע ארץ־ישראל. דער נביא מלאכי האָט געלעבט ביים סוף פון גלות בבל, ווען כורש דער קעניג פון פּערסיע האָט איינגענומען דאָס לאַנד און אַרויסגעלאָזט אַ פּראָקלאַמאַ־ציע צו די אידען, אַז ווער פון זיי, וואָס וויל זיך צוריקקערען נאָך ארץ־ישראל און ווידער בויען דעם בית המקדש, קאָן עס טאָן און זיין מלוכה וועט זיי גערן העלפען. אַרום עטליכע און פערציג טויזענט חלוצים, אונטער דער פירער־שאַפט פון זרובבל, האָבען פאַרלאָזען דעם גלות און זיינען אַוועק צוריק אויפ־בויען די אידישע נאַציאָנאַלע היים.

ווען די ניט־אידישע איינוואוינער פון לאַנד האָבען באַמערקט די פיבער־רישע טעטיגקייט פון די אידען און ווי אונטער זייערע געטרייע הענט האָט דאָס לאַנד גענומען צוריק אויפבליען, האָבען זיי אָנגעהויבען זיי צו שטערען אין דער אַרבייט. אָבער ניט געקוקט אויף אַלע שטערונגען, האָבען די חלוצים פאָרגעזעצט די בוי־אַרבייט. זיי האָבען אָרגאַניזירט אַ מין „הגנה", וואָס האָט זיי באַשיצט קעגען די אָנפאַלען, און יעדער אַרבייטער האָט מיט זיך געטראָגען געוועהר צו קענען זיך פאַרטיידיגען. אַז דער דעמאָלסדיגער מופטי סנבלט מיט זיינע האָרדעס האָבען געזעהן, אַז די אידען שענקען זיי ווייניג אויפמערק־זאַמקייט און שרעקען זיך ניט אָפּ פון זייערע סטראַשונקעס, האָבען זיי אָנגע־הויבען שיקען פּאַסקווילען צו דער ממשלה, אין וועלכע זיי האָבען געגאָסען פעך און שוועבל אויף די קעפּ פון די אידען און באַשולדיגט זיי אין אומטריי־קייט און אַז זיי זוכען צו פאַרכאַפּען אַלע אַרומיגע לענדער (עזרא ד׳).

איינע פון זייערע הויפּט טענות איז געוועזן: „נבנה עמכם כי ככם נדרש לאלקיכם" — מיר ווילען בויען צוזאַמען מיט אייך, ווייל אויך מיר ווילען די

נען אייער גאָט. אין פּאָליטישען לשון קען דאָס הייסען, אַז זיי האָבען איינ־געשטימט אויף אַ מין „מאַגנעס״־פּלאַן — צו מאַכען פון ארץ־ישראל אַ קאַנ־טאָנען־לאַנד, איינגעטיילט צווישען אידען און ניט־אידען. אויף דער פראַגע, וואָרום האָבען זיי דאָס לאַנד ניט געבויט ביז איצט? וואָרום האָבען זיי דאָס לאַנד אַזוי פאַרנאַכלעסיגט און פאַרוויסט? — האָבען זיי געענטפערט, אַז זיי זיינען געוועזען צו־אָרים, אָבער צוזאַמען מיט די רייכע אידען וועלען זיי דאָס קאָנען דערוויזען.

דער נביא מלאכי איז קעגען אַזעלכע פּלענער און ער ראָט די אידען ניט איינצוגיין אויף דעם, ווייל דער אמת איז, אַז זיי מיינען ניט צו בויען, נאָר צו שטערען די אידישע בוי־אַרבייט. ער זאָגט: „כי תאמר אדום רששנו״ — ווען אדום טענה׳ט, אַז מיר זיינען געוועזען אָרים, „ונשוב ונבנה חורבות״ — איצט אָבער וועלען מיר זיך נעמען איבערצובויען די וויסטע פּלעצער, זאָלט איר זיי ניט גלויבען. זייער כוונה איז אייך צו שטערען אין דער אַרבייט. „המה יבנו״ — יושבין ומחשבין לבנות עלינו ולכלותנו״ — אַלע זייערע בוי־פּלענער זיינען געצילט קעגען אונז, ווייל זיי ווילען אונז פאַרניכטען. „ואני אהרוס״ איך וועל אָבער צעשטערען זייערע שלעכטע כוונות. ארץ־ישראל וועט געבויט ווערען פון אידען אַליין, ווייל אַזוי האָט דער אויבערשטער פאַרשפּראָכען צו אונזער פאָטער אברהם. „והרביתי את זרעך ככוכבי השמים ונתתי לזרעך את כל הארצות האל״ — איך וועל פאַרמערען דיינע קינדער ווי די שטערען אין הימעל, און די אַלע לענדער האָב איך שוין לאַנג איבערגעגעבען צו דיינע קינדער.

---

ד.

## יצחק טיילט־איין יענע וועלט צו יעקב׳ן און די וועלט צו עשו׳ן

**מטל השמים ומשמני הארץ.**

„מטל השמים, זה טל של תחיה שעתיד הקב״ה להחיות בו מתים. ומשמני הארץ, זה טובת העולם הזה״ — דער טוי פון די הימלען, דאָס איז דער טוי, מיט וועלכען דער אויבערשטער וועט אויפלעבען די טויטע. די פעטקייטען פון דער ערד, דאָס מיינט די גוטס פון דער וועלט (מדרש הגדול).

איבער דער מערקווירדיגער געשיכטע אין היינטיגער סדרה, ווי יעקב

האָט מיט דער הילף פון זיין מוטער רבקה זיך פאַרשטעלט אַלס זיין ברודער עשו און אַזוי־אַרום אויסגענאַרט די ברכות פון זיין פאָטער יצחק, זיינען גע־שריבען געוואָרען גאַנצע ליטעראַטורען כמעט אין אַלע שפּראַכען פון דער וועלט. די אַנטיסעמיטען און אידען־פּרעסער האָבען עס אויפגעכאַפּט פאַר אַ זעלטענער מציאה אום צו קאָנען באַשמוצען דעם אידישען נאָמען. איבער־הויפּט האָט די קאַטוילישע קירך, אין אירע ערשטע יאָרען, שטאַרק אויסגע־נוצט דעם דאָזיגען פאַל צו איבערצייגען אירע נאָכפאָלגער, אַז מען טאָר אי־דען ניט געטרויען. דער פאַקט, אַז יצחק אַליין זאָגט צו זיין זון עשו: „בא אחיך במרמה ויקח ברכתך״ — דיין ברודער איז געקומען מיט באַטרוג און האָט צוגענומען דיין ברכה, האָט זיי געדינט פאַר דעם בעסטען באַוויז, אַז אידען זיינען פון דער נאַטור אַ פאָלק פון שווינדלער און באַטריגער.

אומציילליגע דעבאַטען און פּאָלעמיקס צווישען פאַרשטייער פוןביידע רע־ליגיעס איבער דער דאָזיגער פרשה זיינען פאָרגעקומען גאַנץ אָפט אין דעם מיטעלאַלטער, און אין מאַנכע ערטער האָט עס געפירט צו ווילדע אויסברוכען קעגען אידען. מיר זיינען דאָ אָבער ניט אויסען צו באַהאַנדלען געשיכטליך די דאָזיגע ווילדע געשעהענישען. וואָס אונז אינטערעסירט איז צו ווייזען ווי די „אגדה״ האָט רעאַגירט איבער דעם ענין. די דערקלערונגען פון אונזערע חכמים וואַרפען אַ גאַנץ אַנדער ליכט אויף די פסוקים. מיר וועלען דאָ פּרו־בירען צו שילדערען דאָס בילד ווי אונזערע בעלי אגדה האָבען עס געזעהן, אָנגעבענדיג די פאַרשיידענע מקורים, פון וואַנען מיר האָבען עס גענומען:

„ויהי כי זקן יצחק ותכהין עיניו״ — דאָס איז פאָרגעקומען, ווען יצחק איז אַלט געוואָרען און זיינע אויגען זיינען געוועזן צו־טונקעל צו זעהן. „מה יהיה באחריתו של עשו״ — וואָס וועט ענדליך ווערען פון עשו׳ן? קורצזיכטיגע טאַטעס באַמערקען ניט די חסרונות פון זייערע קינדער. אין זיין בלינדער ליבע צו עשו׳ן האָט יצחק ניט געקאָנט פאָראויסזעהן, אַז מיט יאָרען שפּעטער וועט עשו אינגאַנצען אויפגעבען די אמונה פון זיינע עלטערען און נאָך אָנ־פירען אַ שטענדיגען קאַמף מיט די קינדער פון זיין ברודער יעקב פאַר זייער גלויבען אין איר. „ויאהב יצחק את עשו״ — יצחק האָט ליב געהאַט עשו׳ן און איז געוועזן גרייט אים איבערצוגעבען די ברכות, וואָס ער האָט באַקומען פון זיין פאָטער, ניט וויסענדיג, אַז „זה הדבר על יעקב נאמר״ — די ברכה, וואָס גאָט האָט געגעבען צו אברהמ׳ען וועגען זיינע קינדער, איז געוועזן גע־מיינט פאַר יעקב׳ן און ניט פאַר עשו׳ן (מדרש הגדול).

זיין באַשלוס איז אָבער ניט דורכגעפירט געוואָרען, ווייל „כיון שבא יצחק לברך את עשו נגלה הקב"ה ממקום קדושתו ובירך את יעקב בעל כרחו" — אַזוי גיך ווי יצחק האָט באַשלאָסען צו בענשען עשו'ן, האָט זיך דער איבער־שטער אַנטפּלעקט פון זיין הייליגען אָרט און אים געמאַכט צו בענשען יעקב'ן, טראָץ זיין ווילען (נר השכלים, תורת שלמה). און די אַנטפּלעקונג איז געקומען צו אונזער מוטער רבקה, וועלכע איז דורך „רוח הקודש" אויפגעפּאָדערט גע־וואָרען צו שטערען דעם פּלאַן פון יצחק'ן (ב"ר ס"ז).

ווי קומט עס, אַז יצחק זאָל זיין אַזוי גענאַרט אין זיין זון עשו? אויף דעם גיבען אונז די חז"ל פאָלגענדע דערקלערונג: „כי ציד בפיו" — ווייל ער האָט איבּ גענומען געפאַנגען מיט זיין מויל. פון צייט צו צייט פלעגט ער צו אים קומען מיט אַזעלכע שאלות וועגען כשר און טריף אָדער אַנדערע מצוות, וועלכע האָבען אַרויסגעוויזען זיין גרויס פרומקייט און איבערגעבענקייט צו דער רעליגיע פון זיין פאָטער (רש"י). רבקה האָט אָבער גוט געוואוסט זיינע פאַלשקייטען און האָט אים דערפאַר ניט ליב געהאַט. איבערהויפּט זיי־נען איר געווען שטאַרק דערווידער זיינע כנענ'ישע פרויען, וועלכע פלעגען דינען צו זייערע אָפּגעטער אויך ווען זיי האָבען פאַרוויילט אין איר הויז. מאַנכע פון די חכמים ווילען זאָגאַר האָבען, אַז דער רויך פון די בשמים, וואָס זיי פלעגען ברענען צו זייערע אָפּגעטער, איז אַריין אין די אויגען פון יצחק און אים בלינד געמאַכט (ב"ר ס"ז).

רבקה האָט פיל ליבער געהאַט איר אינגערען זון יעקב, וועלכער איז געווען אַ שטילער און גאָטספאָרכטיגער. ווען זי האָט זיך דערוואוסט, אַז איר מאַן קלייבט זיך צו געבען זיין לעצטע ברכה צו עשו'ן, האָט זי אויסגעטראַכט אַ פּלאַן ווי אים אָפּצונאַרען און אַרויסקריגען די ברכות פאַר איר זון יעקב. זי רופט אים אַריין צו זיך און זאָגט אים: איך האָב געהערט ווי דיין פאָטער האָט גערעדט מיט דיין ברודער און אים געזאָגט: „הביאה לי ציד ועשה לי מטעמים ואוכלה, ואברככה לפני ה', לפני מותי" — ברייננ מיר אַ פאַנג און מאַך פאַר מיר געריכטען צום עסען און איך וועל דיך בענשען פאַר גאָט פאַר מיין טויט." איצט, מיין קינד, זאָגט זי ווייטער צו אים, הער זיך איין צו מיין שטים און פאָלג וואָס איך הייס דיר: גיי צום שטאַל און בריינג מיר צוויי גוטע ציגעלאַך און איך וועל צוגרייטען פאַר דיין פאָטער אַזעלכע געריכטען, וואָס ער האָט ליב. בריינג עס אַריין צו אים, זאָל ער עסען, כדי ער זאָל דיך בענשען פאַר זיין טויט.

יעקב וויל אָבער ניט נאַרען זיין פאָטער. אמת טאַקע, זאָגט ער איר, אַז ער האָט די בכורה פאַרקויפט צו מיר, און לויט יושר קומט מיר די ברכה, אָבער „הן עשו אחי איש שעיר ואנכי איש חלק" — מיין ברודער עשו איז דאָך אַ האָריגער מענש און איך בין אַ גלאַטער. ער באַזיצט חיה'שע אינסטינקטען, פאַר אים פאַסט צו טאָן אַזאַ זאַך. איך אָבער בין אַ שטילער מענשעל — ווי קאָן איך אָפּנאַרען מיין פאָטער? (בית המדרש). רבקה באַפעהלט אים אָבער: „שמע בקולי ולך קח לי" — הער מיין שטים און גיי נעם עס פאַר מיר, און ער מוז איר פאָלגען.

אַז ער ברייננגט אַריין די געריכטען צו זיין פאָטער, בעט ער אים: „קום נא שבה ואכלה מצידי בעבור תברכני נפשך" — זיי אַזוי גוט, זעץ זיך אויף און עס פון מיין פאַנג אום דיין זעל זאָל מיך בענשען. יצחק, ווי עס ווייזט אויס, איז געוואָרען אַביסעל איבערראַשט פון דעם איידעלען לשון, ווי יעקב האָט צו אים גערעדט. פון עשו'ן איז ער ניט געוואוינט געווען צו הערען אַזוינע ווערטער ווי „זיי אַזוי גוט", און ער פרעגט אים: „מה זה מהרת למצא בני?" — ווי קומט, אַז דו האָסט עס אַזוי שנעל געקראָגען? ענטפערט אים יעקב: „כי הקרה ה' אלקיך לפני" — ווייל גאָט האָט עס פאַר מיר גלייך צוגעטראָפען.

דער ענטפער האָט אים נאָך מער איבערראַשט. „הלשון הזה אינו לשון עשו אלא לשון יעקב" — דאָס איז ניט די שפּראַך פון עשו'ן, נאָר פון יעקב'ן (תנ"י). עשו רעדט ניט פון גאָט בנוגע זיין חיונה. ער לעבט ניט מיט נסים. זיין פייל און בויגען ווערען אים שוין באַזאָרגען מיט פרנסה. יעקב איז אָבער קיינמאָל ניט זיכער מיט זיין חיונה. ביי אים איז עס אַ „מקרה", אַ צופאַל, אַ גאָט־זאַך. אויב עס געלינגט אים, האָט ער פון וואַנען צו לעבען, זיכער אָבער מיט דעם איז ער קיינמאָל ניט. יצחק'ס צווייפעל ווערט שטאַרקער און ער זאָגט אים: „גשה נא ואמושך בני, האתה זה בני עשו אם לא"? — קום נאָר אַהער און איך וועל דיך אָנטאַפּען, ביזטו עס טאַקע מיין זון עשו אָדער ניט? ער דערקענט אים אָבער ניט און בענשט אים.

אַזוי גיך ווי ער ווערט פאַרטיג מיט יעקב'ן, קומט אָן עשו מיט זיינע געריכטען, און ער רעדט מיט אים אין זיין שפּראַך: „יקום אבי ויאכל מציד בנו בעבור תברכני נפשך" — זאָל זיך מיין פאָטער אויפשטעלען און עסען פון דעם פאַנג פון זיין זון, כדי דיין זעל זאָל מיך בענשען. יצחק ווערט פאַר־ציטערט און זאָגט אים: „בא אחיך במרמה ויקח ברכתך" — דיין ברודער איז געקומען מיט באַטרוג און האָט אַוועקגענומען דיין ברכה. עשו צעוויינט

זיך און בעט זיך ביי אים: „הלא אצלת לי ברכה״? — דו האָסט דאָך פאַר מיר אויך געמוזט איבערלאָזען אַ ברכה. זאָל טאַקע זיין, אַז יעקב האָט פון דיר אויסגענאַרט די ברכה, וואָס דו האָסט באַשטימט פאַר מיר, אָבער דו האָסט דאָך געמוזט אויך איבערלאָזען אַ ברכה פאַר אים, גיב מיר כאָטש זיין ברכה. און יצחק בענשט אים אויך.

אינטערעסאַנט איז ווי די חז״ל רעאַגירען איבער ביידע ברכות: זיין ברכה צו יעקב׳ן הויבט זיך אָן מיט די ווערטער „ויתן לך״, **און ער וועט דיר געבען**, ווייל דאָס איז אַ פאָרזעצונג פון די ברכות, וואָס גאָט האָט געגעבען צו אברהמ׳ען און וועלען ערשט קומען נאָכדעם ווי יעקב׳ס קינדער וועלען דורכ־מאַכען פילע גלות׳ן און זיך אָנליידען כל׳ערליי צרות. עשו׳ס ברכה הויבט זיך אָן גלייך מיט אַ באַשטימטען פאַקט: „הנה משמני הארץ יהיה מושבך״ — פון די פעטקייטען פון דער ערד וועט זיין דיין וואוין־פּלאַץ (ב״ר ס״ז). יעקב׳ס חלק איז איבערהויפּט דער „מטל השמים״, דער טוי פון הימעל, מיט וועלכען „עתיד הקב״ה להחיות בו מתים״ — גאָט וועט לעבעדיג מאַכען די טויטע, דאָס הייסט, יענע וועלט. עשו׳ן אָבער גיט ער גלייך דעם „משמני הארץ״, די פעטקייטען פון דער ערד, „זו טובת העולם הזה״, דאָס איז די גוטס פון דער וועלט (מדרש הגדול).

ער מאַכט יעקב׳ן פאַר אַ „גביר לאחיך״, אַ הערשער איבער דיינע ברי־דער, אָבער דאָס איז בלויז אין הימלישע ענינים. גייסטיג וועט ער באַהערשען די וועלט. „יעבדוך עמים וישתחוו לך לאומים״ — די פעלקער וועלען דיר דינען און נאַציאָנען וועלען זיך צו דיר בוקען. דיין רעליגיע וועט זיין דער הויפּט־קוואַל, פון וועלכען אַלע גלויבענס וועלען ציען זייער הויפּט יניקה. אויך מיט דעם איז אָבער יעקב ניט זיכער, ווייל אין דער ברכה, וואָס ער גיט עשו׳ן, ווערט געזאָגט: „והיה כאשר תריד ופרקת עולו מעל צווארך״ — אויב דו וועסט אַרונטערגידערען, וועסטו אויסטאָן זיין יאָך פון דיין האַלז. וועט דיין מאָראַל פאַלען און דו וועסט זיך אינגאַנצען אָפּגעבען מיט דיין שווערד און זוכען צו באַהערשען די וועלט, וועסטו אויך זיין רעליגיע וועלען פאַרניכטען (דובנער מגיד).

ביי דער געלעגענהייט וויל איך דאָ איבערגעבען אַ שיין וואָרט פון דעם „חדושי הרי״ם״: ווען יצחק דערציילט עשו׳ן, אַז זיין ברודער איז געקומען און האָט אַוועקגענומען זיין ברכה, פאַרענדיגט ער זיינע ווערטער מיט „גם ברוך יהיה״ — זאָל ער אויך בלייבען געבענשט. יצחק האָט געהאַלטען פון

עשו'ן מער, ווייל ער איז געווען אַ „איש שדה", אַ טעטיגער מענש, אַן אויפּ־טוער, אין פאַרגלייך מיט יעקב'ן, וועלכער איז געווען אַ „יושב אוהל", אַ ישיבה־בחור. אַז ער האָט אָבער דערפאַרען, אַז יעקב איז געווען קלוג גענוג אויסצונאַרען די ברכות פון זיין ברודער, האָט ער זיך אַרומגעזעהן, אַז ער איז אויך פעהיג אין וועלטליכע ענינים, האָט ער זיך דערפרייט און געזאָגט: „גם ברוך יהיה" — זאָל ער שוין אויך בלייבען געבענשט.

# הפטרה

## בלויז אידען באַזיצען דעם געטליכען סוד

**ואוהב את יעקב.**

„עתידין האומות להיות אומרים אנו הם בניו של מקום, אומר להם הקב"ה: מי שמסתורין שלי בידיו הוא בני" — די פעלקער וועלען זאָגען: מיר זיינען די קינדער פון גאָט. אָבער ער וועט זיי ענטפערען: ווער עס באַזיצט מיינע סודות, איז מיין קינד (פסיקתא רבתי).

דער נביא מלאכי פון היינטיגער הפטרה האָט זיינע נביאות געזאָגט ביים סוף פון גלות בבל, ווען אַ קליינע צאָל אידען האָבען זיך צוריקגעקערט נאָך ירושלים און איבערגעבויט דעם חרוב'ן בית המקדש. די אידישע פירער זרובבל, עזרא און נחמיה האָבן דערוואַרט, אַז די מאַיאָריטעט פון די אידען, וועלכע זיינען נאָך פאַרבליבען אין בבל, וועלען זיך צוריקקערען און מיט פאַר־איניגטע כוחות בויען דאָס לאַנד. אָבער זייער האָפענונג איז ניט פאַרווירקליכט געוואָרען. דאָס רוב אידען, איבערהויפּט די רייכערע פון זיי, האָבען זיך אָנט־זאָגט צו פאַרלאָזען דעם גלות, וואו זיי האָבען זיך עקאָנאָמיש באַפעסטיגט, און אויך זייער פּאָליטישע לאַגע האָט זיך פיל פאַרבעסערט זינט כורש, דער קעניג פון פערזיע, האָט איינגענומען דאָס לאַנד.

די עטליכע און פערציג טויזענט אידען, וועלכע האָבען געענטפערט דעם רוף פון זייערע פירער און איינגעוואַנדערט אין לאַנד, האָבען געהאַט דורכצו־מאַכען גרויסע שוועריגקייטען און שטערונגען, וועלכע האָבען זיי שטאַרק ענט־

מוטיגט. די בוי־אַרבייט איז געווען פאַרבונדען מיט גרויסע סכנות, ווייל די איינוואוינער פון לאַנד האָבען זיי געשטערט אויף יעדען שריט און טריט. זייער טענה איז געווען: „נבנה עמכם כי ככם נדרוש לאלקיכם״ — מיר ווילען בויען צוזאַמען מיט אייך, ווייל אויך מיר זוכען אייער גאָט. און אַז די אידען האָבען זיך אַנטזאָגט נאָכצוגעבען זייער פאַרלאַנג, „ויהי עם הארץ מרפים ידי עם יהודה ומבהלים אותם לבנות״ — האָבען די איינוואוינער פון לאַנד געזוכט אָפּצושוואַכען די הענט פון די אידען און זיי שטערען אין דער בוי־אַרבייט (עזרא ד׳).

די דאָזיגע טרויעריגע אומשטענדען האָבען זיך שלעכט אָפּגערופען אויף דער פּאָליטישער און אויך אויף דער עקאָנאָמישער לאַגע. די גאַנצע אַרבייט פון צוריקבויען דאָס לאַנד און דאָס פאָלק האָט קאַפּיטולירט. פון איין זייט האָט עס געדינט פאַר אַ גוטען תירוץ פאַר די אַסימילירטע אידען פון בבל ניט צו געבען זייער שטיצע, און פון דער צווייטער זייט האָבען זיך געפונען פאַר־שיידענע ראַדיקאַלע גרופּען אין לאַנד, וועלכע האָבען געוואָלט נאָכגעבען דעם פאַרלאַנג פון די פרעמדע איינוואוינער און פאַרוואַנדלען ארץ־ישראל אין אַ צוויי־פעלקערדיגער מלוכה.

דער נביא מלאכי זוכט צו דערמונטערען די אידען און ער שילדערט פאַר זיי אַ גלענצענדע צוקונפט. ער זאָגט זיי: „אהבתי אתכם אמר ה׳״ — איך האָב אייך ליב, זאָגט גאָט. בלויז אייך האָב איך אויסגעקליבען צו זיין מיין פאָלק, ווייל „את עשו שנאתי״, עשו׳ן האָב איך פיינט. דאָס לאַנד און דער בית המקדש וועלען זיין אייערע, איר דאַרפט נאָר אייער מוט און זעלבסטווירדע ניט פאַרלירען. „כי תאמר אדום רוששנו ונשוב ונבנה חרבות״ — אויב אדום טענה׳ט, מיר האָבען טאַקע ביז אַהער פאַראַרימט דאָס לאַנד, מיר ווילען אָבער איצט צוריק אויפבויען די חרובות, זאָלט איר זיי ניט שיינקען קיין אויפמערק־זאַמקייט, ווייל אַזוי זאָגט גאָט: „המה יבנו ואני אהרוס״ — וואָס זיי וועלען בויען, וועל איך צעשטערען. בלויז דאָס, וואָס אידען וועלען בויען אין דעם לאַנד, וועט האָבען אַ קיום. און אויף זייער טענה, אַז אויך זיי זוכען דעמזעלבען גאָט, וואָס איר האָט, זאָגט זיי: „מי שמסתורין שלי בידו הוא בני״ — בלויז די, וועלכע האָבען פאַר טויזענטער יאָרען זיך אַרומגעטראָגען מיט מיינע מיסטעריעזע לערען און האָבען מיט אומבאַשרייבבאַרע מסירות נפש פאַרגעזעצט צו לעבען לויט מיינע פאַרשריפטען — יענע זיינען מיינע קינדער.

ה.

## איידער יעקב גייט אין גלות, קריגט ער די ברכה פון אברהם

**ויתן לך את ברכת אברהם לך ולזרעך אתך.**

„הקורא לאברהם אברם עובר בעשה, רבי אליעזר אומר, עובר בלא תעשה. אברהם מוליד, אברם אינו מוליד" — דער וואָס רופט אברהמ'ען „אברם", איז עובר אויף אַן „עשה" (א מצוה, וואָס מען דאַרף טאָן). רבי אליעזר זאָגט, אַז ער איז אויך עובר אויף אַ „לא תעשה" (אַן עבירה, וואָס מען טאָר ניט טאָן). „אברהם" געבירט קינדער; „אברם" בלייבט קינדערלאָז (ברכות ג', פסיקתא).

יצחק ווערט אַלט און זיינע קינדער מוזען איבערנעמען די גרויסע **ירושה**, וואָס זיין פאָטער אברהם האָט אים איבערגעלאָזען. און די ירושה באַשטייט פון צוויי אויפגאַבען: ערשטענס, צו דערווערבען דאָס לאַנד כנען און עס פאַרוואַנדלען אין אַ נאַציאָנאַלער היים פאַר דעם אידישען שטאַם, און, צווייטענס, צו פאַרשפּרייטען דעם געטליכען געדאַנק, צו וועלכען אברהם האָט געווידמעט זיין לעבען און דאָס לעבען פון זיינע נאָכקומענדיגע דורות. נאָך איידער יצחק איז געבוירען געוואָרען, האָט דער אויבערשטער געזאָגט צו אונזער פאָטער אברהם: „לא יקרא עוד שמך 'אברם'", דיין נאָמען וועט מער ניט הייסען „אברם", וואָס מיינט דער ערשטער פאָטער פון זיין אייגענעם שטאַם. „והיה שמך אברהם", דיין נאָמען וועט ווערען „אברהם", דער גרויסער פאָטער פון אַלעמען, „כי אב המון גוים נתתיך", ווייל איך האָב דיך באַשטימט צו זיין דער גייסטיגער פאָטער פון פיל פעלקער. און ער שליסט מיט אים אַ „ברית-עולם", אַן אייביגען בונד, וועלכער ווערט איינגעטיילט אין צווייען. ערשטענס: „להיות לך לאלקים ולזרעך אחריך" — צו זיין דיין גאָט און צו דיינע קינדער נאָך דיר. דו און דיינע קינדער זאָלען ניט אַנערקענען קיין אַנדערע געטער און איך וועל זיי דערפאַר באַשיצען וואו זיי וועלען זיך געפינען. און צווייטענס: „ונתתי לך ולזרעך אחריך את ארץ מגוריך, את כל ארץ כנען לאחוזת עולם" — און איך וועל געבען צו דיר און דיינע קינדער נאָך דיר דאָס לאַנד פון דיינע וואוינונגען, דאָס גאַנצע לאַנד פון כנען פאַר אַן אייביגען באַזיץ. איך וועל זיי העלפען צו דעראָבערען דאָס לאַנד און צו פאַרוואַנדלען עס אין אַ נאַציאָנאַלער היים, וואו זיי וועלען קאָנען לעבען לויט מיין תורה און אירע אידעאַלען.

אַט די גרויסע ירושה האָט אונזער פאָטער יצחק איבערגענומען און זי אָפּגעהיט מיט אַלע זיינע כוחות. אַזוי ווי זיין פאָטער אברהם, האָט ער זיך אויך געגוג אָנגעליטען פאַר זיינע רעליגיעזע איבערצייגונגען. וואו ער איז געקומען, האָט מען זיך מיט אים אַרומגעקריגט. אַלע ברונימער, וואָס ער האָט געגראָבען, האָבען זיינע שונאים פון אים אַוועקגערויבט, אָדער זיי צוריק פאַרשאָטען מיט ערד. יעדער מקור פון פרנסה, וואָס ער האָט אַנטוויקעלט, האָט מען געזוכט צו צעשטערען. און אַז נאָך אַלע שוועריגקייטען געלינגט אים דאָך צו ווערען דערפאָלגרייך, זאָגט מען אים: „לך מעמנו כי עצמת ממנו מאד" — גיי אַוועק פון אונז, ווייל דו ביזט צו־שטאַרק פאַר אונז. מען פאַרגינט אים ניט זיין דערפאָלג, כאָטש ער האָט מיט זיינע פעהיגקייטען אויפגעטאָן פיל פאַר דעם לאַנד און זיינע איינוואוינער.

ער ווערט אָבער ניט אַנטמוטיגט און קומט ענדליך אָן צו זיין פאָטער׳ס נחלה אין באר שבע, וואו ער נעמט זיך גראָבען נייע ברונימער און אַנטוויקלען די רעסורסען פון דעם לאַנד — און ער באַגליקט אין זיינע אונטערנעמונגען. דער קעניג אבימלך, וועלכער האָט אים מיט אַ צייט צוריק אַרויסגעשיקט פון גרר, זעהט ענדליך איין, אַז יצחק מיט זיינע קינדער ווערען אַ מאַכט, מיט וועלכער מען מוז זיך רעכענען. ער קומט אַרויס צו אים אין באר שבע צוזאַמען מיט זיין פעלדמאַרשאַל פיכל און אַ סוויטע פון זיינע מיניסטאָרען און שליסט מיט אים אַ בונד צו לעבען אין שלום, ווייל ער אַנערקענט, אַז „אתה עתה ברוך ה׳" — דו ביזט איצט דער געבענשטער פון גאָט. און אַז יצחק באַרוהיגט זיך טוט ער דאָס זעלבע, וואָס זיין פאָטער אברהם האָט געטאָן: „ויבן שם מזבח ויקרא בשם ה׳" — ער בויט דאָרט אַן אַלטאַר און פּראָקלאַמירט דעם נאָמען פון גאָט. דאָס איז געווען דער הויפּט ציל, די הויפּט אויפגאַבע אין דעם לעבען פון זיין פאָטער, און דאָס איז אויך דער ציל פון זיין לעבען.

ער ווערט אָבער אַלט און שוואַך און קאָן שוין מער ניט אָיגיין מיט דער אַרבייט. ער מוז די גרויסע ירושה, וואָס ער האָט באַקומען ־ן זיין פאָטער אברהם, איבערגעבען צו זיינע קינדער, אַז זיי זאָלען פאָרטזעצען די גרויסע מיסיע פון פאַרשפּרייטען גאָט׳ס נאָמען און אויך בויען דאָס לאַנד. אָבער וועמען פון זיינע זין, עשו׳ן אָדער יעקב׳ן, זאָל ער אָנפאַרטרויען מיט דער פירערשאַפט? ער אַליין האָט ליבער עשו׳ן, וועלכער איז געווען אַ „איש יודע ציד" — אַ מענש געניט אין געיעג און אַ פעהיגער קעמפער, וועלכער וועט זיך פּאַסען צו זיין דער פירער פון זיין שטאַם און וועט לייכט דעראָבערען דאָס

לאַנד און עס אַנטוויקלען. ער האָט אויך געדענקט, אַז עשו וועט זיין טריי צו דער רעליגיע פון זיין פאָטער, „כי ציד בפיו" — ווייל ער האָט אים גע־נומען געפאַנגען מיט זיין מויל. פון צייט צו צייט פלעגט עשו צו אים קומען מיט פאַרשיידענע רעליגיעזע שאלות, וועלכע האָבען אַרויסגעוויזען זיין גרויסע פרומקייט (רש"י).

אונזער מוטער רבקה האָט אָבער גוט געוואוסט זיינע פאַלשקייטען און האָט אים דערפאַר ניט ליב געהאַט. איבערהויפט זיינען איר געווען שטאַרק דער־ווידער זיינע כנענ'ישע פרויען, וועלכע פלעגען דינען צו זייערע אָפּגעטער אויך ווען זיי האָבען פאַרווײלט אין איר הויז. זי האָט אינסטינקטיוו געפילט, אַז מיט דער צייט וועט עשו פאַרלאָזען דעם גלויבען פון זיינע עלטערען און וועט זיך אינגאַנצען אָפּרייסען פון דעם אידישען שטאַם (מדרש הגדול). זי האָט בעסער ליב געהאַט איר אינגערען זון, יעקב'ן, וועלכער איז געווען אַ שטילער און גאָטספאַרכטיגער. אַז זי האָט זיך דערוואוסט, אַז יצחק קלייבט זיך איבערצוגעבען די ברכה פון זיין פאָטער אברהם צו עשו'ן און אים מאַכען פאַר דעם הויפּטלינג פון דער פאַמיליע, האָט זי אויסגעאַרבייט אַ פּלאַן ווי אָפּ־צונאַרען איר בלינדען מאַן יצחק, און ער בענשט יעקב'ן און מאַכט אים פאַר דעם „גביר לאחיך" — דעם הויפּט פון זיינע ברידער.

„וישטם עשו את יעקב על הברכה אשר ברכו אביו" — און עשו האָט פיינט געקראָגען יעקב'ן איבער דער ברכה, וואָס זיין פאָטער האָט אים געבענשט. ער באַשליסט ביי זיך, אַז גלייך נאָכ'ן פאָטער'ס טויט וועט ער יעקב'ן אָפּ־ראַמען פון וועג און איבערנעמען די פירערשאַפט. רבקה דערוויסט זיך דער־פון און רעדט־איין איר ליבען זון יעקב, אַז ער זאָל פאַרלאָזען זיין היים און אויסוואַנדערען נאָך חרן, וואו ער זאָל וואוינען ביז דער כעס פון זיין ברודער עשו וועט זיך איינשטילען.

אָט אַזוי איז שוין ב"ה דער גורל פון דעם אידישען הימלאַנד. ווען עס קומט צו אַ געלעגענהייט, אַז דאָס הימלאַנד זאָל קאָנען געבויט ווערען, ברעכט אויס אַ ברודער־קריג און די אַרבייט מוז אָפּגעלייגט ווערען אויף אַן אומ־באַשטימטער צייט. ווי אַנדערש וואָלט די אידישע געשיכטע זיך אַנטוויקעלט, אויב יעקב וואָלט טאַקע פאַרבליבען אין דעם לאַנד און וואָלט דאָרט גע־בוירען זיינע קינדער! אפשר וואָלט דעמאָלט פאַרהיט געוואָרען דער צווייטער ברודער־קריג פון די שבטים מיט יוסף'ן, וואָס האָט געפירט צו דעם לאַנגען און פינסטערען גלות אין מצרים . . .

איידער יעקב פאַרלאָזט זיין פאָטערלאַנד און קלייבט זיך צו גיין אָפּריכטען גלות, רופט איהם יצחק צו זיך, בענשט איהם אַ צווייטען מאָל און זאָגט איהם אָן: „לא תקח אשה מבנות כנען" — דו זאָלסט ניט הייראַטען מיט אַ פרוי פון די טעכטער פון כנען. זאָלסט האַלטען דיין פאַמיליענלעבען ריין. געמישטע הייראַטען װעלען דיך אַראָפּפירען פון גלייכען וועג און דיך פרעמד מאַכען צו דיין פאָלק און צו דיין גאָט. גיי בעסער נאָך פדן ארם און נעם דיר אַ פרוי איינע פון די טעכטער פון לבן, דיין מוטער'ס ברודער, און דער אַלמעכטיגער וועט דיך בענשען און וועט דיך פרוכפּערען און דיך מערען, און דו וועסט ווערען אַ געזעמעל פון פעלקער. אויב דו וועסט זיך האַלטען ביי דייניגע און וועסט ניט זוכען זיך אויסצומישען מיט דיינע אַרומיגע שכנים, וועסטו ווערען גרויס און שטאַרק, און דאַן וועט דיר גאָט געבען די מעגליכקייט „לרשתך את ארץ מגוריך, אשר נתן לאברהם" — דו זאָלסט קאָנען ערבען דאָס היימלאַנד, וואָס ער האָט געגעבען צו אברהמ'ען.

אויף דעם באַמערקען אונזערע חז"ל: „הקורא לאברהם אברם עובר בעשה" — דער, וואָס רופט אברהמ'ען אברם, איז עובר אויף די מצוות, וואָס אַ איד איז מחויב צו טאָן. בייטען אידען זייערע נעמען און רופען זיך „אַבראַם" אַנשטאָט אברהם, כדי געפעלען צו ווערען זייערע שכנים, וועלען זיי געוויס פאַרפעהלען צו טאָן זייערע פליכטען צו זייער פאָלק. אַזעלכע אידען מאַכען זיך ניט וויסענדיג פון זייער פאָלק'ס לאַגע און טוען ניט קיין קלאַפּ אַ פינגער אין אַ פינגער איהם צו העלפען. רבי אליעזר לייגט נאָך צו, אַז אַזעלכע זיינען אויך „עובר בלא תעשה" — זיי טוען אַזעלכע זאַכען, וואָס איז פאַרבאָטען צו טאָן; זיי פאַרראַטען דאָס פאָלק און שטערען זיין צוריקבוי.

אָבער אָט־די אידען קריגען זייער געצאָלט אויף דער וועלט. זייערע קינדער פאַרלאָזען זיי, און אויף דער עלטער, בלייבען זיי עלענד און פאַרנאַכלעסיגט. „אברהם מוליד" — די, וואָס האַלטען זיך ביי זייער ריכטיגען נאָמען און ביי זייער פאָלק און גלויבען, האָבען קינדער, וועלכע פאַראייביגען זייער נאָמען. „אברם אינו מוליד" — די אָבער, וועלכע בייטען זייערע נעמען און לייקענען אָפּ זייער שטאָם און זייער אמונה, בלייבען קינדערלאָז און זייער אָנדענק ווערט גיך פאַרגעסען פון דער וועלט.

# הפטרה

## גלות־קולט — אַסימילאַציע און פילאַנטראָפּיע

**משא דבר ה' אל ישראל ביד מלאכי.**

„אמר רב נחמן, מלאכי זה מרדכי" — רב נחמן זאָגט, אַז דער נביא מלאכי איז געווען דער מרדכי פון דער מגילה (גטין ט"ו ע"א). „מוניטין של מרדכי, שק ואפר מכאן ועטרת זהב מכאן" — דער עמבלעם, דער סימבאָלישער צייכען פון מרדכי איז געווען אַ זאַק מיט אַש פון איין זייט און אַ גאָלדענע קרוין פון דער צווייטער זייט (ב"ר מ"ד).

לויט די חז"ל, איז די נביאות פון היינטיגער הפטרה געזאָגט געוואָרען ביים סוף פון גלות־בבל און אין די צייטען פון אחשורוש. נאָכדעם, אַז כורש, דער קעניג פון פּרס, האָט באַזיגט דעם מעכטיגען בלשצר און האָט איינגענומען די גאַנצע אימפּעריע פון בבל, האָט ער אַרויסגעלאָזען אַ דעקלאַראַציע צו די אידען, וועלכע האָט פּראָקלאַמירט, אַז ווער פון די אידען עס וויל זיך צוריק־קערען צו זייער לאַנד און דאָרט בויען זייער נאַציאָנאַלע היים און דעם בית־המקדש, קאָן עס טאָן אומגעשטערט און ער וועט זיי נאָך העלפען. צוויי און פערציג טויזענט און דריי הונדערט מיט זעכציג חלוצים, אונטער דער פירער־שאַפט פון זרובבל, האָבען זיך געלאָזט גיין נאָך ארץ־ישראל און דאָרט אָנ־געהויבען אָפּצוראַמען די חורבות און בויען דאָס לאַנד מיט דעם בית־המקדש. דער גרעסטער טייל פון די אידען, איבערהויפּט די רייכערע פון זיי, זיינען אָבער פאַרבליבען אין בבל און זיינען אָפּגעקומען זייער חוב צום בנין הארץ מיט צאָלען שקלים און מיט ביישטייערען קלענערע אָדער גרעסערע נדבות.

ווען די „צרי יהודי", די אידישע שונאים פון די אַרומיגע פעלקער, האָ־בען געזעהן, אַז די „בני הגולה", די גלות־אידען, די חלוצים, וואָס האָבען זיך אומגעקערט צום לאַנד, אַרבייטען מיט מסירת נפש און מאַכען גרויס פאָרט־שריט און בויען זייער היימלאַנד, האָבען זיי זיך פאַראייניגט צו שטערען זיי אין דער אַרבייט. „ויהי עם הארץ מרפים ידי עם יהודה ומבהלים אותם לבנות" — און די באַפעלקערונג פון לאַנד האָט געזוכט אָפּצושוואַכען די הענט פון די אידען און זיי געדראָעט ניט צו בויען. „וסוכרים עליהם יועצים להפר עצתם" — זיי האָבען אויך אונטערגעקויפט די ראַטגעבער פון דער מלוכה צו

שטערן זייערע פלענער. די חלוצים האָבען אָבער ווייניג אויפמערקזאַמקייט געשענקט צו די שטערער און האָבען פאָרטגעזעצט די בוי־אַרבייט. „ובמלכות אחשורוש, בתחלת מלכותו כתבו שטנה על יושבי יהודה וירושלים" — און ווען אחשורוש האָט באַשטיגען דעם טראָן, גלייך אין אָנפאַנג פון זיין מלוכה, האָבען זיי אים צוגעשיקט אַ פּאַסקוויל, אין וועלכען זיי באַשולדיגען די איינוואוינער פון יהודה און ירושלים אין אומטרייהייט צו דער מלוכה און אין זוכען צו פאַר־כאַפּען דעם גאַנצען אָריענט (עזרא ד׳), פּונקט ווי עס קומט פאָר איצט, אין אונזער צייט.

די איבערוועגענדע מאַסע פון אידען, וועלכע זיינען פאַרבליבען אין די פּערסישע לענדער, האָבען זיך באַצויגען גאַנץ גלייכגילטיג צו דעם גאַנצען ענין. דער גלות האָט ביי זיי אַנטוויקעלט אַ נייע פּסיכאָלאָגיע. אמונה ווערט אָפּ־געשאַפט, נאַציאָנאַליזם ווערט פאַרגעסען. די הויפּט ראָל שפּילט דער פּילאַנט־ראָפּ, דער רייכער מאַן. דער אידישער פירער ווערט שוין אַ „איש יהודי", וועלכער זיצט „בשער המלך", אין קעניגליכען הויף, און פאַרקערט מיט די העכערע באַאַמטע פון לאַנד. זיין פּלימעניצע, וואָס האָדעוועט זיך ביי אים, גיט ער אַ וועלטליכע דערציאונג. ער בייט איר אידישען נאָמען „הדסה" אויף דעם נאָמען „אסתר", דער נאָמען פון אַ געטין. ווען זי ווערט גענומען צום קעניג פאַר אַ פרוי, זאָגט זי ניט אויס „עמה ומולדתה", איר פאָלק און איר שטאַם, „כי כן צוה עליה מרדכי", וויל מרדכי האָט איר אַזוי אָנגעזאָגט.

בלויז אין אַן עת צרה, אַז עס ברעכען אויס גרויסע גזירות אויפ׳ן פאָלק, וועלכע דראָען אויך זיין אייגענעם לעבען, ווערט דער „איש יהודי" באַזאָרגט איבער דער אידישער לאַגע. און ער, אַזוי גוט ווי אסתר המלכה, הויבט אָן זיך משתדל צו זיין פאַר זיין פאָלק און בעט דעם קעניג, אַז ער זאָל מבטל זיין די גזירות פון דעם שלעכטען המן. זיי שלאָגען פאָר אַ „ביל אָוו ראַיטס", וואָס זאָל כלומר׳שט גאַראַנטירען די גלייכבאַרעכטיגונג פון די אידען אין אַלע גלות־לענדער פון אחשורוש׳עס אימפּעריע. וועגען ארץ־ישראל אָבער, וועגען צור־ריקבויען די אידישע נאַציאָנאַלע היים, ריידען זיי ניט קיין וואָרט.

„מוניטון של מרדכי, שק ואפר מכאן ועטרת זהב מכאן" — דער סימבאָ־לישער צייכען פון דעם אידישען פאָלק אין די צייטען פון מרדכי איז אַ זאַק מיט אַש פון איין זייט און אַ גאָלדענע קרוין פון דער צווייטער. די אידישע גע־זעלשאַפט ווערט איינגעטיילט אין רייכע און אָרימע, אין געבער און נעמער. די פירער זיינען די, וואָס זיינען באַגליקט מיט דער „עטרת זהב", די קרוין

פון גאָלד, און וואַרפען־צו פון צייט צו צייט עטליכע גראָשען אין דעם „שק", אין דער טאַרבע פון די אָרימע און בויטליידענדע פון דער באַפעלקערונג.

עס ווערט געשאַפען אַ נייער קולט. פון דעם אידישען גלויבען אין גאָט ווערט אַ גלויבען אין דעם מענשליכען וואוילזיין. פון דער אידישער טראַדיציע ווערען אַרויסגעוואָרפען אַלע גרונט־אידייען. מען דינט ניט שוין צו דעם גאָט פון אברהם, יצחק ויעקב, נאָר צו דעם „עגל הזהב". „טשאַריטי", „פילאַנטראָפיע" ווערט דער הויפט מאָטיוו פון דעם אידישען גלויבען. די פאַרשידענע צדקה־אַנשטאַלטען ווערען די פאַרהייליגטע טעמפּלען און בתי מדרשים, וואו אידען קומען זיך צוזאַמען צו הערען אַ אידיש וואָרט. די כהנים, וואָס פירען אָן די אידישע עבודה, זיינען ניט די געלערענטע, די תלמידי חכמים, נאָר די גבירים, די וואָס באַזיצען די „עטרת הזהב", די גאָלדענע קרוין.

וועגען אָט־די אידישע פירער זאָגט דער **נביא** אין היינטיגער הפטרה: „מי גם בכם ויסגר דלתים, אין לי חפץ בכם אמר ה', ומנחה לא ארצה מידכם" — הלואי וואָלטען זיך געפונען מוטיגע אידען, וועלכע זאָלען פאַרשליסען די טירען קעגען זיי. איך האָב וויניג צוטרוי צו אַזעלכע, זאָגט גאָט. און די טשאַריטיס, וואָס זיי רוקען מיר אונטער, וויל איך ניט נעמען פון זייערע הענט.

# ויצא

## א.

## די ערד איז צו ענג פאַר יעקב און עשו צוזאַמען

**ויצא יעקב מבאר שבע וילך חרנה.**

„כד יתיב דעתיה למיהדר קפצה לו ארעא — נתקצרה ונתקמצה לו הארץ" — אַז ער האָט אָפּגעמאַכט זיין געדאַנק זיך צוריקצוקערען, איז אים קורץ און ענג געוואָרען די ערד (חולין צ"א ע"ב).

דער „ספר הישר" גיט אונז איבער פאָלגענדע פאַקטען וועגען יעקב'ס אויסוואַנדערען נאָך חרן: גלייך נאָכדעם, אַז יעקב האָט מיט דער הילף פון זיין מוטער רבקה אַרויסגעקראָגען פון זיין פאָטער יצחק די ברכות, האָט ער זיך גענומען שרעקען פאַר זיין ברודער עשו. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז דעם מאָל וועט עשו אים ניט שענקען. אויב ער האָט אים פאַרשוויגען די „בכורה", וועלכע ער האָט אים פאַרקויפט פאַר אַ טאָפּ לינזען, וועט ער אים ניט פאַרשווייגען די ברכות פון זיין טאַטען, וואָס ער האָט אויסגענאַרט.

זיין מוטער רבקה, וועלכע האָט אים שטאַרק ליב געהאַט, ראָט אים „קום ברח לך", אַנטלויף פון דאַנען; דיין ברודער עשו האָט דיך פיינט, און ער איז „מתנחם להרגך", ער פּלאַנט דיך צו דערמאָרדען. זי גיט אים אַן עצה, ער זאָל גיין צו איר ברודער לבן און דאָרט פאַרברענגען אַ געוויסע צייט „עד אשר תשוב חמת אחיך", ביז דער כעס פון דיין ברודער וועט פאַראיבער און ער וועט פאַרגעסען דעם גאַנצען אינצידענט.

יעקב איז אָבער גלייך ניט געגאַנגען נאָך חרן. ער האָט זיך ניט געוואָלט צופיל דערווייטערען פון זיין היים. ער איז בעסער אַוועק אין בית־מדרש פון „שם ועבר", וואו ער האָט געלערנט גאַנצע 14 יאָר. פון די גרוסען, וואָס ער פלעגט באַקומען פון זיין מוטער, האָט ער דערפאַרען, אַז פאַר דער צייט איז

עשו געוואָרען שטאַרק רייך און מעכטיג. ער האָט געהייראַט עטליכע פרויען, געהאַט אַ סך קינדער און איז געוואָרען דער אָנפירער פון אַ גרויסער צאָל מענשען, וואָס האָבען אים געקרוינט פאַר זייער „אלוף״, פאַר זייער הערשער.

איצט, האָט יעקב געדענקט, איז די צייט צוריקצוקערען זיך נאָך חברון, וואו זיינע עלטערן האָבען געוואוינט. ער איז געווען ביי זיך זיכער, אַז עשו האָט אויפגעגעבען זיין פיינטשאַפט צו אים. ער זעהט דאָך איצט, אַז די ברכות, וואָס דער פאָטער האָט אים געבענשט, זיינען ניט מקוים געוואָרען. עשו איז רייך און מעכטיג, און ער, יעקב, איז געבליבען דער זעלבער „יושב אוהל״, דער זעלבער ישיבה־בחור, וואָס גיט זיך אָפּ מיט לערנען תורה און געניסט ווייניג פון די וועלטליכע רייכטימער.

ער האָט אָפּגעמאַכט זיין געדאַנק „למיהדר״, צו גיין צוריק צו זיינע עלטערנ׳ס היים אין חברון. ווען ער איז אָבער געקומען נאָך „באר שבע״, האָט ער זיך דערוואוסט, אַז „קפצה לו ארעא״, די ערד איז פאַר אים צו ענג צו וואוינען צוזאַמען מיט זיין ברודער. עשו האָט אים נאָך אַלץ פיינט און זוכט פון אים צו נעמען נקמה. „וילך חרנה״, איז ער אַוועק נאָך חרן, און ווי רש״י דערקלערט „לחרון אף של עולם״, אויסגעזעצט צום צאָרן פון דער וועלט, וועלכע האָט פיינט אַ גר און פאַרפאָלגט אים תמיד.

„ויפגע במקום״ — ער שלאָגט זיך אָן אָן דעם פּלאַץ. „בקש לעבור, נעשה העולם כולו כותל לפניו״, וואו ער האָט געוואָלט גיין, איז די גאַנצע וועלט געוואָרען איין גרויסע וואַנט פאַר אים (ב״ר ס״ח).

אין זיינע יונגע יאָרען, אַז ער האָט געלעבט אין כנען, אין זיינע עלטערנ׳ס הויז, האָט ער זיך געפילט פריי און אומגעשטערט. ער האָט געקאָנט גיין וואו ער האָט געוואָלט, טאָן וואָס ער האָט געוואָלט, און באַשעפטיגען זיך מיט וואָס זיין האַרץ האָט געגלוסט. אין דער היים האָט ער זיך אויך געפילט זיכער, ווייל דאָרט „היו מלאכי ארץ ישראל משמרין אותו ומלוין אותו״, האָבען אים די גוטע מלאכים פון ארץ־ישראל באַהיט און באַגלייט וואו ער איז געגאַנגען און וואו ער האָט זיך געפונען (תנחומא, וישלח ג׳).

אין דער פרעמדע, אָבער, איז „ויפגע במקום״, שלאָגט ער זיך אָן אין יעדען פּלאַץ אויף גרויסע שטערונגען. איבעראַל, וואו ער קומט, געפינט ער גרויסע שטיינער אויף זיין וועג, וועלכע קריגען זיך איבער אים אַרום, און ער האָט נעבאַך ניט וואו זיין מידען קאָפּ אָנצושפּאַרען. אויב ער וויל ערגעץ גיין, אָדער מיט עטוואָס זיך באַשעפטיגען, „נעשה העולם כולו כותל לפניו״, ווערט די

גאַנצע וועלט איין גרויסע וואַנט פאַר אים, און ער קאָן זיך ניט באַוועגן. אין אַלע לענדער, צווישען אַלע פעלקער, איז ער אַ „גר״, אַ פרעמדער, און איז אויסגעזעצט צו אַלערליי דיסקרימינאַציאָנס און באַגרעניצונגען. דאָ טאָר ער ניט פאַרען, דאָ קאָן ער ניט וואוינען און מיט דעם קאָן ער זיך ניט באַשעפטיגען. אין קורצען, ער ווערט געצאַמט אויף שריט און טריט, און אין די מערסטע ערטער ווערט ער זאָגאַר באַרויבט פון אַלע מענשליכע רעכטען.

„וילן שם״, ער נעכטיגט דאָרט. זיינע טעג ווערען פאַרוואַנדעלט אין לאַנגע פינסטערע נעכט. „כי בא השמש״, די גרויסע גלות־וואַנט, וואָס רינגעלט אים אַרום, פאַרשטעלט אים די זון, און ער מוז נעבאַך אַרומבלאָנדזשען אין דער פינסטער, און איז אין ערגעץ ניט זיכער מיט זיין לעבען.

דער „זוהר״ טייטשט דעם וואָרט „וילן״, ער האָט זיך באַקלאָגט: „התחיל להתרעם לפני קונו על דאתעבר מניה שולטנא דשמשא ואיתיהבת לעשו״, ער האָט זיך אָנגעהויבען צו באַקלאָגען פאַר זיין באַשעפער, פאַרוואָס די הערשאַפט פון דער זון איז אַוועקגענומען געוואָרען פון אים און איז איבערגעגעבען געוואָרען צו עשו׳ן (זוהר חדש כ״ז). יעקב מוז דורכמאַכען אַלע פינסטערע פעריאָדען מיט זיין ברודער עשו. ברעכט אויס אַ מלחמה אין לאַנד, מוז ער פאַרגיסען זיין בלוט אַזוי גוט, אויב ניט מער, ווי די אַנדערע איינוואוינער. אין אַ צייט פון דעפּרעסיע, עקאָנאָמישע דורכפאַלען, איז ער דער „שעיר לעזאזל״, און מען באַשולדיגט אים אַלס דעם גורם פון דער שלעכטער לאַגע. אָבער אַזוי גיך ווי די זון הויבט אָן צוריק צו שיינען אין די פענסטער פון עשו׳ן, ווערען ווייטער די גלות־ווענט אויפגעשטעלט פאַר יעקב׳ן און ער בלייבט ווידער ליגען אין דער פינסטער.

ער האַלט נעבאַך איבעראַל אין שרייען „מה נורא המקום הזה״, ווי שרעקליך איז דיזער אָרט! ווי טרויעריג עס איז דער גורל פון אַ פאָלק, וואָס מוז זיך וואַלגערען אין גלות!

# הפטרה

## אידען פעהלט זעלבסטשטענדיגקייט

**ויעבד ישראל באשה ובאשה שמר.**

„אמר להם הנביא לישראל, דוגמא שלכם דומה ליעקב, מה יעקב עד שלא נשא אשה נשתעבד ומשנשא אשה נשתעבד, אף אתם עד שלא נולד גואל נשתעבדתם ושנולד גואל נשתעבדתם", אייער ביישפיל איז גלייך צו יעקב'ס, פונקט ווי יעקב האט געדינט לבנ'ען איידער ער האט געהייראט אַ פרוי, און אויך נאך דעם, ווי ער האט געהייראט, האט ער ווייטער געדינט; אַזוי אויך איר: איידער עס איז געבוירען געוואָרען אייער דערלייזער האט איר גע־שקלאַפט, און אויך נאך דעם, ווי אייער דערלייזער איז שוין געבוירען געוואָרען, האט איר ווייטער געשקלאַפט (ב"ר ע').

יעקב האט שטאַרק ליב געהאַט רחל'ען און האט זיך אַליין אַנגעבאָטען צו איר פאָטער לבן, אַז ער וועט אים דינען גאַנצע זיבען יאָר פאַר איר. ער האט געוואוסט, אַז לבן איז אַ „רמאי", אַ שווינדלער, מאַכט ער מיט אים אַ קאָנטראַקט און רעדט מיט אים אָפּ בפירוש „רחל בתך הקטנה", דיין קליינע טאָכטער רחל. צום סוף, אָבער, ווערט ער דאָך אָפּגענאַרט. צום סוף פון די שווערע זיבען יאָר פראַצע פאַרבייט לבן רחל'ען אויף לאה'ן, און ווען אויף מאָרגען נאָך דער חתונה געפינט יעקב אויס דעם שווינדעל און קומט צו לבנ'ען מיט דער טענה: „למה רמיתני?" — וואָרום האסטו מיך אָפּגענאַרט? ענט־פערט אים לבן גאַנץ קאַלטבלוטיג: „איך וועל דיר געבען אויך מיין טאָכטער רחל פאַר אַ ווייב, אויב דו וועסט מיר דינען אַנדערע זיבען יאָר". און יעקב פאַרלירט זיין זעלבסטשטענדיגקייט, גיט אויף זיינע גערעכטע טענות און שטימט איין.

דער נביא „הושע", וועלכער ווידמעט זיין נביאות צו „אפרים", באַקאַנט אַלס די מלוכה פון די „עשרת השבטים", מיט „שמרון" אַלס די הויפּטשטאָט, שטורעמט זעהר שטאַרק קעגען דעם גייסט פון אַסימילאַציע און אונטערוואָר־פענקייט צו די אַרומיגע פעלקער, וואָס האט דאַן געהערשט צווישען די אידען פון זיין צייט. ער באַדויערט זעהר שטאַרק זייער „שעבוד", זייער גייסטיגע פאַרשקלאַפונג, און פאַרגלייכט זיי צו יעקב'ן, וועלכער האט געדינט לבנ'ען פאַר דער חתונה און נאָך דער חתונה.

דער מדרש באַמערקט אָבער, אַז אַט די אונטערוואָרפענקייט איז אַ היס־טאָרישער פעלער ביי אונז, אידען. מיר האָבען זיך צופיל איינגעלעבט אין גלות, און עס קומט אָן שווער צו באַוועגן די אידען צו אַרבייטען און קעמפען פאַר זייער גאולה. אין מצרים זיינען זיי געווען שטאַרק פאַרשקלאַפט. זיי זיינען געווען געצוואונגען צו בויען גרויסע פיראַמידען פאַר די פרעה'ס און זייערע קינדער האָט מען געוואָרפען אין טייך אריין. דאָך, ווען זייער באַפרייער משה קומט צו זיי און פאָדערט, אַז זיי זאָלען אים העלפען אין דער באַפרייאונגס־אַרבייט, איז „ולא שמעו אל משה", הערט מען זיך צו אים ניט צו. אויך נאָך דעם, ווי פרעה האָט שוין איינגעשטימט זיי אַרויסצולאָזען, זיינען ניט אַלע גע־ווען איינפאַרשטאַנען. „היו להם פטרונין והיה להם עושר וכבוד ולא היו רוצים לצאת", צווישען זיי האָבען זיך געפונען אידישע באַאַמטע, רייכע און בכבוד'י־גע לייט, וואָס האָבען ניט געוואָלט אַרויסגיין (שמו"ר י"ג).

אויך אין גלות בבל האָבען אידען אָפּגעדינט גאַנצע זיבעציג יאָר, און אַז „כורש" באַזיגט דאָס לאַנד און לאָזט אַרויס אַן עפענטליכע דעקלאַראַציע, וועלכע לייענט זיך ווי פאָלגט: „מי בכם מכל עמו יהי אלקיו עמו ויעל לירושלים", ווער פון אייך פון דעם גאַנצען פאָלק, וואָס וויל נאָר, זאָל גאָט זיין מיט אים און זאָל ער גיין נאָך ירושלים, — רופען זיך אָפּ בלויז אַ פינף און פערציג טויזענט אידען. די גרויסע מאַסע הערט ניט דעם רוף און פאַר־בלייבען דינען וויי‏טער אין גלות.

די זעלבע טאַקטיק ווערט איבערגע'חזר'ט אין דער היינטיגער צייט. נאָך צוויי טויזענט יאָר גלות האָבען מיר דערלעבט, אַז אַ גרויסע מלוכה, ווי ענג־לאַנד, אַנערקענט אונזערע היסטאָרישע רעכט איבער ארץ־ישראל, גיט אונז אַ באַלפור־דעקלאַראַציע, וואָס פאַרשפּרעכט צו העלפען אונזער פאָלק גרינדען אַ נאַציאָנאַלע היים אין זיין אַלט לאַנד, און די דעקלאַראַציע ווערט באַשטע־טיגט פון אַלע מלוכות אין דער וועלט. אין דער דורכפירונג פון אונזער בוי־אַרבייט, אָבער, איז ווידער אַרויפגעשוואומען דער „עד שלא נולד גואל נשתעבדתם ומשנולד גואל נשתעבדתם", די זעלבע אונטערוואָרפענקייט, וואָס מיר האָבען שטענדיג אַרויסגעצייגט אין גלות, האָבען מיר אויך פּראַקטיצירט אין דער גאולה־אַרבייט.

רייסט מען פון אונז אַוועק דעם עבר־הירדן — שווייגען מיר; נעמט מען פון אונז צו דאָס רעכט פון באַשטימען אונזער אייגענע אימיגראַציע אין לאַנד, שאָקלען מיר צו מיט'ן קאָפּ. וויל מען מאַכען אַ חלוקה און פון אונז

אַפריימען דריי חלקים פון דעם לאַנד, זיינען מיר איינפאַרשטאַנען. הכלל, „ויעבד ישראל באשה, ובאשה שמר", דער איד דינט און שמייכעלט זיך צו דער מאַכט פאַר דער חתונה און נאָך דער חתונה.

ב.

## און יעקב חלומ'ט

**והנה סולם מוצב ארצה.**

„הראה הקב"ה את אבינו יעקב מקרה שיקרה את בניו; סולם — אלו ישראל; מוצב ארצה — דיש לכל; מלאכי אלקים — אלו שרי אומות העולם; עולים ויורדים בו — קופזים בו, סונטים בו; והנה ה' נצב עליו — לשמרם מנזק" — דער אויבערשטער האָט געוויזען אונזער פאָטער יעקב וואָס עס וועט פּאַסירען מיט זיינע קינדער: דער לייטער — דאָס זיינען די אידען; שטייט אויף דער ערד — אַלע טרעטען אויף אים; מלאכים פון גאָט — דאָס זיינען די הערשער פון די פעלקער; גייען אַרויף און אַרונטער — דריקען זיי, טרעטען אויף זיי, קריגען זיך איבער זיי; און גאָט שטייט איבער אים — זיי צו פאַרהיטען פון שאָדען (מדרש אגדה).

חלומות האָבען געשפּילט און שפּילען נאָך היינט אַ גרויסע ראָל אין דעם לעבען פון אונזער פאָלק. וואונדערבאַרע וויזיעס וועגען אַן אייגענאַרטיגען „עתיד לבא", אַ צוקונפט, וואָס וועט פאַרענטפערען אַלע שווערע פּראָבלעמען פון דער וועלט, איז תמיד געוועזען דער מיסטעריעזער כוח, וואָס האָט אים אויפגעהאַלטען ביים לעבען. זיין נעכטען איז אַ פאַרנעפּעלטע געדעכעניש, זיין היינט — אַ פינסטערער המשך, זיין מאָרגען אָבער איז אַ ליכטיגע פּאַנאָראַמע פון גלענצענדע געשעהעניש און גלאָררייכע דערגרייכונגען. אויב די גרויזאַמע געגענוואַרט באַרויבט אים פון אַלץ, וואָס ער האָט, וועט אָבער זיין „אחרית הימים", זיין פּראַכטפולע צוקונפט אים באַצאָלען כפל־כפלים...

און די קייט פון אידישע חלומות ציט זיך איבער אַלע דורות און אַלע צייטען. צוליב אַ געטליכען חלום וואַנדערט אַרום אונזער פאָטער אברהם שיינע עטליכע יאָר צו זוכען אַ לאַנד, וואו ער זאָל אים קאָנען פאַרווירקליכען און דורכפירען אין לעבען. יעקב אבינו וואַלגערט זיך אין דער פרעמד פיר־און־צוואַנציג יאָר,

שקלאָפּט און אַרבייט רייך־צו־מאַכען די לבנ׳ס מיט זייערע קינדער, אָבער די גאַנצע צייט האַלט ער אין איין חלומ׳ן זיינע עלטערנ׳ס גרויסען חלום, ביז ער קומט צוריק צו זיין אייגען לאַנד. צוליב אַ חלום ווערט יוסף פאַרטריבען נאָך מצרים, פון אַ קנעכט ווערט ער אַ הערשער און פירט ענדליך זיין פאָטער מיט זיינע ברידער צוריק אין גלות אַריין.

און די ראָד פון חלומות ציט זיך אַלץ ווייטער און ווייטער... דער גאַנצער אידישער לעבען ווייזט אויס צו זיין איין גרויסער חלום, וואָס וואַרט אויף אַ געלעגענהייט איינמאָל פאַר אַלעמאָל ענדגילטיג אַנטשיידען צו ווערען. דערווייל האָט זיך נאָך ניט געפונען קיינער, וואָס זאָל דעם אומפאַרשטענדליכען חלום קאָנען ריכטיג פותר זיין. כאָטש אויפ׳ן וואָר זעהט דער איד גאָרנישט, וואָס זאָל אים געבען מוט און האָפענונג צו לעבען ווייטער, געפינט ער אָבער אין דעם קאָשמאַר, אין דעם סוד פון זיין גרויסען חלום, דעם ענטפער פאַר זיין אומאונטערגעבראָכענער עקזיסטענץ.

העכסט אינטערעסאַנט און באַלערענד איז די אויפפאַסונג פון אונזערע בעלי אגדה איבער דעם מערקווירדיגען חלום פון אונזער פאָטער יעקב.

יעקב פאַרלאָזט זיין פאָטערס היים און געהט נאָך חרן. די רייזע נעמט אים גאַנצע פערצען יאָר, און אויפ׳ן וועג ליידט ער שרעקליכע יסודים. ער ווערט אָבער ניט פאַרצווייפעלט. אום צו פאַרזיכערען זיין עקזיסטענץ, „ויקח מאבני המקום אלו אברהם ויצחק, וישם מראשותיו, שם בלבו שהם מראשותיו" — נעמט ער די צוויי גרונטשטיינער פון גאָט, דאָס זיינען זיין פאָטער יצחק און זיין זיידע אברהם, און לייגט זיי אונטער ביי אים צוקאָפּענס. ער באַשליסט ביי זיך, אַז זיי שטייען איבער אים און באַוואַכען אים. „וישכב במקום ההוא — נתישב דעתו באותו מקום" — ער לייגט זיך אָפּצורוען אין יענעם פלאַץ, זיין געדאַנק באַרוהיגט זיך (ב"ר ס"ח, זוהר חדש כ"ו). ער שטעלט פאַר זיין תכלית אין לעבען די אמונה פון זיינע עלטערען, צו פאַרשפרייטען זיי און באַקאַנט־מאַכען אין דער וועלט, און אָט דער הויכער ציל שטאַרקט אים און מוטיגט אים.

ער איז מבטל די פינסטערע געגענוואַרט און חלומ׳ט פון אַ ליכטיגער צוקונפט. ער זעהט אין חלום, אַז זיינע קינדער וועלען ווערען דער לייטער פון דער וועלט, איבער וועלכען די „מלאכי אלקים", די הערשער פון די פעלקער, גייען אַרויף און אַרונטער. די אידען שטייען אימער אין מיטעלפונקט פון אַלע גרויסע געשעהענישען אין דער וועלט. איבעראַל טומלט זיך וועגען

זיי. אין מאַנכע לענדער „אופזים בו", דריקט מען זיי, מען מאַכט אַלערליי באַגרעניצונגען קעגען זיי און מען לאָזט זיי דעם קאָפּ ניט אויפהויבען. אין אַנדערע לענדער „קופזים בו", טרעט מען אויף זיי, מען באַרויבט זיי פון אַלע בירגערליכע רעכט און מען נעמט פון זיי אַוועק אַלע קוואַלען פון פרנסה. „סונטים בו", מען קריגט זיך אַרום איבער זיי. די אידען־פראַגע ווערט אַזוי פאַרשאַרפט, אַז פון צייט צו צייט ברעכען־אויס מלחמות צווישען די פעלקער צוליב זיי (מדרש אגדה).

ער זעהט ווייטער אין חלום, אַז זיינע קינדער וועלען אויך זיין דער גייס־טיגער לייטער פון דער וועלט, אויף וועלכען די פאַרשיידענע פעלקער „עולים ויורדים בו", גייען אַרויף און אַרונטער איבער אים. וויל איינער וויסען, אויב אַ לאַנד איז פאַרטגעשריטען, אויב עס איז ציוויליזירט און דעמאָקראַטיש געזאַנען, זאָל ער שטודירען די אידישע לאַגע דאָרט. אויב די אידען ווערען דאָרט באַ־האַנדעלט צוגלייך מיט אַלע אַנדערע איינוואוינער, אויב זיי געניסען דאָרט די פולע פרייהייט, וואָס די קאָנסטיטוציע פון לאַנד פאַרשפּרעכט די בירגער, איז אַ סימן, אַז דאָס פאָלק איז פון די „עולים", פון די וואָס שטייגען אויף דעם לייטער פון פּראָגרעס. אויב אָבער די אידען ווערען דאָרט באַטראַכט פאַר אַ פרעמדען עלעמענט און מען דיסקרימינירט קעגען זיי, איז עס אַ קלאָרער באַוויז, אַז דאָס לאַנד איז פון די „יורדים", די געפאַלענע, די אָפּגעשטאַנענע.

אונזער פאָטער יעקב זעהט, אַז פאַר לאַנגע דורות וועלען זיינע קינדער זיין אַ „סולם מוצב ארצה", אַ לייטער, וואָס ליגט אויף דער ערד, און „דיש לכל", און ווערט געטראָטען פון יעדען, אָבער ער זעהט אויך „והנה ה' נצב עליו — לשמרם מנזק", אַז גאָט וואַכט איבער אים און פאַרהיט אים פון אונטער־גאַנג. ער הערט זיין שטים, וואָס פאַרשפּרעכט אים „והנה אנכי עמך ושמרתיך בכל אשר תלך" — זעה, איך בין מיט דיר, וואו דו וועסט גייען, „והשיבתיך אל האדמה הזאת", איך וועל דיך צוריקברייגען צו דיין אייגען לאַנד. דיין גרויסער חלום וועט פון מיר אַליין אַנטשיידען ווערען און דיין צוקונפט וועט דיר פאַרגיטיגען אַלע ליידען אין דיין שווערער פאַרגאַנגענהייט און געגענוואַרט.

# הפטרה

## מען מוז לויפען פון גלות

**ויברח יעקב משדה ארם.**

„מעשה שבאו לגדולי צפורי כתבים רעים מן המלכות. הלכו ואמרו לרבי אלעזר בן פרטא. אמר להם ברמז: לכו ושאלו את יעקב" — עס האָט פּאַסירט, אַז צו די אידישע פירער פון צפורי זיינען אָנגעקומען שלעכטע פּאַפּירען פון דער רעגירונג. זיינען זיי אַוועק פרעגען ביי רבי אלעזר בן פרטא, וואָס זיי זאָלען טאָן. האָט ער זיי געזאָגט מיט אַ וואונק: פרעגט ביי יעקב'ן (במ"ר פ' כ"ג).

איבער צוויי אויסוואַנדערונגען, וואָס אונזער פאָטער יעקב האָט דורכגעמאַכט אין אַ משך פון עטליכע צענדליג יאָר, ווערט דערציילט אין היינטיגער סדרה.ביידע פון זיי, זאָגט אונז, די הפטרה, זיינען געווען „ויברח'ס". „ברח יעקב לבא אל לבן וברח לצאת מלבן" — יעקב לויפט אָנצוקומען צו לבן און לויפט אויך אַרויסצוגיין פון לבן (פרקי דרבי אלעזר פל"א). אַז עשו וויל ערגעץ אויסוואַנדערען, איילט ער זיך ניט. „ויקח עשו את נשיו ואת בניו ואת בנותיו ואת כל נפשות ביתו ואת מקנהו את כל קנינו אשר רכש בארץ כנען" — עשו נעמט־מיט זיינע פרויען, זיינע זין און טעכטער און אַלע מענשען פון זיין הויז, אויך זיינע פי, זיינע בהמות און זיין גאַנצען אייגענס, וואָס ער האָט אָנגעזאַמעלט אין לאַנד כנען, און גייט אין דעם באַשטימטען אָרט, וואָס ער האָט אויסגעקליבען. אָבער יעקב מוז האַלטען אין איין „ויברח" — אין איין לויפען. ער מוז איבערלאָזען אַלץ הינטער זיך. ניט מער ווי זיין וואַנדער־שטעקען קאָן ער מיטנעמען, ווייל ער דאַרף זיך ראַטעווען מיט'ן לעבען.

„ויעבד ישראל באשה" — און ישראל שקלאַפט צוליב אַ ווייב. וואו ער שלאָגט אָן אין זיין וואַנדערען, מוז ער שווער און ביטער אַרבייטען פאַר דעם שטיקעל ברויט, פאַר זיין פרוי און קינדער. ווי אַלע עמיגראַנטען, האָט יעקב צוערשט שטאַרק געבענקט נאָך זיינע עלטערען, נאָך זיין היימלאַנד. וואו ער איז געגאַנגען און וואָס ער האָט געטאָן, איז זיין הויפּט באַגער און שטרעבונג געווען דער „ושבתי בשלום אל בית אבי" — זיך צוריקצוקערען געזונטערהייט אַהיים. אָבער מיט דער צייט ווערט די הייסע בענקשאַפט אָפּגעקילט. דורך די גאַנצע פערצען יאָר, וואָס ער האָט געדינט לבנ'ען פאַר זיינע צוויי ווייבער, געפינען

מיר ניט, אַז ער זאָל האָבען דערמאָנט דאָס הויז פון זיינע עלטערען. ער איז, ווי אַלע וואָס וואַנדערען איין אין פרעמדע לענדער, פאַרטאָן מיט זיך אַליין.

„ובאשה שמר" — און צוליב אַ פרוי האָט ער אַלץ געוואָרט. צוליב דעם שטיקעל פרנסה איז ער פאַר אַ לאַנגער צייט פאַרבליבען אין דער פרעמד. די גרויסע צרות, וואָס ער האָט דורכגעמאַכט אויף זיין וועג, און נאָכדעם די שווערע אַרבייט פאַר לבנ'ען, וועלכער האָט איהם געזוכט אָפּצונאַרען אויף שריט און טריט, האָבען איהם שטאַרק דערנערווירט. „כל הימים שהיה יעקב בביתו של לבן לא דבר עמו הקב"ה — די אַלע טעג, וואָס יעקב איז געווען אין לבנ'ס הויז, האָט מיט איהם דער אויבערשטער ניט גערעדט (תנ"י כ"א). ער איז צופיל פאַרנומען און דערשלאָגען אום צו קאָנען זיך אַריינטראַכטען אין די געטליכע לערען פון זיינע עלטערען. דער פּראָצעס פון צופּאַסונג אין גלות איז אַ שווערער און שטערט דער גייסטיגער אַנטוויקלונג.

„ויברח הוא וכל אשר לו" — ענדליך באַשליסט יעקב צו אַנטלויפען מיט זיין גאַנצער פאַמיליע. ער מוז וואָס שנעלער זיך אַרויסכאַפּען פון דעם פינסטערען גלות, אויב ער וויל ניט, אַז אויך זיינע קינדער זאָלען פון איהם פאַרלאָרען גיין.

אָט די עצה האָט רבי אלעזר בן פרטא געגעבען צו די גדולי ישראל פון צפּורי. אַזוי גיך ווי אידען אין אַ פרעמד לאַנד דערהאַלטען „כתבים רעים", „ווייסע פאַפּירען", אין וועלכע עס ווערען באַשטימט באַגרעניצונגען פאַר אידען, איז אַ צייט צו מאַכען אַ „ויברח", מען מוז אַנטלויפען פון אַזאַ גלות און גיין צוריק אין אַן אייגענער היים, אין אַן אייגען לאַנד.

ג.

## אידישע געשיכטע הויבט זיך אָן מיט גלות

**וישא יעקב רגליו.**

„אמרו רבותינו כל בני אדם רגליהם סובלות אותם, אבל יעקב הוא נושא את רגליו" — אונזערע רבנן האָבען באַמערקט: אַלע מענשען ווערען געטראָגען פון זייערע פיס, אָבער יעקב שלעפּט זיינע פיס (תנ"י).

מיט'ן „לך לך מארצך וממולדתך ומבית אביך" — גיי דיר פון דיין לאַנד, פון דיין געבורטס־פּלאַץ און פון דיין פאָטער'ס הויז — הויבט זיך אָן די געשיכ־

טע פון אונזער פּאָטער אברהם, דער גרינדער פון אונזער אמונה, און מיט „ויצא וילך״ — אַנטלויפן פון זיין אייגען לאַנד און גיין וואו די אויגען וועלען אים טראָגען — הויבט זיך אָן די געשיכטע פון אונזער פּאָטער יעקב, דער גרינדער פון אונזער פאָלק. צוליב די רדיפות פון פרעמדע וואַנדערט אברהם אַרום יאָרענלאַנג איבער פאַרשיידענע לענדער צו זוכען אַ פלאַץ פאַר זיין נשמה, פאַר זיין גייסט, וואו ער זאָל קענען לעבען רוהיג און אַנטוויקלען די אידעאַלען פון זיין גרויסער אמונה. צוליב די רדיפות פון אייגענע, פון אַ ברודער, וואָס האָט אים פיינט און וויל אים טויטען, מוז יעקב פאַרלאָזען דאָס הויז פון זיינע עלטערן און וואַנדערען יאָרענלאַנג, כדי צו ראַטעווען זיין לעבען, ביז ער וועט קענען זיך צוריקקערען און וואוינען אין זיין אייגען לאַנד.

דער „אלשיך הקדוש״ באַמערקט, אויב דער אויבערשטער וויל, אַז אברהם זאָל פאַרלאָזען זיין פלאַץ, האָט ער דאָך אייגענטליך אים געדאַרפט זאָגען: „לך לך מבית אביך וממולדתך ומארצך״ — גיי דיר פון דיין פאָטער׳ס הויז, פון דיין געבורט־פלאַץ און פון דיין לאַנד, ווייל אַזוי איז דאָך דער ריכטיגער כראָנאָ־לאָגישער סדר; אַז איינער וויל זיך אַרויסציען אין אַן אַנדער לאַנד, גייט ער פריער אַרויס פון זיין הויז, נאָכדעם פון זיין שטאָט און צולעצט פון זיין לאַנד. דאָס איז אָבער אַלץ גערעדט, ווען איינער וואוינט אין זיין אייגען לאַנד. אברהם אָבער האָט געלעבט אין אַ פרעמד לאַנד, אין גלות. דאָס לאַנד האָט אים קיינמאָל ניט אָנערקענט פאַר אַ בירגער. אויך די שטאָט, וואו ער איז געבוירען געוואָרען, האָט אים ניט געוואָלט האָבען. ביי אַ גלות־מענשען איז דער סדר פאַרקערט: פריער פאַרלאָזט ער דאָס לאַנד, נאָכדעם זיין שטאָט און צו־לעצט זיין הויז, לויט דעם כראָנאָלאָגישען אָרדער פון זיין צוגעבונדענקייט.

ביי אונזער פּאָטער יעקב אָבער איז די לאַגע גאַנץ אַנדערש. ער גייט פון זיין אייגען לאַנד אין גלות אַריין. ער גנב׳עט זיך צוערשט אַרויס פון זיינע עלטערען׳ס הויז, נאָכדעם פון זיין שטאָט באר־שבע, זיין לאַנד אָבער פאַרלאָזט ער ניט. ער טראָגט איר אָנדענק מיט זיך. וואו ער גייט און וואו ער שטייט, בייִנקט ער זעהר שטאַרק נאָך איר און האָפט וואָס גיכער זיך צוריק־קערען צו איר. ווען ער שלאָפט אַפילו אין דער מדבר אויף היילע שטיינער, „קיפל הקב״ה ארץ ישראל תחתיו״ — וויקעלט צוזאַמען דער אויבערשטער ארץ ישראל ווי אַ קאָלדרע און לייגט עס אים אונטער (רש״י). אין זיין גייסט, אין זיין טרוים שיידט ער זיך קיינמאָל ניט פון זיין לאַנד.

אונזער פּאָטער אברהם האָט געהאַט אַ תכלית, אַ ציל אין זיין אַרומוואַנ־

דערען. ער גייט זוכען „הארץ אשר אראך" — דאָס לאַנד, וואָס גאָט וועט אים אָנווייזען. „כך אמר הקב"ה לאברהם: הרבה מעשים טובים יש לך, הרבה מצוות יש לך, טלטל עצמך ממקום למקום ושמך מתגדל בעולם" — אַזוי האָט קב"ה געזאָגט צו אברהמ'ען: פיל גוטע מעשים האָסטו, פיל מצוות האָסטו, וואַלגער זיך אַרום פון איין אָרט אין דעם אַנדערען און דיין נאָמען וועט באַרימט ווערען אין דער וועלט (שהש"ר פ"א). איידער ער גייט זיך באַזעצען אויף אַן אייגענעם באָדען און דאָרט בויען אַ „בית אלקים", אַ צענטער פאַר זיין גאָטהייט, וויל ער די דאָזיגע אידייע פאַרשפּרייטען אין דער וועלט.

יעקב האָט אָבער אַ קנאַפּען תכלית אין זיינע וואַנדערונגען. ער האָט ניט וואָס צו זוכען, ווייל ער גייט דאָך אין דער פרעמד, און אין גלות איז ניטאָ וואָס צו געפינען. אונזערע חכמים רופען אָן דעם גלות מיט דעם נאָמען „כף הקלע", ווייל ער שליגגט איין אַלץ, וואָס דער גר, דער וואַנדערער שאַפט און דערגרייכט. גרויסע אויפטואונגען נעמט ער פאַר זיך, בלויז די דורכפאַלען און נידערלאַגעס לאָזט ער איבער פאַר דעם אָרימען אימיגראַנט. האָט ער באַרימטע קינדער, טענה'ט לבן: „הבנים בני והבנות בנותי" — די זין זיינען מיינע און די טעכטער זיינען מיינע. אַלע קינסטלער און גרויסע אויפטוער ווערען קאָאַפּטירט פון גלות און אַרויפגעשריבען אויף דער קאָנטאָ פון דעם לאַנד, וואו זיי וואוינען. פאַר דעם אָרימען איינוואַנדערער לאָזט מען איבער די אויסוואורפען, די פאַרברעכער, וואָס קענען ברייגגען שאַנד און שפּאָט אויף זיין קאָפּ . . .

„ויצא יעקב מבאר שבע" — יעקב גייט אַרויס פון באר שבע. ער פאָרט ניט, נאָר ער גייט צופוס, אָדער ווי די הפטרה באַמערקט: „ויברח יעקב" — יעקב אַנטלויפט. זיין פאָטער יצחק האָט געהאַט פיל אייזלען און קעמלען, ער קען אָבער ניט מיטנעמען קיין איינעם פון זיי, ווייל ער מוז זיך אַרויס'גנב'ענען שטילערהייד, כדי זיין ברודער עשו זאָל אים ניט באַמערקען און אים אַוועקהרג'ענען. זיינע אויגען זיינען געריכטעט צו „חרן", צום הויז פון זיין פעטער לבן, דער ברודער פון זיין ליבער מוטער. דאָרט האָפט ער צו קענען זיך אויסבאַהאַלטען פאַר אַ געוויסער צייט, ביז דער כעס פון זיין ברודער וועט פאַראיבער אין ער וועט זיך קענען צוריקקערען אַהיים.

פון באר שבע נאָך חרן איז ניט אַזאַ ווייטער מהלך. מען קאָן עס מאַכען אין אַ משך פון עטליכע טעג. אליעזר, דער קנעכט פון אברהם, ווען ער איז אַהין געפאָרען ברענגען רבקה'ן פאַר אַ פרוי צו יצחק'ן, האָט דיזעלבע נסיעה

געמאַכט אין אַ גאַנץ קורצער צייט. אָבער וואָס אַנדערע קאָנען טאָן קאָן יעקב ניט דערוויזען. „ויפגע במקום" — ער שלאָגט זיך אָפּ אָן אַ פּלאַץ. אַז יעקב וויל ערגעצוואו אַנגעקומען, מוז ער זיך פריער גוט אָנפּלאָגען אויפ'ן וועג. ער ווערט באַפאַלען פון אַלערליי פגעים רעים און צרות, וואָס שטערען אים צו דערגרייכען זיין ציל. יעקב'ן נעמט די רייזע גאַנצע פערצען יאָר (ב"ר ס"ט).

העכסט באַלערענד זענען די פאַרשיידענע דערקלערונגען, וואָס אונזערע חכמים גיבען איבער דעם פסוק „ויפגע במקום". מאַנכע זאָגען „קפצה לו הארץ — די ערד איז פאַר אים איינגעשרומפּען געוואָרען (חולין צ"א). איבער־ראַל האָט ער זיך געפילט אונטערדריקט און פאַרענגט. „וילן שם" — ער מוז דאָרטען דורכמאַכען לאַנגע און פינסטערע נעכט. כל זמן ער האָט געלעבט אין זיין אייגענער היים „זרחה לו השמש" — האָט די זון פאַר אים געשיינט ווי פאַר אַלע מענשען גלייך. אַזוי גיך אָבער ווי ער האָט זיין לאַנד פאַרלאָזען, איז „בא השמש שלא בעונתה" — גייט פאַר אים אונטער די זון פאַר דער צייט און ער קאָן דעם וועג ניט געפינען (ב"ר ס"ט).

דער ירושלמי וויל האָבען, אַז דאָס וואָרט „ויפגע" מיינט תפלה געטאָן (ירושלמי ברכות פ"ד). און זיין תפלה באַשטייט אין דעם: „אם יהיה אלקים עמדי ושמרני בדרך הזה אשר אנכי הולך" — אויב גאָט וועט זיין מיט מיר און וועט מיך היטען אויף דיזען וועג וואָס איך גיי, „ונתן לי לחם לאכל ובגד ללבוש" — און וועט מיר געבען ברויט צו עסען און אַ קלייד אָנצוטאָן, „ושבתי בשלום אל בית אבי" — און איך וועל זיך צוריקקערען בשלום צו מיין פאָטער'ס הויז, „והיה ה' לי לאלקים" — וועט גאָט פאַר מיר זיין פאַר אַ גאָט. אין גלות צווישען „אבני המקום" — די שטיינער מיט וועלכע מען פאַרוואַרפט אים איבעראַל, איז שווער צו זיין אַ איד. „אַז עס פעלט ברויט אין הויז און מען האָט ניט קיין בגד אָנצוטאָן קאָן מען ניט דינען גאָט ווי עס דאַרף צו זיין", האָט אַמאָל געזאָגט רבי זישא אניפּאָלער. ווי דוד המלך באַקלאָגט זיך: „תשב אנוש עד דכא ותאמר שובו בני אדם" — דו דערפירסט דעם אידען ביז דער נידעריגסטער שטופע און דו פאַרלאַנגסט נאָך פון אים ער זאָל תשובה טאָן. פאַרזאָרג אים פריער מיט פרנסה און ברענג אים צוריק צו זיין אייגענער היים, דאַן ערשט וועט ער קענען טראַכטען וועגען תשובה, וועגען מעשים טובים (ספר חסידים).

דער מדרש ווידער טייטשט דאָס וואָרט „ויפגע" — אָנגעשלאָגען: „בקש לעבור נעשה העולם כולו כותל לפני" — וואו ער האָט געוואָלט גיין, איז די גאַנצע וועלט געוואָרען איין גרויסע וואַנט פאַר אים (ב"ר ס"ח). אין זיין איי־

גענער היים האָט ער געקאָנט גיין וואו ער האָט געוואָלט און באַשעפטיגען זיך מיט וואָס זיין האַרץ האָט געגלוסט אין דער פרעמד, אָבער איז „ויפגע במקום", שלאָגט ער זיך אָן אין יעדען פלאַץ אָן אַלערליי שטערונגען. איבעראַל דיס־קרימינירט מען קעגען אים און מען באַרויבט אים פון אַלע מענשליכע רעכט. דאָ טאָר ער ניט פאַרען, דאָ קאָן ער ניט וואוינען און מיט דעם קאָן ער זיך ניט באַשעפטיגען. ער ווערט געצאַמט אויף שריט און טריט, ווי אַן אייזערנע וואַנט וואָלט געווען אַרומגערינגעלט אַרום אים, וואָס טיילט אים אָפּ פון אַלע אַנדערע איינוואוינער.

די איינציגע צייט, וואָס ער פילט זיך פריי, איז אין חלום. די וואָר, די ווירקליכקייט האָט מען פון אים צוגענומען, לעבט ער מיט חלומות. און אין חלום זעהט ער, אַז זיין לעבען איז געגליכען צו אַ לייטער, וואָס דער אונטער־שטער טייל, דער באַזיס זיינער „מצב ארצה" — שטייט אין דער ערד און זינקט אַלץ ווייטער אין דעם טיפען תהום. זיין שפּיץ אָבער, זיין אידעאַל „מגיע עד השמימה" — גרייכט ביז די הימלען. אמת טאַקע „מלאכי אלקים עולים ויורדים בו" — די פאַרשיידענע הערשער פון דער וועלט גייען אַרויף און אַרונטער אי־בער אים: „אופזים בו, קופזים בו, סונטים בו" — דריקען אים, טרעטען אויף איב און קריגען זיך איבער אים, אָבער „והנה ה' נצב עליו" — גאָט שטייט דאָך איבער אים און פאַרהיט אים פון אונטערגאַנג (מדרש אגדה).

אין זיין חלום הערט ער ווי גאָט רעדט צו אים און זאָגט אים: „אני ה' אלקי אברהם אביך ואלקי יצחק" — איך בין דער גאָט פון דיין זיידען אברהם און פון דיין פאָטער יצחק. „הארץ אשר אתה שוכב עליה לך אתננה ולזרעך" — אָט דאָס לאַנד אויף וועלכען דו ליגסט און חלומ'סט וועגען איר וועט נאָך זיין דיינס און דיינע קינדערס. „והיה זרעך כעפר הארץ" — דיינע קינדער וועלען זיין ווי דער שטויב פון דער ערד. „מה עפר בכל מקום, אף בניך בכל מקום" — פונקט ווי די ערד איז פאַרשפּרייט איבעראַל, אַזוי וועלען אויך דיינע קינדער זיין פאַרשפּרייט איבעראַל. „ומה עפר קיום העולם אף בניך יסודו של עולם" — אָבער פונקט ווי די ערד איז דער קיום, דער אויפהאַלט פון דער וועלט, אַזוי וועלען אויך דיינע קינדער זיין דער יסוד פון דער וועלט (לקח טוב).

„ויקץ יעקב משנתו" — ווען יעקב כאַפּט זיך אויף פון זיין שלאָף און קומט פנים אל פנים מיט דער ווירקליכקייט „ויירא ויאמר מה נורא המקום הזה" — ווערט ער אַן אויפגעציטערטער און שרייט אויס: ווי שרעקליך איז דאָס אָרט! ווי קאָן מען אָבער אויסהאַלטען די צרות פון היינט ביז עס וועט

קומען דער גליקליכער מארגען? ווידער שרעקט ער זיך טאָמער האָט גאָט זיך דערווייטערט פון אים. „אמר, על אבותי לא נגלה אלא ב„אנכי", מה עון אירעני שלא הסיח עמי בלשון הזה"? ער האָט געטראַכט: צו מיינע עלטערן האָט זיך גאָט ניט געוויזען מיט'ן כוח פון „אני", וואָס מיינט אַ פאַרקלענערטען „איך", נאָר מיט „אנכי" — אַן אַלמעכטיגען „איך", וואָס פאַר אַ זינד האָט מיך געטראָפען, אַז ער שמועסט מיט מיר ניט אין זעלבען לשון? ער האָט מורא, אַז אין גלות ווערט אויך זיין אמונה אָפּגעשוואַכט. „כיון שראהו הקב"ה שהיה מצטער מיד התחיל מדבר עמו באנכי" — אַזוי גיך ווי דער אויבערשטער האָט באַמערקט, אַז ער האָט גרויס צער, האָט ער מיט אים אָנגעפאַנגען ריידען מיט'ן לשון „אנכי" (פסיקתא רבתי ל"ג). זאָרגט זיך אַ איד פאַר זיין גלויבען, ווערט זיך גאָט צו אים ווייזען מיט זיין גאַנצען כוח.

„והיה ה' לאלקים" — גאָט וועט זיין צו מיר פאַר אַ גאָט. אויף דעם באַמערקט דער מדרש א העכסט־טיפען געדאַנק. ער זאָגט: „נטל הקב"ה שיחתן של אבות ועשאה מפתח לגאולתן של בנים" — גאָט האָט גענומען דעם שמועס פון די אבות און עס געמאַכט פאַר'ן שליסעל צו דער גאולה פון די קינדער. „אתה אמרת „והיה", חייך כל טובות וברכות ונחמות שאני נותן לבניך איני נותנן אלא בלשון הזה", דו האָסט געזאָגט: „און אַזוי וועט זיין", איך שווער ביי דיין לעבען, אַז אַלעס גוטעס, ברכות ונחמות, וואָס איך וועל געבען צו דיינע קינדער, וועל איך זיי עס געבען מיט דעם לשון (ב"ר פ"ט). און דער געדאַנק דערפון איז: דאָס וואָרט „היה" איז דאָך אַן עבר, אַ זאַך פון דער פאַרגאַנגענהייט. בלויז דער ו' המהפך, דער אומלויף ו', מאַכט עס פאַר אַן עתיד, פאַר אַ צוקונפט. אויב דיינע קינדער וועלען זיך האַלטען אין זייער פאַרגאַנגענהייט און לויט זייער עבר פאָרמולירען זייער עתיד, וועלען זיי קומען צו דער ענדגילטיגער גאולה.

„וישא יעקב את רגליו" — נאָך אָט די טרייסט־ווערטער הויבט יעקב אויף זיינע פיס און גייט ווייטער. אין דעם באַשטייט די אומשטערבליכקייט פון יעקב'ן. „כל בני אדם רגליהם סובלות אותם" — אַלע מענשען גייען וואו זייערע פיס טראָגען זיי. זיי זיינען בלויז פאַרטאָן אין ערדלינע זאַכען, אין מאַטעריעלע דערגרייכונגען. אָבער יעקב „נושא את רגליו" — ער טראָגט זיינע פיס. זיין מוח, זיינע געדאַנקען גרייכען ביז די הימלען, ער ווערט באַהערשט פון זיין קאָפּ, פון זיינע גייסטליכע אידעאַלען, און זיינע פיס ווערען געטראָגען צו דעם פּלאַץ, וואו זיי וועלען קענען פאַרווירקליכט ווערען.

# הפטרה

## יעקב לויפט אין גלות און פון גלות

**ויברח יעקב משדה ארם.**

„כל הימים שהיה יעקב בביתו של לבן לא דבר עמו הקב״ה — די אלע טעג, וואס יעקב האט געוואוינט אין לבנ׳ס הויז האט מיט אים דער אויבער־שטער ניט גערעדט (נ״י כ״א).

אין איינעם פון זיינע פעליעטאנען האט דער פארשטארבענער ציוניסטי־שער פירער וולאדימיר זשאבאטינסקי באמערקט, אז דאס אידיש לעבן אין גלות איז איין גרויסע פארדרייעניש. צוויי לאנדסלייט טרעפען זיך צוזאמען און צווישען זיי קומט פאר דער פאלגענדער שמועס:

— ווי גייט עס חיים׳ען?

— אה, ער איז פארדרייט.

— און ווי גייט עס ברוכ׳ען?

— ער דרייט זיך נאך.

— און וואס הערט זיך מיט זלמנ׳ען?

— ניש׳קשה, ער וועט זיך ארויסדרייען.

פארדרייט, געדרייט, ארויסגעדרייט — אבער גלייך גייט עס ניט.

דאס שטימט מיט דער באמערקונג פון אונזערע חז״ל איבער דעם אויבען־ציטירטען פסוק: „ויברח יעקב״ — יעקב לויפט. „ברח לבא אל לבן וברח לצאת מלבן״ — ער לויפט וואס גיכער צו קומען צו לבנ׳ען און לויפט וואס גיכער ארויסצוכאפען זיך פון לבנ׳ס הויז (פרקי דר״א ל״א). גיין ווי אלע מענשען קען ניט א פאלק, וואס לעבט אין גלות און מוז אנקומען צו די לאסקעס פון די לבנ׳ס, וועלכע פארגינען אים ניט דאס לעבען.

און דער ביטערער שיקזאל פון שטענדיג לויפען באהערשט אויך זיין גייס־טיגען מצב. איידער א איד וואנדערט אויס פון איין לאנד אין א צווייטען, האפט ער, אז דארט וועט זיין עקאנאמישער מצב זיך בעסערען, און ער חלומ׳ט אויך פון א גייסטיגען לייטער, וואס וועט אים פארבינדען מיט זיין הימעל, מיט זיין גרויסען גייסט. זיינע חלומות ווערען אבער ווייניג־וואס פארווירקליכט. איי־דער ער אריענטירט זיך אין דער נייער היים, מוז ער דורכמאכען א פראצעס

פון שווער אַרבייטען, פון זוכען אַ שטיקעל פרנסה, וואָס איז ניט אַזוי לייכט פאַר אַן אימיגראַנט צו געפינען. דורך דער גאַנצער צייט פון אָריענטירען זיך קען מען דאָך אים ניט פאַרדענקען פאַר זיין פאַרנאַכלעסיגען די גייסטיגע אינטערע־סען פון זיין פאָלק. זיין קאָפּ איז נעבעך פאַרדרייט, „ויעבד באשה ובאשה שמר״ —ער מוז נעבעך שקלאַפען פאַר זיין פרוי און קינדער און צוליב זיי מוז ער אָפּהיטען די מנהגים פון לאַנד און ער פאַרגעסט דערוויילע זיינע אייגענע.

אַרבייט ער זיך אָרויף און ווערט רייך פאַרליִרט ער זיין אידעאַליזם און ווערט אינגאַנצען „חומר״, מאַטעריאַליסטיש, ווי מיר געפינען ביי יעקב׳ן: איי־דער ער איז אַרויין אין גלות, האָט ער גע׳חלום׳ט פון אַ לייטער מיט הימלישע מלאכים. אָבער אַזוי גיך ווי ער איז רייך געוואָרען, דערציילט ער זיינע פרויען: „וארא בחלום והנה העתודים העולים על הצאן עקודים, נקודים וברודים — איך זעה אין חלום, אַז די בעק, וואָס קומען זיך צוזאַמען מיט די שעפסען, ווע־לען ברייננגען געקנעכעלטע, געפינטעלטע און געפלעקטע שאָף (ויצא ל״א). ער האָט שוין דעם הימעל ווייניג אין זינען, ער חלום׳ט שוין פון מער רייכטום, פון גרעסערע איינקונפטען. כל זמן יעקב האָט זיך געפונען אין לבנ׳ס רשות, האָט מיט אים גאָט ווייניג גערעדט. ער איז געווען צופיל פאַרטאָן אין זיינע אייגענע אינטערעסען.

---

ד.

## צוריקגיין צו זיין לאַנד דאַרף יעקב ניט זוכען קיין דערלויבניש

**שׁוּב אל ארץ אבותיך.**

„אמר יעקב, ברשות יצאתי, אם איני נוטל רשות איני חוזר. אמר הקב״ה: רשות אתה מבקש? הרשות בידך״, יעקב האָט געזאָגט: מיט דערלויבעניש בין איך אַרויס, און אויב איך קריג ניט קיין דערלויבניש קאָן איך זיך ניט צוריקקערען. ענטפערט אים גאָט: דו זוכסט דערלויבניש? די דערלויבניש איז ביי דיר אין די הענט (תנ״י ויצא).

ווי דער שטייגער איז מיט אַלע עמיגראַנטען, וואָס זיינען געדריקט צו פאַרלאָזען זייער היים און אויסוואַנדערען אין פרעמדע לענדער, האָט יעקב צו־

ערשט שטאַרק געבענקט נאָך זיינע עלטערען, נאָך זיין היימלאַנד. איבערהויפּט אין די ערשטע יאָרען, ווען ער האָט זיך אַרומגעבלאָנקעט אין דער מדבר און האָט זיך געגנוג אָנגעליטען פון די „אבני המקום", די שטיינער פון דעם פּלאַץ, מיט וועלכע מען האָט אים איבעראַל פאַרוואָרפען, וואו נאָר ער האָט געוואָלט זיין מידען קאָפּ אָנשפּאַרען; האָט ער שטענדיג געגאַרט און געהאָפּט אויף דעם „ושבתי בשלום אל בית אבי", זיך צוריקקערען געזונטערהיים אַהיים. אין זיין גרויס עלענט און אַרמוט נעמט ער אויף זיך אַ נדר, אַז אויב גאָט וועט אים העלפען און זיין מצב וועט זיך פאַרבעסערען, וועט ער אַ היפּשען טייל פון זיין פאַרמעגען מקדיש זיין פאַר גייסטיגע אינטערעסען.

מיט דער צייט אָבער איז אָט די הייסע בענקעניש אָפּגעקילט געוואָרען.

די שווערע אַרבייט, וואָס ער איז געצוואונגען געווען צו טאָן פאַר לבנ'ען, וועלכער האָט אים געזוכט אָפּצונאַרען אויף שריט און טריט, האָט אים שטאַרק דענערווירט. ווי ער באַקלאָגט זיך טאָקע: „הייתי ביום אכלני חורב וקרח בלילה, ותדד שנתי מעיני", בייטאָג בין איך פאַרצערט געוואָרען פון דער ברענענדיגער זון און בייניאַכט פון קעלט, און דער שלאָף איז פאַרוואָגעלט גע־וואָרען פון מיינע אויגען.

אויך אין די זעקס יאָר, וואָס יעקב האָט געאַרבייט פאַר זיך און איז שטאַרק רייך געוואָרען, האָט ער ווייניג געטראַכט פון זיין אַלטער היים. זיין רייכ־טום האָט געביטען זיין כאַראַקטער. מיט זיין גרויס פאַרמעגען קומט אויך אַן אומוועקסלונג אין זיין געדאַנקען־גאַנג. ער ווערט אַלץ ווייניגער אידעאַליסט און מער מאַטעריאַליסטיש. ער האָט שוין דעם הימעל ווייניג אין זינען. ער חלומ'ט שוין פון מער רייכטום, פון גרעסערע איינקונפטען. און די שכינה באַ־קלאָגט זיך: „בשעת עקי נדרי, בשעת רוחא שמטיא", אין צייטען פון ענגשאַפט מאַכט מען נדרים, אין צייטען פון געמיטליכקייט זוכט מען זיך אַרויסצומאַכען (תנחומא). אַלע גוטע פאַרשפּרעכענס, וואָס איינער מאַכט אין צייטען פון נויט, פאַרגעסט ער אַזוי גיך ווי זיין לאַגע ווערט בעסער.

בלויז ווען ער באַמערקט, אַז לבנ'ס געזיכט איז צו אים ניט אַזוי פריינט־ליך ווי נעכטען און אייערנעכטען, און ער הערט ווי די „בני לבן" באַשולדיגען אים, אַז ער האָט באַשווינדעלט זייער פאָטער, דערגרייכט צו אים די שטים פון גאָט, וועלכער זאָגט אים „שוב אל ארץ אבותיך", קער זיך צוריק צום הויז פון דיינע עלטערן. יעקב אָבער וואַרט אַלץ פאַר אַ דערלויבניש, פאַר אַ צייכען פון הימעל, אַז זיין גאולה איז געקומען. דער אויבערשטער, אָבער,

פרעגט אים איראָניש: אויף צוריקקערן זיך אין דיין אייגען לאַנד דאַרפסטו דערלויבנישען? „הרשות בידך" — די דערלויבניש ליגט אין דיינע אייגענע הענט. ווילסטו אַליין באַשליסען צו מאַכען דעם שריט און מיט אַלע דיינע כחות פאָדערן דאָס רעכט איבער דיין לאַנד, וועט דאָס לאַנד זיין דיינע. יעקב הערט דעם רוף פון גאָט, נעמט צוזאַמען זיינע פרויען און קינדער און זיינע שאָף און רינדער און לאָזט זיך גיין נאָך זיין פאָטערס הויז. „ויפגעו בו מלאכי אלקים" — ווערט ער באַגעגענט פון געטליכע מלאכים.

„ששים רבוא מלאכים היו חלין ומרקדים לפני אבינו יעקב בצאתו לדרכו" — זעקס הונדערט טויזענט מלאכים האָבען געטאַנצט און געשפרונגען פאַר אונזער פאָטער יעקב, אַז ער איז אַרויס אויף זיין וועג נאָך ארץ־ישראל (שיהש"ר ז׳ א׳).

דער גרויסער מקובל, ר׳ דוד אזולאי, וויל האָבען, אַז אַלע נשמות זיינען מלאכים. די יעניגע, וועלכע זיינען שוין געווען מיט די מענשען אויף דער ערד, זיינען די עלטערע און וואוינען אין די געביידעס, אָדער מחיצות, וועלכע זיינען פאַר זיי באַשטימט געוואָרען לויט זייער אויפפירונג אויף דער אונטער־שטער וועלט. די נשמות, וועלכע זיינען נאָך ניט אַרונטערגעשיקט געוואָרען אויף דער ערד, זיינען יונגע מלאכים׳לעך, וואָס האָדעווען זיך אין אַ ליכטיגען, גרויסן פּאַלאַץ, וואָס הייסט „גוף", און וואַרטען, ביז דער אויבערשטער וועט פאַר זיי באַשטימען דעם פּאַסענדען קערפּער, אין וועלכען זיי וועלען דאַרפען פאַרברענגען די גאַנצע צייט, וואָס זיי וועלען זיין אויף דער ערד.

לויט דער דאָזיגער דערקלערונג ווערט אונז פאַרשטענדליך דער געדאַנק פון דעם אויבענדערמאָנטען מדרש: די זעקס הונדערט טויזענט נפשות פון די „יוצאי מצרים" האָבען זיך שטאַרק געפרייט, וואָס זייער פאָטער יעקב האָט באַשלאָסען צו פאַרלאָזען דעם גלות און זיך צוריקצוקערן צו זיינע עלטערנ׳ס היים. כל־זמן יעקב געפינט זיך אין דער פרעמד און טראַכט ניט פון אַן אייגענער נאַציאָנאַלער היים, הערשט אַ חושך אין די אויבערשטע הימלען. אַלע מלאכים, די נשמות, וועלכע זיינען שוין געווען אויף דער וועלט, און אויך די נשמות, וואָס דאַרפען נאָך ערשט קומען, זיצען פאַרטרויערט און פאַרברענגען זייער צייט אין אַ שטילען וואַרטען . . .

ארץ־ישראל באַלאַנגט צו דריי שותפים. אויסער דער קעגענוואַרטיגער דור האָבען אין ארץ־ישראל אַ גרויסען חלק אונזערע זיידעס פון אַמאָל און די אייניקלאַך, וואָס דאַרפען נאָך ערשט קומען. קיינער פון אונז האָט ניט דאָס רעכט

אריינצוגיין אין אָפּמאַכען מיט אַנדערע רעגירונגען וועגען פאַרקלענערן די גרעניצען פון ארץ־ישראל, אָדער באַשרענקען דאָרט אונזערע רעכט. דער עבר און דער עתיד, אונזער פאַרגאַנגענהייט און אונזער צוקונפט, וועלען קיינמאָל ניט שיינקען זייער הלק אויף דעם לאַנד. וואָס גאָט האָט פאַרשפּראָכען צו זייער אַלעמענ׳ס פאָטער, אברהם. אויך די מלוכה, וואָס האָט אין איר באַזיץ די הערשאַפט איבער ארץ־ישראל, וועט זיך מוזען רעכענען מיט די דריי שותפים. אידען זיינען אַ פאָלק פון אייביגקייט, און אייביגקייט לאָזט זיך ניט פאַרקירצען אָדער באַגרעניצט ווערען.

# הפטרה

## יעקב האַלט אין איין לויפען

**ויברח יעקב שדה ארם.**

„ר׳ אליעזר אומר: ברח יעקב לבא אל לבן וברח לצאת מלבן" — ר׳ אליעזר באַמערקט: יעקב איז געלאָפען צו קומען צו לבנ׳ען און איז געלאָפען אַוועקצוגיין פון לבנ׳ען (פרקי דר׳ אליעזר פל״א).

יעקב איז ניט געפאָרען נאָך חרן, נאָר געלאָפען. ער איז ניט געוועזן אַ רייזענדער, וועמען עס האָט זיך געגלוסט צו באַקוקען נייע לענדער, נאָר אַן אומגליקליכער עמיגראַנט, וואָס איז נעבאַך געצוואונגען צו פאַרלאָזען זיין געבורטסלאַנד און זוכען אַ צייטווייליגע היים אין דער פרעמד, וואו ער זאָל קאָנען זיין קאָפּ אַנשפאַרען. זיין זיידע אברהם און זיין פאָטער יצחק, אַז זיי האָבען געוואָלט באַזוכען אַן אַנדער לאַנד, איז געוועזן „ויסע" אָדער „וילך"; זיי זיינען געפאָרען אָדער געגאַנגען מיט זייער אייגענעם ווילען, קיינער האָט זיי ניט געצווינגען עס צו טאָן. ביי יעקב׳ן, אָבער, איז די לאַגע אַ גאַנץ אַנדערע. „ויברח יעקב שדה ארם" — יעקב מוז לויפען נאָך דער געגענט פון ארם, ווייל אין זיין שטאָט „באר שבע" איז ער ניט זיכער געוועזן מיט׳ן לעבען.

אַז זיין ברודער עשו האָט געוואָלט פאַרלאָזען דאָס לאַנד כנען, איילט ער זיך ניט, ווייל ער איז פון קיינעם ניט געדריקט עס צו טאָן. ער נעמט צוזאַמען זיינע פרויען, זיינע זין און טעכטער און אַלע מענשען פון זיין הויז, אויך

זיינע פּי, זיינע בהמות און זיין גאַנצען אייגענס, וואָס ער האָט אָנגעזאַמעלט אין לאַנד כנען, און גייט נאָך וועלכען לאַנד ער וויל (וישלח ל"ו ו'). יעקב, אָבער, לאָזט אַלץ איבער אין דער היים. ער קאָן מיט זיך גאָרניט מיטנעמען, ווייל ער מוז לויפען און זיך ראַטעווען מיט'ן לעבען. אויך דאָס ביסעל געלט און צירונג, וואָס ער האָט מיטגענומען צו קאָנען זיך אויפהאַלטען ביים לעבען, ביז ער וועט ערגעצוואו אָנשלאָגען און אָנפאַנגען פאַרדינען, ווערט פון אים אַוועקגערויבט אויפ'ן וועג (מדרש רבה).

און אַזוי איז אויך דער טרויעריגער שיקזאַל פון יעקב'ס קינדער. זיי לויפען פון די לענדער, וואו זיי געפינען זיך, צוליב די צרות, אָדער נויטען, וואָס זיי האָבען דאָרט אויסצושטיין, אָדער זיי לויפען כאַפּען גליקען אין נייע לענדער. אידישע גלות'ן הויבען זיך געוויינליך אָן מיט אַ זון, וואָס פאָרט אַוועק אין אַ פרעמדער מדינה, אַרבייט זיך דאָרט אַ ביסעל אַרויף און שיקט נאָך זיין פאָטער מיט זיינע ברידער, וועלכע וואַנדערען אויס צוליב פרנסה און פאַר־בלייבען דאָרט אין דער פרעמד, ביז . . . ביז אין עטליכע דורות שפּעטער ווערט זיי אויך דאָרט ענג, און איינער פון די געוואַגטע יונגעלייט זוכט זיך אויס אַן אַנדער לאַנד און ברענגט אַהין אַריבער זיינע עלטערן און קרובים, און אַ נייער גלות פאַנגט זיך אָן.

אַזוי דרייט זיך די ראָד פון אידישע גלות'ן, פון אידישען וואַנדערן איבער אַלע לענדער און אַלע ימים. „ויעבד ישראל באשה" — ישראל שקלאַפט צוליב זיין פרוי, צוליב פרנסה פאַר זיין פאַמיליע, און וואָס טרויעריגער איז — „ובאשה שמר", צוליב זיין פרוי, זיינע קינדער און זיין הויז מוז ער אָפּהיטען די מנהגים פון דעם לאַנד, וואו ער וואַנדערט איין, און דורך דעם ווערט ער אַלץ מער דערווייטערט פון זיין אייגענעם מקור, פון זיין אייגען פאָלק.

די נבואה פון דער היינטיגער הפטרה איז געזאָגט געוואָרען אין די צייטען פון „ירבעם" דעם צווייטען, אַרום 2,683 יאָר צוריק. די עקאָנאָמישע לאַגע פון אפרים איז דאַן געווען זעהר גוט. די הויפּטשטאָט שומרון האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָליע אין דער פּאָליטישער וועלט פון יענע צייטען. זיי האָבען זיך אָבער דערווייטערט פון זייער גאָט און געדינט גאָלדענע קעלבער, ווי דער נביא באַקלאָגט זיך: „זובחי אדם עגלים ישקון" — זיי קוילענען מענשען און קושען קעלבער. זייערע קינדער טויטען זיי אָפּ און באַגראָבען זיי פאַר דער אידישער צוקונפט, זיי דינען צו די גאָלדענע קעלבער פון דער געגענוואָרט.

און דער נביא װאָרענט זיי: „לכן יהיו כענן בוקר וכטל משכים הולך" זיי װעלן אָבער זיין װי דער װאָלקען פון פרימאָרגען און װי דער טוי אין דער פרי, װאָס פאַרשװינדט גלייך. די אידישע גליקען, װאָס זיי דערװערבען דורך דערװייטערן זיך פון זייער אייגען פאָלק און זיין אמונה, קאָנען לאַנג ניט אָנ־האַלטען. זייער פאַרמעגען װאָס זיי זאַמלען אָן אין די גלות־לענדער, בלייבט ניט זייער'ס; מען נעמט עס פון זיי אװעק. אין זייער אייגען לאַנד װאָס זיי װעלן פאַרדינען, װעט ביי זיי בלייבען. דאָרט װעלן זיי זיין אימשטאַנד צו פאַרזאָרגען אַ געזיכערטע צוקונפט פאַר זיך און פאַר זייערע קינדער.

„שוב אל ארץ אבותיך ולמולדתך ואהיה עמך" — קער זיך אום צום לאַנד פון דיינע עלטערן און צו דיין געבורט־פּלאַץ, זאָגט גאָט צו אונזער פאָטער יעקב. בלויז דאָרט, אין דיין אייגענער היים, קאָן איך זיין מיט דיר און װאױנען מיט דיר.



ה.

## מען װיל אים ניט האָבען, אָבער מען לאָזט אים ניט אַרויס

**הבנות בנותי והבנים בני.**

„צא ולמד, מה בקש לבן הארמי לעשות ליעקב אבינו, שפרעה לא גזר אלא על הזכרים, ולבן בקש לעקר את הכל" — גיי און לערן װאָס לבן דער ארמי האָט געװאָלט טאָן צו אונזער פאָטער יעקב. פרעה האָט גוזר געװען צו פאַר־ניכטען בלויז די זכרים, אָבער לבן האָט געװאָלט אויסרייסען אַלץ (הגדה לפסח).

„ויצא יעקב מבאר שבע", יעקב גייט אַרויס פון באר שבע. ער פאָרט ניט, נאָר ער גייט צופוס. זיין פאָטער יצחק האָט געהאַט פיל אייזלען און קעמ־לען. ער קאָן אָבער ניט מיטנעמען איינעם פון זיי, װייל ער מוז זיך אַרויס־גנב'ענען שטילערהייט, כדי זיין ברודער עשו זאָל אים ניט באַמערקען. דורך די יאָרען פון זיין לאַנגען װאַנדערען מוז ער דורכמאַכען אַלערליי שװעריגקיי־טען. ער בלאָנדזשעט דורך װילדע מדבריות און װאַנדערט װאו אַ טאָג, װאו אַ נאַכט, און איבעראַל געפינט ער גרויסע שטיינער אויף זיין װעג. אויב ער באַשליסט שוין יאָ אַמאָל זיך צו לייגען אָפּרוען צװישען די „אבני המקום", די

שטיינער פון דעם אָרט, הויבען זיי זיך אָן אַרומצוקריגען איבער אים און שטע־
רען אים זיין רו (רש״י).

עס טרעפט אפילו אַמאָל, אַז די „אבני המקום״, די פאַרשטיינערטע און
האַרטע הערשער פון לאַנד זוכען אַריינצוקריגען יעקב׳ן ביי זיך („עלי ינוח
צדיק את ראשו״ — חולין צ״א). זיי מיינען אָבער דאָך מערסטענס זייער איי־
גענע טובה. זיי ווייסען גאַנץ גוט, אַז ווען יעקב וועט זיך אַביסעל אויסרוען
און קומען צו זיך, וועט ער זיי גוט באַלוינען פאַר זייער שטיקעל גאַסטפריינט־
ליכקייט. ער וועט פון זייערע שטיינער בויען מצבות, גרויסע און שיינע מאָ־
נומענטען, און „ויצק שמן על ראשה״ — ער וועט גיסען בוימעל אויף זייער
קאָפּ. זיי וועלען קאָנען פון אים אָפּלעקען אַ פעט ביינדעל. די אידישע גע־
שיכטע ווייסט צו דערציילען, אַז אין מיטעלאַלטער האָט זעהר אָפט פּאַסירט,
אַז אַ מושל פון איין מדינה פלעגט אָפּקויפען ביי דעם צווייטען דאָס רעכט
איבער זיינע אידען. ער פלעגט זיי דאַן אַריבערפירען צו זיך אין לאַנד, פאַר
אַ קורצער צייט זיי געבען אַלע פרייהייטען צו קאָנען זיך איינאָרדנען. אָבער
אַזוי גיך ווי זיי האָבען אָנגעפאַנגען צו אַנטוויקלען די אינדוסטריע פון זיין לאַנד
און טאָן גוטע געשעפטען, פלעגט ער זיי שינדען די הויט דורך שווערע צינזען
און רייסען דעם ביסען פון מויל. זיי זיינען געווען זיינע הויף־אידען און ער
האָט מיט זיי געטאָן וואָס ער האָט געוואָלט (גרעטץ).

אַ מידער, אַ צעבראָכענער און מיט ליידיגע קעשענעס, בלויז „במקלו״,
מיט זיין שטעקען אין האַנט, קומט יעקב אין חרן. איידער ער האָט פאַרלאָזען
זיין היים, האָט אים זיין מוטער רבקה מיטגעגעבען פיל געלט און שיינע מתנות
פאַר זיין כלה און פאַר איר ברודער לבן מיט זיינע קינדער. זי האָט גוט גע־
קענט לבנ׳ען און האָט געוואוסט ווי געלט־גייציג ער איז געווען. זי געדענקט
נאָך, אַז ווען ער האָט דערזעהן די גאָלדענע רינגען און בראַסלעטען, וואָס
אליעזר האָט איר געגעבען, ווען ער האָט זי געטראָפען ביים קוואַל, איז ער
גלייך געלאָפען אים צו באַגעגענען און איינלאַדען צו זיי אין הויז. יעקב האָט
די מתנות געפירט מיט זיך, אָבער אויפ׳ן וועג איז ער באַפאַלען געוואָרען פון
אליפז, עשו׳ס עלטערער זון, וואָס האָט זיך געיאָגט נאָך אים, און אים באַרויבט
פון אַלץ. ער האָט פון אים אַוועקגענומען זיין געלט, זיינע קליידער און אים
איבערגעלאָזען הייל און נאַקעט (ילקוט שמעוני).

אַז לבן דערהערט, אַז יעקב, דער זון פון זיין רייכער שוועסטער רבקה,
איז אָנגעקומען, „וירץ לקראתו״, לויפט ער קעגען אים. ער האָט געמיינט, אַז

אויך ער, אַזוי גוט ווי אליעזר, דער שליח פון אברהמ׳ען, האָט מיטגעבראַכט אייזלען און קעמלען געלאָדען מיט טייערע סחורות און פיל גאָלד און זילבער. „כיון דלא חמא אפיסטקיתו ויחבק לו", אַז ער זעהט ניט זיין באַגאַזש, האַלזט ער אים, „אמר דילמא דינרין אינין ויהובין בחרציה" — ער האָט ביי זיך געטראַכט, טאָמער האָט ער מיטגעבראַכט דאָלאַרען און ער האַלט זיי אין זיינע קעשענעס. „כיון דלא אשכח כלום, וינשק לו" — אַז ער געפינט קיין זאַך ניט, קושט ער אים. „אמר דילמא מרגלין אינין ויהובין בפומיה" — ער האָט געקלערט, טאָמער האָט ער געבראַכט פערלען און דימענטען און האָט זיי אַריינגעלייגט אין זיין מויל, כדי קיינער זאָל זיי ניט באַמערקען און זיי פון אים אַוועקרויבען (ב"ר ג׳).

„ויספר ללבן את כל הדברים האלה" — יעקב דערציילט לבנ׳ען אַלץ, וואָס האָט מיט אים פּאַסירט אויף זיין לאַנגער נסיעה, און וויפיל ער האָט זיך אָנגעפּלאָגט אויפ׳ן וועג. אַז לבן הערט־אויס זיין טרויעריגע געשיכטע, ענטפערט ער אים: „אך עצמי ובשרי את" — אויב אַזוי, ביזטו בלויז מיין ביין און מיין בלוט, דאָס הייסט, אַן אָרימער קרוב, וועלכער זוכט הילף, „וישב עמו חודש ימים" — לאָזט ער אים וואוינען ביי זיך אַ מאָנאַט צייט. דער מדרש באַמערקט אויף די ווערטער „עצמי ובשרי": „אמר לו, מלך הייתי סבור לעשותך עלי, וכדין דלית גבך כלום אך עצמי ובשרי אתה, כהדין גרמא אני מהדק לך" — איך האָב לכתחילה געדענקט דיך צו מאַכען פאַר אַ קעניג איבער מיר, אָבער אַז דו האָסט מיט זיך גאָרנישט, בלויז ביינער און פלייש, וועל איך דיך שוין איינברעכען אין אַ געוויסער אַרבייט (ב"ר ע׳).

און לבן באַהאַנדעלט אים ווי אַן אמת׳ער רמאי, ער באַשווינדעלט אים אויף שריט און טריט. צוערשט מאַכט ער אים צו אַרבייטען גאַנצע זיבען יאָר פאַר זיין טאָכטער רחל; אַז ער פאַרענדיגט דעם באַשטימטען טערמין, נאַרט ער אים אָפּ און גיט אים זיין עלטערע טאָכטער לאה פאַר אַ ווייב. אַז יעקב פּראָטעסטירט און זאָגט אים, אַז ער האָט ליב רחל׳ען און פאַר איר האָט ער עס אַזוי שווער געאַרבייט גאַנצע זיבען יאָר, ענטפערט איב לבן, אַז אין חרן פירט מען זיך ניט צו פאַרהייראַטען די אינגערע טאָכטער פאַר דער עלטערער, און אויב ער וויל דווקא רחל׳ען, זאָל ער אַרבייטען ווייטער זיבען יאָר און ער קאָן איר האָבען. און יעקב שקלאַפט ווייטער גאַנצע זיבען יאָר. פאַר דער צייט האָבען אים זיינע ווייבער געבוירען עלף קינדער, ער דאַרף פיל אויף דער הוצאה, אָבער זיין שווער לבן צאָלט אים זעהר ווייניג. יעדען מאָל, ווען ער

מאַכט מיט אים אַן אָפּמאַך וויפיל געהאַלט ער זאָל באַקומען, בייט ער זיין וואָרט צענדליגער מאָל.

אַזוי האָט יעקב אָפּגעשקלאַפט גאַנצע פערצען יאָר און האָט לבנ׳ען רייך געמאַכט. איידער ער איז אַנגעקומען נאָך ארם נהרים, איז זיין פעטער לבן געווען אַ קבצן. זיין אייגענע טאָכטער רחל האָט געמוזט פּאַשען זיינע שאָף, כאָטש פאַר אַ באַלעבאַטיש מיידעל האָט עס ניט געפּאַסט (ב״ר ס״ג). אָבער מיט׳ן אָנקומען פון יעקב׳ן האָט זיך לבנ׳ס לאַגע געביטען און ער איז געוואָרען אַ גרויסער גביר, ווי יעקב זידעלט אים: „כי מעט אשר היה לך לפני, ויפרץ לרב״ — ווייניג האָסטו געהאַט איידער איך בין געקומען צו דיר, און איצט ביזטו זעהר רייך. איצט, אַז דער טערמין פון זיין שקלאַפעריי פאַר זיינע צוויי ווייבער האָט זיך געענדיגט, קומט ער צו לבנ׳ען און פאָדערט פון אים: „שלחני ואלכה אל מקומי וארצי״ — שיק מיך אַוועק און לאָז מיך גיין צו מיין אָרט און צו מיין לאַנד. לאָז מיך נעמען מיינע פרויען און קינדער, פאַר וועלכע איך האָב פאַר דיר אַזוי שווער געאַרבייט. אָבער לבן וויל אים ניט לאָזען גיין. ער גיט צו, אַז ער האָט אים רייך געמאַכט. ער שטעלט אָן אַ פּנים פון אַ נעבעכעל און זאָגט אים: „אם נא מצאתי חן בעיניך״ — אויב איך האָב געפונען לייטזעליגקייט אין דיינע אויגען, פאַרבלייב מיט מיר, „נחשתי ויברכני ה׳ בגללך״ — ווייל איך האָב זיך איבערצייגט, אַז גאָט האָט מיך באַגליקט צוליב דיר.

„ויאמר נקבה שכרך עלי ואתנה״ — און ער זאָגט צו יעקב׳ן: באַשטים דיין געהאַלט, וואָס איך זאָל דיר צאָלען, און איך וועל עס דיר געבען. אָבער יעקב האָט פאַר דער צייט גוט געלערענט דעם כאַראַקטער פון לבנ׳ען. די לבנ׳ס קאָנען נאָר נעמען פון די יעקב׳ס, אָבער עטוואָס זיי געבען — דאָס איז ניט אין זייער נאַטור. ער שלאָגט בעסער פאָר אַ מסחר, וואו לבן וועט ניט דאַרפען דערלייגען קיין זאַך און יעקב וועט אפשר קאָנען מאַכען אַ לעבען. איך וועל היינט דורכגיין, זאָגט ער אים, אַלע דיינע סטאַדעס און וועל פון זיי אויס־קלייבען אַלע געשפּרינקעלטע און געפלעקטע שעפּסען — און דאָס זאָל זיין מיין געהאַלט. לבן האָט זיך אָנגעכאַפּט אין זיין פאָרשלאָג, ווייל ער האָט גע־וואוסט, אַז אַזעלכע שעפּסען זיינען אַ זעלטענהייט.

אָבער אויך נאָך דעם אָפּמאַך ווייזט לבן אַרויס זיין שווינדלעריי: „ויסר ביום ההוא את התישים העקודים והטלאים ואת כל העזים הנקודות והטלאות״— ער האָט אין יענעם טאָג אַוועקגענומען די געשטרייפטע און געפלעקטע בעק,

ד. ה. די זכרים, און אויך די געשפרינקעלטע און געפלעקטע ציגען, וועלכע זיינען געווען געזונט און שטאַרק, און פאַר יעקב׳ן לאָזט ער איבער „את הנותרות״, די איבערגעבליבענע, „הרעועות שבהן, החולות והעקרות״, די שלעכטע צווישען זיי, די קראַנקע און די, וועלכע קאָנען קיין קינדער ניט האָבען. יעקב געפינט אָבער אַ נייעם מיטעל און זיין קליינע סטאַדע הויבט אָן צו געווינען וואָס מער געפינטעלטע און געפלעקטע שעפסען, און פאַר די נעקסטע זעקס יאָר איז ער זעהר רייך געוואָרען.

אַזוי גיך ווי יעקב האָט זיך אַרויפגעאַרבייט, האָט מען אָנגעהויבען אים מקנא זיין. זיי האָבען שוין פאַרגעסען דעם פאַקט, אַז ער האָט זיי אַלעמען רייך געמאַכט. די „בני לבן״ טענה׳ן שוין: „לקח יעקב את כל אשר לאבינו, ומאשר לאבינו עשה את החיל הזה״ — יעקב האָט צוגענומען אַלץ, וואָס אונזער פאָטער האָט געהאַט, און פון דעם, וואָס באַלאַנגט צו אונזער פאָטער, האָט ער דערוואָרבען זיין גרויס רייכטום. אָט אַזוי איז שוין דער ביטערער שיקזאַל פון יעקב׳ן. כל זמן ער גיט אַוועק זיינע כוחות אויף רייך מאַכען אַנדערע, טאָלערירט מען אים נאָך ווי עס איז. קוים אָבער ווערט ער אַליין דערפאָלגרייך, ווערט ער ביי אַלעמען גרויס אין די אויגען און מען הויבט אָן אים ענג צו מאַכען.

יעקב רעדט זיך דורך מיט זיינע ווייבער, באַשליסט צוזאַמענצונעמען זיין פאַרמעגען און שטילערהייט אַנטלויפען נאָך כנען, צו זיין פאָטער׳ס הויז, וואו זיי וועלען קאָנען לעבען רוהיג, און אַלץ, וואָס זיי וועלען פאַר זיך דערווערבען, וועט בלייבען זייערס. אַז לבן מיט זיינע קינדער דערוויסען זיך פון דעם, נעמען זיי צוזאַמען אַלע זייערע שטאָט־לייט און יאָגען זיך נאָך אים. כאָטש זיי האָבען אים פיינט און ווילען מיט אים ניט פאַרקערען, ווילען זיי דאָך אים ניט לאָזען גיין אפילו אין זיין אייגען לאַנד. און אַז לבן טרעפט זיך ענדליך מיט אים, זאָגט ער אים: דו זאָלסט וויסען זיין, אַז „הבנות בנותי והבנים בני והצאן צאני וכל אשר אתה רואה לי הוא״ — די טעכטער זיינען מיינע, די קינדער זיינען מיינע, די שעפסען זיינען מיינע, און אַלץ, וואָס דו זעהסט, באַלאַנגט צו מיר. אָט אַזוי איז שוין מיט די לבנ׳ס. „בקש לעקר את הכל״ — זיי ווילען אַלץ אַרויסרייסען פון יעקב׳ן. זיי פאַרגינען אים ניט דאָס לעבען, אָבער אים לאָזען גיין ווילען זיי אויך ניט.

# הפטרה

## דער אָפּרייס פון די עשרת השבטים

**שבעו וירם לבם על כן שכחוני.**

„הככר והמקל ירדו כרוכים מן השמים. אם שמרתם את התורה הרי ככר לאכול ואם לאו הרי מקל ללקות בו" — דער לאַבען ברויט און דער שטעקען זיינען צוזאַמענגעבונדען אַרונטערגענידערט פון הימעל. אויב אידען היטען די תורה, האָבען זיי דעם לאַבען ברויט צו עסען, אָבער אויב ניט, איז דאָ דער שטעקען צו שלאָגען מיט אים (ויק"ר ל"ה).

צוליב אַ ברידער־קריג איז אונזער פאָטער יעקב געווען געדריקט צו פאַר־לאָזען זיין פאָטער'ס הויז און אויסוואַנדערען אין פרעמדע מדינות, וואו ער האָט זיך געגנוג אָנגעפּלאָגט, ביז ער איז, מיט יאָרען שפּעטער, צוריקגעקומען צו זיין פאָטערלאַנד. צוליב אַ צווייטען ברידער־קריג, צווישען די שבטים מיט יוסף'ן, מוז ענדליך יעקב ווידער פאַרלאָזען זיין היים כנען און אויסוואַנדערען נאָך מצרים, וואו זיינע קינדער זיינען פאַרשוואַרצט געוואָרען פון אַ שווערען גלות פאַר הונדערטער יאָרען לאַנג. און צוליב אַ ברידער־קריג ווערט גע־שפּאָלטען די אידישע מלוכה אין לאַנד און פירט ענדליך דאָס פאָלק אין גלות אַריין.

די נבואה פון היינטיגער הפטרה איז געווידמעט צו דער מלוכה פון די עשרת השבטים, וועלכע האָט זיך, אין די צייטען פון ירבעם בן נבט, גלייך נאָך שלמה'ס טויט אָפּגעריסען פון דער אידישער מלוכה אין ירושלים און געשפּאָלטען דאָס פאָלק אין צווייען. זיי האָבען פאַר זיך געגרינדעט אַ נייע הויפּטשטאָט, שומרון, און דאָרט עטאַבלירט די „ממלכת אפרים", אויף דעם נאָמען פון זייער פירער, ירבעם, וועלכער האָט געשטאַמט פון דעם שבט אפרים. כדי אָפּצוציען די אידען פון דעם בית־המקדש און אָנהאַלטען דעם ברוך צווישען די שבטים, האָט ירבעם אויפגעשטעלט צוויי „עגלים", צוויי גאָלדענע קעלבער, אין ביידע עקען פון לאַנד און זיי פּראָקלאַמירט אַלס די געטער פון ישראל.

אין די צייטען פון הושע, דער נביא פון היינטיגער הפטרה, האָבען זיך אָנגעהויבען צו ווייזען שווערע וואָלקענס איבער די אידישע הימלען. די מעכ־טיגע אימפּעריע „אשור" האָט געוואָרפען אַן אויג אויף דעם לאַנד פון יהודה

און געזוכט דאָס צו פאַרכאַפּען. די מלוכה פון אפרים האָט זיך שטאַרק גע־חנ׳דעלט צו די פיינט פון יהודה און זיי מיטגעהאָלפען אין זייער אַנגריף. די עקאָנאָמישע לאַגע פון אפרים איז דעמאָלט געווען זעהר גוט און זייער הויפּט־שטאָט שומרון האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָל אין דער פּאָליטישער וועלט פון יענער צייט.

דער נביא הושע מוסר׳ט זיי און זאָגט פאָראויס, אַז זיי וועלען זיין די ערשטע אונטערצוגייען. ער זאָגט זיי: „הכעיס אפרים תמרורים" — אפרים האָט קעגען זיך אַרויסגערופען דעם ביטערען כעס פון גאָט, „ודמיו עליו יטוש", ער וועט דערפאַר באַצאָלען מיט זיין בלוט, „וחרפּתו ישיב לו אדוניו", און די שאַנד, וואָס ער האָט געבראַכט אויפ׳ן אידישען פאָלק, וועט אים זיין האַר אומ־קערען. „ויעשו להם מסכה מכספם" — זיי מאַכען זיך אַ גאָט פון זייער זילבער, זיי באַטראַכטען זייער רייכטום אַלס זייער גרעסטען שוץ און דינען צו די גאָלדענע קעלבער. „שבעו וירם לבם על כן שכחוני" — זיי זיינען זאַט און שטאָלץ — דערפאַר האָבען זיי אין מיר פאַרגעסען.

איך וועל זיך אָבער מיט זיי אָפּרעכענען, זאָגט גאָט, „ואהי להם כמו שחל, כנמר על דרך אשור", איך וועל זיי באַפאַלען ווי אַ לייב, ווי אַ לעמפּערט אויף די וועגען. „הככר", דער לאַבען־ברויט, אידישע פּרנסה קומט אַרונטער פון די הימלען איינגעוויקעלט צוזאַמען מיט אַ שטעקען. פּירען זיך אידען אויף ריכטיג, האַלטען זיי זיך ביי זייער תורה און ביי זייער נאַציאָנאַליטעט, וועט זיי דער „ככר" שפּייזען. אויב זיי קערען זיך אָפּ פון זייער פאָלק און פון זייער אמונה און שפּאַלטען די אייניגקייט פון דער אומה, „הרי מקל ללקות בו" — ווערט זייער פּרנסה פאַרוואַנדעלט אין אַ שטעקען, מיט וועלכען זיי ווערען גע־שלאָגען.

# וישלח

## א.

## אַז יעקב בוקט זיך צו עשו׳ן

**כה תאמרון לאדוני לעשו.**

„באותה שעה שקרא יעקב לעשו אדוני, א״ל הקב״ה: השפלת עצמך וקראת לעשו אדוני ח׳ פעמים, חייך, אני מעמיד מבניו ח׳ מלכים קודם לבניך" — בשעת יעקב האָט גערופען עשו׳ן „מיין האַר", האָט אים דער אויבערשטער געזאָגט: דערפאַר וואָס דו האָסט זיך דערנידעריגט און גערופען עשו׳ן דיין האַר אַכט מאָל, שווער איך דיר, אַז איך וועל אויפשטעלען פון זיינע קינדער אַכט קעניגרייכען פריער פאַר דיינע קינדער (ב״ר ע״ח).

יעקב פאַרשטענדיגט זיך מיט זיין שווער לבן, שליסט מיט אים אַ בונד פון פריינטשאַפט, נעמט זיינע פרויען, קינדער, קנעכט, שאָף און רינדער און לאָזט זיך גיין נאָך זיינע עלטערענ׳ס היים אין כנען. ער איז ביי זיך געווען זיכער, אַז קיין בייז וועט מיט אים ניט געשעהן, ווייל ווען גאָט האָט אים גע־הייסען: „שוב אל ארץ אבותיך ולמולדתך" — קער זיך אום צוריק צו דעם לאַנד פון דיינע עלטערען און צו דיין געבורט־פלאַץ, האָט ער אים אויך פאַר־שפּראָכען „ואהיה עמך", אַז איך וועל זיין מיט דיר, און ער האָט פאַר קיינעם ניט וואָס מורא צו האָבען.

לויט אונזערע חז״ל, האָט אים גאָט געזאָגט: „אביך מצפה לך, אמך מצפה לך, אני בעצמי מצפה לך" — דיין טאַטע קוקט אַרויס פאַר דיר, דיין מאַמע קוקט אַרויס פאַר דיר, איך אַליין קוק אַרויס פאַר דיר (ב״ר ע״ד). דיינע על־טערען גאַרען דיך צו זעהן און אויך איך וואָלט זעהר וועלען, אַז דו זאָלסט זיך צוריקקערען, ווייל בלויז אין דיין אייגען היים וועסטו קאָנען אַנטוויקלען די גייסטיגע ירושה פון דיינע עלטערען, וואָס דאָ, אין גלות, ביזטו ניט אימשטאַנד

צו דערוויזען. אויב דו זאָרגסט זיך פאַר דיין פאַרמעגען, וואָס דו האָסט אָנגעזאַמעלט, וואָרען איך דיר, אַז „נכסי חוץ לארץ אין בהם ברכה", די גיטער פון גלות האָבען ניט קיין מזל־ברכה. אויב דו ווערסט זיך ניט צואיילען דאָס פרעמד לאַנד צו פאַרלאָזען, וועלען סוף־כל־סוף לבן מיט זיינע קינדער ביי דיר אַלץ אַוועקנעמען. בלויז אין דיין אייגען לאַנד קאָנסטו זיין זיכער מיט דעם, וואָס דו ווערסט פאַרדינען. דו ווערסט זיך ניט דאַרפען שרעקען פאַר דעם מאָרגען, ווייל אין דיין אייגענער היים „אהיה עמך", וועל איך זיין מיט דיר און וועל פאַרזיכערען דיין צוקונפט (שם).

און אַזוי איז טאַקע געווען. ווי ער איז נאָר צוגעקומען נאָענט צום גרע ניץ פון זיין לאַנד, „ויפגעו בו מלאכי אלקים" — האָבען אים באַגעגענט געט־ליכע מלאכים. „כשהרגישו מלאכי ארץ ישראל שיעקב בא, יצאו לקראתו, להתלוות לו" — ווי נאָר די מלאכים פון ארץ ישראל האָבען דערשפירט, אַז יעקב קומט, זיינען זיי אַרויס אים צו באַגעגענען און אים צו באַגלייטען. כל זמן ער האָט געוואוינט אין דער פרעמד „נסתלקו ממנו", האָבען זיי אים אויס־געמיטען. געטליכע מלאכים געפינען פאַר זיך קיין פּלאַץ ניט אין חוץ לארץ. די השפעה פון די פרעמדע קולטורען ווירקט זעהר שלעכט אויף די אידישע הימען. אין ארץ ישראל אָבער „משמרים עליו", וואַכען זיי איבער דעם אידע און פאַרהיטען אים פון אַל־דאָס־בייז (מדרש תנחומא).

וואָלט יעקב גלייך געגאַנגען נאָך באר שבע, וואו זיין טאַטע און מאַמע האָבען געוואוינט, וואָלט ער פיליכט אויסגעמיטען די אַלע צרות, וואָס האָבען נאָכדעם מיט אים פּאַסירט. ער איילט זיך אָבער ניט. איידער ער באַטרעט דעם באָדען פון כנען, וויל ער זיך פריער איבערבעטען מיט זיין ברודער עשו, וועלכער האָט גאָר געוואוינט אין שעיר, און קריגען זיין צושטימונג. „וישלח יעקב מלאכים אל עשו", יעקב שיקט שלוחים צו עשו'ן און זאָגט זיי אָן: „כה תאמרון לאדוני לעשו", אַזוי זאָלט איר זאָגען צו מיין האַר, צו עשו'ן: אַזוי האָט געזאָגט דיין קנעכט יעקב: ביי לבנ'ען האָב איך געוואוינט און האָב זיך אויפגעהאַלטען ביז אַצינד. איך האָב אָקסען און אייזלען, שאָף און רינדער, קנעכט און דינסטען; האָב איך געשיקט אָנזאָגען מיין האַר, כדי צו געפינען לייטזעליגקייט אין דיינע אויגען.

„אמאי אתער איהו לגבי עשו"? — וואָס האָט אים באַוועגט צו שיקען שלוחים צו עשו'ן? „טב היה לו לאשתוקי מיניה" — עס וואָלט דאָך פיל גלייכער געווען פאַר אים צו פאַרשוייגען און זיך האַלטען פון אים פון דער

וויטענס? (זוהר). דער מדרש רעאַגירט איבער דעם נאָך שאַרפער: „א״ל הקב״ה: לדרכו היה מהלך, והיית משלח אצלו ואומר לו, כה אמר עבדך יעקב״! — גאָט זאָגט צו אים: עשו איז זיך געגאַנגען זיין וועג און האָט זיך וועגען דיר און וועגען דיין לאַנד גאַנץ ווייניג געקימערט. וואָס האָסטו מיט־אַמאָל געשיקט שלוחים צו אים און זיך נאָך דערנידעריגט צו זאָגען, אַז דו באַטראַכסט זיך פאַר זיין קנעכט? ווייסטו דען ניט, אַז „כמעין נרפס וכמקור משחת, כך צדיק ממעט עצמו לפני רשע״ — ווי אַ קויטיגער קוואַל און אַ דומ־פיגער ברונעם איז אַ צדיק, וואָס בויגט זיך פאַר אַ רשע? (ב״ר ע״ה).

און אַז יעקב ווערט ביי זיך אַראָפּגעפּאַלען און זוכט צו געפינען חן אין די אויגען פון עשו׳ן, מוז ער אים דערפאַר גוט באַצאָלען. אַז עשו מאַכט ניט קיין פּאָגראָמען, אָדער אָרגאַניזירט ניט קיין עקאָנאָמישע באָיקאָטען קעגען יעקב׳ן, דאַרף ער זיך שעצען גליקליך און זיין העכסט דאַנקבאַר פאַר אַזאַ איידעלער באַהאַנדלונג. און יעקב קלייבט טאַקע אויס אַ גרויסע צאָל שאָף און רינדער, קעמלען און אייזלען און טיילט זיי איין „עדר, עדר לבדו״ — אין באַזונדערע סטאַדעס, און שיקט זיי אַ מתנה צו עשו׳ן. דער מדרש וואונדערט זיך: „למה לא הכניסן כולן כאחת״? — וואָרום האָט יעקב ניט אַריינגעבראַכט זיין גאַנצע מתנה פאַר איין מאָל? דאָס איז געטאָן געוואָרען, ענטפערען די חז״ל: „כדי להשביע עיניו של רשע״ — אום אָנצוזעטיגען די אויגען פון דעם רשע (ב״ר ע״ו). עשו׳ס אויגען זיינען גרויס און ער שטעלט זיך ניט צופרידען מיט נעמען איין מאָל כּאַבאַר, ער וויל עס האָבען אָפט, און וואָס מער — אַלץ בעסער.

און אַז יעקב בוקט זיך צו עשו׳ן און אָנערקענט זיין רעכט איבער ארץ־ישראל, גראָבט ער דערמיט אונטער זיין אייגענעם פּאָליטישען באָדען. עשו האָט דאָך שוין לאַנג פאַרלאָזען דאָס לאַנד פון כנען און זיך באַזעצט אין שעיר. פאַר די אַלע יאָרען, וואָס יעקב האָט זיך אַרומגעוואַלגערט אין פרעמדע לענדער, האָט עשו זיך ווייניג געקימערט פאַר דעם לאַנד. אים פעהלען אויך ניט קיין לענדערייען, ווייל דער „שדה אדום״, איז לאַנג און ברייט. פאַרוואָס־זשע מוז יעקב ביי אים בעטען דערלויבניש זיך צוריקצוקערען צו זיין אייגען לאַנד? ווי פּאָליטיש טיף איז די באַמערקונג פון מדרש: „השפלת עצמך וקראת לעשו אדוני ח׳ פעמים״ — דו האָסט זיך דערנידעריגט און גערופען עשו׳ן דיין האַר אַכט מאָל. דו דענקסט אַודאי, אַז אויף אַזאַ אופן וועסטו ביי אים אַרויסקריגען זיין צושטימונג, אַז ער זאָל דיר לאָזען באַאַרבייטען דעם באָדען, וואָס ער האָט געלאָזט חרוב ווערען און פאַר וועלכען דו צאָלסט אים מיט גוט געלט. מאַכסטו

אָבער אַ גרויסען טעות. גיב עשו'ן אַ פינגער, וועט ער וועלען אַ גאַנצע האַנט. „חייך, אני מעמיד מבניו ח' מלכים קודם לבניך" — איך שווער דיר, אַז איך וועל אויפשטעלען אַכט קעניגרייכען פון זיינע קינדער פריער פאַר דיינע. מיט דעם וועג פון „אַפּיזמענט", פון בוקען זיך פאַר עשו'ן, וועסטו אויך פאָליטיש ווייט ניט דערגרייכען.

# הפטרה

## פון יעקב ווערט אַ ישראל

**וישר אל מלאך ויוכל.**

„איני יודע מי נעשה שר למי? כשהוא אומר: כי שרית עם אלקים, הוי אומר, יעקב נעשה שר למלאך" — ווייסען מיר ניט ווער עס איז געוואָרען אַ האַר איבער וועמען? אַז עס ווערט אָבער געזאָגט וועגען יעקב'ן, אַז ער האָט באַהערשט די גאָטהייט, פאַרשטייען מיר, אַז יעקב איז געוואָרען דער האַר איבער דעם מלאך (ב"ב ע"א).

אַ רעטזעלהאַפטע מעשה'לע, וואָס האָט פּאַסירט מיט אונזער פאָטער יעקב, ווערט דערציילט אין דער היינטיגער סדרה: איידער יעקב גייט זיך טרעפען מיט זיין ברודער עשו, פּאַקט ער איין זיין גאַנצען פאַרמעגען, שיקט זיינע פרויען און קינדער אַריבער דעם טייך יבוק, „ויותר יעקב לבדו", און יעקב בלייבט אַליין. „ויאבק איש עמו עד עלות השחר", און אַ מאַן ראַנגעלט זיך מיט אים ביז דער מאָרגענשטערן איז אויפגעגאַנגען. זעהענדיג, אַז ער קאָן אים ניט בייקומען, האָט דער מאַן אים דערלאַנגט אַ שטאַרקען קלאַפּ איבער זיין דיך, „ותקע כף ירך יעקב בהאבקו עמו", און יעקב'ס דיך האָט זיך אַרויס־געדרוקט פון פּלאַץ, ראַנגלענדיג זיך מיט אים. אַזוי גיך ווי דער מאָרגענשטערן איז אויפגעגאַנגען, האָט זיך דער פרעמדער גענומען בעטען ביי יעקב'ן, ער זאָל אים אָפּלאָזען. אָבער יעקב האָט אים געענטפערט: איך וועל דיך ניט באַפרייען ביז דו וועסט מיך בענשען.

אַז דער מאַן דערוויסט זיך, אַז זיין נאָמען איז יעקב, זאָגט ער צו אים: דיין נאָמען וועט מער ניט הייסען יעקב, נאָר ישראל, „כי שרית עם אלקים ואנשים ותוכל", ווייל דו האָסט געקעמפט מיט גאָט און מענשען און האָסט

בייגעקומען. פרעגט אים יעקב: „הגידה נא שמך", איך בעט דיך, זאָג מיר דיין נאָמען. ענטפערט אים דער פרעמדער: „למה זה תשאל לשמי? ויברך אותו שם" — צו וואָס פרעגסטו מיין נאָמען? און האָט אים דאָרטען געבענשט. ווער איז געווען דער מאַן, וואָס האָט זיך מיט אים געראַנגעלט די גאַנצע נאַכט? אויף דעם גיט אונז די הפטרה אַן ענטפער: „וישר אל מלאך ויוכל", ער האָט געקעמפט מיט אַ מלאך און האָט אים באַזיגט. און דער מלאך, זאָגען אונז די חז"ל, איז געווען ניט קיין אַנדערער, ווי דער „שר של עשו", די הימ־לישע קראַפט, וואָס וואַכט איבער עשו'ן (תנחומא).

די בעלי אגדה ווילען האָבען, אַז דאָ ווערט פאַרגעשטעלט דער שטענדיגער קאַמף, וואָס יעקב האָט דורכצומאַכען אין די פינסטערע גלות'ן קעגען די מלאכים, די גייסטער און קולטורען פון די פרעמדע פעלקער, צווישען וועלכע ער דאַרף האָדעווען זיינע קינדער און זיי מאַכען פאַר אידען:

„ויאבק איש עמו", וואו ער קומט, מוז ער דורכמאַכען אַ שטאַרקען גע־ראַנגעל מיט די מענשען פון דעם פלאַץ. אויסער דעם וואָס ער האָט צו קעמפען פאַר זיין עקאָנאָמישער עקזיסטענץ, וואָס ווערט שטאַרק באַגרעניצט פון עשו'ס קינדער, וועלכע רודפ'ן אים אומדערבאַרעמליך, מוז ער אויך אָנ־פירען אַ שטענדיגע מלחמה קעגען דעם „שר של עשו", קעגען זייערע גייסטיגע פירער, וועלכע זוכען אַריינצוכאַפּען אין זייער נעץ די דערציאונג פון זיינע קינדער. און ניט אַלעמאָל געלינגט עס אים. איבערהויפט איז דער גייסטיגער געראַנגעל זעהר שווער אין די פרייערע לענדער. „ותקע כף ירך יעקב", זיינע „יוצאי ירכו", זיינע קינדער, רוקען זיך אָפּ פון אים. „העלו אבק מרגלותם עד כסא הכבוד", זיי פאַראורזאַכען מיט זייערע פיס אַ שטויב, וואָס גרייכט ביז צו די הימלען (חולין צ"א ע"ב). רעפאָרם, אַסימילאַציע און אַנדערע פרעמ־דע באַוועגונגען האָבען זיך אַריינגעריסען צווישען זיינע קינדער און מאַכען אַן חורבנות אויך אין זייערע הימלען, אין זייער גלויבען.

און יעקב וויל דערגיין די אורזאַכען, וואָס פירען צו אַזאַ לאַגע, פרעגט ער ביי דעם עמיצען, וואָס ראַנגעלט זיך מיט אים: „הגידה נא שמך", זאָג מיר דיין נאָמען, ווער ביזטו און פון וואַנען קומסטו? ער באַקומט אָבער דעם ענטפער: „למה זה תשאל לשמי?" צוליב וואָס פרעגסטו אויף מיין נאָמען? „אין לנו שם קבוע", מיר האָבען ניט קיין באַשטימטען נאָמען, „משתנין שמותינו", אונזערע נעמען בייטען זיך (ב"ר ע"א). אין יעדען לאַנד טראָגט די אַסימילאַציע אַן אַנדער נאָמען, אַן אַנדער כאַראַקטער. די פאַרשיידענע רעפאָרם־באַווע־

גונגען אין די גלות־לענדער האָבען צעבראָכען די איינהייט פון פאָלק. אָנשטאָט צו זיין אַן „עם ישראל", אַ גאַנצע, פאַראייניגטע אומה, זיינען מיר „עדר, עדר לבדו", באַזונדערע סטאַדעס, באַזונדערע לאַנדסמאַנשאַפטען, וועמען עס פעלט אַ פאַראייניגטער ציל.

יעקב אבינו אָבער קעמפט מיט דעם פרעמדען „עד עלות השחר", ביז עס דערשיינט אַ נייער מאָרגענשטערן, וואָס טרייבט פאַנאַנדער די גייסטיגע וואָל־קענס, וואָס האָבען זיך פאַרצויגען איבער זיינע הימלען און פאַרשטעלען פון זיינע קינדער די שיין פון זיין אמונה. ער גיט זיך ניט אונטער. „וישר אל מלאך ויוכל", ער קעמפט פאַר זיין גלויבען מיט די מלאכים פון די עשו׳ס און ער באַזיגט זיי. „נעשה שר למלאך", ער ווערט דער האַר איבער דעם מלאך. פון יעקב ווערט אַ ישראל, „כי שרית עם אלקים ואנשים ותוכל", וואָס קעמפט מיט אידייען און מיט מענשען, און קומט אַרויס דער זיגער.

ב.

## יעקב קעמפט קעגען אַסימילאַציע

**ויאבק איש עמו.**

„רבי שמואל בר נחמני אמר כעובד כוכבים נדמה לו, רבא בר עולא אמר כתלמיד חכם נדמה לו" רבי שמואל דער זון פון נחמני זאָגט, אַז ער האָט זיך פאַר אים פאַרגעשטעלט פאַר אַ גוי. רבא דער זון פון עולא זאָגט, אַז ער האָט זיך פאַר אים פאַרגעשטעלט אַלס תלמיד חכם (חולין צ"א, ע"א).

די בעלי אגדה זעהען אין דעם געראַנגעל, וואָס יעקב האָט געהאַט מיט דעם מלאך, אַ בילד פון דעם גייסטיגען אידישען לעבען אין גלות. מיר ווען פרובירען אַרויסנעמען די נויטיגע שטריכען פאַר דעם בילד, אָנצייגענדיג אויף וויפיל מעגליך די מקורים פון וואַנען מיר האָבען די שטריכען גענומען:

„ויקם בלילה", אין דער פינסטערער עפּאָכע וואָס יעקב האָט דורכגעלעבט אין שרעק פאַר אַן אָנפאַל פון דעם פיינטליכען עשו, שטעלט ער איין זיין לע־בען און פירט זיינע קינדער אַריבער דעם „מעבר יבק". ער ברענגט זיי אין נייע פרייע מדינות. דאָרטען אַרבייטען זיי זיך ביסלעכווייז אַרויף און פירען

אַן גרויסע און איינטרעגליכע געשעפטען. מיט׳ן עקאָנאָמישען דערפאָלג, אָבער, מערקט זיך אַ נייע ווענדונג אין דער האַלטונג פון זיינע קינדער צו אים.

„ויותר יעקב לבדו״, דער אַלטער יעקב בלייבט אַליין. זיינע קינדער, פאַר וועלכע ער האָט איינגעשטעלט זיין לעבען זיי צו ראַטעווען פון די ווילדע עשו׳ס, דערווייטערען זיך ביסלעכווייז פון אים. די אידישע פאַמיליע אין די נייע, פרייע לענדער ווערט אַ געשפאָלטענע. טאַטע און מאַמע לעבען אָפּגעזונדערט פון די קינדער און פאַרברענגען זייערע עלטערע יאָרען „לבדו״, אַליין, עלענט און כמעט ווי פאַרגעסען.

און וואָס שלימער איז דאָס „ותקע כף ירך יעקב — אלה שנטמאו בידי השמד״, זיינע „יוצאי ירכו״, זיינע קינדער, רוקען זיך אַוועק פון אים אויך גייסטיג און ווערען פאַראומרייניגט פון „שמד״, פון אַסימילאַציע (מדרש שכל טוב). זיינע שוהלען האָבען זיי פאַרוואַנדעלט אין טעמפּלען, זיינע בתי מדרשים אין צענטערס און טאַנץ־זאַלען, און זיינע תלמוד־תורות אין סאַנדעי־סקולס.

„העלו אבק עד כסא הכבוד״, זיי צעטרעטען זיינע הייליגטימער מיט די פיס און פאַראורזאַכען אַ שטויב, וואָס גרייכט ביז די הימלען (חולין צ״א). רעפאָרם, אַסימילאַציע און אַנדערע פרעמדע באַוועגונגען האָבען זיך אַריינגעריסען צווישען זיינע קינדער און מאַכען חורבנות אויך אין זיינע הימלען, אין זיין גלויבען.

צוערשט איז „כעכו״ם נדמה לו״, מען רייסט זיך וואָס מעהר צו דערנענטערען צום גוי און אים נאָכמאַכען אין גאַס, אין הויז און אויך אין שוהל. און זייער טענה איז: אַנטיסעמיטיזם און יודענהאַס זיינען די רעזולטאַטען פון אונזער אָפּזונדערען זיך פון אונזערע ניט־אידישע שכנים. לאָמיר אויפגעבען אונזער אייגענאַרטיג לעבען און ווערען „ככל הגוים״, ווי אַלע פעלקער, און אונזער ישועה וועט קומען. מען וועט אונז געבען גלייכבאַרעכטיגונג און מיר וועלען ווערען אַנערקענטע בירגער אינ׳ם לאַנד.

און דאַן קומט דער „כתלמיד חכם נדמה לו״, די רעפאָרם ראַביים און פרעדיגער ווערען גאַנצע תלמידי חכמים און וואַרפען זיך מיט לומדות, וואָס זיי האָבען געשעפּט פון פרעמדע קוואַלען צו איבערצייגען דעם אַלטען יעקב, אַז ער פאַרשטייט ניט דעם אמתן זין פון דער טראַדיציע. אין זייערע רעדעס און שריפטען באַהויפטען זיי, אַז די נייע פאַראַנדקעס, וואָס זיי האָבען איינגעפירט אין אונזער רעליגיעזען לעבען, זיינען גאָר כדין וכדת, און פראָקלאַמירען זיך אַלס די ריכטיגע פאַרשטעהער פון דעם אידישען גלויבען.

„והוא עובר לפניהם״ — און ער גייט פאַראויס. „כהדא תרנגולתא דמנערא אגפא מן קיטמא — ווי די הון, וואָס טרייסעלט אָפּ אירע פליגלען פון זאַמד (ב״ר ע״ה).

מיר גלויבען, אַז וואָס דער מדרש וויל דאָ אַנדייטען איז: אַזוי ווי די הון קאָן ניט געריייניגט ווערען פון דעם זאַמד, אין וועלכען זי ליגט, סיידען זי שטעלט זיך אַליין אויף און גיט זיך אַ גוטען טרייסעל, אַזוי אויך יעקב קאָן ניט קריגען זיין אמת׳ע ישועה, סיידען ער זאָל זיך אַליין אויפהויבען און אָפּ־טרייסלען פון זיך דאָס זאַמד פון גלות און קעמפען פאַר זיין פרייהייט.

„קטנתי — מכל החסדים״ — דער, וואָס לעבט פון חסדים און איז אָנגע־ווענדט אויף דעם גוטען ווילען פון אַנדערע, ווערט ביי זיך אַליין קליין און געפאַלען. אַז מען איז געדריקט צו עסען פון פרעמדע טישען, געהט ניט איין דאָס לעבען. ניט נאָר פאַרלירט מען די זעלבסטשטענדיגקייט, מען פאַרלירט אויך דעם זעלבסט־רעספּעקט. דער, וואָס איז אַ „תולה בדעת אחרים״, אָפּ־הענגיג אָן דעם ווילען פון אַנדערע, מוז אימער זיין אַ „נכנע״ און אונטער־דריקען זיינע געפילען.

זעהר טיפזיניג דרינגט אַרויס דער „מהרש״א״ דעם זעלבען געדאַנק פון אַן אַנדער פסוק אין דער תורה: „כי אתם המעט מכל העמים״ — איר זייט די ווייניגע פון אַלע פעלקער. דער „מהרש״א״ צעטיילט דעם פסוק אין צווייען: „כי אתם המעט — ממעטין ומקטינים עצמם״, איר ווערט געפאַלען און מאַכט זיך קליין, ווייל איר לעבט „מכל העמים״, פון דעם חסד, וואָס די פעלקער טוען מיט אייך״ (שבת ל״ב). אין גלות מוז אויך דער גייסט פון אַ פאָלק אַרונטערגעבראַכט ווערען צו אַ נידעריגערער מדרגה. „שכינתא בגלותא״, אויך די „שכינה״, די געטליכקייט, ליידט צוזאַמען מיט דעם אידען אין גלות (ב״ר צ״ג).

„והוא עובר לפניהם״ — און ער געהט מוטיג פאַראויס. יעקב באַשטימט צו קעמפען קעגען די עשו׳ס. פון „יעקב״ ווערט אַ „ישראל״, אַ קעמפער פאַר זיין גייסט און פאָלק. ער טרייסעלט פון זיך אָפּ דאָס זאַמד פון גלות און מאַר־שירט נאָך זיין ארץ אבות, דאָרט צו עטאַבלירען זיין נאַציאָנאַלע היים.

# הפטרה

## עשו׳ס ירידה וועט זיכער קומען

**אם תגביה כנשר ואם בין כוכבים שים קנך, משם אורידך.**

„הראה הקב״ה ליעקב אבינו את שרו של אדום עולה ולא ידע כמה, נתיירא, אמר אפשר שאין לזה ירידה? א״ל אל תירא עבדי יעקב, אפילו אתה רואהו עולה אצלי משם אני מורידו״ — גב״ה האָט געוויזען אונזער פאָטער יעקב ווי דער מזל פון אדום האַלט אין איין שטייגען, איז ער געוואָרען אַ פאַרציטערטער און געפרעגט: איז עס מעגליך, אַז ער וועט קיינמאָל ניט האָבען אַ דורכפאַל? ענטפערט אים גאָט, האָב ניט מורא, מיין קנעכט יעקב, אפילו ווען דו זעהסט אים שטייגען ביז די הימלען, וועל איך אים פון דאָרט אַרונטערשליידערען (מדרש תנחומא).

אין דער היינטיגער סדרה ווערט איבערגעגעבען, אַז אויפ׳ן וועג נאָך כנען האָט יעקב געשיקט מענשען זיך צו דערקונדיגען וואו זיין ברודער עשו געפינט זיך, און אויסגעפינען וואָסערע הכנות ער מאַכט מיט אים זיך צו טרעפען. זיי קומען צוריק און גיבען אים איבער די טרויעריגע בשורה: „באנו אל אחיך אל עשו״ — מיר זיינען געקומען צו דיין ברודער עשו. „היית אומר אחיך הוא, אבל הוא נוהג עמך כעשו הרשע, עודנו בשנאתו״ — דו האָסט געדענקט, אַז ער איז נאָך דיין ברודער, ער איז אָבער דערזעלבער עשו הרשע, ער האָט דיך נאָך אַלץ פיינט (ב״ר ע״א). זיי האָבען אים אויך אינפאָרמירט, אַז ער געהט קעגען אים מיט אַן אַרמיי פון פיר הונדערט מאַן און האָט בדעה אים צו באַקעמפען.

און די שנאה פון עשו׳ן צו יעקב׳ן האַלט נאָך אָן. עשו האָט זיך פאַר דער צייט צעוואַקסען. זיינע קינדער האָבען זיך איינגעטיילט אין פאַרשידענע פעלקער און פאַרכאַפּט די בעסטע פּאָזיציעס פון דער וועלט און איבעראַל ווערען ביי זיי יעקב׳ס קינדער שטענדיג גע׳רודפ׳ט. דער נביא „עובדיה״, אין דער היינטיגער הפטרה, ווידמעט זיין נבואה צו „אדום״, וועלכער איז דער פעדעראַלער נאָמען פון אַלע פעלקער, וואָס שטאַמען אָפּ פון עשו, און זאָגט פאָראויס, אַז זיי וועלען מיט דער צייט האָבען אַ גרויסע מפלה.

מיט זיין פּראָפעטישען אויער הערט ער דעם אויסגעשריי פון די פעלקער: „קומו ונקומה עליה למלחמה״ — שטעהט אויף און לאָמיר מיט פאַראייניגטע

קרעפטען באַקעמפּען די מלוכות פון אדום, וועלכע זוכען צו פאַרשקלאַפען די גאַנצע וועלט. זייערע מוטוויליגע און גייציגע פירער האָבען זיך איינגערעדט, אַז זיי זיינען אומבאַזיגבאַר. „שכני בחגוי סלע, מרום שבתו, מי ירידנו ארץ?" — אונזערע לענדער זיינען פעלזען־שטאַרק, אונזערע פּאָזיציעס הויך און מעכטיג, ווער וועט אונז קאָנען אומוואַרפען? און זיי העצען צו אַ וועלט־מלחמה.

ווי דער שטייגער איז, הויבט זיך דער טייפעל־שפּיל אָן מיט אונטערדריקען די אידען, וואָס וואוינען אין זייערע לענדער. מען ראַבירט זייער האָב און גוטס, מען באַרויבט זיי פון אַלע מענשליכע רעכטען. זייערע פירער וואַרפט מען אַריין אין קאָנצענטראַציע לאַגערען, זייערע פרויען און קינדער שיקט מען אויף צוואַנגס־אַרבייט. און אַז דער מלאך המות פירט פאַנאַנדער זיינע מערדערליכע הענט, צעשפּרייט מען זיך אויף די אַרומיגע לענדער און מען מאַכט חרוב איינע נאָך די אַנדערע.

צוערשט שטעהען די אַנדערע גרויסע פעלקער פון דער וויטענס און לאָזען די טייוואָלים אָנגעהן מיט דער אַרבייט. דער נביא מוסר'ט זיי און זאָגט: „מחמס אחיך יעקב תכסך בושה" — צוליב דעם רויב פון אייער ברודער יעקב האָט איר זיך באַדעקט מיט שאַנד. „ביום עמדך מנגד ביום שבות זרים חילו — גם אתה כאחד מהם" — די גאַנצע צייט, וואָס איר זייט געשטאַנען פון דער וויטענס און געלאָזט די כוליגאַנעס באַרויבען די אידען פון זייערע פאַרמעגענס און ברעכען זייער מאַכט, האָט איר אַרויסגעוויזען צו זיין איינפאַרשטאַנען מיט זיי. איר האָט ניט געוואָלט איינזעהן, אַז מיט דעם אויסברוך קעגען גאָט'ס פאָלק, הויבט זיך אָן דער גרויסער אויסברוך וואָס וועט אייך אויך ברענגען גרויסע אומגליקען.

„כי כאשר שתיתם על הר קדשי ישתו כל הגוים" — פון דעם ביטערען בעכער, וואָס איר האָט געלאָזט די אידען טרינקען, וועט איר אויך טרינקען. קוים האָט איר דערלויבט דעם טייוועל זיינע מערדערליכע הענט פאַנאַנדערצופירען, וועט איר ענדליך פון אים אויך שטאַרק ליידען.

און צו דער פינסטערער מאַכט פון אדום זאָגט ער: „אם תגביה כנשר ואם בין כוכבים שים קנך, משם אורידך" — אַז דו וועסט זיך דערהויבען ווי אַן אָדלער, און דיין נעסט וועסטו אויפשטעלען צווישען די שטערען, וועל איך דיך פון דאָרט אַרונטערשליידערען. מיט אַלע דיינע עראָפּלאַנען און געפּאַנצערטע אַרמייען וועסטו געהן געבראָכען „ולא יהיה שריד לבית עשו", און פון דער גאַנצער עשו געזינדעל וועט קיינער ניט פאַרבלייבען.

און צו דעם אָרימען יעקב, וועלכער זעהט ווי דער פינסטערער מזל פון אדום האַלט אין שטייגען און מיט אַנגסט פרעגט ער ביי גאָט „אפשר שאין לזה ירידה״, איז עס מעגליך, אַז אַזאַ מערדערליכע מאַכט זאָל קיינמאָל ניט האָבען קיין דורכפאַל, זאָגט גאָט: האָב קיין מורא ניט, איך וועל אים פון זיינע הויכע פּאָזיציעס אַרונטערוואַרפען. „ועלו מושיעים בהר ציון לשפוט את הר עשו״ — נאָך דעם גרויסען משפט, וואָס איך וועל אָנפירען קעגען דעם באַרג פון עשו, וועט דיין הילף קומען אויפ׳ן באַרג ציון און דו וועסט צוריק אויפגעריכט ווערען אַלס אַ פאָלק.

---

ג.

## דער איד זעהט די גאָטהייט

### לא יעקב יאמר עוד שמך כי אם ישראל.

„אל תיקרי ישראל, אלא איש־ראה־אל״ — לייען עס ניט „ישראל״, נאָר „איש־ראה־אל״, — אַ מאַן וואָס האָט געזען די גאָטהייט (סדר אליהו רבה פכ״ח).

דער מלאך, וואָס האָט זיך געראַנגעלט מיט יעקב׳ן די נאַכט איידער ער האָט זיך געטראָפען מיט זיין ברודער עשו, זאָגען אונז די חז״ל, איז געווען דער „שר של עשו״, זיין גייסטיגער פאָרשטייער אין הימעל. דער קאַמף, וואָס איז פאָרגעקומען צווישען זייביידען, איז ניט געווען באַגרעניצט בלויז צו ער־דישע ענינים, ווער זאָל באַהערשען די וועלט. „העלו אבק ברגליהם עד כסא הכבוד״ — זיי האָבען אויפגעבראַכט אַ שטויב מיט זייערע פיס, וואָס האָט גע־גרייכט ביז די אויבערשטע הימלען (חולין צ״א). דעם „שר של עשו״ האָט זיך געגלוסט צו האָבען די ממשלה אויך איבער יעקב׳ס הימלען. יעקב האָט אָבער פאַרטיידיגט זיין גייסט מיט עקשנות׳דיגער מסירת נפש און איז ענד־ליך אַרויס דער זיגער. פאַר׳ן געזעגענען זיך זאָגט אים דער מלאך: „לא יעקב יאמר עוד שמך כי אם ישראל, כי שרית עם אלקים ועם אנשים ותוכל״ — ניט „יעקב״ וועט בלייבען דיין נאָמען אין דער וועלט־געשיכטע, נאָר „ישראל״, ווייל דו האָסט געקעמפט מיט מלאכים און מיט מענשען און האָסט זיי באַזיגט.

מיין פאָטער ע״ה באַמערקט אויף דעם פּסוק: „עשו אליין רופט זיין ברודער מיט דעם נאָמען „יעקב״, ווייל ער באַשולדיגט אים אין נאַרעריי און שווינדעל. ווי ער באַקלאָגט זיך „ויעקבני זה פעמים״, ער האָט מיך אָפּגענאַרט שוין צוויי מאָל. צוערשט האָט ער ביי מיר אַרויסגענאַרט די בכורה און נאָכ־דעם אויך די ברכות פון מיין פאָטער. זיין מלאך אָבער, זיין גייסטיגער שר אין הימעל, רופט אים „ישראל״, ווייל ער גיט צו, אַז גייסטיג איז ער פיל שטאַרקער פאַר אים. אין רעליגיעזע און גייסטיגע דערגרייכונגען איז יעקב אַ ריז, וועמען קיינער קאָן ניט באַזיגען.

„דאָס זעלבע איז אויך מיט זיינע קינדער, וועלכע זיינען איצט צעשפּרייט איבער אַלע ימים פון דער וועלט. אויב זיי גייען „בעקב עשו״, אין די טריט פון עשו, גיבען זיי אויף זייער אייגענאַרטיגען לעבען און זוכען אין אַלץ נאָכ־צומאַכען זייערע ניט־אידישע שכנים, ווערט זייער לאַגע שלעכט און אומדער־טרעגליך. דיזעלבע שכנים, וועמען זיי זוכען צו שמייכלען און נאָכקרימען, באַשולדיגען זיי אין נאַרעריי און שווינדעל. זיי ווערען באַטראַכט פאַר ציגיי־נער, וואָס האָבען ניט קיין לאַנד און ניט קיין אמונה און לעבען בלויז פון דעם, וואָס זיי קאָנען אַרויסשווינדלען פון די פעלקער, וואָס לאָזען זיי פאַר אַ קור־צער צייט וואוינען ביי זיך. האַלטען זיך אָבער די אידען ביי זייערע איבער־צייגונגען, זיינען שטאַלץ אויף זייער אָפּשטאַם און לעבען לויט דעם גייסט פון זייער אייגענער תורה, ווערען זיי אַנערקענט אַלס „בני ישראל״, קעמפער און מאַרטירער פאַר אַ גאָטהייט, וואָס וועט אין דעם „אחרית הימים״, אין דער ענדגילטיגער צוקונפט, ווערען דער ציל־פּונקט פון אַלע מענשען־קינדער און וועט ברייגגען שלום און אחדות אויף דער וועלט״.

ווי בולט ווערט דיזער געדאַנק אַרויסגעבראַכט אין דער היינטיגער סדרה:

יעקב שרעקט זיך פאַר זיין ברודער עשו און וויל זיך מיט אים איבער־בעטען. אום צו געפינען חן אין זיינע אויגען, קלייבט ער אויס אַ גרויסע צאָל שאָף און רינדער, קעמלען און אייזלען און טיילט זיי איין „עדר, עדר לבדו״, אין באַזונדערע סטאַדעס, און שיקט זיי אַ מתנה צו עשו׳ן. ער זאָגט אָן אַלע זיינע מענשען, אַז ווען זיי וועלען זיך טרעפען מיט זיין ברודער און ער וועט זיי פרעגען צו וועמען עס באַלאַנגען אָט די אַלע זאַכען, זאָלען זיי אים ענט־פערען: „לעבדך ליעקב, מנחה שלוחה לאדוני לעשו״ — אַז דאָס באַלאַנגט צו זיין קנעכט יעקב און ער שיקט עס אַ מתנה צו זיין האַר עשו.

און אַזוי איז עס תמיד, אויב יעקב ווערט ביי זיך אַראָפּגעפאַלען, האַלט זיך

פאַר אַ קנעכט און מאַכט עשו׳ן פאַר זיין האַר, מוז ער אים גוט באַצאָלען פאַר דעם גרויסען חסד, וואָס ער טשעפּעט זיך ניט צו אים און לאָזט אים צורו. און אַז עשו שטימט ענדליך איין אים צו באַגעגענען, כלומר׳שט אַלס זיין ברודער, בוקט זיך יעקב צו אים. עשו אָבער בלייבט קאַלט, זיין „וישקהו" איז מיט פינטעלאַך. ער קושט אים טאַקע, אָבער זיין האַרץ איז ניט דערביי.

רבי יעקב יוסף ז״ל, דער פאַרשטאָרבענער רב הכולל פון ניו יאָרק, האָט אַמאָל געזאָגט בדרך הלצה: „אין פּסוק ווערט געבראַכט, אַז ווען יעקב און עשו האָבען זיך באַגעגענט, זיינען זיי איינעם דעם אַנדערען אַרויפגעפאַלען אויף די העלזער, האָבען זיך געקושט און געוויינט — פאַרשטייען מיר פאַרוואָס יעקב האָט געוויינט. עס האָט אים וויי געטאָן דאָס האַרץ אויף דעם גרויסען מאַיאָנטעק מיט געלט, וואָס די מתנה צו עשו׳ן האָט אים אָפּגעקאָסט; אָבער עשו — וואָס האָט ער געהאָט צו וויינען? איז דער תירוץ: ער האָט געוויינט אויף דעם רעשט פון דעם אייגענס, וואָס איז נאָך פאַרבליבען ביי יעקב׳ן. ער האָט שטאַרק חשק געהאַט דאָס אויך אָוועקצונעמען".

דאָס איז אָבער אַלץ גערעדט, אַז יעקב שרעקט זיך פאַר עשו׳ן און באַ־טראַכט אים פאַר שטאַרקער און העכער פאַר זיך. קוים אָבער „ויותר יעקב לבדו", אַז יעקב פאַרבלייבט אָפּגעזונדערט פון זיין ברודער עשו, זיצט אין זיין אייגענער היים און פירט אָן זיין אייגענאַרטיג לעבען און זוכט ניט צו געפינען חן אין די אויגען פון זיינע גוי׳אישע שכנים, דאַן בלייבט ער פעלזען־שטאַרק. ניט נאָר קאָן עשו אַליין אים ניט אומברייינגען, אויך דער „שר של עשו", זיינע אַלע גייסטיגע און קולטורעלע אוצרות, פאַרלירען זייער מאַכט, און „וירא כי לא יכל לו" — זיי זעהען איין, אַז מען קאָן יעקב׳ן ניט באַזיגען.

„אל תיקרי ישראל" — רופט ניט יעקב׳ן מיט דעם נאָמען „ישראל", וואָס מיינט בלויז אַ קעמפער פאַר גאָטהייט, זאָגט אונז דער מדרש. רופט אים בעסער „איש־ראה אל" — אַ מענש, וואָס זעהט די גאָטהייט אויף יעדען שריט און טריט. טראָץ אַלע רדיפות און פאַרפאָלגונגען, וואָס ער האָט אויסצושטיין אויף זיינע לאַנגע און שרעקליכע גלות׳ן, קוים בויגט ער זיך ניט און בלייבט פעסט ביי זיינע גייסטיגע און נאַציאָנאַלע איבערצייגונגען, בלייבט ער לעבען און וועט נאָך איבערלעבען זיינע שונאים.

„ויירא יעקב מאד" — יעקב ווערט זעהר פאַרציטערט. „אמר יעקב, כל השנים הללו הוא יושב בארץ ישראל, שמא הוא בא אלי מכח ישיבת ארץ

ישראל״ — יעקב האָט זעהר מורא געהאַט, ווייל ער האָט ביי זיך געטראַכט: די אַלע יאָרען איז ער געזעסען אין ארץ ישראל, פיליכט קומט ער צו מיר מיט דעם כח פון חזקה, וואָס ער באַזיצט איצט ארץ ישראל (סוטה כ״א).

יעקב האָט פאַרלאָזען „ארם נהרים״, ווייל דער אויבערשטער האָט איבּ פאַרשפּראָכען, אַז דאָס לאַנד כנען, וואָס ער האָט צוגעזאָגט צו זיין זיידען אברהם און צו זיין פאָטער יצחק, וועט באַלאַנגען צו אים און זיינע קינדער. ער איז אָבער יאָרענלאַנג געווען אין דער פרעמד און פאַר דער צייט האָט עשו געוואוינט אין לאַנד. יעקב האָט מורא געהאַט, אַז עשו וועט אים ניט לאָזען זיך באַזעצען אין ארץ ישראל, ווייל ער וועט טענה׳ן, אַז ער האָט אַ חזקה אויף איר צוליב דעם, וואָס ער האָט זיך דאָרטען געפונען די גאַנצע צייט.

ער האָט זיך אויך געשראָקען, אַז זיינע קינדער וועלכע זיינען געבוירען געוואָרען אין חוץ לארץ, וועלען ניט וועלען קעמפען און מפקיר זיין זייער לעבען פאַר דעם באַזיץ פון דאָס לאַנד. ער האָט גוט געדענקט די ווערטער פון דעם אויבערשטען, וואָס האָט אים געוואָרענט, אַז „כאן אי אתה זוכה לבניך״ — דאָ אין חוץ לארץ וועסטו ניט זוכה זיין צו האָבען געטרייע קינדער (רש״י). קינדער, וועלכע האָבען געוואוינט זיך אין פרעמדע לענדער, זיינען צופיל באַאיינפלוסט פון זייערע סביבות און זיינען מערסטענס קאַלט צו זייערע פאָלקס-אַמביציעס און זיינען ניט גרייט צו ברענגען די קרבנות, וואָס זיינען נויטיג צו קאָנען דער־ווערבען אַן אייגענע היים און עטאַבלירען אַן אייגענע נאַציע.

די פראַגע פון יעקב׳ס רעכטען איבער ארץ ישראל ווערט אָבער געשליכ־טעט אויף אַ פרידליכען אופן, וואָס קאָן אויך היינט דינען פאַר אַ מוסטער צו פאַרענטפערען די אָנגעווייטאָגטע אידען-פראַגע. „וישב עשו בהר שעיר — עשו הוא אדום״ — עשו באַזעצט זיך אויפ׳ן באַרג שעיר — עשו איז אדום. אין פשוט׳ע ווערטער מיינט עס, אַז עשו האָט אַרויסגענומען די מיטגלידער פון זיין פאַמיליע, וועלכע האָבען געוואוינט אין כנען, און זיי באַזעצט אין שעיר, וואָס איז אַ טייל פון די גרויסע לענדערייען פון אדום, וואָס האָבען באַלאַנגט צו אים, און זיינע קינדער זיינען דאָרטען די „אלופים״, די פאַשאַס און עפענדיס, וואָס באַהערשען זיי. „וישב יעקב בארץ מגורי אביו״ — און יעקב באַזעצט זיך אין זיין פאָטערלאַנד, וואָס איז אים פאַרשפּראָכען געוואָרען בירושה נאָך פון זיין זיידען אברהם...

וועט די פראַגע פון ארץ ישראל פאַר אידען אויך אַזוי פרידליך פאַר־ענטפערט ווערען פון די היינטיגע עשו׳ס? איין גאָט ווייסט. לאָמיר האָפען...

# הפטרה

## די השגחה בלייבט קיינעם ניט שולדיג

**מחמס אחיך יעקב תכסך בושה ונכרת לעולם.**

„תכסך בושה בחורבנות שעברו, ונכרת לעולם בחורבן העתיד שיהיה נצחי" — דו ווערסט באַדעקט מיט שאַנד פון די פאַרגאַנגענע חורבנות און וועסט פאַרשניטען ווערען אויף אייביג פון דעם קומענדען חורבן, וואָס וועט מעגליך זיין אַן אייביגער (מלבי"ם).

„די השגחה, זאָגט דער דובנער מגיד ז"ל, בלייבט קיינעם ניט שולדיג. זי באַצאָלט יעדען לויט זיינע מעשים. אויב עס פאַרלענגערט זיך אַמאָל דער חוב, זאָל מען ניט דענקען, אַז זי האָט זיך איינגאַנצען פאַרגעסען אָן דעם. די השגחה פאַרגעסט קיינמאָל ניט, איר זכרון איז לאַנג און קלאָר. זי טוט עס בלויז, כדי עס זאָל אָנוואַקסען וואָס מער פּראָצענט".

„מחמס אחיך יעקב" — צוליב דעם, וואָס זיי האָבען באַרויבט יעקב פון אַלע בירגער־רעכטען און האָבען אים געזוכט אומצוברייגגען, האָבען שוין אַ היפּש ביסעל פון עשו'ס קינדער זיך באַדעקט מיט בושה. פיל פעלקער, וואָס האָבען די אידען גע'רודפ'ט און אַרויסגעטריבען פון זייער לאַנד, זיינען אָדער אונטערגעגאַנגען, ווי „אשור", „בבל" און רוים, אָדער זיינען געפאַלען צו אַ נידעריגער מדרגה אין דער פּאָליטישער וועלט, ווי „שפּאַניע", „פּאָרטוגאַל" און אַנדערע. די השגחה האָט זיך מיט זיי אָפּגערעכענט און פון די חורבנות, וואָס זיי האָבען געבראַכט אויף די אידען, זיינען זיי אַליין חרוב געוואָרען, און דאָס אידיש פאָלק איז נאָך אַלץ געבליבען גאַנץ און שטאַרקער ווי פריער.

אַלע אינטערנאַציאָנאַלע בושות און חרפּות, אַלע טרויעריגע וועלט־אי־בערקערענישען, וואָס האָבען פאַראורזאַכט טייכען בלוט און גרויסע פאָלקס־חורבנות, האָבען זיך תמיד אָנגעפאַנגען „מחמס אחיך יעקב", מיט ראַבירען און פּאָגראָמירען דעם אָרימען יעקב. די מערסטע פעלקער פון דער וועלט האָבען ווייניג געלערנט פון דער געשיכטע. זיי ווייסען ניט, אָדער ווילען ניט וויסען, אַז די דעמאַגאָגישע און דעספּאָטישע הערשער האָבען זיך שטענדיג באַנוצט מיט דעם אַנטיסעמיטיזם צו פאַרשפּרייטען האַס און רוגזה, און דער דאָזיגער טייפעלשער מיטעל האָט זיי געדינט אַלס גוטער אויסרייד אָנצופאַנגען בלוטיגע

מלחמות און פאַרכאַפּען פרעמדע לענדער. אויב זיי וועלען ווייטער בלייבען בלינד און ניט וועלען לערנען פון דעם עבר, דייטעט אָן דער מלבי״ם ז״ל, וועט דער קומענדיגער חורבן זיין פיל גרעסער און שרעקליכער און קאָן נאָך חו״ש פאַרבלייבען אַ „נצחי״, אַן אייביגער.

ס׳טרעפט אַמאָל, אַז די אידען גייען אַרויס מיט אַן אַנגריף קעגען זייערע כלומר׳שטע פריינט, וואָס ווייזען אַרויס אַ קאַלטקייט צו זייער אומגליקליכער לאַגע, און פאָדערען טאַטען, אָנשטאָט שיינע רייד. באַשולדיגט מען זיי אין אומטרייהייט און מען באַקלאָגט זיך, אַז זיי שטערען די נייע אָרדנונג, וואָס די פירער פון די דעמאָקראַטישע לענדער האַלטען אין איין פאַרשפּרעכען, אָבער ניט אין דורכפירען.

„דאָס איז געגליכען — האָט אַמאָל געזאָגט רבי יצחק וואָלאָזשינער ע״ה — צו אַ פאָטער, וואָס האָט געהאַט צוויי קינדער: איינער פון זיי איז געווען אַ שטילער, אַ געהאָרכזאַמער, וועלכער האָט ניט געטשעפּעט קיין פליג אויף דער וואַנט; דער צווייטער, דאַגעגען — אַ צעלאָזענער יונגאַטש, אַ ווילדער עזות פנים, וועלכער פלעגט זיך מיט אַלעמען אַרומשלאָגען.

„ויהי היום, קומט דער צווייטער חברה־מאַן צולויפען אין שטוב אַריין מיט אַ צעדראַפּעט פנים און קלאָגט זיך פאַר׳ן טאַטען, אַז דאָס האָט אים דער ברודער אַזוי צע׳ממית׳ט. דער פאָטער הערט־אויס די אָנקלאַגע, און אַלס ענטפער דערויף איז ער אים נאָך מוסיף צוויי פייערדיגע פעטש.

„ווערט דער בחור אַ צעקאָכטער: היתכן? — גוואַלדעוועט ער — לא די, וואָס דער ברודער האָט אים געשלאָגען, שלאָגט אים נאָך דער טאַטע אויך!

„דיין ברודער — ענטפערט אים דערויף דער פאָטער — האָט ניט קיין טבע צו שלאָגען זיך, ער איז אַ שטילער, אַ רוהיגער און דאַנקט גאָט, אַז מען לאָזט אים צורו. אויב ער איז שוין אַרויס פון געדולד און ער האָט זיך שוין ניט געקאָנט איינהאַלטען, שטעל איך מיר שוין פאָר ווי ווייט דו האָסט אים שוין געמוזט דערקוטשען און וואָסערע צרות דו האָסט אים אָנגעטאָן...״

„מחמס אחיך יעקב תכסך בושה״ — פון דעם צאָרן, וואָס יעקב ווייזט אַרויס, דאַרף זיך עשו שעמען. יעקב דאַנקט גאָט, אַז מען טשעפּעט אים ניט, און אויב ער פאַרלירט זיין אוממענשליכע סבלנות און פאַלט אַריין אין אַ כעס, דאַן זאָל זיך עשו שעמען, ווייל דאָס באַווייזט קלאָר, אַז די צרות און ליידען, וואָס יעקב האָט אויסצושטיין פון אים, האָבען שוין איבערגעשטיגען יעדע מאָס און גרעניץ (פון אונזער אַלטען אוצר).

## ד.

# יעקב הינקט אונטער אויף זיינע קינדער

**והוא צולע על ירכו.**

„רבי יהושע בן לוי הוי סליק לרומי, וכיון דאתי לעכו, נפיק רבי חנינא לקדמותו, אשכחי מטלע על ירכו. אמר לו, את דמי לסבך" — רבי יהושע איז אװעק מיט אַ אידישער שליחות נאָך רוים. װען ער איז צוריקגעקומען נאָך עכו, איז אַרויס חנינא קעגען אים. האָט ער אים געפונען הינקענדיג אויף זיין דיך. זאָגט ער צו אים: דו ביזט איצט גליך צו דיין זיידען (ב"ר ע"ח).

איידער יעקב קאָן צוקומען צו דער סדרה „וישב", זיך צו באַזעצען אין זיין לאַנד, מוז ער צוערשט דורכמאַכען צװיי לאַנגע סדרות פון „ויצא" און „וישלח", פון זיין נע־ונד און האַלטען אין איין שיקען מתנות צו די לבנ'ס און עשו'ס. יאָרענלאַנג װאַנדערט ער אַרום אין װיסטע מדבריות און װאַלגערט זיך װאו אַ טאָג און װאו אַ נאַכט, ביז ער קומט אין חרן. דאָרט שקלאַפט ער אָפּ גאַנצע 14 יאָר פאַר זיינע װייבער און קינדער, אַרבייט שװער און ביטער פאַר זיין שװער לבן, װעלכער באַשװינדעלט אים אויף שריט און טריט און זױגט אויס דעם מאַרך פון זיינע ביינער. ער מאַכט אַלעמען רייך און אַליין מוז ער האָרעװען טאָג און נאַכט פאַר זיין שטיקעל חיונה. און אַז אים געלינגט צו מאַכען אַ דערפינדונג, װאָס האָט אים רייך געמאַכט, באַשולדיגען אים לבנ'ס קינדער, אַז ער האָט באַשװינדעלט זייער פאָטער, און אַז אַלץ, װאָס ער פאַרמאָגט, האָט ער פון זיי אויסגענאַרט.

לבן אַליין טענה'ט אויך: „הבנות בנותי, והבנים בני וכל אשר אתה רואה לי הוא" — די טעכטער זיינען מיינע, די קינדער זיינען מיינע, און אַלץ, װאָס דו זעהסט, באַלאַנגט צו מיר. יעקב, הייסט עס, דאַרף זיך שעצען גליק־ליך, װאָס מען לאָזט אים כאָטש אָטעמען. אויב מען לאָזט אים ענדליך גיין צו זיין לאַנד, האַלט מען עס פאַר אַ גװאַלדיגען חסד, און לבן װיל, אַז יעקב זאָל דאָס פאַרצייכענען אין זיין היסטאָריע „לעד ביני וביניך" — פאַר אַ צייגניש װי גוט ער האָט אים באַהאַנדעלט...

די מאָס פון יעקב'ס צרות איז נאָך אָבער ניט פאַרפולט. ער װערט פטור פון איין צרה און פאַלט אַריין אין אַ צװייטער. איצט ערשט איז ער קוים ניצל געװאָרען מיט'ן לעבען פון זיין שװער לבן, װעלכער האָט געזוכט „לעקר את

הכל״, אים איינגאַנצען צו פֿאַרניכטען, און גלייך שפּרינגט אַרויס אַ נייע צרה, זיין ברודער עשו. פֿאַר די 34 יאָר, וואָס יעקב איז געווען אַוועק פֿון זיין פֿאָטער׳ס הויז, האָבען זיך עשו מיט זיינע קינדער אויסגעשפּרייט איבער דעם גאַנצען אָריענט און פֿאַר זיך אויסגעבויט אַ גרויסע אימפּעריע אין „שעיר״. פֿון זיין פֿאָטער און מוטער האָט ער זיך איינגאַנצען דערווייטערט. אַלע זיינע קינדער האָט ער פֿאַרהייראָט צו פֿרעמדע פֿרויען, פֿון די פֿאַרשיידענע פֿעלקער אַרום, און זיי זיינען געוואָרען די „אלופים״, די הויפּטלינגע פֿון זייערע לענדער. יעקב האָט ביי זיך געטראַכט, אַז פֿאַר דער צייט האָט זיך מסתמא דער כעס און די שנאה פֿון זיין ברודער צו אים געוויס אָפּגעקילט און ער וועט ניט האָבען דאַגעגען זיין באַזעצען זיך אין כנען.

פֿון וועג שיקט ער שלוחים צו זיין ברודער עשו צו לאָזען אים וויסען, אַז ער קערט זיך אום צו זיין פֿאָטער׳ס הויז, ווייל ער האָט בדעה צו בויען דאָס לאַנד אַלס אַ שטענדיגע היים פֿאַר זיך און זיינע קינדער. ער זאָגט אים אויך, אַז ער קומט ניט מיט ליידיגען, ער פֿירט מיט זיך אַ גרויסען קאַפּיטאַל צו קאָנען גלייך צוטרעטען צו דער אַרבייט פֿון אַנטוויקלען דאָס לאַנד. דער „זוהר הקדוש״ וואונדערט זיך, וואָרום ער האָט עס געטאָן, און פֿרעגט: „אמאי אתער איהו לגבי עשו״? — וואָס האָט אים באַוועגט זיך צו ווענדען צו עשו׳ן? „טוב היה לו לאשתוקי מינו״ — עס וואָלט דאָך פֿאַר אים פֿיל גלייכער געווען אים צו איגנאָרירען און זיך האַלטען פֿון אים פֿון דער ווייטענס... אָבער אַזוי איז שוין יעקב׳ס דרך. ער וועט גנב׳ענען אַלערליי סכנות׳דיגע גרעניצען, כדי זיך אַריי־בערצושאַפֿען אין פֿרעמדע לענדער, אָבער ווען עס קומט צו זיין אייגען היימלאַנד, וויל ער גיין „ביד רמה״, אַלץ מוז זיין „עפֿענטליך־רעכטליך״ און מיט דער צו־שטימונג פֿון דער גאַנצער וועלט...

די שלוחים, וואָס יעקב האָט געשיקט צו פֿאַרהאַנדלען מיט עשו׳ן, ברייני־גען אים די טרויעריגע בשורה: „באנו אל אחיך אל עשו״, מיר זיינען געקומען צו דיין ברודער עשו, „היית אומר אחיך הוא, אבל הוא נוהג עמך כעשו הרשע, עודנו בשנאתו״ — דו האָסט דאָך אוודאי געדענקט, אַז ער איז דיר אַ ברודער, ער איז אָבער דער זעלבער עשו הרשע, ער האָט דיך נאָך אַלץ פֿיינט (ב״ר ע״א). כאָטש עשו באַזיצט גרויסע און רייכע לענדער, וואָס קאָנען אַרייננעמען מיליאָנען נייע איינוואַנדערער, פֿאַרגינט ער אָבער ניט זיין ברודער יעקב די קליינע און אָרימע ארץ ישראל און ער פֿירט אַן אַרמיי אים צו באַקעמפֿען. ער רעכטפֿערטיגט זיך פֿאַר דער וועלט מיט דער פּאָליטישער טענה פֿון חזקה און

לאָזט אַרויס פּאַסקווילען קעגען יעקב׳ן, אין וועלכע ער דערקלערט, אַז „כל אותן השנים הללו הוא יושב בארץ ישראל" — אָט די אַלע יאָרן, וואָס יעקב האָט זיך אַרומגעוואַלגערט אין דער פרעמד, האָבן זיינע רעליגיאָנס־ברידער באַוואוינט דאָס לאַנד און עס באַלאַנגט צו זיי (סוטה כ״א).

עשו מיט זיינע מענשען האָבן ניט דאַגעגען, אַז יעקב זאָל שיקען סטאַדעס שאָף און רינדער און אינוועסטירען גרויסע קאַפּיטאַלען אין לאַנד. ער מוז אָבער דאָרט פאַרבלייבען אַ מינדערהייט און פּאָליטיש זיך אונטערוואַרפען צו די איינוואוינער פון לאַנד. פון לאָזען יעקב׳ן בויען זיין נאַציאָנאַלע היים ווילען זיי ניט הערען. און יעקב באַקלאָגט זיך פאַר גאָט: „קטנתי מכל החסדים" — איך פיל זיך דערנידעריגט פון די אַלע חסדים (מהרש״א שבת ל״ב). עס איז מיר שוין מיאוס און מאוס געוואָרען צו לעבען פון „חסד" און תמיד זיין אַ „תולה בדעת אחרים", אָפּהענגיג פון דעם גוטען ווילען פון אַנדערע. ווען וועל איך שוין ווערען זעלבסטשטענדיג און ניט דאַרפען לעבען פון קלייבען די ברעקלאַך, וואָס פאַלען אַראָפּ פון פרעמדע טישען? „ואתה אמרת היטב איטיב עמך" — דו האָסט דאָך מיר פאַרשפּראָכען, אַז דו וועסט טאָן גוטעס מיט מיר... „וילן שם בלילה ההוא" — און ער פאַרבלייבט דאָרט נעכטיגען יענע נאַכט. ער מוז ווייטער פינסטערען אין דער פרעמד „עד עלות השחר, שיעלה שחר לישראל" — ביז עס וועט דערשיינען אַ נייער פרימאָרגען פאַר דעם אידישען פאָלק (מדרש לקח טוב).

„ויותר יעקב לבדו" — און יעקב בלייבט אַליין. אין דער פינסטערער עפּאָכע פון וואַרטען פאַר אַ בעסערער געלעגענהייט כאַפּען זיך זיינע קינדער אַריבער דעם „מעבר יבק" און צעשפּרייטען זיך איבער אַלע שבעה ימים פון דער וועלט. אין אייניגע לענדער באַגליקט זיי, אָבער זיי ווערען דאָרט אָפּגעשוואַכט אין זייער אמונה. „ויאבק איש עמו" — ער מוז דאָרט אָנפירען אַ שטענדיגען קאַמף מיט זיינע אייגענע קינדער, וועלכע „העלו אבק ברגליהם עד כסא הכבוד" — זיי האָבן פאַראורזאַכט אַ שטויב, וואָס גרייכט ביז די הימלען (חולין צ״א). רעפאָרם, אַסימילאַציע און אַנדערע פרעמדע באַוועגונגען האָבן זיך אַריינגעריסען צווישען די רייכערע פון זיי און זיי טוען אָן חורבנות אין זיינע הימלען, אין זיין גלויבען. זיי באַקעמפען יעדע נאַציאָנאַלע באַוועגונג ביי אידען. זייער לאָזונג איז: „ויאבק איש עמו" — מען דאַרף קעמפען פאַר דער אַלגעמיינער מענשהייט. דער היסטאָרישער מאַטעריאַליזם פאַרנעמט דעם פּלאַץ פון דעם היסטאָרישען נאַציאָנאַליזם; אַ „ביל אָוו ראַיטס"

צו פאַרזיכערען די רעכט פון דער גאַנצער וועלט שטייט ביי זיי העכער ווי די אַנערקענונג פון דעם אידען אַלס פאָלק. „ותקע כף ירך יעקב" — זהה לבם של מקצת בני דור השמד יוצאי ירך יעקב ונטמאו ברפש אבק פיגול" — דער דיך פון יעקב האָט זיך אָפּגערוקט פון זיין פּלאַץ, אָפּגעקערט האָבען זיך די הערצער פון אייניגע פון יעקב'ס קינדער אין דער שמד־עפּאָכע, און זיי זיינען פאַר־אומרייניגט געוואָרען פון דעם שמוץ פון גלות (מדרש שכל טוב).

און אַז יעקב וויל דערגיין די אורזאַכען, וואָס האָבען געפירט צו אַזאַ לאַגע, פרעגט ער ביי דעם עמיצען, וואָס ראַנגעלט זיך מיט אים: „הגידה נא שמך" — זאָג מיר דיין נאָמען, ווער ביזטו און פון וואַנען קומסטו? ער באַקומט אָבער דעם ענטפער: „למה זה תשאל לשמי" ? — וואָס פרעגסטו אויף מיין נאָמען ? „אין לנו שם קבוע, משתנין שמותינו" — מיר האָבען ניט קיין באַשטימטען נאָמען, אונזערע נעמען בייטען זיך (ב"ר ע"א). אין אַמעריקע הייסען מיר „אַמעריקען דזשואיש קאָמיטע", אין ענגלאַנד „אַנגלאָ־דזשואיש אַסאָסיאיישאָן", אין פוילען „דער אידישער בונד" און אַזוי ווייטער. אין יעדען לאַנד טראָגט די אַסימילאַציע אַן אַנדער נאָמען, אַן אַנדער כאַראַקטער. אָט דער געראַנגעל ברעכט די גאַנצקייט פון אונזער פאָלק. אָנשטאָט צו זיין אַן „עם ישראל", אַ גאַנצע, פאַראייניגטע אומה, זיינען מיר „עדר, עדר לבדו", באַזונדערע סטאַדעס, באַזונ־דערע לאַנדסמאַנשאַפטען, וועמען עס פעהלט אַ פאַראייניגטער ציל.

„והוא צולע על ירכו" — יעקב הינקט נאָך אַלץ אונטער אויף זיינע קינ־דער, דער געראַנגעל מיט דער אַסימילאַציע ווערט נאָך פאָרטגעזעצט. גלייך נאָכ'ן חורבן, ווען די רוימער האָבען באַזיגט דאָס לאַנד, שיקען די אידען אַ דעפּוטאַציע נאָך רוים, מיט רבי יהושע בן חנניה אין דער שפּיץ, אויסצוואויר־קען פון דער רוימישער מלוכה געוויסע פרייהייטען פאַר די איבערגעבליבענע אידען אין ארץ ישראל. זייער מיסיע פאַלט אָבער דורך צוליב עטליכע אַסימי־לירטע אידען, ווי „אַגריפּס השני", זיין שוועסטער „בירניקה", „יאָזעפוס פלאַ־וויוס" און נאָך אַזעלכע, וועלכע האָבען זיך באַזעצט אין רוים, שמייכלען זיך צו דער מלוכה און דערלאָזען ניט, אַז אידען זאָלען פאַרבלייבען אַ זעלבסט־שטענדיג פאָלק אין זייער אייגען היימלאַנד.

אַז רבי יהושע קערט זיך צוריק און רבי חנינא גייט אים מקבל פנים זיין, באַמערקט ער גלייך, אַז ער איז ניט געוועזען דערפאָלגרייך אין זיין אונטערנע־מונג. „אשכחי מטלע על ירכו" — ער האָט איב געפונען הינקענדיג אויף זיין דיך. די „יוצאי ירך יעקב", די אַסימילירטע אידישע קינדער, וועלכע וואוינען

אין רוים, האָבען אים געשטערט. און ער זאָגט צו אים: ווער ניט אַנטמו־
טיגט, „את דמי לסבך" — דו ביזט געגליכען צו דיין זיידען יעקב. ער האָט
שוין די לאַגע אומציילינע מאָל דורכגעמאַכט אין זיין לעבען, אָבער „ולא יכל
לו" — מען האָט אים ניט געקאָנט בייקומען. „לא יכול להוציא את ישראל
מיחודו של מקום" מען קאָן דעם אידען ניט אָפרייסען פון זיין גאָט און פון
זיין לאַנד (מדרש לקח טוב).

# הפטרה

## יעקב שרעקט זיך ניט פאַר פייער

**וישר אל מלאך ויוכל.**

„נתן אצבעו בארץ, התחילה הארץ תוססת אש. אמר לו יעקב: מן דא
את מדחיל לי, אנא כולי מינו, הדא הוא דכתיב והיה בית יעקב אש" — ער
האָט אַרויפגעשטעלט זיין פינגער אויף דער ערד, האָט די ערד אָנגעהויבען זידען
פון פייער. זאָגט יעקב צו אים: מיט דעם שרעקסטו מיך? איך בין דאָך
אינגאַנצען געמאַכט פון דעם, ווי עס ווערט געזאָגט אין פסוק: די הויז פון
יעקב וועט זיין אַ פייער (ב"ר ע"ז).

הושע, דער נביא פון היינטיגער הפטרה, איז שטאַרק אויפגערעגט קעגען
דער מלוכה פון די עשרת השבטים אין שמרון, וועלכע האָט זיך שטאַרק גע־
חנפ'עט צו דער אימפעריע פון אשור וואָס האָט געזוכט צו פאַרכאַפּען דאָס
לאַנד פון יהודה. ווי עס ווייזט אויס, איז „אויל" אויך דאַן געווען די הויפּט
אורזאַך, וואָרום די אַרומיגע פעלקער האָבען זיך פאַראייניגט קעגען די אידען
אין ארץ ישראל. דער נביא רופט אויס מיט וואָוט און צאָרן: „סבבוני בכחש
אפרים ובמרמה בית ישראל" — אַרומגערינגעלט מיט ליגען האָט מיך אפרים,
און מיט באַטרוג דאָס הויז פון ישראל. „ויהודה עוד רד עם אל ועם קדושיו
נאמן" — אין דערזעלבער צייט, וואָס יהודה ווערט נאָך באַהערשט פון דער גאָט־
הייט און איז געטריי זיינע הייליגטימער, „אפרים רועה רוח ורודף קדים" —
לויפט אפרים נאָכ'ן ווינט און יאָגט זיך נאָך דעם מזרח־ווינט. ער שמייכעלט
צו די אָריענטאַלישע מלוכות, „וברית עם אשור יכרתו, ושמן למצרים יובל"
— ער שליסט אַ בונד מיט אשור און „אויל" ווערט געפירט נאָך מצרים.

ער באַציט זיך איף די פּאַסירונגען מיט אונזער פּאָטער יעקב, ווי זיי ווע־רען געשילדערט אין דער היינטיגער סדרה און ווייזט זיי, ווי אונזער אַלטער זיידע האָט געקעמפט פאַר זיינע אידעאַלען און האָט בייגעקומען אַלע זיינע שונאים. „באונו שרה את אלקים" — מיט זיין קראַפט האָט ער געשטריטען קעגען אַלע פרעמדע גלויבענס, „וישר אל מלאך ויוכל" — ער האָט געקעמפט קעגען אַ מלאך, אַ פרעמדען גייסט, און האָט אים באַזיגט. ווען ער איז פאַר־בליבען איינער אַליין אין דער פינסטערער נאַכט, נאָכדעם ווי ער האָט דער־פאַרען, אַז זיין ברודער עשו גייט קעגען אים מיט אַ גרויסער מחנה, כדי ניט צו דערלאָזען זיין צוריקקערען זיך צו זיין פאָטער'ס הויז, האָט ער זיך געראַנ־געלט מיט אַן אומבאַקאַנטען כוח, וואָס האָט געזוכט איבּ צו שעדיגען, אַז ער זאָל ניט קאָנען פאָרטזעצען זיין נסיעה נאָך ארץ ישראל.

ווער איז געווען דער אומבאַקאַנטער? זאָגען אונז די חז"ל, אַז דאָס איז געווען דער „שר של עשו", דער הימלישער פאָרטרעטער פון עשו'ס מלוכה. אויף דעם היינטיגען פּאָליטישען לשון וואָלטען מיר עס געקאָנט אָנרופען „די אימפּעריע, וואָס האָט געהאַט דעם מאַנדאַט איבער'ן לאַנד און עס כלומר'שט געהאַלטען אונטער איר פּראָטעקציע". אָט דער „שר של עשו" האָט באמת געזוכט צו פאַרכאַפּען דאָס לאַנד פאַר זיך. אים האָט זיך געוואָלט האָבען, ווי דער נביא באַמערקט, דאָס אויל, וואָס דאָס לאַנד פּראָדוצירט, און ביי אים איז עס געווען פיל טייערער פון דעם בלוט פון יעקב.

אַז יעקב האָט זיך ניט געלאָזען בייקומען און געקעמפט צוריק, „נתן אצבעו בארץ", התחילה הארץ תוססת אש", האָט ער אַריינגערוקט זיין פינגער אין לאַנד, אויפגעבונטעוועט די איינוואוינער פון די אַרומיגע פעלקער און דאָס לאַנד האָט גענומען קאָכען מיט פייער פון שנאה קעגען יעקב'ן. אָט אַזוי איז תמיד געווען דער שטייגער פון דער גרויסער דעמאָקראַטישער אימפּעריע, וועלכע גיט זיך אָן, אַז זי איז דער „שר של עשו", דער באַשיצער פון די אַראַ־בישע לענדער. צוליב אירע אייגענע נוצען האָט זי שטענדיג אָנגעפירט אַ פּאָליטיק פון אויפרייצען איין טייל פון דער באַפעלקערונג קעגען דעם צווייטען, כדי זי זאָל קאָנען באַהערשען דאָס לאַנד. פאַר דער וועלט שטעלט זי נאָך אַרויס איר כשר־חזיר־פיסעל, אַז זי איז גאָט די נשמה שולדיג, אַז אַלץ, וואָס זי טוט, איז אויפצוהאַלטען אָרדנונג אין לאַנד און צו פאַרהיטען, אַז דער פייער פון שנאה, וואָס זי אַליין האָט באמת אויפגעבלאָזען, זאָל זיך ניט פאַרשפרייטען. יעקב לאָזט זיך אָבער ניט נאַרען. ער זאָגט צו דעם פאַלשען פּראָטעקטאָר

פון עשו׳ן: „מן דא את מדחיל לי״? — מיט פייער שרעקסטו מיך, מיט פאַגראַמען און בלוט־פאַרגיסונגען? מיט דעם וועסטו מיך ניט אָפּשרעקן, „אנא כולי מינו״, איך בין אינגאַנצען געמאַכט פון פייער, „והיה בית יעקב אש״, דער בית יעקב האָט שוין אין ברענען פאַר טויזענטער יאָרען און ווערט אַלץ ניט פאַרברענט. אין געגענטייל, אַלע מלוכות, וועלכע האָבען געזוכט צו פאַרברענען און פאַרניכטען דאָס אידיש פאָלק, זיינען צום סוף אַליין פאַרברענט געוואָרען און זייער געדעכעניש איז אָפּגעמעקט געוואָרען פון דער וועלט.

---

ה.

## יעקב׳ס קינדער זענען ניט הפקר

### הכזונה יעשה את אחותנו?

„אמרו: מה הם נוהגים בנו כבני אדם של הפקר״? — זיי האָבען געזאָגט: ווי פירען זיי זיך אויף מיט אונז, ווי מיר וואָלטען געווען הפקר־מענשען, וואָס יעדער קאָן טאָן מיט אונז וואָס ער וויל? (ב״ר פ״י).

נאָך אַ שיינע פאָר צענדליג יאָר באַשליסט ענדליך יעקב צו פאַרלאָזען דעם גלות און גיין צוריק צו זיין פאָטערלאַנד. כאָטש ער איז שטאַרק רייך און באַזיצט פיל שאָף, רינדער, אייזלען און קעמלען, פילט ער אָבער, אַז אין דער פרעמד איז ער מיט זיין גאַנצען אייגענס ניט זיכער. איידער ער איז אָנגעקומען אין ארם־נהרים איז לבן געווען אַ היפּשער אָרימאַן. זיין אייגענע טאָכטער רחל האָט געמוזט פּאַשען די שאָף, כאָטש פאַר אַ באַלעבאַטיש מיידעל האָט עס ניט געפּאַסט. זיינע זין זענען נאָך דאַן געווען צו־קליין און געלט צו דינגען אַ פּאַסטוך האָט ער ניט פאַרמאָגט (ב״ר ס״ג). מיט׳ן אָנקומען פון יעקב׳ן אָבער האָט זיך זיין לאַגע געביטען און ער איז געוואָרען אַ גרויסער גביר. ווי לבן גיט עס טאַקע אַליין צו: „נחשתי ויברכני ה׳ בגללך״ — איך האָב זיך איבערצייגט, אַז גאָט האָט מיך באַגליקט צוליב דיר (ויצא ל״א).

כל זמן יעקב האָט געאַרבייט שווער און ביטער, ווי ער באַקלאָגט זיך: „הייתי ביום אכלני חורב וקרח בלילה, ותדד שנתי מעיני״ — בייטאָג בין איך

פאַרצערט געוואָרען פון דער ברענענדיגער זון און ביינאַכט פון קעלט, און׳ דער שלאָף איז פאַרוואָגעלט געוואָרען פון מיינע אויגען — זענען לבן מיט זיינע זין שטאַרק צופרידען געווען. זיין געהאַלט פלעגט מען שניידען אַלע ווײלע, און פאַר יעדען שאָדען פלעגט ער מוזען באַצאָלען פון זיין אייגענער קעשענע, ווי ער זאָגט ווייטער: „טרפה לא הבאתי אליך, אני אחטנה״ — אַ פאַרצוקטע שאָף האָב איך צו דיר ניט געבראַכט, איך האָב איר אַליין געפעלט און פון מיין טרויעריגען געהאַלט גוטגעמאַכט דעם שאָדען (שם).

אַזוי גיך אָבער ווי יעקב האָט אָנגעפאַנגען אַרבייטען פאַר זיך, און „ויפרץ האיש מאד״ — ער איז זעהר רייך געוואָרען, האָט מען אים אָנגעפאַנגען מקנא צו זיין און באַשולדיגען אין גנבה און שווינדעל. ער הערט ווי די בני־לבן טענה׳ן צווישען זיך און אָגיטירען קעגען אים: „לקח את כל אשר לאבינו, ומאשר לאבינו עשה את החיל הזה״ — יעקב האָט צוגענומען אַלץ וואָס אונזער פאָ־טער האָט געהאַט, און פון דעם וואָס באַלאַנגט צו אונזער פאָטער האָט ער זיך דערוואָרבען זיין גרויס רייכטום. זיי האָבען שוין פאַרגעסען דעם פאַקט, אַז ער האָט זיי אויך רייך געמאַכט. אַפילו דער געוועזענער קבצן לבן, וועמען ער האָט גליקליך געמאַכט, באַטראַכט יעקב׳ן פאַר אַן עקספּלואַטאַטאָר און מיט גרויס חוצפה זאָגט ער אים: „הבנות בנותי, והבנים בני, והצאן צאני, וכל אשר אתה רואה לי הוא״ — די טעכטער זענען מיינע, די זין זענען מיינע, די שעפ־סען זענען מיינע, און אַלץ וואָס דו זעהסט באַלאַנגט צו מיר.

אָט אַזוי איז שוין דער טרויעריגער שיקזאַל פון אַ גר, פון אַ פרעמדען. ער מעג ברענגען גליק און רייכטום אין דעם אָרט וואו ער האָט זיך באַזעצט, קוים אָבער אַרבייט ער זיך אַרויף, ווערט רייך, פאַרגינט מען אים ניט וואָס ער האָט און מען באַשולדיגט אים נאָך אין שווינדעל און באַטרוג. יעקב פילט זיין טרויעריגע לאַגע און אין זיין קלעם הערט ער דעם געטליכען רוף, וואָס זאָגט צו אים: „חמיך אין מסביר לך פנים, שוב אל ארץ אבותיך ואהיה עמך״ — דיין שווער קאָן דיך שוין מער ניט דולדען, קער זיך צוריק צו דיין פאָטער־לאַנד און איך וועל דאָרטען זיין מיט דיר (ב״ר ס״ד). סוף כל סוף וועט דאָס גאַנצע פאַרמעגען, וואָס דו האָסט דאָ אָנגעזאַמעלט ניט בלייבען דיינס, מען וועט עס פון דיר ענדליך אַוועקנעמען. בלויז אין דיין אייגען לאַנד וועסטו זיין זיכער. אַלע דערגרייכונגען דאָרטען וועלען בלייבען דיינע. אין דיין נאַ־ציאָנאַלער היים וועסטו קאָנען פאַרזאָרגען אַ ריכטיגע צוקונפט פאַר זיך און פאַר דיינע קינדער.

אַז יעקב באַשליסט צו פאַרלאָזען דעם גלות, מוז ער עס טאָן אין געהיים. ער קאָן זיך ניט באַוועגען פריי און אומגעשטערט; ער מוז גנב'ענען גרעניצען אומבאַמערקטערהייד. „ולבן הלך לגזוז את צאנו" — אַז לבן מיט זיינע קינדער גייען שערען זיינע שאָף, נוצט יעקב אויס די געלעגענהייט, נעמט צוזאַמען זיינע פרויען און קינדער און זיין גאַנץ פאַרמעגען „לבא אל יצחק אביו ארצה כנען" — צו גייען צו זיין פאָטער יצחק, צום לאַנד כנען. „ויוגד ללבן ביום השלישי כי ברח יעקב" — אויפ'ן דריטען טאָג דערוויסט זיך לבן, אַז יעקב איז אַנטלאָפען, נעמט ער צוזאַמען אַלע זיינע מענשען און יאָגט זיך נאָך אים גאַנצע זיבען טעג, „וידבק אותו בהר הגלעד" — און ער דעריאָגט אים ביים באַרג גלעד.

און דאָ ווייטער חזר'ט זיך איבער די טרויעריגע לאַגע פון יעקב'ן, וועלכע האַלט נאָך אָן ביז היינטיגען טאָג. מען האָט, דוכט זיך, אים פיינט און מען וויל אים ניט האָבען, אָבער אַז ער וויל אַוועקגיין לאָזט מען אים אויך ניט. די „לבנ'ס" און די „בעווינס" טענה'ן נאָך אַלץ: „למה נחבאת לברח ותגנוב אותי"? — וואָס האָסטו זיך באַהאַלטען צו אַנטלויפען און זיך אַרויס'גנב'ענען פון מיר? כאָטש דער איד האָט זיך ניט וואו אַהינצוטאָן און וואַלגערט זיך אין שמוציגע און ענגע קאָנצענטראַציע־לאַגערן, אָהן אַ שטיקעל האָפענונג פאַר אַ לייכטערן מאָרגען איז מען נאָך אין כעס אויף אים, אויב ער אָרגאַניזירט אונטערערדישע געזעלשאַפטען צו ראַטעווען וויפיל מען קאָן פון זיינע ברידער און זיי ברענגען צו דעם לאַנד פון זיינע אבות, וועלכע זיי האָבען אַזוי הערליך און עפענטליך פאַרשפּראָכען.

מיט דער הילף פון גאָט דרייט ער זיך אַרויס פון לבנ'ען און גייט ווייטער. אויפ'ן וועג אָבער דערוויסט ער זיך, אַז זיין ברודער עשו מאַרשירט קעגען אים מיט אַ גרויסער אַרמיי, „ויירא יעקב מאד" — יעקב ווערט זעהר אויפגעציטערט און ווענדט זיך צו גאָט: „דו האָסט דאָך מיר געזאָגט „שוב לארצך ולמולדתך ואיטיבה עמך" — קער זיך צוריק צו דיין לאַנד און צו דיין געבורט־פּלאַץ און דאָרטען וועל איך גוטס טאָן מיט דיר. ווען איך אויך אין מיין לאַנד ניט זיין פריי און דאַרפען אָנקומען צו דעם חסד פון מיין ברודער עשו? „קטנתי מכל החסדים" — איך פיל זיך דערנידעריגט פון די אַלע חסדים (מהרש"א שבת ל"ב). עס איז מיר שוין מיאוס און מאוס געוואָרען צו לעבען פון חסד און תמיד זיין אָפּהענגיג פון דעם גוטען ווילען פון אַנדערע.

ווען וועל איך שוין ווערען זעלבסטשטענדיג און ניט דאַרפען לעבען פון קליי־בען ברעקלעך, וואָס פאַלען אַראָפּ פון פרעמדע טישען״?

„ויותר יעקב לבדו״ — ווען יעקב פאַרבלייבט אַליין און פאַרצווייפעלט, „ויאבק איש עמו״ — פילט ער, אַז אימיצער ראַנגעלט זיך מיט אים. אין זיין איינזאַמקייט מאַכט ער דורך אַ שווערען געדאַנקען־קאַמף. עס גייען פאַרביי זיינע אויגען אַלע טרויעריגע געשעענישען וואָס האָט מיט אים פּאַסירט אין זיין לאַנגען און שווערען גלות, „עד עלות השחר״ — ביז עס דערשיינט פאַר אים אַ נייער פרימאָרגען. נאָך אַלע צרות און יסורים איז ער דאָך געבליבען לעבען און קיינער האָט אים ניט געקאָנט אומברענגען. ער זעהט ווי פון אַ פשוט׳ען „יעקב״, אַן אָרימען אימיגראַנט, איז ער געוואָרען אַ „ישראל״, אַן אָנערקענטער כוח, וואָס „שרית עם אלקים ואנשים ותוכל״ — האָט געקעמפט מיט אידייען און מענשען און זיי בייגעקומען. ניט זיי האָבען אים באַזיגט, אין געגענטייל, ער האָט זיי איבערגעלעבט. און אַ שטראַל פון האָפענונג וועקט אים און מונטערט אים צו גיין ווייטער.

„ויזרח לו השמש כאשר עבר את פנואל״ — די זון שיינט פאַר אים אויף, אַזוי גיך ווי ער גייט אַריבער פנואל, וועלכע איז ביי דער גרענעץ פון זיין לאַנד. „שמש שבאה בעבורו, זרחה בעבורו״ — די זון, וואָס איז אונטערגע־גאַנגען פאַר אים, ווען ער איז אַוועק אין גלות, שיינט אויף צוריק פאַר איב, ווען ער קערט זיך אום צוריק אין זיין אַלטער נאַציאָנאַלער היים (חולין צ״א). זיין לעבען אין גלות איז געווען איין לאַנגע און טרויעריגע נאַכט. זיינע הימ־לען דאָרט זיינען תמיד געווען פאַרהאַנגען מיט שווערע פינסטערע וואָלקענס. אין זיין אייגען היים אָבער שיינט פאַר אים אַ ליכטיגע און פריינטליכע זון און ער פילט זיך פריי און זעלבסטשטענדיג.

„ויבא יעקב שלם עיר שכם״ — יעקב קומט אַן גאַנץ נאָך דער שטאָט שכם. ער איז שוין ניט ווייט פון זיין פאָטער׳ס הויז. ער שטעלט זיך אָבער דאָ אָפּ און קויפט זיך איין אַ גרויסע נחלה. ער ווייס, אַז אין דער ברכה, וואָס גאָט האָט געגעבען צו אברהם, אַז די אַלע אַרומיגע לענדער וועלען מיט דער צייט זיין איינגעשלאָסען אין דעם אידישען היימלאַנד, וויל ער עס דערווערבען פרידליך און געזעצליך. פּאַסירט אָבער, אַז שכם, דער זון פון חמור, דער הערשער פון לאַנד, איבערפאַלט זיין טאָכטער דינה און פאַרגוואַלטיקט איר. יעקב ווערט אַן אויפגעטרייסעלטער, ער האַלט אָבער איין זיין כעס, ביז די קינדער קומען צוריק פון פעלד. ווען זיי דערוויסען זיך פון דער גרויסער נבלה,

וואָס איז באַגאַנגען געוואָרען קעגען זייער שוועסטער, באַשליסען זיי אָפּצו־רעכענען זיך מיט די פאַרברעכער.

זיי האָבען אויסגעאַרבייט אַ פּלאַן כלומר׳שט צו מאַכען שלום מיט חמור און זיינע שטאָט־מענשען און פאַרשפּרעכען זיי, אַז אויב זיי וועלען זיך מל זיין, זיינען זיי איינשטימיג צו געבען זייער שוועסטער דינה פאַר אַ ווייב צו דעם לעבע־יונג שכם און זיך דאָרטען באַזעצען. חמור און שכם כאַפּען זיך אָן אָן דער מציאה. זיי רעדען איין זייערע לאַנדסלייט, אַז זיי זאָלען נאָכגעבען דעם פאַרלאַנג פון יעקב׳ס קינדער, און ווי די אַראַבער היינט, רייצען זיי די פאַנ־טאַזיע פון זייערע אונטערטאַנען, אָנגעבענדיג אין נדן: „מקניהם וקנינם וכל בהמתם הלא לנו הם אך נאותה להם וישבו אתנו" — זייערע פי און זייער פאַר־מעגען און אַלע זייערע בהמות וועלען דאָך פאַרבלייבען אונזערע, זאָלען מיר נאָר צושטימען אויף דערוויילע מיט זיי, און זאָלען זיי זיך באַזעצען מיט אונז.

„וישמעו אל חמור ואל שכם" — די רויבערישע איינוואוינער הערען זיך צו וואָס חמור און שכם זאָגען זיי, און אין זייער פאַנטאַזיע זעהען זיי שוין די גרויסע גליקען וואָס זיי וועלען האָבען פון דעם גרויסען קאַפּיטאַל, וואָס יעקב האָט מיטגעבראַכט. אויפ׳ן דריטען טאָג, ווען זיי זיינען אַלע געלעגען אָפּגע־שוואַכט פון דער אָפּעראַציע, זיינען די צוויי ברידער, שמעון און לוי, זיי אַלעמען באַפאַלען און אויסגע׳הרג׳עט. אַז יעקב זאָגט זיי: „עכרתם אותי להבאישני ביושב הארץ" — איר האָט מיך באַטריבט, מיך צו פאַר׳מיאוס׳ן פאַר די איינ־וואוינער פון לאַנד. ענטפערען זיי אים מיט שטאָלץ: „הכזונה יעשה את אחותנו" — ער מאַכט אונזער שוועסטער פאַר אַ זונה, וואָס דענקען זיך די מענשען, אַז מיר זיינען הפקר און מען קאָן טאָן מיט אונז וואָס מען וויל?

גלייך נאָכדעם זאָגט גאָט צו יעקב: „קום עלה בית־אל ושב שם" — שטיי אויף און גיי נאָך בית־אל און באַזעץ זיך דאָרט. „לפי שהיה מתיירא מיושבי הארץ, א"ל הקב"ה „קום" „עלה", קימה יש לך, עליה יש לך" — ווייל ער האָט זיך געשראָקען פאַר די איינוואוינער פון לאַנד, האָט אים גאָט גע־זאָגט ער זאָל זיך שטעלען און אַרויפגיין. מיט דעם וואָס זיינע קינדער האָבען געוויזען דער וועלט, אַז זיי קאָנען זיך שטאַרק אָפּרעכענען פאַר אַן עולה וואָס מען באַגייט קעגען זיי, האָבען זיי געוויזען גרויס שטאָלץ און מוטיגען אויפ־שטייג (מדרש לקח טוב). די וועלט וועט פאַר דיר מער דרך ארץ האָבען, ווייל זיי זעהען, אַז דיינע קינדער זיינען ניט הפקר און לאָזען זיך ניט טרעטען פון יעדען נידערטרעכטיגען מופטי און זיינע אַרויסהעלפער.

# הפטרה

## די פאַלשע אדום וועט באַקומען איר שטראָף

**והאבדתי חכמים מאדום.**

„הוא אדום, תבשילו אדום וארצו אדומה" — ער איז רויט, זיין געקעכץ איז רויט און זיין לאַנד איז רויט (ב"ר ע"ה).

די היינטיגע הפטרה זאָגט פאָראויס דעם שוואַרצען סוף, וואָס די מלכות אדום וועט באַקומען פון גאָט פאַר איר פאַרראַט צו דעם אידיש פאָלק. אדום, די מדינה, וואָס איז געגרינדעט געוואָרען פון אונזער רויטען פעטער עשו, האָט תמיד געשפּילט אַ שענדליכע ראָל אין דער אידישער געשיכטע. שטענדיג האָט זי פּרעטענדירט צו זיין אַ פריינט פון די אידען און פאַרשפּראָכען איר הילף, אין אַ צייט פון קריזיס אָבער פלעגט זי זיי פאַרראַטען און צושטיין צו זייערע שונאים. די חז"ל האָבען דעריבער באַצייכענט מיט דעם נאָמען „אדום" יעדעס פאָלק, וואָס זוכט אונז איינצורעדען, אַז עס איז פריינטליך און מיינט אונזער טובה, אָבער הינטער אָרום פאַרראַט עס אונז און דערלאָזט ניט, אַז מיר זאָלען קאָנען קומען צו זיך.

צו די אדומ'ס פון היינט זאָגט דער נביא: „אם תגביה כנשר ואם בין כוכבים שים קנך, משם אורידך" — ווען איר וועט זיך אַפילו דערהויבען ווי אַן אָדלער און צווישען די שטערען אויפשטעלען אייער נעסט, וועל איך אייך פון דאָרט אַרונטערשליידערען. אין אייערע „פיר פרייהייטען" און „אַטלאַנטיק טשאַרטער" האָט איר זיך דערהויבען ביז צו די הימלען. איר האַלט אין איין פאַרשפּרעכען דעמאָקראַטיע און גלייכבאַרעכטיגונג צו אַלע פעלקער פון דער וועלט און איר ווילט אייערע נעסטען אויפשטעלען צווישען די שטערען פון דער וועלט־געשיכטע, איך וועל אייך אָבער פון דאָרט אַרונטערשלעפען. אייערע מיאוס'ע מעשים נאָכ'ן קריג ווייזען אייער פאַלשקייט און באַטרוג.

„מחמס אחיך יעקב תכסך בושה" — מיט דעם באַטריב פון אונזער ברו־דער יעקב האָט איר זיך באַדעקט מיט שאַנד. „ביום עמדך מנגד, ביום שבות זרים חילו" — די גאַנצע צייט, וואָס איר זענט געשטאַנען פון ווייטענס, ווען די ווילדע חיות האָבען אים געמאָרדעט און באַרויבט, „ונכרים באו שעריו ועל ירושלים ידו גורל" — ווען איר ברענגט אַריין פרעמדע אַראַבישע פעלקער אין די טויערן פון זיין לאַנד און איבער ירושלים וואַרפט איר גורל, צו וועמען

זי זאָל געהערען, „גם אתה כאחד מהם" — מיט דעם ווייזט איר צו זיין איינער פון זיי, אויך איר זענט ניט בעסער פאַר די היטלערס און געבעלסעס.

נאָך אַלע פאַרשפּרעכונגען, וואָס איר האָט געמאַכט צו מיין פאָלק, אַז איר וועט אים העלפען צוריקבויען זיין נאַציאָנאַלע היים אין ארץ־ישראל, שטייט איר גאָר איצט „על הפרק להכרית את פליטיו" — ביי די גרעניצען פון לאַנד, צו צאַמען דעם וועג פאַר די אַנטרונענע אידען, און איר שליסט איין „שרידי ביום צרה" — זיינע געראַטעוועטע פון אומגליק — אין נייע קאָנצענטראַציע־לאַגערען. וויסען זאָלט איר אָבער, „כי קרוב יום ה' על כל הגוים", אַז דער טאָג פון גאָט'ס נקמה איז נאָענט פאַר אַלע פעלקער. „גמולך ישוב בראשך — דיין געהאַלט וועט פאַלען אויף דיין קאָפּ, ווייל די געשיכטע ווייסט, אַז דו ביזט רויט, דיינע פּאָליטישע געריכטען זיינען רויט און דיין לאַנד איז רויט.

# וישב

## א.

## יוסף זוכט אַרום זיינע ברידער

**את אחי אנכי מבקש — ויאמר האיש נסעו מזה.**

„אמר לו: אתה אומר את אחי אנכי מבקש סעו מן האחוה הזאת ואין מחזיקין עצמן כאחין לך, כי שמעתי אומרים נלכה ונבקש דתות ודינים האיך להמיתו אם יבא אצלנו" — ער האָט אים געזאָגט: דו זאָגסט, אַז דו זוכסט דיינע ברידער, זיי זיינען אַוועק פון אָט דער ברודערשאַפט. זיי האַלטען זיך מער ניט פאַר דיינע ברידער, ווייל איך האָב געהערט זיי זאָגען: לאָמיר גיין זוכען רעליגיעס און דינים ווי אים צו טויטען אויב ער וועט קומען צו אונז (רש"י, סוטה י"ג, ע"ב).

מאַנכע פון אונזערע חז"ל זעהען אין דער שילדערונג פון יוסף'ס באַזוך צו זיינע ברידער אין שכם די טראַגעדיע פון די אידען אין גלות. מיר וועלען פּרובירען אַרויסנעמען פון די פילע אגדות און מדרשים די נויטיגע שטריכען פאַר דעם בילד, לויט זייערע געדאַנקען און מיינונגען, אַנצייגענדיג, אויף וויפיל מעגליך, די מקורים פונוואַנען מיר האָבען די שטריכען גענומען:

די אידישע שבטים פאַרלאָזען זייער פאָטער יעקב און וואַנדערען אויס נאָך „שכם", אַ פרעמד לאַנד, וואָס ווערט פאַר זיי מיט דער צייט אַ „מקום מוכן לפורעניות" — אַ פּלאַץ, וואו עס דערוואַרט זיי אַלערליי אומגליקען (מדרש לקח טוב). פאַר אַ גאַנץ לאַנגער צייט הערט יעקב פון זיי ניט און איז שטאַרק באַאומרוהיגט פון זייער שטילשווייגען. ער רופט צו זיך זיין זון יוסף און שיקט אים אויף אַ באַזוך צו זיינע ברידער. „לך נא ראה את שלום אחיך ואת שלום הצאן והשבני דבר" — גיי, זאָגט ער אים, קוק אָן דעם פרידען פון דיינע ברי־דער און דעם פרידען פון די שאָף און ברייננ מיר אַ באַריכט.

קיין אַנדערען פון זיינע קינדער אָדער הויזגעזינד קאָן יעקב ניט אָנפאַר־טרויען מיט אַזאַ דעליקאַטער שליחות. דער איינציגער וואָס פּאַסט זיך פאַר דעם איז יוסף. „מפני שהיה דומה לאביו בכל דבר, וכל מה שעבר על יעקב עבר על יוסף" — ווייל ער איז געווען גלייך צו זיין פאָטער אין אַלעס, און אַלץ וואָס האָט פּאַסירט מיט יעקב'ן טרעפט אויך מיט יוסף'ן (מדרש תנחומא). צו קאָנען פאַרשטיין די אידישע טראַגעדיע אין גלות און צו באַגרייפען זיין רעטזעלהאַפטע עקזיסטענץ, מוז מען דערצו זיין צוגעפּאַסט. צו שטודירען דעם אידישען היינט און פון אים ציען שלוסען פאַר זיין מאָרגען מוז מען זיין גוט באַקאַנט אויך מיט זיין נעכטען. דאָס אידישע לעבען איז איין גרויסער קנויל, וואָס ציט זיך פון דעם ווייטען אַמאָל ביז דעם נאָך ווייטערען דאַן. איין היס־טאָרישע עפּאָכע ווערט איינגעפלאָכטען אין דער צווייטער, איין אויסערגעוויינ־ליכע געשעעניש איז דער רעזולטאַט פון אַ פאַרגאַנגענער פּאַסירונג, וועלכע דאָס פאָלק האָט פאַרנאַכלעסיגט און פאַרזעהן. רייסט מען אָפּ איין פאָל פון דעם צווייטען, רייסט זיך איבער דער קנויל און די פעדים ווערען פאַרפּלאָנטערט.

יוסף אָבער איז צוגעפּאַסט פאַר אַזאַ מיסיע, ווייל זיין לעבען איז געווען פונקט אַזוי שטורמיש און פאַרבענרייך ווי זיין פאָטערס: „זה נשטם וזה נשטם", ביידע זיינען זיי פאַרהאַסט געוואָרען פון זייערע ברידער. „זה יצא לחוץ לארץ וזה יצא לחוץ לארץ", ביידע זיינען זיי געווען געצוואונגען צו פאַר־לאָזען זייער אייגען לאַנד און וואַנדערען אין פרעמדע לענדער. „זה הוליד בנים בחוצה לארץ, וזה הוליד בנים בחוצה לארץ" — זייערביידענס קינדער זיינען געבוירען געוואָרען אין דער פרעמד און ווערען באַהערשט פון אַ גלות־פּסיכאָ־לאָגיע, וואָס פאַרלייגגערט זייער באַפרייאונג. „זה נתגדל על ידי חלום וזה נתגדל על ידי חלום" — ביידע אָבער זיינען געוואַקסען און גרויס געוואָרען דורך זייערע גייסטיגע חלומות, וועלכע האָבען זיי געגעבען מוט און אויס־דויער צו קאָנען ביישטיין אַלע פאַרפאָלגונגען און אונטערדריקונגען. „זה העלו עצמותיו וזה העלו עצמותיו" — זיי האָבען אָבער איסגעפירט, אַז זייערע ביי־דענסביינער זיינען ניט באַגראָבען געוואָרען אין גלות און זיינען פון זייערע קינדער ענדליך געבראַכט געוואָרען אין זייער אייגען לאַנד (ב"ר, פפ"ד).

אונזער פאָטער יעקב איז נייגעריג צו וויסען „את שלום אחיך ואת שלום הצאן" — לעבען די אידען אין פרידען צווישען זיך און ווי דערציען זיי זייערע **קינדער.** „אבותינו השוו שמירת הבנים לשמירת הצאן" — אונזערע עלטערן פאַרגלייכען די אָפּהיטונג פון די קינדער צו דער אָפּהיטונג פון די שאָף (בית

מדרש). „וישלחהו מעמק חברון — בעצה עמוקה של אותו צדיק שקבור בחברון דכתיב בו ידע תדע כי גר יהיה זרעך בארץ לא להם" — ער האָט יוספן אַרויסגעשיקט פון דעם טאָל חברון מיט דער טיפער עצה פון דעם צדיק אברהם, וואָס איז באַגראָבען אין חברון, וועמען גאָט האָט אָנגעזאָגט, אַז זיינע קינדער וועלען זיין גרים אין פרעמדע לענדער (סוטה י"א). ער הייסט אים שטודירען די לאַגע פון זיינע ברידער לויט די היסטאָרישע אויפפאַסונגען זינט זיין זיידען אברהם, וואָס מיינט באמת זינט זייער ערשטען אורשפרונג.

יוסף לויפט אַרום פון איין אָרט צום צווייטען און זוכט זיינע ברידער. ער זעהט פאַר זיך מחנות מענשען, וועלכע זיינען צעריסען צווישען זיך. זאָגט איינער טאָג, שרייט דער צווייטער נאַכט; ציט איינער רעכטס, שלעפט דער צווייטער לינקס. אַלע זייערע פאַרטייען האָבען זיך פיינט איינע די אַנדערע, רייסען זיך אַרום צוליב חלומות, צוליב קליינינקייטען, צוליב נעכטיגע טעג. איין ברודער האָט פיינט דעם צווייטען „ולא יכלו דברו לשלום", און קאָנען זיך פרידליך ניט צוזאַמענרעדען. די גאַנצע שנאה איז מער ניט ווי שנאת חנם, וואָס האָט קיין זין און יסוד ניט, און ברייננט בלויז שאָדען און חורבן פאַר אַלע צדדים אָהן אויסנאַם.

„וימצאהו האיש תועה בשדה" — דער גייסטיגער מלאך, וואָס באַגלייט יוסף'ן אויף זיינע וואַנדערונגען, געפינט אים בלאָנדזשענדיג אין פעלד. „רמז לו ג' גליות, ת' של מצרים, ע' של בבל, ה' של אדום". אינ'ם וואָרט „תועה" ליגט אָנגעוואונקען אַלע דריי אידישע גלות'ן: ת', פיר הונדערט יאָר אין מצרים; ע', זיבעציג יאָר אין בבל; ה', דער גלות אדום אין סוף פון דעם פינפטען יאָר־טויזענט. אין אַלע אידישע גלות'ן איז דיזעלבע זאַך פאָרגעקומען. און דער מלאך פרעגט אים: „מה תבקש"? וואָס זוכסטו? אויב דו זוכסט ברודערשאַפט, פאַראייניגונג, מאַכסטו אַ גרויסען טעות. „נסעו מזה", זיי זיינען שוין פון דעם שטאַנדפונקט לאַנג אַוועק. זיי האַלטען זיך שוין מער ניט פאַר ברידער. „אמרו שאינם חפצים להיות שנים עשר שבטים" — זיי טענה'ן שוין, אַז זיי ווילען ניט זיין אַ טייל פון די אידישע שבטים (שבילי הלקט).

נאָך מער, „שמעתי אומרים נלכה דותינה — למצא דתות ודינים" — איך האָב געהערט, אַז איבעראַל זוכען זיי זיך נייע רעליגיעס און נייע אויפפירונגען, וועלכע זיינען פרעמד צו דער אידישער תורה און צו דער אידישער אמונה (סוטה י"ג, ע"ב). די יוסף'ס, וואָס טראָגען זיך אַרום מיט דעם געדאַנק פון אַ אידישער נאַציע, פון אַ אידיש היימלאַנד, פון אַן אייגענער מלוכה, רופען

זיי „בעלי חלומות״, טרוימער און שווערמער, און באַשולדיגען זיי אין אומ־טרייקייט צו די לענדער, וואו זיי געפינען זיך.

יעדע נאַציאָנאַלע באַוועגונג ווערט באַקעמפט פון רעכטס און פון לינקס, פון אויבען און פון אונטען. פאַר די רעכטע זיינען די פאָנען־טרעגער פון דער באַוועגונג ניט פרום גענוג, פאַר די לינקע — ניט ראַדיקאַל גענוג. די אויבענאָניגע אידען, די יאַהודים פון אַפּטאָון, שרייען, אַז אידישע נאַציאָנאַליטעט איז אַ פאַרלעצונג קעגען דעם פּאַטריאָטיזם און בירגערליכקייט פון די לענדער, וואו מיר געפינען זיך. פון די אונטערשטע רייען, די „אַרבייטער־פאַרבאַנדען״, דאַגעגען, זעהען אין אידישען נאַציאָנאַליזם אַ ווידערשפרוך פון זייער קאָסמאָפּאָליטיזם און וועלטליכקייט. זיי טענה׳ן, אַז מען דאַרף צעברעכען נאַציאָנאַלע גרעניצען און מענשען פון פאַרשיידענע ראַסען, גלויבענס און לענדער זאָלען פאַלען איינע די אַנדערע אויף די העלזער און זיך דערקלערען אין ליבע. אַי, די גויים ווילען ניט, און דערווייל ווערען די אידען פאַרניכטעט, זיינען זיי אָבער זיכער, אַז זייער אידעאַל וועט נאָך קומען, און זיינען גרייט מקריב צו זיין די לעבענס פון זייערע אָרימע ברידער אויף דעם מזבח פון זייער פאַלשען אָפּגאָט. אַלע אַנדערע אידישע פּאַרטייען זוכען „דתות ודינים האיך להמיתו אב יבא אצלנו״ — ווי צו טויטען דעם נאַציאָנאַלען געדאַנק פון יוסף׳ן, אויב ער וועט קומען צו זיי (שם).

אָבער „אמר הקב״ה אתם אומרים ונראה ואני אומר ונראה, נראה דברי מי עומדים״ — דער אויבערשטער זאָגט זיי: איר זאָגט מיר וועלען וואַרטען און זעהן וואָס עס וועט ווערען פון זיינע חלומות? איך זאָג אויך דאָס זעלבע, און מיר וועלען זעהן וועמענס אידייען וועלען אויסגעפירט ווערען (ב״ר פ״ד). דער גרינדער פון אונזער פאָלק, אונזער פאָטער יעקב, „שמר את הדבר״, האָט פאַרצייכענט די חלומות פון זיין זון יוסף און איז געוועזן זיכער, אַז זיי וועלען מקוים ווערען.

# הפטרה

## חטאים וואָס פאַרלייַנגערען דעם אידישען גלות

**על שלשה פשעי ישראל ועל ארבעה לא אשיבנו.**

„בשעה ששוקלין עוונות אדם עם זכיותיו אין מחשבין עליו עוון שחטא אלא משלישי ואילך — במה דברים אמורים ביחיד, אבל בציבור תולין להן עוון ראשון שני ושלישי" — בשעת מען וועגט די זינד פון אַ מענשען מיט זיינע פאַרדינסטען, נעמט מען ניט אַריין אין חשבון די ערשטע זינד, נאָר פון נאָך דעם דריטען און ווייטער. דאָס איז אָבער אַלץ געריעדט וועגען אַ יחיד, מיט'ן צבור אָבער רעכענט מען זיך אויך פאַר דעם ערשטען, צווייטען און דריטען חטא (רמב"ם, הלכות תשובה, פ"ג ה').

די מערסטע עבירות, וואָס אַ מענש באַגייט, קומען „בשוגג", פון אומ־וויסענקייט. „אין אדם עובר עברה אלא אם כן נכנס בו רוח שטות" — קיין מענש באַגייט ניט אַ פאַרברעכען, סיידען ער ווערט באַהערשט פון אַ נאַרישען באַגער (סוטה, ג', ע"א). דערפאַר, אַז מען וועגט זיינע שלעכטע מעשים קעגען די גוטע, זאָל מען ניט אַריינרעכענען די ערשטע דריי עברות, וואָס ער איז באַ־גאַנגען. ער איז דאַן געווען אין אַ צושטאַנד פון „שטות", פון אומבאַוואוסטזיין, און מען דאַרף אים אַנטשולדיגען. דאָס איז אָבער אַלץ געריעדט, זאָגט דער רמב"ם, ווען עס האַנדעלט זיך מכוח אַ יחיד, אַן איינצעלנעם מענשען. דער צבור, אַ גאַנצע געמיינדע, ווערט גע'משפט אויך פאַר די ערשטע זינד, ווי דער נביא זאָגט אין היינטיגער הפטרה: „על שלשה פשעי ישראל ועל ארבעה לא אשיבנו" — פאַר די ערשטע דריי זינד פון כלל ישראל אַזוי גוט ווי פאַר דעם פערטען קאָן איך אים ניט פאַרגעבען.

„שגגה", אומבאַוואוסטזין, איז אפשר אַ גוטער תירוץ פאַר אַ יחיד, פאַר אַן איינצעלנעם מענשען, ווייל עס איז קעגען דער נאַטור פאַר אים צו זיין תמיד באַוואוסטזיניג. אַ געזונטער מענש פילט אפילו ניט זיינע אייגענע גלידער. די איינציגע צייט, ווען ער הויבט אָן צו ווערען באַוואוסטזיניג, אַז ער האָט אַ קאָפּ, אַ האַנט, אַ פוס, איז ווען ער שלאָגט זיך אָפּ, אָדער שפירט פּלוצלינג אַ ווייטאָג אין זיי. פאַר'ן כלל אָבער איז אומבאַוואוסטזיניגקייט אַליין אַ גע־וואַלדיגער חטא. אַזוי גיך ווי אַ כלל פאַרלירט זיין באַוואוסטזין, ווערט ער דעצענטראַליזירט, זיינע כוחות ווערען צעפּאַלען און זיין אויטאָריטעט ווערט

פאַרשוואונדען. יעדער חטא, וואָס אַ רבים באַגייט, גראָבט אונטער דעם יסוד פון אַ פאָלק און זיין עקזיסטענץ ווערט געשטעלט אין סכנה.

פיר גרויסע חטאים, זאָגט דער נביא אין היינטיגער הפטרה, באַגייט ישראל און פאַר אַלע פיר קאָן איך אים ניט פאַרצייען. זיי זיינען:

א) „על מכרם בכסף צדיק ואביון בעבור נעלים״ — פאַר דעם וואָס זיי זיינען גרייט פאַר געלט צו פאַרקויפען דעם גערעכטען און דעם אביון צוליב אַ פאָר שיך. פאַר אייגענע מאַטעריעלע אינטערעסען איז מען מפקיר אַלע רעכטען פון דעם פאָלק. מען רייסט זיך אַרום צוליב קלייניגקייטען און מען שטערט די גאַנצקייט פון פאָלק.

ב) „השואפים על עפר ארץ בראש דלים״ — זיי שלינגען די שטויב־ערד, וואָס פאַלט אויף די קעפּ פון די אָרימע. זיי זיינען אַזוי פאַרליבט אין די לענדער פון זייערע גלות׳ן, אַז זיי נעמען אָן פאַר גוט די שמוץ און בלאָטע, וואָס מען האַלט אין איין גיסען איבער די קעפּ פון די אָרימע אידען, וואָס ווערען איבעראַל באַטראַכט פאַר פרעמדע און מען לאָזט זיי ערגעץ אַ קאָפּ ניט אויפהויבען.

ג) „ועל בגדים חבולים יטו אצל כל מזבח״ — און אויף געבאָרגטע קליידער שפּרייטען זיי זיך אויס ביי יעדען מזבח. אויך אין זייערע טעמפּלען און סינאַגאָגען פירען זיי זיך לויט די פרעמדע מנהגים, וואָס זיי באָרגען פון די ניט־אידישע שכנים. זיי האָבען אויפגעגעבען זייער אָמאָליגע אידישע אָריגינאַליטעט און זיינען געוואָרען אַ באַנדע נאָכמאַכערס און נאָכקרימערס.

ד) „ויין ענושים ישתו בית אלקיהם״ — דעם וויין פון געשטראָפטע טרינקען זיי אין דעם הויז פון זייער גאָט. אויך די, וואָס זיינען שוין כלומר׳שט נאַציאָנאַל געשטימט און העלפען אין אויפבוי פון אונזער אייגען לאַנד, טרינקען דעם וויין פונ׳ם דרוק־בעכער, וואָס ווערט זיי אַלע וויילע צוגערוקט פון דער מלכות הרשעה, די פיינטליכע אַדמיניסטראַציע. זיי פאַרשטייען ניט, אַז אויף געבויגענע רוקענס פאַרען אַלע רייטענדיג. פון מצרים זיינען די אידען אַרויס „ביד רמה״, מיט שטאָלץ און מוט. אויך די ענדגילטיגע גאולה מוז קומען „קוממיות לארצנו״, מיט געהויבענע קעפּ און דורך שטאָלצע פאָדערונגען פאַר אונזערע נאַציאָנאַלע רעכטען.

## ב.

# מען דאַרף אויך לערנען די עלטערע קינדער

**והבור ריק אין בו מים.**

„נתרוקן בורו של יעקב, אין בו דברי תורה שנמשלו למים" — אויסגעלייי־דיגט האָט זיך דער קוואַל פון יעקב׳ן, ניטאָ אין אים די ווערטער פון דער תורה, וועלכע זיינען געגליכען צו וואַסער (ב"ר פ"ד).

צוויי גרויסע טעות׳ן האָט יעקב געמאַכט אין דער דערציהונג פון זיין „בן זקונים" יוסף, צוויי פעהלערען, וואָס האָבען נאָכדעם געפירט צו פאַטאַלע און שרעקליכע רעזולטאַטען. דער ערשטער טעות איז געווען, וואָס „אהב את יוסף מכל בניו", ער האָט געליבט יוסף׳ן מער פאַר די איבעריגע קינדער. על־טערען, וואָס ווייזען אַרויס מער ליבע צו איין קינד ווי צו דעם צווייטען, ברעכען דעם שלום־בית און רופען אַרויס קנאה און שנאה צווישען זייערע קינ־דער, וועלכע האָבען פיינט איינע די אַנדערע, קריגען זיך אַרום און ברייגגען שפאַלטונג אין דער פאַמיליע.

קינדער זיינען פון דער נאַטור שטאַרק איימפערזיכטיג אויף דער ליבע פון זייערע עלטערען. יונגערהייט נאָך ווערען זיי אויפגערעגט און ברוגז, אויב דער טאַטע אָדער די מאַמע ווייזט אַרויס מעהר אויפמערקזאַמקייט צו זייערע ברידערלאַך אָדער שוועסטערלאַך. אויך גרויסערהייט קאָנען זיי ניט פאַר־טראָגען, אויב די עלטערען ווייזען אַרויס מעהר ליבע אָדער געטריישאַפט צו איינעם פון זיי.

יעקב האָט אַרויסגעוויזען צופיל ליבע צו זיין זוהן יוסף. ער האָט אים אָנגעטאָן אין זיידענע העמדלאַך און אים געצערטעלט מעהר ווי די אַנדערע קינדער. דאָס האָט שטאַרק געקרענקט די איבעריגע ברידער און זיי האָבען יוסף׳ן פיינט געקראָגען. ווי אַלע פאַרצערטעלטע קינדער טרוימט יוסף פון גדולה און הערשאַפט. ער זעהט אין חלום ווי די גאַרבען פון זיינע ברידער בוקען זיך צו זיין גאַרב, אויך אַז די זון און די לבנה און עלף שטערען בוקען זיך צו איהם. ער דערציילט זיינע חלומות פאַר דעם טאַטען און זיין גאַנצער פאַמיליע מיט דער כוונה זיי צו לאָזען וויסען, אַז מיט דער צייט וועט ער אי־בערשטייגען אַלע זיינע ברידער עקאָנאָמיש און גייסטיג, און אַז זיי וועלען

ענדליך דאַרפען אָנקומען צו זיין הילף. דאָס האָט נאָך פיל פאַרגרעסערט זייער שנאה צו אים „ולא יכלו דברו לשלום", זיי האָבען מיט אים פריינטליך ניט געקאָנט רעדען.

אין יעקב׳ס אויסערגעוויינליכער ליבע צו יוסף׳ן האָבען די ברידער אויך אַרויסגעזעהן אַ גרויס באַליידיגונג קעגען זייערע אייגענע מוטערס. זיי האָבען גוט געוואוסט, אַז אין דער יוגענט „ויאהב גם את רחל מלאה", האָט יעקב ליבער געהאָט רחל׳ען מעהר ווי לאה און די אַנדערע צוויי פרויען בלהה און זלפה. זיי האָבען אָבער געדענקט, אַז נאָך רחל׳ס טויט וועט ער אַרויסווייזען מעהר ליבע צו זייערע מוטערס, און אויך מעהר אויפמערקזאַמקייט צו זיי אַליין. זיי האָבען אָבער איינגעזעהן, אַז נאָך איצט האָט ער ליבער רחל׳ען מעהר ווי זיינע אַנדערע פרויען, און איר אַנדענק איז אים אַזוי טייער, אַז ער צער־טעלט און ליבט איר זוהן מעהר ווי די קינדער פון זייערע מוטערס.

דאָס האָט זייער שנאה צו יוסף׳ן פיל פאַרגרעסערט און האָט אויך אַרויס־גערופען אַ „שנאת אחים", אַ גרינגשעצונג פון לאה׳ס קינדער צו זייערע ברי־דער פון בלהה און זלפה. די אגדה באַמערקט אויף דעם: „קודם שירדו השבטים למצרים, הוי מבזין את בני השפחות ולא נהגו בהם מנהג אחוה", איידער די שבטים האָבען אַרונטערגענידערט אין מצרים, פלעגען זיי גרינג־שעצען די קינדער פון די דינסטען, און האָבען זיך מיט זיי ניט אויפגעפירט ווי ברידער. דאָס האָט אַרויסגערופען דעם צאָרן פון דעם אויבערשטען קעגען זיי און ער האָט ביי זיך אָפּגעמאַכט: „אורידם למצרים ויהיו כלם עבדים", איך וועל זיי אַרונטערנידערען נאָך מצרים און זיי וועלען דאָרט אַלע זיין קנעכט. „ובשעה שאגלם יאמרו כלם עבדים היינו לפרעה, נמצא כלם שוים", און אַז איך וועל זיי אויסלייזען, וועלען זיי אַלע זאָגען: קנעכט זיינען מיר געווען ביי פרעה׳ן, קומט אויס, אַז אַלע זיינען גלייך (פסיקתא חדתא).

אַ צווייטען גרויסען טעות איז יעקב באַגאַנגען מיט דעם, וואָס ער האָט זיך אָפּגעגעבען צו לערנען בלויז מיט זיין „בן זקונים", יוסף, און האָט אויפ־געגעבען דאָס לערנען מיט זיינע עלטערע קינדער. „דברי תורה נמשלו למים", תורה און בילדונג זיינען געגליכען צו וואַסער, וועלכע פליסט פון אויבען אַרונטער. אויב מען וויל, אַז די קליינע קינדער זאָלען זיך אויפפירען ווי גע־העריג איז און גיין בדרך הישר, מוז זיך די דערציהונג אָנפאַנגען פון די על־טערע ברידער און שוועסטער. די השפעה, וואָס די עלטערע ברידער און שוועסטער האָבען אויף דער דערציהונג פון די אינגערע, איז זעהר גרויס.

אויב די גרעסערע קינדער טוען ניט דעם ווילען פון די עלטערען, וועלען די קלענערע אויך אַזוי טאָן. עס וועט ניט העלפען דאָס לערנען מיט זיי, ווייל זיי האָבען פאַר זיך אַ שלעכטען ביישפּיל.

„נתרוקן בורו של יעקב", אויסגעליידיגט האָט זיך דער קוואַל פון יעקב'ן, זאָגט דער מדרש. מיט דעם וואָס ער האָט אָנגעפאַנגען פאַרנאַכלעסיגען דאָס לערנען מיט זיינע עלטערע קינדער, האָט ער אויסגעטריקענט דעם לעבענ'ס־קוואַל פון זיין פאָלק. „אין בו דברי תורה שנמשלו למים", ניטאָ די הויכע אידעאַלען פון דער תורה, וועלכע דאַרפען זיך ציהען פון אויבען אַרונטער און איבערגיין פון די עלטערע דורות צו די אינגערע. און אַז די דערציהונג פון קינדער ווערט פאַרנאַכלעסיגט, פירט עס צו אַ „מכירת יוסף" און צו אַ „גלות מצרים".

---

# הפטרה

## ווי עס ווערט געשאַפען דער אידישער משיח

**על מִכְרָם בַּכֶּסֶף צַדִּיק.**

„השבטים עסוקים במכירתו של יוסף; ראובן עסוק בשקו ותעניתו; יהודה ירד ליקח לו אשה — הקב"ה בורא אורו של משיח" — די שבטים זיינען פאַרנומען מיט פאַרקויפען זייער ברודער יוסף; ראובן איז באַשעפטיגט מיט זיין זאַק און מיט פאַסטען; יהודה נידערט אַרונטער צו נעמען אַ פרוי — און גב"ה באַשאַפט דאָס ליכט פון משיח (ילקוט שמעוני).

דער גלות פון אַ פאָלק קומט קיינמאָל ניט פּלוצלינג, אָדער אומגעריכטער־הייט. על־פּי רוב איז ער אַן אייגענער געמאַכטער, פּראָוואָצירט און אַרויפ־געצוואונגען פון פאַררעטער אָדער „אַפּיזערס", וועלכע שטעלען זייערע אייגענע פּערזענליכע אינטערעסען העכער פאַר די פון זייער פאָלק.

„מהרסיך ומחריביך ממך יצאו", די צעברעכער און צעשטערער פון אַ נאַציע קומען פון אירע אייגענע רייען. די סיבות, וואָס ברייגען אַ לאַנד צו פאַרלירען איר זעלבסטשטענדיגקייט און פאַר'משפּט'ען אירע בירגער זיך צו דאַרפען וואַלגערען אין פרעמדע און פיינטליכע לענדער, ווערען פאַראורזאַכט

פון אינערליכער צעפוילטקייט, פון „שנאת אחים״, פון קעמפענדע פאַרטייען, וואָס זוכען צו צעשטערען די איינהייטליכקייט פון זייער פאָלק און אים מאַכען אונטערטעניג צו אַ פרעמדער מאַכט, וואָס האָט זיי פאַרשפּראָכען גליקען אויפ׳ן חשבון פון זייערע ברידער. אַזוי איז עס געווען אַמאָל און אַזוי איז עס אויך איצט.

דער ערשטער אידישער גלות האָט זיך אָנגעפאַנגען מיט פאַרקויפען יוסף׳ן פאַר אַ קנעכט אין מצרים, און דער מדרש ווייזט אונז אָן די אורזאַכען, וואָס האָבען געפירט צו דער שרעקליכער קאַטאַסטראָפע:

„השבטים עסוקים במכירת יוסף״, ברידער רייסען זיך אַרום און זיינען גרייט איינער דעם אַנדערען צו פאַרקויפען פאַר אַ שקלאַף צו די שונאים. מען ווערט באַהערשט פון קעגענזייטיגער שנאה, וואָס שטיצט זיך על־פּי רוב אויף חלוקי דעות וועגען קליינע ענינים, נעכטיגע טעג, פוסטע חלומות. מען קריגט זיך צוליב דברים בטלים, וואָס זיינען ניט געשטויגען און ניט געפלויגען. פריער ווערט געבוירען די שנאה און ערשט נאָכדעם זוכט מען די סיבה און דעם אויסרייד, וואָס זאָל די שנאה באַרעכטיגען און פאַרענטפערען.

צוערשט איז: „וישנאו אותו ולא יכלו דברו לשלום״, מען האָט זיך פיינט איינע די אַנדערע און מען קאָן זיך פרידליך ניט צוזאַמענרעדען. מען גיט זיך ניט די מי אויסצוהערען און פאַרשטיין איינער דעם צווייטען. נאָכדעם קומט דער „ויקנאו בו אחיו״, מען פאַרגינט זיך ניט דאָס לעבען איינע די אַנדערע און מען האַלט זיך פונדערווייטענס. „בטרם יקרב אליהם ויתנכלו אותו להמיתו״, איידער ער טרעט נאָך צו צו זיי פּלאַנען זיי שוין אים צו טויטען. מען מיידט אויס יעדע דערנענטערונג. די גאַנצע שנאה איז מער ניט ווי אַ „שנאת חנם״, וואָס האָט קיין זין און קיין יסוד ניט, און ברענגט בלויז שאָדען און חורבן פאַר אַלע צדדים אָהן אויסנאַם (דרשות אל עמי).

און אַז דער בראָך קומט און דער שרעקליכער גלות הויבט זיך אָן, פעלט ווייטער די נויטיגע פאַראייניגונג צו קעמפען פאַר זייער באַפרייאונג און גאולה. אָנשטאָט צו אַרבייטען מיט פאַראייניגטע כוחות, לויט אַ גוט־באַטראַכטען פּלאַן, פאַר דער צוריקבויאונג פון זייער היים און זייער אייגען לאַנד, טיילען זיי זיך ווידער איין אין פאַרשידענע פאַרטייען מיט באַזונדערע צילען, וועלכע ברעכען די גאַנצקייט פון דעם פאָלק און פאַרלייגערען דעם גלות.

„ראובן עסוק בשקו ותעניתו״, דער אַלטער ראובן קומט אָפּ מיט קלאָגען אויפ׳ן חורבן. ער טוט אָן דעם זאַק פון אבלות און פאַסט תעניתים און מיט

פאַרלייגטע הענט וואַרט ער אויף נסים. ווי טיפזיניג טייטשט אויס דער מדרש דעם פסוק: „הארץ אשר אתה שוכב עליה לך אתננה", דער אויבערשטער זאָגט צו אונזער פאָטער יעקב: די ערד, אויף וועלכער דו ליגסט, וועל איך דיר אָוועקגעבען. באַמערקט אויף דעם דער מדרש: „אם אתה שוכב עליה הרי היא שלך ואם לאו אינה שלך", ווערסטו זיך אַפּלייגען אויף צו קריגען איר, וועט זי זיין דיינע און אויב ניט, וועט זי קיינמאָל ניט זיין דיינע (מדרש גדול).

„יהודה ירד ליקח לו אשה", דער גביר יהודה, די רייכערע קלאַסען פון פאָלק וואַרפען פון זיך אינגאַנצען אַראָפּ זייער נאַציאָנאַליטעט. זיי אַנטלויפען פון דעם אידישען לאַגער און זוכען זיך צו אַסימילירען און פאַרהייראַטען זיך צו אַ „בת כנעני", אַ ניט־אידישע טאָכטער, און דורך געמישטע הייראַטען פאַר־לירען זיי זייער אייגענאַרטיגקייט.

אַזאַ האַלטונג מצד אונזערע פאַרשיידענע שיכטען אידען פאַרלייגגערט דעם אידישען גלות און ברייגגט אַרויס גרויסע אומגליקען אויפ'ן גאַנצען פאָלק. פאַרצווייפלען אָבער טאָר מען ניט. פאַרלירען די האָפענונג פאַר אַן ענטגיל־טיגער גאולה זאָל קיין איד ניט, ווייל „הקב"ה בורא אורו של משיח", דער אוי־בערשטער באַשאַפט דאָס ליכט פון משיח. אָט פון די אַלע שרעקליכע גע־שעענישען און אומגליקען, וואָס באַפאַלען אונזער פאָלק פון צייט־צו־צייט, שאַפט זיך דער ווילען באַפרייט צו ווערען. דער משיח פון אידען ווערט אויסגעטראָ־גען פון די ליידען און יסורים, וואָס מיר האָבען אויסצושטיין אין דעם שרעק־ליכען גלות. די פינסטערע וואָלקענס וועלען פאַראיבערגיין און דאָס ליכט פון משיח וועט ענדליך פאַר אונז אויפשיינען מיט דעם גאַנצען פראַכט און גלאַנץ.

---

ג.

## אידען לעבען מיט חלומות

**כאשר פתר להם יוסף.**

„אינון חלמא עליה דיוסף הוו, ובגין דידע מלה על עיקרא ושרשא דיליה, בגין כך פשר חלמא להו כמה דאצטריך" — דידאָזיגע חלומות זיינען געוועזען וועגען יוסף'ן אַליין, און ווייל ער האָט געוואוסט די זאַך גענוי, דעם עיקר און

שורש דערפון, דערפאַר האָט ער באַשיידען זייערע חלומות, ווי ער האָט גע־
דאַרפט (זוהר).

דער גורל פון אונזער עם ישראל, פון זיין געבורט ביז היינטיגען טאָג, ווערט געוועבט אַרום חלומות, וואָס ער אַליין חלומ׳ט וועגען זיך, אָדער וואָס אַנדערע חלומ׳ען וועגען אים. צוליב אַ געטליכען חלום וואַנדערט אַרום אונזער ערשטער פאָטער אברהם שיינע עטליכע יאָר צו זוכען אַ לאַנד, וואו ער זאָל אים קאָנען פאַרווירקליכען און דורכפירען אין לעבען. אויף זיינע לאַנגע רייזעס טרעפט אַמאָל, אַז ער און זיין פרוי שרה פאַלען אַריין אין אַ גרויסער סכנה, אָבער זיי ווערען געראַטעוועט צוליב אַ חלום, וואָס אַנדערע האָבען גע׳חלומ׳ט וועגען זיי, ווי עס פאַסירט ביי פרעה אין מצרים און ביי אבימלך אין גרר.

יעקב אבינו ווערט געצוואונגען צו פאַרלאָזען זיין היים און שמאַכטען אין דער פרעמד גאַנצע פיר־און־דרייסיג יאָר. ער זעהט אָבער דאָרט אין חלום אַ לייטער, וואָס נעמט־צוזאַמען הימעל און ערד, און גאָט שטייט איבער אים. דער דאָזיגער חלום טרייסט אים און מוטיגט אים צו קאָנען איבערטראָגען אַלע שוועריקייטען, ביז אַ מלאך פון גאָט ווייזט זיך צו אים אין אַ צווייטען חלום און זאָגט אים: „קום צא מן הארץ הזאת ושוב אל ארץ מולדתך״ — שטיי־אויף און גיי אַרויס פון דעם לאַנד און קער זיך צוריק צו דיין געבורט־לאַנד. אויפ׳ן וועג יאָגט זיך נאָך אים לבן מיט זיינע מענשען און ווילען אים טאָן שלעכטס. זייער באַשלוס ווערט אָבער ניט דורכגעפירט צוליב אַ חלום, וואָס לבן האָט געזעהן וועגען יעקב׳ן, אין וועלכען גאָט האָט אים אָנגעזאָגט: „השמר לך פן תדבר עם יעקב מטוב ועד רע״ — היט זיך, זאָלסט ניט רעדען מיט יעקב׳ן פון גוטס ביז שלעכטס.

אויך די היינטיגע סדרה, אין וועלכער עס הויבט זיך אָן פאַנאַנדערצעווי־קלען פאַר אונז די טראַגיש־ראָמאַנטישע געשיכטע פון יוסף׳ן, פאַנגט זיך אָן מיט צוויי חלומות און ענדיגט זיך מיט צוויי חלומות. די ערשטע צוויי חלומות, וועלכע יוסף האָט גע׳חלומ׳ט וועגען זיך אַליין, פירען אים פאַרקויפט צו ווערען פאַר אַ שקלאַף אין מצרים, וואו ער פינסטערט אָפּ שיינע עטליכע יאָר. די לעצטע צוויי חלומות ווערען גע׳חלומ׳ט פון אַנדערע און באַשיידען פון אים, פירען צו זיין באַפרייאונג און צו דער פאַרווירקליכונג פון זיינע אייגענע חלומות . . . און דער שיקזאַל פון „בנין הארץ״, בויען ארץ־ישראל אַלס די אידישע נאַציאָנאַלע היים, איז אויך שטאַרק פאַרבונדען מיט חלומות, וואָס מיר אידען חלומ׳ען און אויך וואָס אַנדערע חלומ׳ען וועגען איר . . .

„וישב יעקב בארץ אביו כנען" — און יעקב באַזעצט זיך אין זיין פאָטער־לאַנד, אין כנען. נאָך פיל יאָרען פון זיין נע־ונד, פון אַרומוואַלגערען זיך אין דער פרעמד און אויסשטיין כל׳ערליי רדיפות און פאַרפאָלגונגען פון אומזיסטע שונאים, ווערט יעקב ענדליך אַ פרייער מענש. ער האָט זיך מער ניט צו שרעקען פאַר דעם כיטרען לבן און זיינע קינדער, וועלכע האָבען אים קיינמאָל ניט פאַרגונען דאָס לעבען און אימער געזוכט אים צו באַשווינדלען און אויס־נאַרען זיין געלט. ער ווערט אויך סוף־כל־סוף געראַטעוועט פון זיין שלעכטען ברודער עשו, כאָטש נאָך פיל שרעק און שווערע קאָסטען. ער דאַרף אָבער שוין מער זיך ניט היטען פאַר זיינע קושען מיט פינטעלאָך, אָדער פאַר זיינע חברים, וועלכע האָבען געוואָלט אים שלעכטס טאָן. ער איז אויך אַרויס בשלום פון דער שרעקליכער געשעעניש מיט זיין טאָכטער דינה, וועלכע איז פאַרנאַרט געוואָרען פון דעם לעב־יונג „שכם", און האָט פאַראורזאַכט אַ בלוטיגען קריג צווישען זיינע קינדער מיט די נאָכפאָלגער פון „חמור" און זיין זון „שכם".

„חשב יעקב בלבו" — יעקב טראַכט ביי זיך אין האַרצען: „כבר עשיתי שלום עם כל שונאי, עתה אתיישב בארץ מגורי אבותי, אקנה שדות ואבנה בתים ואשב לבטח" — איך האָב שוין געשלאָסען פרידען מיט אַלע מיינע שונאים, איצט וועל איך זיך באַזעצען אין דעם לאַנד, וואו מיינע עלטערען וואוינען, וועל קויפען פעלדער, בויען הייזער און לעבען רוהיג (ילקוט ראובני). ער וויל אויך דורכפירען די דאָפעלטע ירושה פון זיין גרויסען זיידען אברהם, וואָס ער האָט איבערגענומען פון זיין פאָטער יצחק, וואָס איז באַשטאַנען פון דעם „לזרעך אתן את הארץ הזאת" — צו דעראָבערען און אַנטוויקלען דאָס לאַנד אַלס די נאַציאָנאַלע היים פון זיינע קינדער, און „והייתי לך לאלקים" — צו פראָקלאַמירען און פאַרשפרייטען דעם נאָמען פון גאָט צווישען די אַרומיגע פעלקער.

אים איז אָבער ניט באַשערט געווען אַזאַ פאַרגעניגען. ווי קומט צו יעקב׳ן „שלוה" און רוהיגקייט? נאָך אין זיין מוטער׳ס בויך האָט ער געהאַט דורכ־צומאַכען אַ שטאַרקען „ויתרוצצו", אַ שאַרפען געראַנגעל מיט זיין ברודער עשו, און אַט־דער ברודער־קריג פאַרפאָלגט אים זיין גאַנצען לעבען. „קפץ עליו רוגזו של יוסף" — רוקט זיך אים אונטער די שרעקליכע טראַגעדיע מיט זיין זון יוסף, און די גרויסע שנאה, וואָס ברעכט אויס צווישען אים און זיינע ברידער, וועלכע פירט צו העכסט־טרויעריגע רעזולטאַטען (ב"ר פ"ד). ניט ער און ניט זיין לאַנד קאָנען לעבען רוהיג. ער מוז ווייטער נעמען דעם וואַנדער־

שטעקען אין זיין האַנט און אויף דער עלטער זיך איבערקלייבן אין אַ פרעמד לאַנד. אויך די אַנטוויקלונג פון זיין לאַנד מוז אָפּגעשטעלט ווערן פאַר אַן אומבאַשטימטער צייט. און די סבות, וואָס האָבן געפירט צו אָט־דער שרעק־ליכער טראַגעדיע, זיינען אַ פּאָר אומפאַרשטענדליכע חלומות . . .

„וישראל אהב את יוסף מכל בניו" — יעקב האָט ליב יוסף׳ן מער פאַר אַלע זיינע אַנדערע קינדער און קליידט אים אין זיידענע העמדלאַך. דאָס האָט קעגען אים אַרויסגערופען גרויס קנאה פון זיינע ברידער, „ולא יכלו דברו לשלום" — און זיי האָבן מיט אים ניט געקאָנט רעדען פריידליך. ווי אַלע פאַרצערטעלטע קינדער, טרוימט יוסף פון גדולה און הערשאַפט. ער זעהט אין איין חלום, ווי די גאַרבען פון זיינע ברידער בוקען זיך צו זיין גאַרב. אין אַ צווייטען חלום זעהט ער ווי די זון, די לבנה און עלף שטערען בוקען זיך צו אים. ער דערציילט זיינע חלומות פאַר דעם טאַטען און זיינע ברידער מיט דער כוונה זיי צו לאַזען וויסען, אַז מיט דער צייט וועט ער איבערשטייגען אַלע זיינע ברידער עקאָנאָמיש און גייסטיג און אַז זיי וועלען ענדליך דאַרפען אָנ־קומען צו זיין הילף. אָט־די חלומות און זיין שטאָלצע האַלטונג האָבן נאָך מער אויפגערייצט זיינע ברידער קעגען אים און זיי באַשליסען פּטור צו ווערען פון אים.

און די געלעגענהייט קומט באַלד אָן. אויף דעם פאַרלאַנג פון זיין פאָטער גייט ער באַזוכען זיינע ברידער אין שכם, וואו זיי האָבן געפּאַשעט זיין פאָ־טער׳ס שעפסען. דאָרט כאַפּען זיי אים און גיבען אים איבער צו אַ באַנדע ישמעאלים, וועלכע ברייגען אים נאָך מצרים און פאַרקויפען אים פאַר אַ שקלאַף צו פּוטיפרע. די ערשטע יאָרען איז אים ניט שלעכט געגאַנגען. זיין באַלעבאָס אָנערקענט זיינע גרויסע פעהיגקייטען און מאַכט אים פאַר דעם פאַרוואַלטער פון אַלע זיינע גיטער. ער איז דאָך אָבער דער פּראָטאָטיפּ פון יעקב׳ן, וועלכער טאָר רוהיג ניט לעבען, פאַרליבט זיך אין אים זיין האַר׳ס פרוי, און אַז ער שטויסט צוריק איר ליבע, טראַכט זי אויס אויף אים אַ בלבול און ער ווערט אַריינגעוואָרפען אין תפיסה, וואו ער שמאַכטעט אָפּ גאַנצע צען יאָר.

דאָרט טרעפט ער זיך מיט צוויי פון פּרעה׳ס הויף־האַרען, דער „שר־המשקים" און דער „שר־האופים", וואָס האָבן זיך פאַרזינדיגט קעגען דער מלוכה און זיינען אַריינגעזעצט געוואָרען אין תפיסה, וואו פּאָליטישע פאַרברעכער ווערען פאַרשפּאַרט. דער „שר בית הסוהר", דער אויפזעהער פון פריזאָן, באַ־מערקט זיין ערליכקייט און זיין אײדעלע אויפפירונג און ער באַהאַנדעלט אים

מיט מער אויפזעהן. אַז אַזעלכע צוויי גרויסע פּאָליטישע פירער ווערען אַריינ־געזעצט אין זיין תפיסה, באַשטימט ער יוסף׳ן צו זיין זייער באַדינער. אויך זיי האָבען גלייך אָנערקענט די איידעלקייט און די פעהיגקייט פון יוסף׳ן און ער געווינט זייער צוטרוי. איינמאָל קומט ער צו זיי אַריין און געפינט זיי אין אַ פאַרצווייפעלטער שטימונג. אויף זיין פראַגע: וואָס איז געשעהן? — ענטפערען זיי אים, אַז זיי האָט זיך היינטיגע נאַכט גע׳חלומ׳ט אַ מערקווירדיגער חלום, וואָס זיי פאַרשטייען ניט און זיינען שטאַרק צעטראָגען פון דעם. יוסף זאָגט זיי: „לאלקים פתרונים, ספרו נא לי״ — גאָט ווייסט די באַשיידונג פון אַלע חלומות, דערציילט זיי מיר.

און דער „שר־המשקים״, דער טרונק־מייסטער איז געווען דער ערשטער אים צו דערציילען, אַז ער האָט געזעהן אין חלום אַ ווייבשטאָק פון דריי צווייגען, וואָס האָט זיך שטאַרק אויסגעבליט און די צווייגלאַך זיינען פול מיט צייטיגע ווייבטרויבען. ער אַליין האָט דעם כוס פון פרעה אין זיין האַנט און קוועטשט אויס די וויינטרויבען אין כוס אַריין און דערלאַנגט עס צו פרעה. יוסף דער־קלערט אים, אַז די דריי צווייגען ווייזען, אַז אין דריי טעג אַרום וועט אים פרעה צוריק באַשטימען אויף זיין פּאָסטען, ווי געווען, און בעט אים, אַז ווען זיין לאַגע וועט זיך פאַרבעסערען, זאָל ער אים געדענקען און בעטען ביי פרעה׳ן ער זאָל אים באַפרייען פון תפיסה. „כי גנב גנבתי מארץ העברים וגם פה לא עשיתי מאומה״ — מען האָט מיך אַרויסגע׳גנב׳עט פון דעם העברעאישען לאַנד, וואו איך בין ניט באַגאַנגען קיין פאַרברעכען, און אויך דאָ האָב איך זיך מיט גאָרנישט פאַרזינדיגט.

דער „שר־האופים״ דערציילט, אַז אין זיין חלום האָט ער געזעהן דריי געפלאָכטענע קערב אויף זיין קאָפּ, און אין דעם אויבערשטען קאָרב איז פון אַלערליי עסענוואַרג, וואָס פרעה האָט ליב, און אַ פייגעל שטייט איבער זיין קאָפּ און עסט פון דעם קאָרב. יוסף דערקלערט אים, אַז זיין חלום צייגט, אַז אין דריי טעג אַרום וועט ער פאַר׳משפט ווערען צום טויט און דער פייגעל וועט עסען דאָס פלייש פון אים.

און אַזוי איז טאַקע געווען: דער „שר־המשקים״ האָט צוריקגעקראָגען זיין שטעלע און דעם „שר האופים״ האָט מען אויפגעהאָנגען.

אונזערע חכמים ווילען האָבען, אַז אין די חלומות זיינען אָנגעוואונקען געוואָרען ניט נאָר זייער אייגענער שיקזאַל, נאָר אויך דער שיקזאַל פון יוסף׳ן און זיין פאָלק. זיי זאָגען: „גפן, זה תורה״ — דער וויינשטאָק, וואָס דער

„שר־המשקים" האָט געזעהן, דאָס איז די תורה, וועמעס גוטער ווין האַלט אויף דאָס אידיש פאָלק. „שלשה שריגים, אלו משה אהרן ומרים" — מיט די דריי צווייגען ווערט געמיינט משה, אהרן און מרים, וועלכע האָבען דעם וויינשטאָק איינגעפלאַנצט אין דעם אידישען פאָלק. „והיא כפורחת עלתה נצה, אלו סנהדרין" — מיט דעם, וואָס זי האָט זיך שטאַרק פאַנאַנדערגעבליט, ווערט געמיינט די סנהדרין, די גרויסע אידישע געזעצגעבער, וועלכע בריייטען אויס און דערקלערען די תורה. „הבשלו אשכלותיה ענבים" — אירע הענגלאַך האָבען צייטיג געמאַכט ווייטרויבען, דאָס זיינען די אידישע צדיקים פון יעדען דור (חולין צ"ב).

דער חלום פון דעם „שר־האופים" האָט געוויזען דאָס פאָלגענדע: „שלשה סלי חורי על ראשי, אלו שלש מלכות" — די דריי געפלאָכטענע קערב אויף מיין קאָפּ, דאָס זיינען די דריי הערשאַפטען, וואָס וועלען אונטערדריקען דאָס אידיש פאָלק. „ובסל העליון מכל מאכל, זו מלכות הרשעה שמכתבת טירוניה מכל אומות העולם" — אין דעם אויבערשטען קאָרב געפינט זיך פון אַלע עסענ־וואַרגען, דאָס ווערט געמיינט — די זינדיגע מלוכה, וואָס פאַרשפּרייט אַלערליי בלבולים אויף אידען צווישען די פעלקער פון דער וועלט (ב"ר פ"ח).

יוסף האָט גלייך באַמערקט, אַז „אינון חלמא עליה הוו" — מיט די חלומות ווערט ער אויך געמיינט. זיי צייגען אים אויך אָן וואָס מיט אים וועט פאַסירען אין דער צוקונפט. דערפאַר האָט ער זיי באַשיידען, ווי ער האָט געדאַרפט. זייערע ביידע חלומות זיינען געווען אַ מין דערקלערונג אויף די צוויי חלומות, וואָס ער אַליין האָט גע'חלום'ט. אויף זיין חלום, אַז די זון און די שטערען בוקען זיך צו אים, דאָס הייסט, אַז גייסטיג וועט ער זיין העכער פאַר אַלעמען, זאָגט אים דער חלום פון דעם „שר־המשקים", אַז דאָס וועט זיכער מקוים ווערען. מיט זיין תורה און מיט די גרויסע חכמים און נביאים, וואָס זיין פאָלק וועט אַרויסגעבען, וועט ער גייסטיג באַהערשען די וועלט.

אָבער זיין אַנדער חלום, ווי אַלע גאַרבען בוקען זיך צו זיין גאַרב, וואָס מיינט, אַז אויך עקאָנאָמיש וועט ער שטיין העכער פאַר אַלעמען, דאָס מוז נאָך נעמען אַ לאַנגע צייט. דער חלום פון דעם „שר־האופים" ווייזט אים, אַז זיין פאָלק וועט מוזען דורכמאַכען דריי פאַרשידענע גלות'ן און זיין אונטערדריקט פון דריי שלעכטע הערשאַפטען, און די לעצטע וועט זיין די ערגסטע, ווייל דאַן וועט אַ זינדיגע מלוכה פאַרשפּרייטען האַס קעגען זיין פאָלק מיט אַלערליי בלבולים, וועלכע וועלען דעם אידישען נאָמען מאַכען צו שאַנד און צו שפּאָט.

און יוסף באַשיידעט זייערע חלומות „כמה דאיצטריך", ווי עס נויטיגט זיך פאַר אים. צום „שר־המשקים", וועלכער האָט אים אָנגעזאָגט אַ גוטע בשורה, גיט ער אַ גוטען פתרון. צום „שר־האופים", וואָס האָט אים אָנגעזאָגט אַ שלעכטע בשורה, גיט ער אַ שלעכטען פתרון (זוהר, ב"ר פ"ח).

אָט אַזוי זעהען מיר, ווי דער גורל פון יעקב'ן און פון יוסף'ן איז געווען פאַרבונדען מיט חלומות, וואָס זיי האָבען אַליין גע'חלום'ט, אָדער וואָס אַנדערע האָבען גע'חלום'ט וועגען זיי. און אַזוי איז עס אויך מיט זייערע קינדער, אין אַלע דורות און אין אַלע צייטען. דער גאַנצער אידישער לעבען ווייזט אויס צו זיין איין גרויסער חלום, וואָס ווארט אויף אַ געלעגענהייט איינמאָל פאַר אַלעמאָל ענדגילטיג באַשיידען צו ווערען. דערוייל האָט זיך נאָך ניט געפונען קיינער, וואָס זאָל דעם אומפאַרשטענדליכען חלום קאָנען ריכטיג פותר זיין. כאָטש אויפ'ן וואָר זעהט דער איד גאָרנישט, וואָס זאָל אים געבען מוט און האָפנונג צו לעבען ווייטער, געפינט ער אָבער אין דעם קאָשמאַר, אין דעם סוד פון זיין גרויסען חלום, דעם ענטפער פאַר זיין אומאונטערבראָכענער עקזיסטענץ. ער ליידט און לעבט, ווערט פאַרפאָלגט אָדער באַפריינדעט ניט נאָר צוליב זיינע אייגענע חלומות, נאָר אויך צוליב די חלומות, וואָס אַנדערע טראָגען זיך אַרום מיט זיי וועגען אים.

---

# חנוכה־ליכט

**והדליקו נרות בחצרות קדשך.**

„כל התופש נר חנוכה בידו ועומד, לא עשה כלום" — ווער עס האַלט אַ חנוכה־ליכט אין זיין האַנט און שטייט, דער האָט גאָרנישט געטאָן (שולחן ערוך או"ח).

די גריכישע מלוכה אונטער אַנטיכוס, וועלכע איז באַקאַנט אין אונזער טראַדיציע אַלס „מלכות יון הרשעה", האָט ניט נאָר געזוכט צו פאַרכאַפּען דאָס אידישע לאַנד, איר האָט זיך אויך געוואָלט פאַרניכטען דעם אידישען גלויבען. „להעבירם מחוקי רצונך" — אַוועקצורייסען די אידישע יוגענט פון די געזעצען פון גאָט'ס ווילען איז געווען דער הויפּט ציל פון איר אָנגריף אויפ'ן לאַנד פון יהודה. די גריכען, אַזוי גוט ווי די רוימער נאָך זיי, האָבען אינסטינקטיוו

געפילט, אַז אויב די אידען וועלען זיך האַלטען אין זייער תורה, וועלען זיי קיינמאָל ניט באַזיגט ווערען. אין יעדער שטאָט, וואָס די אַרמייען פון אַנטיכוס האָבען פאַרכאַפּט, האָבען זיי געשלאָסען אַלע רעליגיעזע לער־אַנשטאַלטען, האָבען געצוואונגען די אידען ניט צו האַלטען שבת, און דער איד, וואָס האָט מל געווען אַ קינד, איז פאַר׳משפט געוואָרען צום טויט.

אַנשטאָט ישיבות און בתי־מדרשים, וואו די יוגענט זאָל לערנען תורה, האָבען זיי געבויט „קרקסאות״, ספּאָרט־פּלעצער, צו שפּילען באַל, אָדער אַנ־דערע אַטלעטישע איבונגען. צו אַנטוויקלען די מוסקולען פון קערפּער איז ביי די גריכען אימער געשטאַנען העכער פון דער אַנטוויקלונג פון מוח, פון גייסט. און ווי דער שטייגער איז ביי אידען, האָבען זיך געפונען פיל „מרשיעי ברית״, רעפאָרמער און אַסימילאַנטען, איבערהויפּט צווישען די רייכערע פון זיי, וועל־כע האָבען זיך אָנגעכאַפּט אין דער העלעניסטישער תורה און געוואָלט זי אַרויפ־צווינגען אויפ׳ן פאָלק. אָבער „נס גדול היה שם״ — אַ גרויסער נס האָט דאָרט פּאַסירט: די ברייטע אידישע מאַסען האָבען זיך ניט געלאָזט פאַרפירען.

„מאי חנוכה״? — וואָס איז חנוכה? — פרעגט די גמרא, און דער ענט־פער איז העכסט מאָראַליש און טיף: ווען די „מרשיעי ברית״ האָבען מיט׳ן כוח פון דער גריכישער מאַכט זיך אַריינגעריסען אין בית המקדש, האָבען זיי טמא געמאַכט אַלע בוימלען, וועלכע האָבען זיך דאָרט געפונען. בלויז איין קריגעלע ריין בוימעל איז געבליבען, און אַז די חשמונאים האָבען געזיגט, האָט דאָס קריגעלע געברענט גאַנצע אַכט טעג (שבת כ״א ע״ב). מיט די בייע איינפירונגען האָבען די העלעניסטען פאַראומרייניגט אַלע שיינע אידישע טראַ־דיציעס און האָבען אָפּגעפרעמדט די יוגענט פון אידישקייט. בלויז אַ הייפעלע „חסידים״, פרומע און איבערגעבענע אידען, אונטער דער פירערשאַפט פון מתתיהו החשמונאי און זיינע קינדער, זיינען געבליבען, און מיט גאָט׳ס הילף האָבען זיי ענדליך געזיגט און צוריק אָנגעצונדען די ליכט פון תורה.

איינער פון די באַרימטע חסידישע רביים זאָגט איבער דעם אויבען־ציטירטען מאמר פון שולחן ערוך: „דער וואָס האַלט בלויז פון אָנצינדען די חנוכה־ליכטלאַך, און נאָכדעם ווי ער האָט די מצוה מקיים געווען, בלייבט ער שטיין און ווערט ניט געריהרט פון דעם טיפען רעיון, וואָס ליגט אין דעם „נס חנוכה״, האָט ער גאָרנישט אויפגעטאָן. די מצוה באַשטייט ניט אין סתם אָנצינדען אַ ליכטעל, ניט דאָס מיינט מען״ . . .

ד.

## יוסף ווערט פאַרפירט פון זיינע גליקען אין גלות

### גנב גנבתי מארץ העברים.

„דו גנבות: גנבו אותי אחי ומכרוני, ואף אשת אדוני גנבה דעתי ודעת הבריות" — צוויי גנבות זיינען קעגען מיר באַגאַנגען געוואָרען: מיינע ברידער האָבען מיך אַרויסגע׳גנב׳עט אונפאַרקויפט, און אויך די פרוי פון מיין האַר האָט גע׳גנב׳עט מיין באַוואוסטזיין און דעם באַוואוסטזיין פון די אַרומיגע מענשען (מדרש הביאור, תורה שלמה).

אין דער דערציהונג פון קינדער זאָלען טאַטע און מאַמע זיך שטאַרק אָפּ־היטען ניט אַרויסצואווייזען מער ליבע צו איין קינד, ווי צו אַ צווייטען. מיט ליב האָבען איין קינד מער פאַר דעם אַנדערען רופט מען אַרויס קנאה און שנאה צווישען זיי. מען האָט זיך איינע די אַנדערע פיינט. מען קריגט זיך אַרום און דער שלום־בית ווערט געבראַכען.

דער שלום־בית פון אונזער פאָטער יצחק איז צעשטערט געוואָרען צו־ליב דעם, וואָס „ויאהב יצחק את עשו, ורבקה אוהבת את יעקב" — יצחק האָט ליבער געהאָט עשו׳ן און רבקה יעקב׳ן. פון אַזאַ אומנאַטירליכער דערציהונג פון קינדער שאַפט זיך די טרויעריגע לאַגע פון „וישטם עשו את יעקב" — עשו האָט פאַרהאַסט זיין ברודער יעקב און וואַרט בלויז אויף זיין פאָטער׳ס טויט, כדי אים אָפּצוראַמען פון וועג. און די שנאה ציט זיך נאָך ביז היינטיגען טאָג און לאָזט יעקב׳ן דעם קאָפּ ניט אויפהויבען. ווי אַנדערש עס וואָלט אויסגע־קוקט די אידישע געשיכטע, און פיליייכט אויך די געשיכטע פון דער וועלט, ווען יצחק און רבקה וואָלטען ביידען גלייך געליבט און זיי דערצויגען צו זיין געטריי איינער דעם אַנדערען?

דעמזעלבען טעות מאַכט אויך אונזער פאָטער יעקב. נאָך פילע יאָרען פון וואַנדערען אין פרעמדע לענדער און לעבען אין שטענדיגען שרעק פאַר דעם כיטרען לבן און זיינע קינדער, וועלכע האָבען אים ניט פאַרגונען וואָס ער האָט, קומט יעקב ענדליך „אל ארץ מגורי אביו" — צו זיין אייגען פאָטערלאַנד. ער אָטעמט־אויף פרייער און טראַכט ביי זיך: „כבר עשיתי שלום עם כל שונאי"— איך האָב שוין געשלאָסען פרידען מיט אַלע מיינע שונאים. איך האָב זיך שוין

מער ניט וואָס צו שרעקען פאַר די לבנ׳ס און די עשו׳ס. „עתה אתישב בארץ מגורי אבותי, אקנה שדות ואבנה בתים ואשב לבטח״, איצט וועל איך זיך באַזעצען אינ׳ם לאַנד, וואו מיינע עלטערען וואוינען, וועל קויפען פעלדער, בויען הייזער און לעבען רוהיג. „בא ענין יוסף עליו״ — איז אָבער אויף אים אָנגעקומען דער ביטערער ענין פון יוסף׳ן (ילקוט ראובני). די צו־גרויסע ליבע, וואָס ער האָט אַרויסגעוויזען אים אין פאַרגלייך מיט די אַנדערע קינדער, האָט צעשטערט זיינע פּלענער, ניט דערלאָזען אָנצוגיין מיט דעם בויען פון לאַנד און צום סוף איב׳ געטריבען צוריק אין גלות אַריין.

דער דאָזיגער פּאַטאַלער טעות פון אונזער פאָטער יעקב האָט געבראָכען דעם שלום־בית פון זיין הויזגעזינד און געשטערט די בוי־אַרבייט פון לאַנד. אָנשטאָט צו זיין פאַראייניגט און צוזאַמען זוכען צו פאַרווירקליכען די חלומות פון זייערע אבות, צו בויען דאָס לאַנד און עס דערוואַרבען פאַר זייער שטאַם, האָבען זיי זיך איינגעטיילט אין פיינטליכע גרופען, וועלכע האָבען באַקעמפט איינע די אַנדערע. ווי די חז״ל באַמערקען אויף דעם: „קודם שירדו השבטים למצרים, היו מבזין את בני השפחות ולא נהגו בהם מנהג אחוה״ — איידער די שבטים האָבען אַרונטערגענידערט אין מצרים, פלעגען זיי האַסען די קינדער פון די דינסטען בלהה און זלפה און האָבען זיך מיט זיי ניט אויפגעפירט ווי ברידער (פסיקתא חדתא).

זייער ברודער יוסף האָבען זיי ניט נאָר געהאַסט, „ויתנכלו להמיתו״ — זיי האָבען אויך געפּלאַנט אים צו טויטען. „וילכו אחיו לרעות את צאן אביהם בשכם״ — זיינע ברידער זיינען אַוועק פּאַשען די שעפסען פון זייער פאָטער אין שכם. „נקוד על את״ — דאָס וואָרט „את״ איז מיט פּינטעלאַך, „ללמד שלא לרעות את הצאן הלכו, אלא לאכול ולשתות ולהתפתות״ — דאָס לערנט אונז, אַז זייער כוונה איז ניט געווען בלויז צו פּאַשען די שאָף, נאָר צו עסען און טרינקען און זיך דורכשמועסען (אדר״נ פ׳ ל״ד). זיי האָט ווייניג־וואָס אינ־טערעסירט צו היטען דעם פאָטער׳ס שאָף און פאַרגרעסערען דעם קאַפּיטאַל פון יעקב׳ס גאַנצען הויזגעזינד. זיי זיינען געווען מער פאַרטאָן אין זייערע פּאַרטייאישע אינטערעסען, און זייער גיין נאָך שכם איז בלויז געווען אַן אויסרייד, כדי זיך צו קענען באַראַטען וואָס צו טאָן מיט דעם פאַרהאַסטען יוסף און אים אַפּראַמען פון וועג.

יעקב כאַפּט זיך צו־שפּעט, אַז ער האָט געמאַכט אַ טעות מיט זיין צו־גרויסער ליבע צו יוסף׳ן. אַז די קינדער פון לאה׳ן שיידען זיך אָפּ פון די אי־

בעריגע ברידער און פאַרברייננגען זייער צייט אין שכם, ווערט ער שטאַרק אומרוהיג. ער זעהט אין זיין נבואה, אַז דאָרט וואַקסט „מקום מוכן לפורעניות" — אַ פּלאַץ, פון וואַנען עס וועלען אַרויסקומען פיל אומגליקען אויף זיינע קינדער (מדרש לקח טוב). ער שיקט רופען צו זיך יוסף׳ן און זאָגט אים: „לך נא ראה את שלום אחיך" — גיי און געפין אויס וואָס מאַכען דיינע ברידער. שליס שלום מיט זיי און בעט זיי איבער, „והשבני דבר" — לאָז מיר וויסען, אויב דו ביזט געוועזן דערפאָלגרייך.

יוסף נעמט אָן די שליחות און לאָזט זיך אַרויס זוכען זיינע ברידער. זיין האַרץ זאָגט אים, אַז די אַרבייט איז אַרויסגעוואָרפען, אַז די ברידער וועלען מיט אים קיין שלום ניט שליסען. ער בלאָנדזשעט אַרום איבער די פעלדער, און אַז אַ עמיצער פרעגט אים: „מה תבקש"? — וואָס זוכסטו? — ענטפערט ער אים: „את אחי אנכי מבקש" — איך זוך אַרום מיינע ברידער. איך וויל אויסגעפינען, אויב זיי האָבען נאָך אַ שטיקעל ליבע צו מיר. אָבער דער עמיצער, וואָס די חכמים זאָגען, אַז ער איז געוועזן אַ מלאך, ענטפערט אים: „נסעו מזה" — זיי זיינען שוין פון דעם שטאַנדפונקט לאַנג אַוועק. „סעו מן האחוה הזאת ואין מחזיקין עצמן כאחין לך" — זיי האָבען זיך דערווייטערט פון דער דאָזיגער ברודערשאַפט און האַלטען זיך שוין מער ניט פאַר דיינע ברידער (סוטה י״ג ע״ב). דיין מיסיע איז אַ געפערליכע און קיין גוטס וועט פון איר ניט אַרויסקומען.

און אַזוי איז טאַקע געוועזן. גלייך ווי די ברידער האָבען אים דערזעהן, האָבען זיי אויסגעשריען: „הנה בעל החלומות הזה בא" — אָט קומט אָן דער גרויסער טרוימער. איצט איז די בעסטע געלעגענהייט אים צו הרג׳ענען און אַריינוואַרפען אין איינע פון די גריבער. ראובן, דער עלטערער ברודער, בעט זיך ביי זיי: „אל תשפכו דם" — פאַרגיסט ניט קיין בלוט, וואַרפט אים אַריין לעבעדיג אין גרוב, „ויד אל תשלחו בו" — אָבער אייער האַנט זאָלט איר ניט צולייגען אים צו טויטען. דער פסוק וויל האָבען, אַז זיין כוונה איז געוועזן אים שפּעטער אַרויסצוראַטעווען און ברייננגען אים צוריק צו זיין פאָטער. אָבער אויף דער עצה פון יהודה פאַרקויפען אים די ברידער צו אַ באַנדע ישמעאלים און זיי ברייננגען אים קיין מצרים און פאַרקויפען אים פאַר אַ שקלאַף צו פּוטיפרע, פרעה׳ס בוטשער.

יוסף איז בלויז 17 יאָר אַלט געוועזן, ווען ער איז אָנגעקומען אַלס קנעכט צו פּוטיפר׳ן. ער איז אָבער געוועזן אַ זעהר פעהיגער בחור. „וכל אשר הוא

עושה ה׳ מצליח בידו״ — אין אַלץ, וואָס ער האָט געטאָן, האָט אים גאָט באַ־גליקט. אין אַ קורצער צייט איז ער געוואָרען דער הויפט פאַרוואַלטער פון אַלע גיטער, וואָס האָבען באַלאַנגט צו זיין בעל־הבית. „ויהי יוסף יפה תאר ויפה מראה״ — יוסף האָט געקראָגען אַ שיין געשטאַלט און אַ שיינעם אויסזעהן. „כיון שראה עצמו מצליח התחיל אוכל ושותה ומסלסל בשערו״ — אַזוי גיך ווי ער האָט זיך געפילט דערפאָלגרייך, האָט ער אָנגעפאַנגען עסען און טרינקען און פריזירען זיינע האָר (מדרש רבה). ווי יעדער אימיגראַנט, ווען עס באַ־גליקט, האָט ער פאַרגעסען זיין היים, זיך דערווייטערט פון די גוטע מידות, וואָס זיין טאַטע האָט אים געלערענט, און זיך געלאָזען וואוילגיין.

„ותשא אשת אדוניו את עיניה אל יוסף״ — די פרוי פון זיין האַר האָט אויפגעהויבען אירע אויגען צו יוסף׳ן. אונזערע נביאים, אַזוי גוט ווי אונזערע חז״ל, רופען אָן די קולטור פון אַ לאַנד מיט דעם נאָמען אשה, אַ פרוי, און די אידען, וועלכע לויפען נאָך פרעמדע קולטורען, רופען זיי „נואפים״, זינדער, וואָס יאָגען זיך נאָך „אשת זנונים״ — זינדיגע פרויען. אַז יוסף ווערט אַ „מסלסל בשערו״ און זוכט נאָכצוטאָן די זיטען פון לאַנד, ווערט ער אַריינגעכאַפּט אין דער נעץ פון „אשת אדוניו״ — די קולטור פון זיין באַלעבאָס — דאָס לאַנד פון מצרים. ער ווערט פאַרבלענדט פון איר שיינקייט און פאַרפירט פון אירע פראַכטפולע קליידער און מנהגים. „ותתפשהו בבגדו״ — זי כאַפּט אים אָן ביי זיין קלייד און טענה׳ט צו אים: דו גייסט אָנגעטאָן ווי מיר, דו עסט און דו טרינקסט דאָסזעלבע וואָס מיר עסען און טרינקען, דו פירסט זיך לויט אונזערע מנהגים, „שכבה עמי״ — ליג מיט מיר. גיב אויף אַלע דיינע טראַ־דיציעס און ווער איינער פון אונז. אַסימילירע זיך מיט די מצרים און ווער אויס איד.

און יוסף איז כמעט ווי געווען גרייט אָנצונעמען איר פאָרשלאָג. „נראית לו דמות דיוקנו של אביו״ — האָט זיך אָבער באַוויזען פאַר אים דאָס פאַט־ריאַרכאַלע געשטאַלט פון זיין פאָטער (סוטה ל״ז). ער האָט זיך פלוצים אַרומ־געזעהן, אַז אויב ער פאָלגט זיין „אשת אדוניו״ און אַסימילירט זיך מיט די עגיפטער, רייסט ער איבער אַלע פעדים, וואָס פאַרבינדען אים מיט זיין גרויסען פאָטער און זיינע גרויסע זיידעס. „ויעזב בגדו בידה וינס ויצא החוצה״ — לאָזט ער איבער זיין קלייד אין אירע הענט, אַנטלויפט און גייט אַרויס אויפ׳ן גאָס. ער וואַרפט פון זיך אַראָפּ די פרעמדע קליידער און מנהגים, וואָס די

מצרי׳שע קולטור האָט אים געגעבען, און ער טיילט זיך אָפּ פון דעם אַסימי־לאַטאָרישן געזינדעל.

אַז יוסף בלייבט איינגעשפּאַרט און האַלט זיך ביי די לערען און טראַדיציעס פון זיין פאָטער, הויבט זיך אָן קעגען אים אַ סדרה פון פאַרפאָלגונגען. פון אַלע זייטען שרייט מען אויף אים: „הביא לנו איש עברי לצחק בנו" — מען האָט אונז געבראַכט אַ אידען, וואָס מאַכט חוזק פון אונז און וויל ברייגגען איי־בערקערענישען אין לאַנד. אים געפעלען ניט אונזערע מנהגים און עקאָנאָמישע איינריכטונגען און ער זוכט צו שטירצען די מלוכה. זיי האָבען גאָרניט געע־האָט אויסצוזעצען קעגען זיין פעהיגקייט און ערליכקייט. מען באַשולדיגט אים אָבער אין אומטרייהייט צום לאַנד און צו דער מלוכה, און ער ווערט ענדליך איינגעשפּאַרט אין תפיסה, „מקום אשר אסירי המלך אסורים" — אין דעם אָרט, וואו מען פאַרזעצט די פּאָליטישע פאַרברעכער.

נאָך צוויי יאָר פון פינסטערען אין תפיסה, אַז עס מאַכט זיך אים די געע־לעגענהייט צו רעדען צו איינעם פון פרעה׳ס הויף־האַרען, דעם שר המשקים, זאָגט ער אים: „גנב גנבתי מארץ העברים" — צוויי מאָל בין איך אַרויסגעע־גנב׳עט געוואָרען פון אידישען לאַנד. צוליב מיינע ברידער בין איך פיזיש אָפּגעריסען געוואָרען פון מיין פאָטערלאַנד, און אין מצרים האָט די „אשת אדוני", די פרוי, די קולטור פון מיין האַר, גע׳גנב׳עט מיין דעת און מיך באַלד אַראָפּ־געפירט פון מיין טאַטענ׳ס דרכים. זי האָט אויך גע׳גנב׳עט דעם באַוואוסטזיין פון די מענשען אַרום מיר און זיי געהעצט קעגען מיר, אַז איך בין ניט געטריי דעם לאַנד און דער מלוכה.

---

# הפטרה

## דער פערטער חטא קען ניט פאַרגעבען ווערען

**ועל ארבעה לא אשיבנו.**

„אמר רבי יהודה אמר רבי יוסי: עבר אדם עבירה, פעם ראשונה מוחלין לו, שנית מוחלין לו, שלישית מוחלין לו, רביעית אין מוחלין לו" — רבי יהודה אין נאָמען פון רבי יוסי זאָגט: אַז אַ מענש באַגייט אַ פאַרברעכען — דעם ערשטען מאָל אַנטשולדיגט מען אים, אויך דעם צווייטען און דריטען מאָל אַנט־

שולדיגט מען אים, פאר'ן פערטען מאל אבער איז מען אים ניט מוחל (יומא פ"ז).

דער נביא עמוס פון היינטיגער הפטרה מוסר'ט די אידישע מלוכה פון שומרון, פארוואס זיי האבן אויפגעגעבן דעם אידישען ארט לעבען, וואס איז באגרינדעט אויף די דינים פון דער תורה, און זוכען נאכצומאכען די ארומיגע פעלקער אין זייערע באציאונגען פון מענש צו גאט און פון מענש צו מענש. ער רעכענט אויס פיר גרויסע חטאים, וואס זיי באגייען, אוןווארענט זיי, אז פאר די אלע פיר וועט גאט זיי שטארק באשטראפען:

א) „על מכרם בכסף צדיק ואביון בעבור נעלים" — פאר זייער פארקויפען פאר געלט דעם גערעכטען און דעם אביון פאר א פאר שיך. זייערע שופטים און ריכטער זיינען קארופט און פאר א קליינעם כאבאר זיינען זיי גרייט צו פארבויגען דאס געזעץ.

ב) „השואפים על עפר ארץ בראש דלים ודרך ענוים יטו" — זיי שלינגען דעם שטויב ערד אויפ'ן קאפ פון די ארימע און דעם וועג פון די געדריקטע פארדרייען זיי. די רייכע פארגינען ניט די ארימעלייט די קלענסטע פראפיטען, וואס האבען אפילו דעם געוויכט בלויז פון א שטויב ערד. זיי פארשטעלען זיי דעם וועג צו קענען זיך ארויספארבייטען און ווערען זעלבסטשטענדיג.

ג) „איש ואביו ילכו אל הנערה למען חלל את שם קדשי" — א מאן און זיין פאטער גייען צו דערזעלבער מיידעל, כדי צו פארשוועכען מיין הייליגען נאמען. זייער „טהרת המשפחה" איז פארשמוצט און פארדארבען. זייער פאמיליען־לעבען איז הפקר און פול מיט זנות.

ד) „ועל בגדים חבולים יטו אצל כל מזבח" — און אויף געבארגטע קליידער ציען זיי זיך אויס לעבען איטליכען מזבח. אויך אין זייער רעליגיעזען לעבען האבען זיי אויפגעגעבן דעם אידישען דרך. זיי בארגען די קליידער און מנהגים פון פרעמדע גלויבענס און אויף זיי ציען זיי זיך אויס אין זייערע טעמפלען און געבעט־הייזער.

די ערשטע דריי זיינען פארברעכענס פון יחידים. די פערטע איז שוין אבער א חטא, פאר וועלכע די גאנצע געמיינדע מוז אפגעבען דין וחשבון. מיט איינפירען ניט־אידישע מנהגים אין דער רעליגיע רייסט מען אפ דאס גאנצע פאלק פון זיין אלטען מקור. אזא חטא „לא אשיבנו" — קען איך ניט פארגעבען.

ה

## דאָס טראַגישע לעבען פון יעקב'ן ווערט פאָרטגעזעצט פון יוסף'ן

**כי אם זכרתני אתך — והזכרתני אל פרעה.**

„לא היה צריך לעשות שם אלא עשר שנים, ולמה הוסיפו לו שם ב' שנים? אמר הקב"ה: אתה השלכת בטחוני ובטחת בשר המשקים ואמרת לו שתי זכירות, לכן תשתכח ב' שנים בבית הסוהר" — יוסף האָט ניט געדאַרפט זיצען אין תפיסה מער ווי צען יאָר. וואָרום־זשע האָט מען אים צוגעלייגט נאָך צוויי יאָר? דאָס איז געשעהן, ווייל הקב"ה האָט געזאָגט: דו האָסט אַוועק־געוואָרפען דיין בטחון אין מיר און האָסט זיך פאַרלאָזען אויף דעם שר המשקים און נאָך אים געבעטען צוויי מאָל, אַז ער זאָל דיך געדענקען, דערפאַר וועסטו פאַרגעסען ווערען פאַר נאָך צוויי יאָר אין תפיסה (מדרש תנחומא).

„אלה תולדות יעקב — יוסף", די רעטזעלהאַפטע לעבענס־געשיכטע פון יעקב ווערט פאָרטגעזעצט אין דער טראַגעדיע פון זיין אינגערען זון יוסף. ניט אין דעם לעבען פון זיינע עלטערע קינדער, וועלכע זיינען פאַרבליבען אויף זייערע פעלדער און רוהיג געפאַשעט זייערע שאָף אין שכם, שפּיגעלט זיך אָפּ דאָס אמת'ע לעבען פון יעקב'ן. בלויז אין די טראַגישע אַנטוויקלונגען און וואונדערבאַרע פּאַסירונגען, וואָס האָבען געטראָפען מיט זיין זון יוסף, קאָן מען געפינען דאָס פאַרבענרייכע בילד פון יעקב'ס אייגענאַרטיגען לעבען, וואָס האָט צו זיך קיין גלייכען ניט אין דער וועלט־געשיכטע.

„יוסף היה דומה לאביו בכל דבר, וכל מה שעבר על יעקב עבר על יוסף" — יוסף איז געווען גלייך צו זיין פאָטער אין אַלץ, וואָס האָט פּאַסירט מיט יעקב'ן, טרעפט אויך מיט יוסף'ן. „יעקב קנא בו עשו, ויוסף קנאו בו אחיו" — יעקב האָט שטאַרק געליטען צוליב דער קנאה פון זיין ברודער עשו פאַר די ברכות, וואָס זיין פאָטער יצחק האָט אים געבענטשט, און אויך יוסף ווערט פאַרפאָלגט צוליב דעם, וואָס זיינע ברידער האָבען אים מקנא געווען און ניט פאַרגונען די ליבע, וואָס זיין פאָטער יעקב האָט אים אַרויסגעוויזען. „יעקב גלה לחרן בשביל אחיו, יוסף גלה למצרים בשביל אחיו" — צוליב דער פיינט־שאַפט פון עשו'ן מוז יעקב פאַרלאָזען זיין פאָטער'ס הויז און אויסוואַנדערען נאָך חרן; אויך יוסף ווערט פאַרטריבען אין גלות נאָך מצרים צוליב דער פיינטשאַפט פון זיינע ברידער (תנחומא).

„אין דער געשיכטע פון יוסף מיט זיינע ברידער,״ זאָגט הרב יצחק ניסענ־בוים, „שפּיגעלט זיך אָפּ דער טרויעריגער שיקזאַל פון אונזער פּאָטער יעקב אין די טויזענטער יאָרען פון זיין עקזיסטענץ. ער האָט תמיד געליטען פון זיינע אייגענע קינדער מער ווי פון פרעמדע. פון זיינע אויסערליכע שונאים איז יעקב׳ן שטענדיג געלונגען זיך אַרויסצודרייען. מיט די קינדער פון עשו׳ן קאָן ער ווי עס איז דורכקומען. דער קאַמף איז טאַקע אַ לאַנגער און בלוטי־גער, אָבער זיין מוט פאַרלאָזט אים ניט און זיין אויסדויער דינט אים זיי ענדליך צו באַזייטיגען. דער הויפּט קוואַל פון יעקב׳ס צרות קומט אָבער פון זיינע איי־גענע, און ער שעפּט זיך קיינמאָל ניט אויס. דער גרויסער קעמפער מיט דעם אייזערנעם געדולד בלייבט שטיין שוואַך און הילפלאָז קעגען דער שנאה און קנאה, וואָס הערשט צווישען זיינע אייגענע קינדער, און דאָס שטערט אים אַמאָל צו קומען צו זיך. „מהרסיך ומחריביך ממך יצאו״ — דיינע שטערער און ברע־כער וועלען אַרויסקומען פון דיר אַליין. אָט די קללה פון דער „תוכחה״ האָט יעקב׳ן שטענדיג פאַרפאָלגט און געהאַלטען אים איינגעקלאַמערט אין דעם שרעקליכען גלות פאַר דורות און דורות לאַנג.״

די טראַגיש־ראָמאַנטישע געשיכטע פון יוסף׳ן קאָן איינגעטיילט ווערען אין פיר באַזונדערע קאַפּיטלעך: זיין גליקליכע יוגענט, די שנאה פון זיינע ברי־דער צו אים, זיין שקלאַפען אין מצרים און זיין ווערען דער הערשער פון מצרים. אין דער היינטיגער סדרה ווערען בלויז איבערגעגעבען די ערשטע דריי.

יוסף איז בלויז אַלט געווען 17 יאָר צו דער צייט וואָס זיין פאָטער האָט זיך באַזעצט אין כנען. אַלס „בן זקונים״ האָט אים יעקב געהאַלטען ביי זיך און מיט אים דורכגעלערענט די תורה, וואָס ער האָט איבערגענומען פון זיין פאָ־טער יצחק און זיין זיידען אברהם (ב״ר פ״ד). ער האָט אים אויך אַרויסגעוויזען מער ליבע ווי צו די אַנדערע קינדער און האָט אים געקליידט אין זיידענע העמדעלאַך. דאָס האָט קעגען אים אַרויסגערופען גרויס קנאה פון זיינע ברידער.

ווי אַלע פאַרצערטעלטע קינדער, טרוימט יוסף פון גדולה און הערשאַפט. ער זעהט אין חלום ווי די גאַרבען פון זיינע ברידער בוקען זיך צו זיין גאַרב, אַז אויך די זון, די לבנה און עלף שטערן בוקען זיך צו אים. ער דערציילט זיינע חלומות פאַר דעם טאַטען און זיין גאַנצער פאַמיליע מיט דער כונה זיי צו לאָזען וויסען, אַז מיט דער צייט וועט ער איבערשטייגען אַלע זיינע ברידער עקאָנאָמיש און גייסטיג און אַז זיי וועלען ענדליך דאַרפען אָנקומען צו זיין

הילף. זעלבסטפאַרשטענדליך, אַז מיט אַזעלכע אויפפירונגען האָט ער נאָך מער אויפגערייצט זייער שנאה צו אים און זיי באַשליסען פון אים פטור צו ווערען.

און די געלעגענהייט קומט באַלד אָן. יעקב שיקט אים אויסצוגעפינען וואָס זיינע ברידער טוען אין שכם, און אַזוי גיך ווי זיי דערזעהען אים „ויתנכלו להמיתו“, דענקען זיי אים צו טויטען. אָבער יהודה ראַטעוועט אים פון זייערע הענט און ער ווערט איבערגעגעבען צו אַ גרופּע ישמעאלים, וועלכע פאַר־קויפען אים פאַר אַ קנעכט אין מצרים. „ויהי ה׳ את יוסף, ויהי איש מצליח“, גאָט אָבער איז מיט יוסף׳ן און אים גליקט אין וואָס ער טוט. זיין האַר פוטיפרע באַמערקט זיין גרויס פעהיגקייט און אַז גאָט האָט אים געבענטשט צוליב יוסף׳ן „בכל אשר יש לו בבית ובשדה“, אין אַלץ, וואָס ער פאַרמאָגט, אין הויז און אין פעלד, און ער מאַכט אים פאַר דעם פאַרוואַלטער פון אַלע זיינע גיטער.

ער איז דאָך אָבער יעקב׳ס אַ קינד, וועלכער טאָר רוהיג ניט לעבען, פאַר־ליבט זיך אין אים זיין האַר׳ס פרוי, און אַז ער שטויסט צוריק איר ליבע, טראַכט זי אויף אים אויס אַ בלבול און רייצט אָן אירע לאַנדסלייט מיט דעם באַקאַנטען פזמון: „הביא לנו איש עברי לצחק בנו“ — ער האָט אונז געבראַכט אַ אידען, וואָס מאַכט חוזק פון אונז און וויל ברייננגען איבערקערענישען אין לאַנד; אים געפעלען ניט אונזערע געזעצען און ער זוכט צו שטירצען די מלוכה. דאָס איז געוועזען גענוג צו פאַר׳סמ׳ען די מוחות פון די ריכטער. „ויתנהו אל בית הסוהר, מקום אשר „אסירי המלך אסורים שם“, ער ווערט אַריינגעזעצט אין תפיסה, וואו פאָליטישע פאַרברעכער ווערען איינגעשפאַרט.

אַזוי איז שוין אימער דער גורל פון אידען. זייערע פעהיגקייטען ווערען אויסגענוצט פון אַנדערע און זיי אַליין שטייען אונטער אַ חשד, אַ פאַרדאַכט, און מען באַשולדיגט זיי אַלס אָנפירער פון יעדער ראַדיקאַלער באַוועגונג.

פאַר׳משפט איז יוסף געוואָרען אויף צען יאָר. ער האָט אָבער דאָרטען געשמאַכטעט מיט צוויי יאָר מער, זאָגען אונז די חז״ל, ווייל ער האָט זיך פאַרלאָזען אויף דעם שר המשקים, ווען ער האָט אַ גרויסע טובה געטאָן, אַז ער וועט פאַר איהם בעטען ביי פרעה׳ן, ער זאָל אים באַפרייען. „ולא זכר שר המשקים את יוסף וישכחהו“ — דער שר המשקים האָט ניט געדענקט יוסף׳ן און האָט גע־זוכט אים צו פאַרגעסען. אַזוי איז שוין אימער דער גורל פון די אידען, וועלכע האָבען צופיל בטחון אין זייערע ניט־אידישע פריינט. זיי ווערען פון זיי תמיד פאַרגעסען און פאַרבלייבען איינגעקלאַמערט אין די תפיסות פון דעם טרויע־ריגען גלות.

# הפטרה

## דער סוד פון אידישער עקזיסטענץ

**כי לא יעשה ה׳ דבר, כי אם גלה סודו אל עבדיו הנביאים.**

„אשתעו לי נחותי ימא: האי גלא דמטבע לספינה מיתחזי כצוציתא דנורא חוורתאברישא, ומחינן ליה באלוותא דחקיק עלי׳ ,אהיה אשר אהיה׳ וניח" — מיר האָבען דערציילט די, וואָס נידערען אַרונטער אין די ים׳ען, אַז די כוואַליעס, וואָס זוכען צו דערטרינקען די שיף, זעהען אויס ווי זיי וואָלטען געהאַט ווייסע פייערדיגע פונקען אויף זייערע קעפּ. מיר שלאָגען זיי אָבער מיט אַ שטעקען, אויף וועלכען עס זיינען אויסגעקריצט די ווערטער „אהיה אשר אהיה" און זיי באַרוהיגען זיך (בבא בתרא ע״ג ע״א).

דער נביא פון היינטיגער הפטרה וואָרענט די אידען קעגען דעם גרויסען חטא „על מכרם בכסף צדיק ואביון בעבור נעלים", פון פאַרקויפען פאַר געלט דעם גערעכטען און דעם אָרימאַן צוליב אַ פּאָר שיך. גערעכטיגקייט פאַר אַלע־מען גלייך איז דער יסוד, אויף וועלכען עס ווערט געבויט דאָס לעבען פון מענטשען און נאַציאָנען. אָהן גערעכטיגקייט קאָן די וועלט קיין קיום ניט האָבען. נעמט אַוועק דעם יסוד און די גאַנצע געביידע וועט צוזאַמענברעכען.

„השואפים על אפר ארץ בראש דלים" — די, וואָס ווילען איינשלינגען די וועלט איבער די קעפּ פון אָרימעלייט, וועלען זיך לאַנג ניט האַלטען. דער גאָט פון „צדק", פון גערעכטיגקייט, וועט זיך מיט זיי אָפּרעכענען. מעגען די שטאַרקערע זיין גערעכט, מעג דאָס געזעץ טאַקע זיין אויף זייער זייט, דאַרפען זיי אָבער האָבען איינזעהעניש מיט דעם אָרימאַן, מיט דעם נויטבאַדערפטיגען. „צדק, צדק תרדוף", אויך דעם צדק, זאָגט הרב יהודה לעווינסאָן אין זיין ספר „נטפי נאומים", „זאָל מען פאַרפאָלגען מיט גערעכטיגקייט. אויב מען זוכט אים אַרויפצוצווינגען מיט גוואַלד, וועט עס פירען צו אומגערעכטיגקייט."

די ברידער פון יוסף זיינען אפשר געווען גערעכט אין זייער שנאה צו אים. ער איז זיי טאַקע דערגאַנגען די יאַרען און געזוכט זיי צו דערנידעריגען אין די אויגען פון זייער פאָטער. זיי האָבען אָבער ניט געטאָרט נעמען דאָס געזעץ אין זייערע הענט און אים פאַרקויפען פאַר אַ קנעכט. דאָס האָט גע־פירט צו העכסט טרויעריגע רעזולטאַטען. דער סוף איז געווען, אַז צוליב זייער

איבערגעאיילטען שריט זיינען זיי ענדליך אויך געצוואונגען געוואָרען צו גיין אין גלות קיין מצרים.

„גאָט טוט קיין זאַך ניט, סיידען ער אַנטדעקט פריער דעם סוד צו זיינע קנעכט די נביאים" — מיט די ווערטער פאַרענדיגט זיך היינטיגע הפטרה. די חלומות פון יוסף זיינען געווען אַ געטליכע נבואה איבער דער צוקונפט. ניט אומזיסט ווערט געזאָגט אין דער תורה „ואביו שמר את הדבר" — אַז זיין פאָטער האָט דערוואַרט די זאַך. ער האָט אין זיינע חלומות געזעהן אַן אַנט־פלעקונג, וואָס מיט זיי ועט שפּעטער פּאַסירען. ער האָט גוט געוואוסט די נבואה פון גאָט צו זיין זיידען אברהם, אַז זיינע קינדער וועלען פאַר אַ לאַנגע צייט זיין גרים אין פרעמדע לענדער און אַז דיזע נבואה וועט געוויס מקוים ווערען. ער האָט אָבער געהאָט גרויס בטחון אין גאָט, וועלכער איז מיט אים תמיד געווען, אַז ער וועט אויך אין דער צוקונפט אים און זיינע קינדער ניט פאַרלאָזען.

דיזער בטחון פון יעקב איז דער סוד פון דער אידישער עקזיסטענץ. ווי שעהן איז די לעגענדע פון דער גמרא: די „נחותי ימא", די אידען, וועלכע זיינען נעבאַך געדריקט צו וואַנדערען איבער אַלע ימים פון דער וועלט, טרעפען זיך איבעראַל אַן מיט שווערע כוואַליעס „דמטבע לספינה", וואָס ווילען זינקען די אידישע שיף. זיי זיינען זעהר מעכטיג און זייערע קעפּ שפּריצען מיט „צוציתא דנורא חוורתא", מיט ווייסע פייערדיגע פונקען. מאַנבעסמאַל זעהט עס אויס, אַז זייער טייפלישער וואונש וועט זיי חלילה געלינגען. די אידישע שיף וויגט זיך טאַקע און וואַרפט זיך אויף אַלע זייטען. זי גייט אָבער ניט אונטער, ווייל די אידען ווערען זיך קעגען זיי „באלוותא דחקיק עלי' אהיה אשר אהיה", מיט'ן שטעקען, אויף וועלכען עס איז אויסגעקריצט דער פאַרשפּרעכען פון גאָט, אַז ער וועט מיט זיי אימער זיין — „ונייח", און דער ים באַרוהיגט זיך, די מעכטיגע כוואַליעס פאַרשווינדען און די אידישע שיף שווימט ווייטער ביז זי וועט דערגרייכען איר פאַרשפּראָכענעם לאַנד.

# מקץ

## א.

## גב״ה גרייט־צו די רפואה פאַר דער מכה

**ויהי מקץ שנתיים ימים ופרעה חולם.**

„הקב״ה במה שהוא מכה הוא מרפה: יוסף לא נמכר אלא על ידי חלום, ולא מלך אלא על ידי חלום״ — מיט דעם, וואָס גאָט שלאָגט איינעם, מיט דער־זעלבער זאַך היילט ער אים: יוסף איז פאַרקויפט געוואָרען צוליב אַ חלום און איז אויפגעריכט געוואָרען צוליב אַ חלום (מדרש תנחומא).

יוסף׳ס שטונדע האָט געשלאָגען. צוועלף יאָר האָט ער אָפּגע׳חושכ׳ט אין מצרים — צוויי יאָר אַלס שקלאַף ביי פּוטיפרע, וואו ער איז אויסגעריסען גע־וואָרען פון זיין פרוי „זליכה״, וועלכע האָט זיך אין אים פאַרליבט און געהאַלטען אין איין פאַרפאָלגען, און צען יאָר האָט ער אָפּגעפינסטערט אין תפיסה, וואוהין ער איז אַריינגעזעצט געוואָרען צוליב די בלבולים, וואָס דידאָזיגע זליכה האָט אויף אים אויסגעטראַכט. אָבער ענדליך איז געקומען אַ סוף צו זיין פינסטערער לאַגע. „זמן נתן לעולם — כמה שנים יעשה אדם באפילה״ — בלויז אַ באַשטימ־טע צייט איז געגעבען געוואָרען אין דער וועלט, וויפיל יאָר אַ מענש קען ליידען און פאַרשוואַרצט ווערען (ב״ר פ״ט). די גרעניצען פון שיקזאַל, וואָס באַהערשט דעם מענשענ׳ס לעבען, ווערען אָנגעצייכענט פון דער השגחה און ער טאָר זיי ניט איבערטרעטען. אַזוי גיך ווי די אָנגעצייכענטע צייט גייט פאַראיבער, מוז זיך זיין לאַגע בייטען. „ויהי מקץ״ — דער סוף פון יוסף׳ס ליידען איז ענדליך געקומען און ער ווערט אויפגעריכט.

„ויהי מקץ שנתים ימים ופרעה חולם״ — ס׳איז פאַרגעקומען נאָך צוויי יאָר, וואָס פּרעה האָט זיך אַרומגעטראָגען מיט אַ מערקווירדיגען חלום, וואָס קיינער פאַרשטייט ניט. „כל אותן שתי שנים היה פרעה רואה את החלום בכל לילה ולילה״ — די גאַנצע צוויי יאָר האָט פּרעה געזעהן דעמזעלבען חלום יעדע נאַכט.

אָבער „ואין פותר אותו״ — קיינער פון זיינע חכמים קען עס אים ניט דער־קלערען (מדרש הגדול). און דער חלום איז באַשטאַנען אין דעם, ווי צו ענדערען די עקאָנאָמישע איינריכטונגען פון לאַנד, כדי צו קענען אויסמיידען אַ מעגליכע קאַטאַסטראָפע. די צייטען זיינען געווען זעהר גוטע אין מצרים. דער טייך נילוס האָט גוט באַוואַסערט זיינע ברייטע ברעגען און די פעלדער אַרום זיינען געווען באַלאָדען מיט פיל תבואה. אָבער פרעה, וועלכער איז געווען אַ פאַר־נינפטיגער קעניג, האָט זיך געזאָרגט פאַר דער צוקונפט. ער האָט געזעהן, אַז זיינע אונטערטאַנען לאָזען זיך וואוילגיין און טראַכטען גאָר ניט וועגען שפּעטער. וואָס וועט זיין, אויב די פּראָספּעריטי וועט פאַרשווינדען? ווי וועט זיך דאָס לאַנד פאַרהיטען פון אַן אומגעריכטען קריזיס, וואָס קען אָנקומען אין אַ יאָר אָדער צוויי אַרום?

ער זעהט אין דעם ערשטען טייל פון זיין חלום ווי זיבען אויסגעטריקענטע זאַנגען פאַרצערען זיבען גוטע און פולע זאַנגען; אין דעם צווייטען טייל זעהט ער ווי זיבען מאָגערע קי שלינגען איין זיבען פעטע קי. ער פילט, אַז עפּעס שרעקליכעס וועט באַלד פאַרקומען אין לאַנד, ער ווייסט אָבער ניט וואָס דאָס באַדייט און ווי דאָס צו פאַרהיטען. ער רופט צו זיך אַלע זיינע חרטומים און ראַטגעבער, זיי זאָלען עס אים דערקלערען. זייערע ענטפערס האָבען אָבער אים ניט צופרידענגעשטעלט און ער גייט אַרום שטאַרק פאַרזאָרגט. ביז זיין „שר המשקים״ האָט אים דערציילט, אַז אין תפיסה האָט ער זיך געטראָפען מיט אַ אידישען יונגענמאַן, וועלכער פאַרשטייט ווי צו באַשיידען חלומות. יוסף ווערט דאַן געבראַכט אין קעניגליכען הויף, און די פּלענער, וואָס ער האָט פאָרגעשלאָגען צו פאַרמיידען די שרעקליכע קאַטאַסטראָפע, פאַר וועלכער ער שרעקט זיך זעהר, זיינען אַלעמען שטאַרק געפעלען געוואָרען, און פרעה באַשטימט אים צו זיין דער עקאָנאָמישער פאַרוואַלטער פון לאַנד.

מיט דער צייט האָבען זיינע עקאָנאָמישע איינריכטונגען, וואָס ער האָט איינגעפירט אין לאַנד, געהאָלפען ראַטעווען מצרים און אויך די שכנ׳ישע לענ־דער פון אַ שרעקליכען הונגער־נויט. די חז״ל ווילען האָבען, אַז די אורזאַך, וואָרום יוסף האָט אַזוי פאַרטרעפליך צוגעטראָפען דעם חלום פון פרעה, איז געווען, ווייל „ראה יוסף את החלום תחלה״ — יוסף האָט דעמזעלבען חלום געזעהן צוערשט (מדרש הגדול). נאָך אַלס יונגער אינגעל, ווען ער האָט צו־זאַמען מיט זיינע ברידער באַאַרבייט זיין פאָטער׳ס פעלדער, האָט ער פיל גע־טראַכט ווי צו פאַרהיטען דאָס לאַנד אין אַ צייט פון הונגער.

ער האָט געטרוימט פון פּלענער ווי צו קאָנסערווירען די געטריידע פון די פעלדער אין זאַטע יאָרען, אַז עס זאָל קלעקען אין צייטען פון הונגער־יאָרען. מיר זעהען דאָס אַרויס פון זיין ערשטען חלום, אַז זיינע גאַרבען זיינען גע־בליבען שטיין און די פון זיינע ברידער האָבען זיך געמוזט בוקען צו זיי. לויט אונזערע חז״ל, האָט ער שטאַרק אַרגומענטירט מיט זיינע ברידער וועגען דעם. ער פלעגט טענה׳ן: „אתם כונסים פירות ואני כונס פירות, שלכם רקבים ושלי עומד״ — איר קלייבט פרוכט און איך קלייב פרוכט, אייערע ווערען פאַר־פוילט און מיינע בלייבען גאַנץ. זיינע ברידער, וועלכע האָבען אים פיינט געהאַט, האָבען זיך אויסגעלאַכט פון זיינע חלומות און פאַנטאַסטישע פלענער. אָבער זיין פאָטער יעקב „שמר את הדבר״ — האָט זיי גענומען ערנסט און גע־וואַרט פאַר ווייטערע אַנטוויקלונגען (ב״ר פ״ד).

יוסף האָט זיין פּלאַן איינגעטיילט אין צווייען: ערשטענס, האָט ער גע־ראַטען דעם קעניג: „וחמש את ארץ מצרים בשבע שני השבע״ — ער זאָל אַרויפלייגען אַ שטייער פון איין פינפטעל, פון צוואַנציג פּראָצענט פון דער גאַנצער פּראָדוקציע, אַלס אַ פאַרזיכערונגס־פאָנד, וואָס זאָל צוריקגעצאָלט ווערען די פאַרמערס פון לאַנד אין שלעכטע צייטען. צווייטענס, „ויצברו בר תחת יד פרעה״ — די רעגירונג זאָל עפענען גרויסע שפּייכלערס, וואו דער איבער־פלוס פון תבואה זאָל אויפגעזאַמעלט ווערען „לפקדון לשבע שני הרעב״ — אין סטאָרעדזש, אין זאַפּאַס, פאַר די זיבען הונגער־יאָרען. דער דאָזיגער פּלאַן האָט זיך אַרויסגעוויזען צו זיין העכסט דערפאָלגרייך. אַז די הונגער־יאָרען האָבען אויסגעבראָכען, איז מצרים ניט נאָר געווען באַזאָרגט מיט תבואה פאַר איר אייגענעם געברויך, נאָר זי האָט אויך צוגעשטעלט תבואה צו אַלע אַרומיגע לענדער.

פון אַלע לענדער האָט מען זיך געצויגען נאָך מצרים צו קויפען דאָרט תבואה. „כל כסף וזהב שבעולם לקט יוסף והביאם מצרימה״ — דאָס גאַנצע זילבער און גאָלד פון דער וועלט האָט יוסף אויפגעקליבען און געבראַכט נאָך מצרים (פסחים קי״ט). פרעה׳ס רעגירונג האָט געטאָן וואונדערבאַרע געשעפטען און דער נאָמען פון „צפנת פענח״ — מיט וועלכען פרעה האָט גערופען יוסף׳ן, איז באַרימט געוואָרען איבער דעם גאַנצען אָריענט. כמעט דערזעלבער פּלאַן איז דורכגעפירט געוואָרען פון דער רוזוועלט־אַדמיניסטראַציע אין איר ערשטען טערמין. איבערהויפּט דער פאַרזיכערונגס־פּלאַן, וואָס איז איינגעפירט גע־וואָרען פון הערלד איקעס און הענרי וואלאס, איז פון מאַנכע גרויסע עקאָ־

נאָמיסטען באַצייכענט געוואָרען אַלס דערזעלבער, וואָס יוסף האָט פאָרגעשלאָגען פרעה׳ן.

אַזוי זעהען מיר ווי דער אויבערשטער האָט געשאַפען די רפואה פאַר דער מכה: דער כעס, וואָס זיינע ברידער האָבען אויף אים געטראָגען צוליב זיינע חלומות, וועלכע האָבען פאָראויסגעזאָגט, אַז ער וועט ווען עס איז הערשען איבער זיי, האָט געפירט צו זיין פאַרשקלאַפונג; און דער חלום, וואָס פרעה האָט געטרוימט און קיינער האָט עס ניט פאַרשטאַנען ביז יוסף איז געקומען און עס אים דערקלערט, האָט געפירט צו זיין באַפרייאונג און צו דער פאַרווירקליכונג פון זיינע אייגענע חלומות. ניט נאָר איז זיין ערשטער חלום, וועגען די גאַרבען, וואָס האָט געוויזען, אַז ער וועט זיי עקאָנאָמיש באַהערשען, מקוים געוואָרען, נאָר אויך זיין צווייטער חלום, ווי די שטערען בוקען זיך צו אים, וואָס האָט געזאָלט מיינען, אַז אויך פאָליטיש וועט ער זיין דער פירער, איז פולשטענדיג דורכגעפירט געוואָרען.

„הקב״ה במה שהוא מכה מרפא״ — מיט דעם, וואָס גאָט שלאָגט איינעם, מיט דעם טאַקע היילט ער אים אויך (תנחומא).

---

## וואָס די חנוכה־ליכטלעך לערנען אונז

### להדליק נר של חנוכה.

„נר חנוכה מצוה להניחה על פתח ביתו מבחוץ, ובשעת הסכנה מניחה על שלחן ודיו״ — די ליכט פון חנוכה איז אַ מצוה אַוועקצושטעלען ביים טיר פון הויז, צו דער גאַס. אָבער אין אַ צייט פון אַ סכנה זאָל מען עס אַוועקשטעלען אויפ׳ן טיש — און דאָס איז גענוג (שבת כ״א).

דער הויפּט נס פון חנוכה איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס די אידישע מאַסען האָבען זיך ניט געלאָזט פאַרפירען פון דעם פוסטען גלאַנץ פון דער גריכישער קולטור, וועלכע דער קעניג אַנטיכוס מיט זיינע האָרדען האָבען געזוכט איינצופירען אין דעם אידישען לאַנד. ווי עס איז אַרויסצוזעהן פון דער אידישער געשיכטע פון יענער צייט, זיינען די גריכען, וועלכע האָבען אונטערדריקט דאָס לאַנד פון יהודה, ניט נאָר אויסען געווען צו באַהערשען עס פאָליטיש און

עקאָנאָמיש, נאָר זיי האָבען אויך געשטרעבט „להעבירם מחוקי רצונך" — אָוועקצורייסען די אידען פון דעם אידישען גלויבען. זיי האָבען אינסטינקטיוו געפילט, אַז אויב די אידען וועלען זיך האַלטען אין זייער תורה, וועלען זיי קיינמאָל ניט באַזיגט ווערען. אין דעם האָבען זיי צוגעהאָלפען די „מרשיעי ברית" — די אידישע אַסימילאַטאָרען, וועלכע זיינען פאַרבלענדט געוואָרען פון דעם אויסערליכען גלאַנץ פון דער גריכישער פילאָזאָפיע און האָבען געזוכט צו העלעניזירען דאָס אידענטום.

די „מרשיעי ברית", די מוטוויליגע רעפאָרמער, זיינען מערסטענס באַשטאַנען פון די רייכערע קלאַסען, וועלכע האָבען געטאָן גוטע געשעפטען מיט די גריכען און האָבען געדענקט, אַז אויב די אידען וועלען איינפירען די גריכישע קולטור און זיך פולשטענדיג העלעניזירען, וועלען זיי ווערען אַ טייל פון דער מעכטיגער גריכישער אימפעריע און וועלען קענען לעבען רוהיג און זיין פּאָליטיש און עקאָנאָמיש געזיכערט. ווי דער שטייגער איז, האָבען אָט די רייכע חברה פאַרכאַפּט די פירערשאַפט פון דער אידישער געמיינדע און זיינען געוואָרען די הויפט דעה־זאָגער אין אַלע קהל'שע אינטערעסען. זיי האָבען זאָגאָר באַשטימט זייערע אייגענע „כהנים גדולים", וועלכע זיינען געוועזען ניט בעסער פון זיי און האָבען עפענטליך אַגיטירט זיך צו אַסימילירען מיט די גריכען. זעהענדיג, אַז די מאַסען זיינען גלייכגילטיג און לאָזען זיי אָנפירען מיט אַלע פאָלקס־אַנגעלעגענהייטען, זיינען זיי געוואָרען נאָך מער דרייסטיג און חוצפה'דיג און אָנגעהויבען רעדען אין דעם נאָמען פון דעם גאַנצען פאָלק. די גריכישע הערשער האָבען טאַקע געדענקט, אַז זיי זיינען די אמת'ע אידישע פאָרשטייער און האָבען זיך פיל גערעכענט מיט זייערע מיינונגען.

אונטער דער פירערשאַפט פון די „מרשיעי ברית" איז די כהונה גדולה געוואָרען אַ קאָרופּטע פּאָליטישע שטעלע, וואָס מען האָט געקענט באַקומען פאַר געלט. פריער „מענעלאָוס" און נאָכדעם „ליזימאַכוס" האָבען באַצאָלט גרויסע סומען כּאָבאָר צום קעניג אַנטיכוס און זיי זיינען געוואָרען די כהנים גדולים. אונטער זייער לייטונג האָט מען איינגעפירט גריכישע מנהגים אויך אין דער עבודה פון בית־המקדש. אָנשטאָט ישיבות און לערן־אַנשטאַלטען האָט מען געגרינדעט „קרקסאות", ספּאָרט־פּלעצער, פאַר דער אידישער יוגענט, און דעם למוד־התורה האָט מען אינגאַנצען פאַרוואָרפען. זיי האָבען אָבער געמאַכט אַ טעות אין חשבון מיט דעם, וואָס זיי האָבען געדענקט, אַז דער ברייטער עולם איז מיט זיי. אמת טאָקע, אַז די גרויסע מאַסען אָרטאָדאָקסישע אידען האָבען

פון אָנהויב געקוקט מיט גלייכגילטיגקייט אויף זייער פירערשאַפט און האָבען זיי ניט געשטערט, אָבער צושטיין צו זיי און זיי נאָכפאָלגען האָבען זיי אויך ניט געוואָלט, און אין דעם באַשטייט דער גרויסער נס פון דעם אידישען קיום „בימים ההם", אין יענע צייטען, און אויך „בזמן הזה", אין דער היינטיגער צייט.

כל זמן זיי האָבען ניט אָנגערירט די עקרים פון דער אידישער רעליגיע, האָבען די אידען זיי געדולדעט, אָבער אַזוי גיך ווי זיי האָבען זיך פאַרנומען צו פאַרבאָטען „מילה" און „שבת", וועלכע זיינען די הויפט זיילען פון דער אידישער אמונה, האָט זיך דאָס גאַנצע פאָלק אויפגעהויבען און איז צוגעשטאַנען צו די חשמונאים, וועלכע האָבען אָנגעפירט אַ בלוטיגע רעוואָלוציע, וואָס האָט ענדליך פאַרטריבען די רשעים צוזאַמען מיט זייערע גריכישע הערשער פון לאַנד און אַזוי־אַרום באַפרייט דאָס פאָלק פון זיין גייסטיגער און אויך זיין עקאָנאָמישער פאַרשקלאַפונג.

אויף דער פראַגע „מאי חנוכה? על איזה נס קבועה"? — וואָס איז חנוכה? אויף וועלכען נס האָט מען דעם יום־טוב באַגרינדעט? ענטפערען די חז"ל, אַז בשעת די העלעניסטען זיינען מיט דעם כוח פון דער גריכישער מאַכט אַריין אין בית־המקדש, האָבען זיי מטמא געמאַכט אַלע בוימלען. בלויז אַ קליין קרי־געלע בוימעל, וואָס איז געווען באַהאַלטען „בחותמו של כהן גדול", אונטער דעם זיגעל פון דעם אַלטען כהן גדול, איז פאַרבליבען. כאָטש אין אים האָט זיך געפונען אַ קליין ביסעלע בוימעל, גענוג צו ברענען פאַר בלויז איין טאָג, האָט אָבער פאַסירט אַ נס און עס האָט געברענט גאַנצע אַכט טעג (שבת כ"א ע"ב).

אין דער דאָזיגער דערקלערונג פון דער גמרא, גלויבען מיר, ווערט אָנ־געדייטעט דער מיסטעריעזער כוח, וואָס ליגט באַהאַלטען אין דעם אידישען פאָלק און פאַרהיט אים פון אונטערגאַנג. טיף אין דעם קדש־הקדשים פון יעדען אידיש האַרץ געפינט זיך אַ קליין קריגעלע הייליגער בוימעל, וואָס נעמט זיך קיינמאָל ניט אויס. עס טרעפט אַמאָל, אַז פאַר אַ לאַנגער צייט ליגט ער באַ־האַלטען „בחותמו של כהן גדול", אונטער דעם זיגעל פון די אַמאָליגע כהנים גדולים, זיין פייערל טליעט און וואַרפט אַ שוואַכען שיין, וואָס צייגט זיך בלויז איינמאָל אַ יאָר, „יום־כפור", אָדער צום יאָרצייט פון פאַרשטאָרבענע עלטערען. וויל מען אים אָבער אויסלעשען, פלאַקערט ער זיך פאַנאַנדער און הויבט צוריק אָן שיינען אין זיין פולער פראַכט.

נאָכ'ן אָנצינדען די חנוכה־ליכט איז מען זיך נוהג צו זאָגען די פאָלגענדע תפלה: „ויהי נועם ה' עלינו, ומעשה ידינו כוננה עלינו, ומעשה ידינו כוננהו"

— זאָל די ליכטיגקייט פון גאָט זיין אויף אונז און באַפעסטיגען זאָל ער איבער אונז די ווערק פון אונזערע הענט; יאָ, דאָס ווערק פון אונזערע הענט זאָל ער באַפעסטיגען (תהלים צ'). הרב יצחק ריינעס, ז"ל, גיט אונז דעם פאָלגענדען טעם, וואָרום מען האָט דוקא אויסגעקליבען אָט די תפלה. ער זאָגט: „ביי אַלע אַנדערע היסטאָרישע געשעהענישען, וועלכע זיינען פאַרבונדען מיט נסים, ווי פסח און פורים, זיינען די נסים געקומען פון גאָט אַליין, אָהן דער אידישער מיטהילף, אָהן שום אָנשטרענגונג פון זייער זייט. אָבער דער נס פון חנוכה איז געקומען מיט דער מיטהילף פון די אידען זעלבסט, דורך די העלדישע מעשים פון די חשמונאים און דער אָפּפערווילליגקייט פון די חסידים, די פרומע אידען, וועלכע זיינען צוגעשטאַנען צום קאַמף. דעריבער זאָגען מיר די תפלה: „ומעשה ידינו כוננה עלינו" — אָנצודייטען, אַז דאָס מאָל האָבען מיר זיך ניט פאַרלאָזען בלויז אויף נסים, נאָר זיך אויך אויסגעצייכענט מיט אמת'ע טאַטען."

מיט די ליכט פון חנוכה דעמאָנסטרירען מיר דעם גרויסען נצחון, וואָס מיר האָבען אָפּגעהאַלטען קעגען די שונאים פון דרויסען — די גריכען, וועלכע האָבען געזוכט אונז אָוועקצורייסען פון אונזער תורה. דערפאַר איז די הויפּט מצוה אָוועקצושטעלען די ליכט ביי דער טיר, אין פראָנט פון הויז, כדי די גאַנצע וועלט זאָל וויסען, אַז מיר זיינען גאָט'ס פאָלק און מיר ווילען אונזער תורה ניט פאַרבייטען אויף פרעמדע קולטורען. בשעת אַ סכנה אָבער, ווען די שונאים פון אידישקייט געפינען זיך אינווייניג, צווישען אונזערע אייגענע רייען, „מניחה על שלחנו" — זאָל מען די חנוכה־ליכט שטעלען אויף די אייגענע טישען און לערנען אונזערע קינדער די גייסטרייכע לערען פון אונזער תורה.

---

ב.

## מען פאַרגינט ניט דעם אידען

**וישם אתנו נער עברי, עבד לשר הטבחים.**

„אע"פ שהזכיר אותו מבזהו, שהיה יודע לאיזו גדולה הוא נכנס; נער — שוטה, עברי — שונא, עבד — כך מוכתב בנימוסין של פרעה, שאין עבד מולך

ולא לובש בגדי שרים" — כאָטש דער שר המשקים דערמאָנט דאָ יוסף׳ן, זוכט ער אים אָבער צו שענדען. ער האָט ביי זיך געטראַכט: עס קאָן דאָך טרעפען, אַז דער קעניג זאָל יוסף׳ן צוטיילען גדולה און כבוד, דארום מאַכט ער אים שוין צו קליינגעלט. ער שטעלט אים פאָר אַלס אַ נאַרישען אינגעל, אַ פאַרהאַסטען איד, אַ קנעכט ביים שר הטבחים, און אין די געזעצען פון פרעה׳ס הויף איז פאַרשריבען, אַז אַ קנעכט קאָן ניט הערשען, אָדער טראָגען פרינצליכע קליי־דער (ב״ר, פ״ט).

יוסף האָט זיך געגוג אָנגעליטען אין מצרים אידער עס איז אים געלונגען צו קאָנען פאָרלייגען זיינע עקאָנאָמישע פלענער פאַר פרעה׳ן. כאָטש ער איז געווען אַ „איש מצליח", אַ פעהיגער מענש, און אַז ער האָט איבערגענומען די פאַרוואַלטונג פון פוטיפרע׳ס גיטער, „ויברך ה׳ את המצרי בגלל יוסף בכל אשר יש לו בבית ובשדה", האָט גאָט געבענשט דעם עגיפּטער צוליב יוסף׳ן אין אַלץ וואָס ער פאַרמאָגט, אין הויז און אין פעלד, האָט ער דאָך ניט געקאָנט שטייגען. זיין אידישקייט איז אים געשטאַנען אין וועג. זליכה, פוטיפרע׳ס פרוי, וועלכע האָט אויף אים געטראָגען אַ האַס צוליב אַ צוריקגעוויזענער ליבע, האָט גוט געוואוסט, אַז אירע לאַנדסלייט האַסען אַ אידען, האָט זי זיי אויפגערייצט מיט דעם באַקאַנטען פזמון: „הביא לנו איש עברי לצחק בנו", ער האָט אונז גע־בראַכט אַ אידען, וואָס מאַכט חוזק פון אונז און וויל ברייגגען איבערקערענישען אין לאַנד. אים געפעלען ניט אונזערע עקאָנאָמישע איינריכטונגען, און ער זוכט צו שטירצען די מלוכה.

דאָס איז געווען גענוג צו פאַר׳סמ׳ען די מוחות פון די ריכטער און אויך פון פוטיפרע אַליין, כאָטש ער האָט שטאַרק פראָפיטירט פון יוסף׳ס פאַרוואַל־טונג. „ויתנהו אל בית הסוהר אשר אסירי המלך אסורים", מען האָט אים אַריינ־געזעצט אין תפיסה, וואו פּאָליטישע פאַרברעכער ווערען איינגעשפּאַרט. אויך אין תפיסה וויזט יוסף אַרויס זיינע גרויסע פעהיגקייטען, און דער „שר בית הסוהר", דער וואָרדען, מאַכט אים פאַר זיין געהילף און גיט אים איבער די השגחה איבער אַלע פריזאָנערס. דאָרטען באַקענט ער זיך מיט פילע פּאָלי־טישע געפאַנגענע און טוט זיי פיל טובות. ער טרייסט זיי, קלערט פאַר זיי אויף זייערע חלומות און לערנט זיי ווי זיך אויפצופירען נאָכדעם, ווען זיי וועלען באַפרייט ווערען, אום צו קאָנען צוריקקומען צו זייער גדולה. זיי פאַרשפּרעכען אים צו געדענקען, און אַזוי גיך ווי זיי וועלען באַקומען זייער פרייהייט, וועלען זיי זיך מיען פאַר אים. אָבער זיי האַלטען ניט זייער וואָרט. „וישכחהו", מען

פאַרגעסט זיך אין אים, און דוקא מיט פינטעלעך . . . זאָל אַ איד פאַרשוואַרצט ווערען אין תפיסה.

ערשט מיט יאָרען שפעטער, אַז דער קעניג פרעה אַליין טראָגט זיך אַרום מיט געוויסע עקאָנאָמישע פלענער און בייזערט זיך אויף זיינע „חרטומים", זיינע ראַטגעבער, פאַרוואָס זיי פאַרשטייען ניט ווי זיי דורכצופירען, דערמאָנט זיך דער „שר המשקים" אָן דעם פעהיגען יונגען איד אין תפיסה, וואָס האָט אים אַליין געהאָלפען מיט זיינע עצות, און שלאָגט פאָר צו רופען יוסף'ן און זיך מיט אים באַראַטען וואָס צו טאָן.

ער האָט אָבער ביי זיך געטראַכט „לאיזה גדולה הוא נכנס", ס'קאָן דאָך טרעפען, אַז דער קעניג זאָל יוסף'ן געבען אַ גרויסע באַלוינונג און אים צוטיילען פיל כבוד און גדולה. דאַרום מאַכט ער אים צו קליינגעלט. ער שטעלט אים פאָר אַלס „נער — שוטה", אַ נאַרישער יונגערמאַן, אַ טרוימער, מער טעאָרעטיש ווי פראַקטיש, אויף וועמען מען קאָן זיך גאַנץ ווייניג פאַרלאָזען. „עברי — שונא", און דערצו איז ער נאָך אַ איד, וואָס איז זעלטען געטריי דעם לאַנד און מען דאַרף מיט אים זיין שטאַרק פאָרזיכטיג. און ועל כולם איז ער אַ געוועזענער „עבד", אַ קנעכט, וואָס לויט די „נימוסין", די געזעצען פון פרעה'ס הויף, קאָן ער ניט פאַרטרעטען קיין פאַראַנטוואָרטליכע שטעלע אין דער רעגירונג. זיין פאַרשטעלען יוסף'ן האָט געקלונגען ווי איינער וואָלט זאָגען: דו דאַרפסט אים ניט געבען פיל פאַר זיין טרחה. גיב אים עפעס, אַ קלייניגקייט וועט זיין גענוג פאַר אים.

---

# הפטרה

## אידישע חלומות

**ויאמר המלך גזרו את הילד החי.**

„שמעו סנקליטין שלו, התחילו אומרים: אי לך ארץ שמלכך נער, כיון שאמר תנו לה את הילד החי התחילו אומרים אשריך ארץ שמלכך בן חורין"— זיינע ראַטגעבער האָבען געהערט ווי ער האָט צוערשט געראַטען דאָס לעבעדיגע קינד צו צעשניידען, האָבען זיי אָנגעפאַנגען צו זאָגען: ווייי צו דעם לאַנד, וואָס איר קעניג איז אַ אינגעל. אַזוי גיך אָבער ווי ער האָט ענדליך באַפוילען

איבערצוגעבען דאָס לעבעדיגע קינד צו זיין ריכטיגער מוטער, האָבען זיי שוין געזאָגט: גליקליך איז דאָס לאַנד, וואָס איר קעניג איז אַ פרייער מענש (מדרש קהלת א׳).

די היינטיגע הפטרה פאַנגט זיך אָן מיט „ויקץ שלמה והנה חלום״, שלמה האָט ערוואַכט און עס איז אַ חלום. אויך די סדרה וועבט זיך אַרום דעם „ויקץ פרעה והנה חלום״, פרעה האָט ערוואַכט און עס איז אַ חלום. חלומות שפּילען אַ גרויסע ראָל אין דעם לעבען פון די אידען אין אַלע דורות און אַלע צייטען.

צוליב אַ געטליכען חלום וואַנדערט אונזער פאָטער אברהם שיינע עטליכע יאָר צו זוכען אַ לאַנד, וואו ער זאָל איבּ קאָנען פאַרווירקליכען און דורכפירען אין לעבען. יעקב אבינו וואַלגערט זיך אין דער פרעמד פיר־און־דרייסיג יאָר, שקלאַפט און אַרבייט די לבנ׳ס רייך צו מאַכען, אָבער די גאַנצע צייט האַלט ער אין איין חלום׳ען די געטליכע חלומות פון זיינע עלטערען. צוליב אַ חלום ווערט יוסף פאַרטריבען נאָך מצרים, וואו ער ווערט אויסגעריסען פאַר אַ היפשער צאָל יאָרען ביז, צוליב אַן אַנדער חלום, ווערט ער אויפגעריכט, אָבער דאָס פירט ענדליך זיין פאָטער מיט זיינע ברידער צוריק אין גלות אַריין.

און אַז דער יונגער שלמה נעמט איבער זיין פאָטער׳ס טראָן, ווערט ער אויך באַהערשט פון אַ געטליכען חלום. ער הערט אין חלום ווי גאָט זאָגט אים „שאל מה אתן לך״, בעט וואָס זאָל איך דיר געבען. און ער ענטפערט אים: „ונתת לעבדך לב שומע לשפוט את עמך להבין בין טוב לרע״ — גיב דיין קנעכט אַ פאַרשטענדיג האַרץ צו קאָנען משפט׳ן דיין פאָלק און פאַרשטיין פון גוט ביז שלעכט. דעם אויבערשטען געפעלט זעהר זיין בקשה און ער זאָגט אים: „לא שאלת לך ימים רבים ולא שאלת לך עשר, ולא שאלת לך נפש אויבך״ — דו האָסט פאַר דיר ניט געבעטען לאַנגע יאָר, דו האָסט אויך ניט געבעטען רייכקייט, און האָסט אויך ניט געבעטען דאָס לעבען פון דיינע פיינט, בלויז צו פאַרשטיין גערעכטיגקייט, „עשיתי כדבריך״, וועל איך ערפילען דיין פאַרלאַנג. גלייך נאָכדעם ווערט איבערגעגעבען אין אייניגע פסוקים אַ מערקווירדיגער משפט, וואָס איז פאַרגעקומען פאַר דעם יונגען קעניג.

צוויי מוטערס זיינען ערשינען פאַר אים און האָבען דערציילט, אַז מיט אייניגע נעכט צוריק האָבען זיי ביידע גלייך געבוירען אַ זון יעדע. די לעצטע נאַכט אָבער האָט זיך איינע פון זיי אַרויפגעלייגט אויף איר קינד און ער איז דערשטיקט געוואָרען. ווען זי האָט עס באַמערקט, האָט זי שטילערהייט פאַר־ביטען איר טויט קינד אויף מיין לעבעדיגען. אינדערפרי, אַז איך האָב גע־

וואָלט געבען מיין קינד זויגען, האָב איך אים געפונען טויט. איך האָב זיך צו אים גוט צוגעקוקט, ערשט ער איז גאָר ניט מיינער.

דער קעניג האָט געהייסען מען זאָל ברייגגען אַ שווערד און צעשניידען דאָס לעבעדיגע קינד אויף צווייען און געבען איין האַלב צו יעדע פון די מוטערס. איינע פון זיי האָט גלייך צוגעשטימט. די צווייטע אָבער האָט זיך גענומען בעטען, גיט איר איבער דאָס לעבעדיגע קינד, אָבער טויט אים ניט. שלמה האָט דאַן אַרויסגעגעבען זיין אורטייל איבערצוגעבען דאָס לעבעדיגע קינד צו דער פרוי, וואָס האָט געבעטען אים ניט צו טויטען, ווייל זי איז די **ריכטיגע** מוטער.

מאַנכע פון די חז״ל זעהען אין דער מעשה׳לע אַ פיל טיפערע כונה. „אמר ר׳ מאיר רוחות היו״ — **רבי** מאיר זאָגט, אַז דאָס זיינען געווען צוויי גייסטער (קה״ר, א׳), און דאָס שטעלט פאָר דעם קאַמף, וואָס גייט אָן אין פילע פון די אידישע הייזער איבער דער דערציהונג פון זייערע קינדער. מאַנכע באַ־הויפּטען, אַז די בעסטע מעטאָדע איז „גזרו״, צו שניידען די דערציהונג אין צווייען. זייערע אַלגעמיינע למודים זאָלען זיי לערנען אין די גוי׳אישע שולעס און די אידישע אין תלמוד תורות אָדער סאָנדעי־סקולס. אַנדערע אָבער באַ־הויפּטען, אַז אַזאַ דערציהונג דערשטיקט דעם אידישען גייסט אין קינד און פאַרפרעמדט אים פון זיין פאָלק. אויב מיר ווילען, אַז אונזערע קינדער זאָלען בלייבען אידען, מוזען מיר זיי געבען אַ גאַנצע אידישע דערציהונג. אויך די אַלגעמיינע וויסענשאַפטען זאָלען זיי דערלערנען אין אַ אידישער סביבה, וואָס וועט זיי האַלטען געטריי צו זייער פאָלק און זיינע טראַדיציעס.

דער מדרש באַמערקט אויף דעם, דאָס צוערשט, ווען עס האָט אויסגע־וויזען, אַז שלמה איז נוטה צו דער דעה פון „גזרו״, מען זאָל די דערציהונג איבערשניידען אויף צווייען, האָבען זיינע ראַטגעבער געזיפצט און געזאָגט „אי לך ארץ שמלכך נער״ — ווי צו דעם לאַנד וועמעס קעניג איז אַ יונגער אינגעל, וואָס זוכט געפעלען צו ווערען די שכנים פון די אַרומיגע פעלקער און נאָכטאָן זייערע וועגען. ווען זיי האָבען ענדליך געהערט זיין ענדגילטיגען אור־טייל ניט צעשניידען דאָס קינד און אים איבערגעבען זיין ריכטיגער מוטער, האָבען זיי אויסגערופען: „אשריך ארץ שמלכך בן חורין״, גליקליך איז דאָס לאַנד, וואָס ווערט געפירט פון אַ קעניג, וואָס פאַרשטייט די **אמת׳ע באַדייטונג** פון פרייהייט. מיט אויפגעבען זייער אייגענאַרטיג לעבען און שניידען די דער־ציהונג פון זייערע קינדער, העלפען די אידען צו טויטען זייער פרייהייט **און**

זיי צו פאַרשקלאַפען צו דער סביבה, צו דער ניט־אידישער געזעלשאַפט. דאָס רופט זיך זעהר שלעכט אָפּ אויף דער עקזיסטענץ פון זייער פאָלק און פאַרלייג־גערט זיין גלות.

---

ג.

## רייסט ניט אויף די אויגען פון פרעמדע

**למה תתראו?**

„אמר להם יעקב לבניו: אל תראו עצמכם כשאתם שבעים לא בפני עשו ולא בפני ישמעאל, כדי שלא יקנאו בכם" — יעקב זאָגט אָן זיינע קינדער: ווייזט זיך ניט אַרויס אַלס זאַטע און צופרידענע ניט פאַר עשו'ן און ניט פאַר ישמעאל, כדי זיי זאָלען אייך ניט מקנא זיין (תענית י' ע"ב).

„נישטאָ קיין גרעסערע סכנה פאַר יעקב'ן ווי צו ווייזען זיך זאַט און לאָזען זיך ברייט גיין, ווען עשו אָדער ישמעאל הונגערט" — זאָגט רבי יונתן אייבשיץ אין זיין „יערת הדבש" — „קיין זאַך רופט ניט אַרויס אַזויפיל שנאה און קנאה קעגען דעם גאַנצען אידישען פאָלק ווי דער „למה תתראו", דאָס אַרויסווייזען זיך פאַר זאַטע און צופרידענע, ווי מאַנכע פון אונזערע אויפגעקומענע גבירים טוען גאַנץ אָפט. אויפרייסען די אויגען פון פרעמדע, איבערהויפט אין אַ „שנת בצורת", אין צייטען פון דעפּרעסיע און עקאָנאָמישע שוועריגקייטען, שטעלט אין סכנה די לאַגע פונ'ם גאַנצען אידישען פאָלק און ברייגנגט צו רדיפות און פאַר־פאָלגונגען".

אַזוי זאָגט אויך דוד המלך: „נתת שמחה בלבי מעת דגנם ותירושם רבו" — מיין האַרץ פרייט זיך בעת די גוים האָבען פיל ברויט און וויין (תהלים ד' ח'). טאָמער חלילה ווערען זיי הונגעריג, בין איך אין גרויס שרעק און סכנה.

אַט די עצה פון אונזערע חז"ל ענטהאַלט אין זיך אויך אַ פּאָליטישע וויזהייט פאַר אונזער פאָלק. מיט דעם וואָס מיר האָבען צו אָפט געציילט די אידען אין ארץ־ישראל און פאַנאַנדערגעפּויקט בקולי קולות יעדע קליינע עקאָנאָמישע דערגרייכונג אין לאַנד, האָבען מיר אויפגעריסען די אויגען פון ישמעאל, און אונזער פּאָליטישע לאַגע האָט זיך דאָרט פיל פאַרערגערט. און

מיט דעם שטופען זיך אין דער זאַגעגאַנטער העכערער געזעלשאַפט פון די ניט־אידען און וועלען אַלץ נאָכמאַכען זיי, אין שוהל, אין גאַס און אין הויז, גראָבט מען אונטער די אידישע פּאָליטישע לאַגע אין עשו׳ס לענדער אין חוץ לארץ.

„למה תתראו״? — מען דאַרף זיך היטען ניט אויפצורייסען די אויגען פון די עשו׳ס און ישמעאל׳ס „כדי שלא יקנאו בכם״, אום ניט אַרויסצורופען קעגען אונז די קנאה און שנאה פון אונזערע שכנים.

# חנוכה־געדאַנקען

## מאי חנוכה?

„רבים ביד מעטים, גבורים ביד חלשים, טמאים ביד טהורים, רשעים ביד צדיקים, זדים ביד עוסקי תורתך״.

אין דעם גרויסען זיג פון די אידען קעגען די גריכען, אין דעם קאַמף פון די חשמונאים, זיינען געשעהן פינף גרויסע נסים:

א. „רבים ביד מעטים״. די „מלכות יון הרשעה״ האָט דאַן באַהערשט דעם גאַנצען אָריענט און אַ גרויסען טייל פון אייראָפּע. פיל פעלקער זיינען געווען פון איר אונטעריאָכט און פון זיי אַלע האָט זי דאַן צוזאַמענגעשטעלט אַן אַרמיי פון הונדערטע טויזענטע חיילות, וועלכע זי האָט געשיקט געגען דעם קליינעם פאָלק ישראל. יהודה המכבי און זיינע פיר ברידער מיט אַ קליינער אַרמיי פון בלויז אַ צענדליג טויזענט, וואָס האָבען זיך דאַן אויסבאַהאַלטען אין די בערג פון מודיעין, האָבען געגען אַנטיכוס׳ן און זיין גרויסער אַרמיי אָנגעפירט אַ גערילאַ קריג, און דער גרויסער נס איז געשעהן, אַז די „רבים״, די פילע, זיינען באַזיגט געוואָרען פון די „מעטים״, דאָס קליינע הייפעלע אידישע קעמפער.

ב. „גבורים ביד חלשים״. די אַרמייען פון אַנטיכוס זיינען באַשטאַנען פון גוט געשולטע קריגער, אָנגעפירט פון באַרימטע גענעראַלען, וועלכע האָבען הינטער זיך געהאַט אַ קאַריערע אַלס גרויסע העלדען. אויסער דעם זיינען זיי געווען באַוואָפענט מיט די בעסטע קריגס־מאַטעריאַלען פון יענער צייט. די אידישע אַרמיי איז אָבער מערסטענס באַשטאַנען פון פרומע אידען, וואָס האָבען קיין מאָל קיין מלחמה ניט אָנגעפירט, און קיין געווער האָבען זיי אויך ניט געהאַט. אום צו קאָנען קעמפען געגען זייערע שונאים, פלעגען זיי דורך

די נעכט באַפאַלען די לאַגערען פון די גריכען און פאַרכאַפּען אַ קליינעם טייל פון זייערע וואָפען. און ווידער איז געשעהן אַ גרויסער נס, אַז די „גבורים", די גוט באַוואָפענטע העלדען זיינען געפאַלען פאַר די „חלשים", די שוואַכע כהנים און ישיבה בחורים, וואָס האָבען צוזאַמענגעשטעלט די קליינע אַרמיי פון די חשמונאים.

ג. „טמאים ביד טהורים". דער הויפּט ציל פון אַנטיכוס איז געווען „להעבירם מחוקי רצונך", צו פאַרטיליגען דעם אידישען גלויבען. ער האָט אינסטינקטיוו געפילט, אַז אויב די אידען וועלען זיך האַלטען אין זייער תורה, וועלען זיי קיינמאָל ניט באַזיגט ווערען. די גריכען און שפּעטער די רוימער, וועלכע האָבען באַזעסען גרויס מאַכט און באַהערשט די וועלט מיט דעם כח פון שווערד, זיינען ענדליך אונטערגעגאַנגען, און די אידען, וועלכע האָבען פון זייער תורה געלערענט, אַז די עקזיסטענץ פון פאָלק באַשטייט „לא בחיל ולא בכח כי אם ברוחי", ניט אין גרויסע אַרמייען און ניט אין מעכטיגע וואפען, נאָר אין גייסט און אמונה, האָבען איבערגעלעבט זייערע שונאים און עקזיסטירען נאָך ביז הייטיגען טאָג. די „טמאים", די אומגלויבער, זיינען באַזיגט געוואָרען פון די „טהורים", די נאָכפאָלגער פון דער ריינער און קלאָרער אמונת ישראל.

ד. „ורשעים ביד צדיקים". אויסער דעם שווערען קאַמף וואָס דאָס הייפעלע פרומע אידען, אונטער דער פירערשאַפט פון די חשמונאים, האָט געהאַט אָנצופירען קעגען אַנטיכוס'ן און זיינע מעכטיגע אַרמייען, האָבען זיי אויך געהאַט צו קעמפען קעגען אַן אינערליכען שונא, וואָס האָט געזוכט צו ברעכען די גאַנצקייט פון די אידישע רייען. צווישען די רייכע קלאַסען, וואָס זיינען געשטאַנען אין געשעפטליכע פאַרבינדונגען מיט די גריכען, האָט זיך געשאַפען אַ מעכטיגע פאַרטיי פון „מרשיעי ברית", וועלכע זיינען פאַרכאַפּט געוואָרען פון דעם אויסערליכען גלאַנץ פון דער גריכישער פילאָזאָפיע און האָבען געזוכט צו העלעניזירען די אידישע יוגענט. ווי דער שטייגער איז, האָבען זיי פאַרכאַפּט די פירערשאַפט פון דער אידישער געמיינדע. אָנשטאָט ישיבות, לעהר־אַנשטאַלטען האָבען זיי געגרינדעט „קרקסאות", ספּאָרט־פּלעצער פאַר דער אידישער יוגענט און האָבען זיך פאַרנומען איינצופירען רעפאָרמען אויך אין רעליגיעזען לעבען פון דעם פאָלק. און דער גרויסער נס איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס די גרויסע מאַסען האָבען זיך ניט געלאָזט פאַרפירען. זיי האָבען טאַקע לכתחילה ניט נאָכגעפאָלגט די אָרטאָדאָקסישע פירער און מיט זייער

שטיין פון דער וויטענס האָבען זיי געגעבען די רעפאָרמער די געלעגענהייט צו פאַרכאַפּען די אידישע קהלות און רעדען אין נאָמען פון דעם גאַנצען פאָלק. אָבער צו שטיין צו די „מרשיעי ברית״ האָבען די גרויסע מאַסען אידען ניט געוואָלט, און אין דעם באַשטייט דער גרויסער נס פון דעם אידישען קיום: „בימים ההם״, אין יענע צייטען און אויך „בזמן הזה״, אין דער איצטיגער צייט.

ה. „זדים ביד עוסקי תורתך״. דער פינפטער נס איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס די מוטווילליגע רעפאָרמער און ראַדיקאַלען זיינען פאַריאָגט געוואָרען פון דעם אידישען לאַגער. דער שווערסטען קאַמף, לויט דער געשיכטע, האָבען די חשמונאים געהאַט דורכצומאַכען קעגען די גייסטיגע פירער פון די רעפאָרמער, די כהנים פון די „מרשיעי ברית״, וועלכע האָבען מטמא געמאַכט דעם בית המקדש מיט דער געצענדינערײַ פון די גריכען. די כהונה גדולה איז געוואָרען אַ קאָרופּטע פּאָליטישע שטעלע, וואָס מען האָט געקאָנט באַקומען פאַר געלט. פריער „מענעלאַוס״ און נאָכדעם „ליזימאַכוס״ האָבען באַצאָלט גרויסע סומען כאָבאַר צום קעניג אַנטיכוס און זיינען געוואָרען די כהנים גדולים. אונטער זייער פירערשאַפט האָט מען איינגעפירט גריכישע מנהגים אין דער עבודה. מען האָט אויסגעבויט אַרענאַס, ספּאָרט־פּלעצער אויף דער עזרה, וואו די יונגע כהנים האָבען פאַרבראַכט גאַנצע טעג. דעם למוד התורה האָט מען פאַרוואָרפען און אָנשטאָט דעם האָט מען די יונגע קינדער געקאָרמעט מיט אַ מין „דזשואיש רעלידזשיעס עדיוקיישאָן״, וואָס איז באַשטאַנען פון 99 פּראָצענט העלעניזמוס און שמייכלערײַ צו די הערשענדע גריכען.

„מאי חנוכה — על איזה נס קבעוה״? (רש״י שבת כ״א ע״ב). וואָס איז חנוכה? אויף וועלכען נס האָט מען דעם יום־טוב באַגרינדעט? איז דער הויפּט־מאָטיוו דער זיג קעגען די חיילות פון אַנטיכוס אָדער די אייגענע „מרשיעי ברית״? און דער ענטפער איז העכסט אידיש און זעהר טיף.

ווען די העלעניסטען זיינען מיט דעם כוח פון דער גריכישער מאַכט אַריין אין בית המקדש, האָבען זיי מטמא געמאַכט אַלע בוימלען, וואָס האָבען זיך דאָרט געפונען. מיט זייערע נייע איינפירונגען האָבען זיי פאַראומריינינגט אַלע שיינע אידישע טראַדיציעס, וואָס האָבען די אידען געמאַכט פאַר אַן „עם סגולה וגוי קדוש״. בלויז איין קריגעלע בוימעל, אַ קליינע צאָל „קהל חסידים״, וועלכע האָבען זיך אויפגעהאַלטען אין די בערג, איז געבליבען ריין פון אַלע העלעניס־טישע טומאות, און אָט דאָס ביסעלע בוימעל האָט אָנגעהאַלטען די אידישע

ליכט פון גלויבען, וועלכע האט צוריק אויפגעשיינט נאך דעם גרויסען זיג פון די חשמונאים.

און דערפאר זאגען אונז די חכמים: „הרגיל בנר חנוכה הווין לו בנים תלמידי חכמים", דער וואס פירט איין די ליכט פון חנוכה אין זיין הויז און לאזט צו איר ניט צו קיין פרעמדע אידייען פון אנדערע גלויבענס, וועלען זיינע קינדער זיין תלמידי חכמים, אידישע געלערענטע, וועלכע וועלען פארטזעצען די אידישע אידעאלען און פארשפרייטען זייערע ליכטיגע שטראלען פאר צו־קינפטיגע דורות.

## ביי די ספרד'ישע אידען אין ירושלים

אין דער שפאנישער געמיינדע פון ירושלים עקזיסטירט א זעלטענער מנהג: דורך די אכט טעג פון חנוכה גייען ארויס די תלמוד־תורה קינדער מיט פושקעס איבער די הייזער צו קלייבען נדבות פאר דער תלמוד־תורה. זיי גייען פאר־ווייז, און אריינקומענדיג אין א הויז, זינגען זיי אויס דעם פסוק, וואס יעקב אבינו האט געזאגט צו זיינע קינדער: „שבו שברו לנו מעט אוכל" (קערט זיך צוריק און קויפט פאר אונז אביסעל עסענס).

דעם לעצטען טאג חנוכה ווערט געפראוועט א סעודה פאר די מלמדים און תלמידים, צו וועלכער עס ווערען אויך איינגעלאדען אלע בעלי־בתים פון דער שכונה. אין מיטען עסען שטעלט זיך אויף א אינגעלע מיט א זיס קול'־כעלע און זינגט אויס דעמזעלבען פסוק — און אלע פארזאמעלטע זינגען מיט. דאס ווערט איבערגע'חזר'ט דריי הונדערט מיט אכט מאל. אויף איינעם פון מיינע באזוכען אין ירושלים האב איך בייגעוואוינט אזא חנוכה סעודה פון די ספרד'ישע אידען. די גרויסע התלהבות, מיט וועלכער דער עולם האט גע־זונגען, האט מיך אויך מיטגעריסען און צוזאמען מיט די קינדער האב איך דעם פסוק איבערגעזונגען עטליכע הונדערט מאל.

איך האב אבער געוואלט וויסען דעם טעם פון דעם זעלטענעם מנהג און איך האב געבעטען דעם „חכם", זייער רב, ער זאל עס מיר דערקלערען. דא האט איר זיין דערקלערונג כמעט בוכשטעבליך:

„חנוכה ווערט געפייערט אלס זכר פון דער באנייאונג פון דעם מזבח נאך דעם זיג פון די חשמונאים איבער די גריכען און די אידישע „מרשיעי ברית". די חנוכה־ליכטלאך סימבאליזירען די יונגע קינדער, וועלכע מוזען באלויכטען

ווערען מיט דעם אור תורה, אויב מיר ווילען, אז זיי זאָלען גיין בדרך הישר. מיר שיקען דאַרום זיי אַרויס איבער די הייזער אין די טעג פון חנוכה צו קלייבען נדבות פאַר דער תלמוד־תורה, זינגענדיג דערביי דעם פסוק „שבו שברו לנו מעט אוכל", צו דערמאָנען אונזערע טאַטעס און מאַמעס, אז זיי זאָלען תשובה טאָן און ביישטייערען פאַר תורה, וואָס איז די איינציגע שפּייז פאַר אונזערע קינדער. ביים עסען זינגען מיר דעם פסוק דריי הונדערט מיט אַכט מאָל, ווייל די גימטריה פון „שבו" טרעפט אָן דריי הונדערט מיט אַכט".

ד.

## אַ פאָלק אָהן אַ לאַנד ווערט איבעראַל פאַרדעכטיגט

**כנים אנחנו, לא היו עבדיך מרגלים.**

„מי שיש לו אחוזה בארץ מקרי ,כני', שהוא מיוסד במקומו, ואין דרך לאיש כזה להיות מרגל ונודד בארץ". — ווער עס באַזיצט אַ נחלה אין אַ לאַנד, הייסט אַ בירגער, ווייל ער איז איינגעפונדעוועט אויף זיין פּלאַץ. אַזאַ מענש ווערט ניט באַטראַכט פאַר אַן ארומטרייבער און וואַנדערער אין קיין לאַנד (העמק דבר).

די פּיינטליכע אויפנאַמע, וואָס די אידישע שבטים האָבען געקראָגען ביי זייער אָנקומען נאָך מצרים, גיט אונז אַ קלאָר בילד פון דער טרויעריגער פּאָליטישער לאַגע, אין וועלכער אַ וואַנדער־פאָלק געפינט זיך אין אַלע לענ־דער, וואו ער שלאָגט אָן. די אידען זיינען ניט געווען די איינציגע, וואָס זיינען געקומען נאָך מצרים איינצוקויפען שפּייז. „ויבאו בני ישראל לשבר בתוך הבאים", יעקב'ס קינדער זיינען געקומען האַנדלען צוזאַמען מיט אַ סך אַנדערע פעלקער פון די לענדער, וואָס האָבען דאַן געליטען פון דעם גרויסען הונגער, וואָס האָט געהערשט איבער'ן גאַנצען אָריענט. קיין אַנ־דערע אינטערעסען האָבען די שבטים ניט געהאַט אין מצרים. זיי האָט ווייניג געאַרט צו וויסען פון ווען דאָס לאַנד ווערט באַהערשט און וואָס זיינען דאָרט די עקאָנאָמישע און פּאָליטישע איינריכטונגען. אַלץ, וואָס זיי האָט אינטערעסירט, איז געווען „כי היה הרעב בארץ כנען" — דער הונגער האָט אויך דערגרייכט דאָס לאַנד כנען און אירע פעלדער ליגען פאַרטריקענט,

די פּראָדוקציע האָט זיך אָפּגעשטעלט, זייערע פאַמיליעס ליידען נויט, און זיי דאַרפען וואָס שנעלער איינקויפען די נויטיגע שפּייז און פּראָוויאַנט צו פאַרהיטען אַ קאַטאַסטראָפע.

אַלע פאַרשטייער פון אַנדערע לענדער, וואָס זיינען אָנגעקומען איינ־צוהאַנדלען זייערע הצטרכות'ען אין מצרים, ווערען פון די באַאַמטע אויפ־גענומען מיט צופרידענהייט און גאַסט־פריינטשאַפט, ווי מען באַהאַנדעלט סוחרים פון פרעמדע לענדער. די אידען, אָבער, נעמט מען אויף מיט רוגזה און פיינטשאַפט. „ויתנכר עליהם", די אויפזעהער מאַכען זיך צו זיי פרעמד, מען קוקט אויף זיי מיט פאַרדאַכט. „וידבר אתם קשות", מען רעדט מיט זיי האַרטע רייד, אין אַ שטרענגען טאָן, ווי זיי וואָלטען געווען פאַרברעכער. כאָטש זייערע פּאַפּירען ווייזען קלאָר, פון וואַנען זיי קומען און צוליב וועלכען צוועק, גלויבט מען זיי אָבער ניט, און מיט אַ כוונה, וואָס מעהר זיי צו דער־נידעריגען, פרעגט מען זיי איבער: „מאין באתם"? פון וואַנען קומט איר? וואָס איז אייער אַבזיכט דאָ אין מצרים? אויף זייער ענטפער, אַז זיי קומען פון כנען און זייער צוועק איז „לשבר אוכל", איינצוהאַנדלען שפּייז, טשעפּעט מען זיך צו זיי און מען באַשולדיגט זיי אין שפּיאָנאַזש. „מרגלים אתם, לראות את ערות הארץ באתם", איר זענט שפּיאָנען, שרייען די באַאַמטע, אויסצופאָרשען די שוואַכע פונקטען פון דעם לאַנד זענט איר געקומען.

די ברידער זיינען שטאַרק איבערראַשט פון זייער אָפענער פיינטשאַפט און באַקלאָגען זיך: „בעלילה אתה בא עלינו" — מיט אויסגעטראַכטע בלבולים פאַלסטו אָן אויף אונז. „כמה מדינות ירדו לכאן ליקח אוכל, כלום שאלת להם כמו ששאלת לנו"? — מענשען פון פאַרשיידענע מדינות קומען אַהער קויפען שפּייז, פרעגסטו זיי אויך די זעלבע פראַגען? (ב"ר צ"ג). „כנים אנחנו", מיר זיינען בירגער פון אַן אייגען לאַנד, וואו מיר זיינען איינגעפונ־דעוועטע באַלעבאַטים, „לא היו עבדיך מרגלים", מיר זיינען ניט קיין אַרומ־טרייבער, אָדער סתם וואַנדערער, ווי וואַגסטו אונז צו באַשולדיגען אין שפּי־אָנאַזש, אָדער אַנדערע פאַרברעכענס?

אין די עטליכע ווערטער ווערט בולט אָנגעדייט די איינציגע רפואה פאַר דעם שטאַרק־אָנגעווייטאָגטען אידישען פּראָבלעם. כל־זמן מיר וועלען ניט האָבען אַן אייגענע שטיקעל מלוכה אין אונזער אייגען היימלאַנד, וועלען מיר איבעראַל באַטראַכט ווערען פאַר די אינטערנאַציאָנאַלע „מרגלים" פון דער וועלט. יעדע ראַדיקאַלע באַוועגונג, וואָס וואַגט צו קריטיקירען די

„ערות הארץ", די שוואכקייט פון אַ לאַנד, וועט צוגעשריבען ווערען צו אונז; מען וועט אונז שטענדיג באַשולדיגען אין אומטרייקייט צו די רעגירונגען, וואו מיר געפינען זיך, און מיט אונזער בלוט וועלען זיי זוכען איינצושטילען די שטורמישע כוואַליעס, וואָס ברעכען אויס קעגען זיי.

מיר מוזען זוכען צו ווערען „כנים", איינגעפונדעוועטע בירגער אין אַן אייגען לאַנד, און אונזער פּאָליטישע לאַגע וועט איבעראַל פיל פאַרבעסערט ווערען.

„וחטאתי לך כל הימים" — איך וועל בלייבען פאַרזינדיגט קעגען דיר אַלע מיינע יאָרען.

„כל אותן מ' שנה שהיו ישראל במדבר עצמותיו של יהודה היו מגולגלין בארון עד שעמד משה ובקש עליו רחמים", — די אַלע פערציג יאָר, וואָס די אידען האָבען געוואַנדערט אין דער מדבר, האָבען זיך די ביינער פון יהודה געקייקעלט אין ארון, ביז משה האָט זיך אויפגעשטעלט און געבעטען אויף אים רחמים (מכות י"א ע"ב).

דער גורם, דער הויפּט שולדיגער, וואָס האָט געבראַכט דערצו, אַז יעקב מיט אַלע זיינע קינדער האָבען סוף כל סוף עוקר געווען פון זייער אייגען לאַנד און זיינען שפּעטער פאַרשקלאַפּט געוואָרען אין מצרים, איז געווען יהודה. אַלס דער „גביר אחיו", דער פירער פון זיינע ברידער, האָט ער זיך געקאָנט איינשטעלען פאַר יוסף'ן, אים ראַטעווען פון די הענט פון די איבעריגע ברידער, און אים ברענגען צוריק צו זיין פאָטער. ער האָט אים אָבער אויך פיינט געהאַט און געוואָלט פון אים פּטור ווערען. אַנשטאָט צו טויטען אים, האָט ער פאַר איב אויסגעקליבען אַ פיל שווערערע שטראָף און אים פאַרקויפט פאַר אַ שקלאַף. דאָס האָט געפירט צו העכסט טרויעריגע קאָנסעקווענצען פאַר אַלע יעקב'ס קינדער, וועלכע האָבען זיך געמוזט וואַלגערען אין גלות און שקלאַפען אין מצרים הונדערטער יאָרען.

ווי אַנדערש וואָלט אויסגעזעהן די אידישע געשיכטע, ווען ניט די שרעקליכע געשעהעניש פון „מכירת יוסף", וואָס האָט געפירט צום אידישען אונטערגאַנג פאַר לאַנגע דורות! פּראָפעטיש קלינגען די ווערטער פון יעקב צו זיינע קינדער! ער זאָגט צו זיי: „רדו שמה" — נידערט אַרונטער דאָרט אין מצרים און קויפט איין שפּייז. „היה לו לכתוב לכו שמה" — עס האָט דאָך געדאַרפט געשריבען ווערען „גייט אַהין", פרעגט דער מדרש, „אלא שראה שיורדין ומשתעבדין במצרים", דאָס איז נאָר צוליב דעם, ווייל ער

האָט געזעהן בנבואה, אַז זיי וועלען אַרונטערנידערען און פאַרשקלאַפט ווערען אין מצרים (ב"ר פצ"א).

יהודה, וועלכער איז געווען דער הויפט גורם פון דער קאַטאַסטראָפע, האָט קיין רו ניט געקאָנט געפינען — ניט אויף דער ערד און ניט אין קבר. דער גלות שיקט זיינע מחבלים צו שענדען אידישע קברים, אַזוי גוט ווי די אידישע היימען. אויך אין די פערציג יאָר, וואָס די אידען האָבען זיך גע־וואַלגערט אין דער מדבר, האָבען זיינע ביינער זיך אַרומגעוואָרפען אין ארון. כאָטש אידען זיינען שוין דאַן געווען קערפערליך פריי, זיינען זיי אָבער גייסטיג נאָך אַלץ געשטאַנען אונטער דער השפעה פון דעם פינסטערען גלות. ביי יעדער שוועריגקייט, ביי יעדען קאַמף, וואָס זיי האָבען געהאַט דורכ־צומאַכען פאַר זייער פרייהייט, האָבען זיי זיך געריסען צוריק קיין מצרים. און יהדה'ס ביינער האָבען קיין רו ניט געקאָנט געפינען ביז משה האָט מיט זיינע לערען באַפרייט די אידען אויך מאָראַליש און גייסטיג.

---

# הפטרה

## דער קאַשמאַר פון אידישע חלומות

**ויקץ שלמה והנה חלום.**

„אמר ר' ישמעאל, באותו לילה שהשלים שלמה מלאכת בית המקדש נשא בתיה בת פרעה, ובאותה שעה עלתה במחשבה לפני הקב"ה להחריב את ירושלים" — רבי ישמעאל האָט געזאָגט: אין יענער נאַכט, ווען שלמה האָט פאַרענדיגט די אַרבייט פון בית המקדש, האָט ער געהייראַט בתיה, די טאָכטער פון פרעה, און אין דער שטונדע איז אַרויף אויפ'ן געדאַנק פון דעם אויבערשטען מיט דער צייט חרוב צו מאַכען ירושלים (ילקוט משלי).

די פאַסירונגען, וואָס ווערען געשילדערט אין דער היינטיגער סדרה און אויך אין דער הפטרה, וועבען זיך אַרום צוויי חלומות, וואָס צוויי גרויסע קעניגען האָבען געטרוימט, און זייער פתרון, זייער באַשיידונג, האָט אויס־געאיבט אַ גרויסען איינפלוס אויף דעם גאַנג פון דער אידישער געשיכטע:

דער מעכטיגער פרעה, דער הערשער פון מצרים, זעהט איינמאָל אין

חלום, ווי זיבען מאָגערע קי שלינגען איין זיבען פעטע; אַ צווייטען מאָל זעהט ער, ווי זיבען פוסטע און אויסגעטריקענטע זאַנגען שלינגען איין זיבען פולע און געזונטע זאַנגען. ער פאַרשטייט ניט ביידע חלומות, אָבער זיין האַרץ זאָגט אים, אַז גרויסע ענדערונגען אין דער עקאָנאָמישער סטרוקטור פון לאַנד האַלטען איין אָנקומען, און זיכערע מיטלען מוזען געפונען ווערען ווי אַזוי צו פאַרהיטען אַ נאַציאָנאַלע קאַטאַסטראָפע. זיינע חכמים און ראַט־געבער פאַרשטייען אויך ניט זיינע חלומות, און די עצות, וואָס זיי גיבען אים, געפעלען אים ניט.

איינער פון זיינע מיניסטאָרען, דער „שר המשקים", דערציילט אים, אַז ווען ער און דער „שר האופים" זיינען געזעסען אין תפיסה, האָבען זיי ביידע געזעהן אין חלום אַן אומפאַרשטענדליכע זאַך. „ושם אתנו נער עברי" — אָבער דאָרטען איז מיט אונז אויך געווען אַ אידישער יונגערמאַן, וועל־כער האָט אונז דעם חלום דערקלערט. „כאשר פתר לנו כן היה" — און ווי ער האָט אונז פותר געווען, אַזוי האָט עס טאַקע פּאַסירט. ער ראָט דעם קעניג צו שיקען נאָך דעם יונגען אידען און אים פרעגען, אויב ער קאָן דעם חלום דערקלערען. און אָט אַזוי ווערט דער יונגער יוסף געבראַכט פאַר דעם קע־ניג פרעה.

יוסף'ס פּלענער ווערען פון פרעה'ן אַקצעפּטירט און ער באַשטימט אים פאַר זיין „שני למלך", פאַר אַ וויצע־קעניג, און שטעלט דאָס גאַנצע לאַנד אונטער זיין פירערשאַפט. יוסף הייראַט מיט אַ פּרינצעסין, וואָס דער קעניג גיט אים, און ער ווערט רייך און מעכטיג. דאָס פירט אָבער צו טרויעריגע רעזולטאַטען פאַר'ן אידישען פאָלק. צוליב יוסף'ס גרויסקייט אין אַ פרעמד לאַנד, פאַרלאָזען ענדליך יעקב מיט זיינע קינדער זייער אייגען פאָטערלאַנד און וואַנדערען אויס נאָך מצרים. צוערשט ווערען זיי באַהאַנדעלט ווי גוטע געסט, אָבער ביסלעכווייז ווערט זייער לאַגע געענדערט. איבערהויפּט מיט יאָרען שפּעטער, נאָך יוסף'ס טויט, ווערען פאַרגעסען זיינע גרויסע לייס־טונגען פאַר דעם לאַנד, זיינע ברידער, די אידען, ווערען פאַרהאַסט און ענד־ליך פאַרשקלאַפט פאַר לאַנגע הונדערטער יאָרען.

די היינטיגע הפטרה איז אַ פאָרטזעצונג פון די פריערדיגע קאַפּיטלעך אין מלכים א', וואָס דערציילען ווי אַזוי דער יונגער שלמה איז געקומען צו זיין פאָטער'ס טראָן און האָט זיך פאַרנומען צו בויען דעם בית המקדש. די גאַנצע צייט, וואָס די בוי־אַרבייט איז אָנגעגאַנגען, טראָגט זיך שלמה אַרום

מיט גרויסע חלומות. ער טרוימט פון גרינדען אַ „בית תפלה לכל העמים“, אַ געבעט־הויז פאַר אַלע פעלקער. ער חלומ׳ט פון אַ מין „אַטלאַנטיק טשאַרטער“, וועלכער זאָל גאַראַנטירען די דעמאָלסדיגע וועלט מיט אַן אמת׳ער דעמאָקראַטיע. אַלע פעלקער זאָלען לעבען בשלום און דינען צו איין גאָט.

צו דערזעלבער צייט אָבער הייראַט שלמה מיט אַ פרעמדער פרינצעסין, בתיה, די טאָכטער פון פרעה, און דער אויבערשטער באַשליסט מיט דער צייט חרוב צו מאַכען ירושלים און ווייטער פאַרטרייבען די אידען אין גלות...

„ויקץ פרעה והנה חלום“, „ויקץ שלמה והנה חלום“ — אָט אַזוי ציט זיך די קייט פון אידישע חלומות איבער אַלע דורות און אַלע צייטען. דער גאַנצער אידישער לעבען ווייזט אויס צו זיין איין גרויסער חלום, וואָס וואַרט אויף אַ געלעגענהייט איינמאָל־פאַר־אַלעמאָל באַשיידען צו ווערען. דערווייל האָט זיך נאָך קיינער ניט געפונען, וואָס זאָל דעם אומפאַרשטענדליכען חלום קאָנען ריכטיג פותר זיין, און ער ציט זיך שוין פאַר טויזענטער יאָרען לאַנג. כאָטש אויפ׳ן וואָר זעהט דער איד גאָר ניט, וואָס זאָל אים געבען מוט און האָפענונג צו לעבען ווייטער, געפינט ער אָבער אין דעם קאָשמאַר, אין דעם סוד פון זיין גרויסען חלום, דעם ענטפער פאַר זיין אומאונטערבראָכענער עקזיסטענץ. ער ליידט און לעבט, ווערט פאַרפאָלגט אָדער באַפריינדעט ניט נאָר צוליב זיינע אייגענע חלומות, נאָר אויך צוליב די חלומות, וואָס אַנדערע טראָגען זיך מיט זיי אַרום...

## ה.

## יעקב רופט גאָט „שדי“, ער זאָל זאָגען גענוג צו זיינע צרות

## ואל שדי יתן לכם רחמים.

„כך אמר יעקב אבינו: מי שעתיד לומר ליסורין די, יאמר לצרותי די“ — אַזוי האָט געזאָגט אונזער פאָטער יעקב: דער גאָט, וואָס וועט אַמאָל זאָגען צו אַלע יסורים גענוג, זאָל שוין זאָגען צו מיינע צרות גענוג (ילקוט שמעוני רמ״ז קמ״ט).

„ויהי מקץ שנתים ימים“ — דאָס איז פאָרגעקומען צום סוף פון צוויי יאָר, נאָך דעם ווי ער האָט ריכטיג באַשיידען די חלומות פון דעם „שר המשקים“ און דעם „שר האופים“. כאָטש דער „שר המשקים“ האָט אים

הייליג פֿאַרשפּראָכען, אַז ער וועט זיך פֿאַר אים מיען ביים קעניג, אַז ער זאָל אים באַפֿרייען, אָבער „ולא זכר שר המשקים את יוסף וישכחהו", דער שר המשקים געדענקט ניט יוסף'ן און האָט אים פֿאַרגעסען. ערשט אין צוויי יאָר אַרום, אַז „ופרעה חולם חלום", אַז דער קעניג אַליין זעהט עפּעס אין חלום, וואָס קיינער פֿאַרשטייט ניט, און ער איז שטאַרק אויפֿגערעגט קעגען זיינע חכמים און די האַף־הערען, פֿאַרוואָס זיי קאָנען ניט פּותר זיין דעם חלום, דערמאָנט זיך דער שר המשקים אין יוסף'ן. דער מדרש וויל האָבען, אַז טאַקע צוליב דעם, וואָס יוסף האָט זיך פֿאַרלאָזען אויף דער הבטחה פֿון דעם שר המשקים, האָט אים גאָט באַשטראָפֿט מיט נאָך צוויי יאָר תפיסה. ער האָט צו אים געזאָגט: „אתה השלכת בטחוני ובטחת בשר המשקים, לכן תשתכח ב' שנים" — דו האָסט אַוועקגעוואָרפֿען דיין בטחון אין מיר און האָסט זיך פֿאַרלאָזט אויף דעם שר המשקים, דערפֿאַר וועסטו פֿאַרגעסען ווערען פֿאַר נאָך צוויי יאָר (תנחומא).

יוסף ווערט געבראַכט אין קעניגליכען הויף און די באַשיידונגען, וואָס ער האָט געגעבען אויף פּרעה'ס חלומות, נעמען שטאַרק אויס ביים קעניג, און ער באַשליסט אים צו מאַכען פֿאַר זיין פֿאַרוואַלטער. אויף דער איינווענדונג פֿון זיינע „איצטגנינים", וועלכע האָבען פּראָטעסטירט: „עבד שלקחו רבו בעשרים כסף תמשילהו עלינו"? — אַ קנעכט, וואָס זיין באַלעבאָס האָט אים געקויפֿט פֿאַר צוואַנציג גילדען, גייסטו מאַכען פֿאַר אַ הערשער איבער אונז? ענטפֿערט ער זיי: „גנוני מלכות אני רואה בו" — איך זעה אין אים קעניג־ליכע זיטען (סוטה ל"ו). און ווידער: „הנמצא כזה איש אשר רוח אלקים בו"? — געפֿינט זיך נאָך אַזאַ מאַן, וואָס באַזיצט אַ געטליכען גייסט? ער איז דער פֿעהיגסטער מענש אין מיין מלוכה און איז ראוי פֿאַר דעם אַמט. רבי יצחק יעקב ריינעס ז"ל באַמערקט, אַז מיט דעם האָט זיך פּרעה געזוכט צו פֿאַרענטפֿערען פֿאַר זיינע מענשען: ווען איך וואָלט געוועהן געפֿונען אַן אַנדערען, וואָס איז פֿעהיג פֿאַר אַזאַ אַרבייט, וואָלט איך אוודאי נישט באַ־שטימט אַ אידען פֿאַר אַזאַ הויכען פּאָסטען. וואָס זאָל איך אָבער טאָן, אַז איך קאָן קיין אַנדערען ניט קריגען?

ביין יאָר זיינען פֿאַראיבער זינט יוסף איז אויפֿגענומען געוואָרען פֿאַר אַ „שני למלך" איבער מצרים. פֿאַר דער צייט איז ער רייך און מעכטיג גע־וואָרען. זיינע פֿאַרגעשלאָגענע פּלענער ווי צו פֿאַרהיטען דאָס לאַנד פֿון דעם גרויסען הונגער, וואָס ער האָט אַרויסגעלייענט פֿון פּרעה'ס חלומות, זיינען

פון אים דורכגעפירט געוואָרען דערפאָלגרייך. שוין צוויי יאָר ווי עס הערשט אַ שרעקליכער הונגער איבער אַלע לענדער פון דער דעמאָלטדיגער וועלט. בלויז מצרים איז געראַטעוועט געוואָרען דורך דער חכמה און פעהיגער פאַר־וואַלטונג פון יוסף׳ן. פון אַלע לענדער האָט מען זיך געצויגען נאָך מצרים צו קויפען תבואה. „כל כסף וזהב שבעולם לקט יוסף והביאם מצרימה״ — דאָס גאַנצע זילבער און גאָלד פון דער וועלט האָט יוסף אויפגעקליבען און געבראַכט נאָך מצרים. פרעה׳ס רעגירונג האָט געטאָן וואונדערבאַרע גע־שעפטען (פסחים קי״ט).

פרעה האָט יוסף׳ן שטאַרק באַלוינט פאַר זיין געטריישאַפט און גרויסע פעהיגקייטען. צו פאַרדעקען זיין אידישען שטאַם, וואָס די מצריים האָבען שטאַרק פיינט געהאַט, גיט ער אים אַ נייעם נאָמען „צפנת פנעח״ און פאַר־הייראַט אים צו אַ פּרינצעסין, די טאָכטער פון זיין געוועזענעם האַר. זיין פאָטער יעקב מיט זיינע ברידער האָבען ניט געקאָנט וויסען, אַז דער גרויסער פאַרוואַלטער פון מצרים איז גאָר יוסף. אָבער ער אַליין האָט דאָך גוט גע־וואוסט וואו זיין פאָטער, וועלכער האָט אים אַזוי ליב געהאַט, געפינט זיך. וואָרום־זשע האָט יוסף ניט געלאָזט וויסען זיין פאָטער, אַז ער לעבט און אַז עס האָט אים באַגליקט? אונזערע חז״ל גיבען אָן אויף דעם פאַרשידענע טעמים. אָבער פון פסוק ווייזט אויס, אַז די שנאה, וואָס ער האָט געטראָגען קעגען זיינע ברידער, האָט נאָך געברענט אין זיין האַרצען. דעם ערשטען זון זיינעם גיט ער אַ נאָמען מנשה — „כי נשני אלקים את כל עמלי ואת כל בית אבי״, ווייל גאָט האָט מיר געמאַכט צו פאַרגעסען אַלע מיינע מאַטערנישען און דאָס גאַנצע הויז־געזינד פון מיין פאָטער.

„ויבאו בני ישראל בתוך הבאים, כי היה הרעב בארץ כנען״ — און יעקב׳ס קינדער קומען אויך קיין מצרים איינצוקויפען שפייז, ווייל דער הונגער דערגרייכט דאָס לאַנד כנען. צען זיינען זיי געוועזן, ווייל דעם איינגערען ברו־דער, בנימין, האָט יעקב ניט געלאָזט גיין מיט זיי. יוסף דערקענט גלייך זיינע ברידער, אָבער „ויתנכר עליהם״ — ער מאַכט זיך פרעמד צו זיי, „נעשה להם כנכרי״ — ער באַהאַנדעלט זיי ווי אַ פרעמדער, ווי אַ שונא (ב״ר צ״ג). „וידבר אתם קשות״ — ער רעדט מיט זיי האַרטע רייד און באַשולדיגט זיי אין שפּיאָנאַזש. „מרגלים אתם, לראות את ערות הארץ באתם״ — איר זענט שפּיאָנען, זאָגט ער צו זיי, אויסצופאָרשען די שוואַכע פונקטען פון לאַנד זענט איר אַהער געקומען. און אַז ער הערט פון זיי, אַז זיי האָבען אַ איינגערען

ברודער, ווענען זיי האָבען איבערגעלאָזען מיט׳ן פאָטער, באַפעהלט ער זיי: „ואת אחיכם הקטן תביאו אלי״ — אייער קלענערען ברודער זאָלט איר ברייננען צו מיר. און אַלס משכון נעמט ער פון זיי אַוועק זייער ברודער שמעון און פאַרשפּאַרט אים אין תפיסה פאַר זייערע אויגען.

ווען די שבטים זיינען צוריקגעקומען פון מצרים מיט דער טרויעריגער בשורה, אַז דער הערשער פון לאַנד האָט פאַרהאַלטען זייער ברודער שמעון אַלס משכון, אַז זיי ווילען אים ברענגען זייער אינגערען ברודער בנימין, ווערט יעקב אַן אויפגעציטערטער. „צווח אוי לי, כמה שחשבתי מן אבותי להעמיד שנים עשר שבטים, הריני פוחת והולך״ — ער האָט געשריען: ווי איז מיר, איך בין אויסגעקליבען געוואָרען פון מיינע עלטערען אויפצושטעלען צוועלף שבטים, איך ווער דאָך אַלץ ווייניגער און ווייניגער. „יוסף איננו, שמעון איננו ואת בנימין תקחו, עלי היו כולנה״ — יוסף איז מער ניטאָ, שמעון איז ניטאָ און איצט ווילט איר אַוועקנעמען בנימינ׳ען. דאָס אַלץ וועט אויסגיין צו מיר. איך וועל פאַר דעם מוזען אָפּגעבען דין וחשבון (אגדת בראשית ע״ב). עלטערען זיינען פאַראַנטוואָרטליך פאַר זייערע קינדער. „כל מי שבניו אבודים קרוי שכול״ — אַ פאָטער, ביי וועמען זיינע קינדער גייען פאַרלאָרען, ווערט אָנגערופען אַ באַרויבטער, ווייל ער ווערט באַרויבט פון זיין צוקונפט (רש״י).

אַז דער הונגער שטאַרקט זיך אין לאַנד און די תבואות, וואָס זיי האָבען געבראַכט פון מצרים, לאָזען זיך אויס, שטימט ענדליך יעקב איין צו שיקען בנימינ׳ען מיט זיי. אָבער איידער זיי מאַכען די נסיעה הייסט ער זיי „קחו מזמרת הארץ — דברים שהן מזמרין עליהם ותמהין כשיראו אותם״ — נעמט מיט זיך אַזעלכע זאַכען, וואָס באַזינגען דאָס לאַנד און רופען אַרויס באַוואונדערונג ביי יעדען, וואָס זעהט זיי (מדרש הגדול). אַז אידען לאָזען זיך אַרויס אין פרעמדע לענדער, זאָלען זיי אימער פירען מיט זיך די שיינע זייטען, וואָס זיי האָבען געלערענט אין זייער אייגען לאַנד. זיי זאָלען קיינמאָל ניט זוכען צו פאַרבייטען זייערע מנהגים. די יעניגע, וועלכע זיינען ניט געטריי זייערע אייגענע טראַדיציעס, ווערען ווייניג וואָס באַגלויבט און געאַכט פון אַנדערע.

פאַר זייער אַוועקפאָרען בענשט ער זיי מיט אַ ברכה, אין וועלכער ער רופט אָן גאָט מיט אַ נייעם נאָמען. ער זאָגט זיי: „ואל שדי יתן לכם רחמים לפני האיש״ — דער גאָט שדי זאָל אייך געבען דערבאַרמונג ביים הערשער דאָרט. דער נאָמען „שדי״ דערשיינט דאָ צום ערשטען מאָל און אַנטהאַלט

אַ טיפזיניקע באַדייטונג. לויט׳ן מדרש, האָט דאָ יעקב, אין בלויז עטליכע ווערטער, אויסגעדריקט די טרויעריגע געשיכטע פון זיין לעבען און וויל וויסען פון גאָט, ווען עס וועט שוין נעמען אַ סוף צו זיינע צרות. „מה ראה יעקב לברכם באל שדי? ללמדך שהרבה יסורין עברו עליו" — וואָס האָט דאָ יעקב געפונען פאַר נויטיג זיי צו בענשען אין נאָמען פון שדי? דאָס איז דיר צו לערנען, אַז אין דעם וואָרט ווערען אויסגעדריקט די פילע יסורים, וואָס ער האָט דורכגעמאַכט (תנחומא).

„עד שהיה במעי אמו היה עשו מריב עמו" — ווען ער איז נאָך געווען אין זיין מוטער׳ס בויך, האָט זיך זיין ברודער עשו אַרומגעקריגט מיט אים און אים ניט געלאָזט רוען. שפּעטער־צו מוז ער צוליב אים פאַרלאָזען זיין פאָטער׳ס הויז און זיך וואַלגערען אין דער פרעמד. נאָך עשו׳ן קומט לבן, וואָס דערגייט אים די יאָרען פאַר גאַנצע צוואַנציג יאָר. און דאַן ווידער זיין ברודער עשו. ווערט ער געראַטעוועט פון זייביידען, קומט אויף אים אַן די צרה מיט זיין טאָכטער דינה, וואָס האָט געפירט צו אַ בלוטיגען קריג מיט זיינע אַרומיגע שכנים.

„אחר כל הצרות בקש לנוח קמעא, באה עליו צרת יוסף" — נאָך די אַלע צרות וויל ער שוין רוען אַביסעל, קומט אויף אים די צרה פון יוסף, נאָך וועמען ער קלאָגט נאָך און קאָן זיך ניט טרייסטען. „עתה באה עליו צרת שמעון וצרת בנימין" — איצט קומט אויף אים אַ נייע צרה: זיין זון שמעון האַלט מען געפאַנגען און מען וויל נאָך פון אים אַוועקנעמען זיין אינגסטען זון בנימין. „לפיכך היה מתפלל באל שדי ואמר: מי שעתיד לומר ליסורין די יאמר לצרותי די" — דעריבער האָט ער תפילה געטאָן און אָנגערופען גאָט מיט׳ן נאָמען „שדי", וואָס מיינט גענוג מעכטיג, ווייל ער האָט געזאָגט: דער אַלמעכטיגער גאָט, וואָס האָט בכוח צו מאַכען אַ סוף צו אַלע יסורים, זאָל שוין זאָגען צו מיינע יסורים גענוג און מאַכען אַ סוף צו אַלע מיינע צרות (תנחומא).

# הפטרה

## די פאַרווירקליכונג פון גרעסטען אידישען חלום

**ויעש משתה לכל עבדיו.**

„מכאן שעושים סעודה לגמרה של תורה" — פון דאַנען איז געדרונגען, אַז מען מאַכט אַ סעודה, ווען מען פאַרענדיגט די תורה (פסיקתא רבתי).

אי די סדרה, אי די הפטרה פאַנגען זיך אָן מיט אַ „ויקץ", מיט אַ דערוואַכונג נאָך אַ גרויסן חלום. די סדרה הויבט זיך אָן מיט „ויקץ פרעה והנה חלום" — פרעה האָט דערוואַכט פון אַ חלום. אויך די הפטרה הויבט זיך אָן מיט „ויקץ שלמה והנה חלום" — דער קעניג שלמה האָט דערוואַכט פון אַ חלום. דער באַשיידער פון דעם ערשטען חלום איז געווען יוסף, אַ „נער עברי", אַ אידישער יונגערמאַן, וועלכער האָט מיט זיין חכמה געראַטעוועט אַ פרעמד פאָלק און פרעמד לאַנד פון אַן עקאָנאָמישען קריזיס, וואָס האָט געדויערט בלויז זיבען יאָר. דער אויסטייטשער פון דעם צווייטען חלום איז געווען שלמה, אַ יונגער אידישער קעניג, וואָס האָט פאַרהיט זיין פאָלק פון אַ גייסטיגען קריזיס אין אַלע לענדער און אין אַלע צייטען. דער ערשטער חלום האָט געפירט פרייע אידען אין גלות אַריין און זיי דאָרט געמאַכט פאַר שקלאַפען. דער צווייטער חלום האָט אָבער די אידען געמאַכט פאַר „בני חורין", פאַר פרייע גייסטער, וואָס האָבען זיך מער קיינמאָל ניט געלאָזען פאַרשקלאַפט צו ווערען.

שלמה המלך איז נאָך געווען גאָר אַ יונגער אינגעל, ווען ער איז באַשטיגען זיין פאָטער׳ס טראָן, און זיין ערשטע גרויסע אונטערנעמונג איז געווען צו בויען דעם בית המקדש אין ירושלים. אָט דער „בית אלקים", איבער וועלכען אונזער פאָטער יעקב האָט נאָך גע׳חלומ׳ט ליגענדיק צווישען די האַרטע שטיינער אין דער וויסטע אַרום „ארם נהרים" און איבער וועלכען עס האָבען גע׳חלומ׳ט אַלע גרויסע אידישע גייסטער אין די שפּעטערדיגע דורות, איז באַשערט געווען, אַז שלמה זאָל אים בויען און פאַרווירקליכען. ער שרעקט זיך אָבער פאַר דער גרויסער אונטערנעמונג. ווי וועט ער, אַ „נער קטן לא אדע צאת ובא", אַ יונגער אינגעל, וואָס ווייסט נאָך ניט וואו איין און וואו אויס, קאָנען דורכפירען אַזאַ דערהאַבענע מיסיע, צו וועלכער קיינער פון זיינע גרויסע עלטערען האָבען ניט זוכה געווען?

און אין זיין צוטריט צו פאַרווירקליכען אָט דעם גרויסען חלום, טרוימט ער אַליין אויך און ער הערט די ווערטער פון גאָט, וואָס זאָגט צו אים: „שאל מה אתן לך"? — בעט, וואָס זאָל איך דיר געבען, און ער ענטפערט אים: „ונתת לעבדך לב שומע לשפט את עמך להבין בין טוב לרע" — גיב דיין קנעכט אַ פאַרשטענדיג האַרץ צו קאָנען משפט'ן דיין פאָלק און פאַרשטיין פון גוט ביז שלעכט. און דעם אויבערשטען געפעלט זעהר זיין בקשה און ער זאָגט צו אים: „לא שאלת לך ימים רבים, ולא שאלת לך עושר, ולא שאלת לך נפש אויבך" — דו האָסט פאַר זיך ניט געבעטען לאַנגע יאָר, דו האָסט אויך ניט געבעטען רייכקייט און האָסט אויך ניט געבעטען דאָס לעבען פון דיינע פיינט, בלויז צו פאַרשטיין גערעכטיגקייט, „עשיתי כדבריך", וועל איך דערפילען דיין פאַרלאַנג.

„ויקץ שלמה והנה חלום" — און שלמה דערוואַכט און הויבט אָן צו פאַרשטיין די באַדייטונג פון דעם גרויסען אידישען חלום. ניט רייכטימער זיינען דער תכלית פון לעבען, ניט צו פאַרכאַפּען די עקאָנאָמישע רעסורסען פון דער וועלט מאַכט אַ פאָלק צו זיין גרויס און לעבען אייביג, ניט צו באַזיגען זיינע שונאים איז דער הויפּט־ציל פון דעם אידישען פאָלק. „להבין בין טוב לרע" — צו פאַרשטיין און קאָנען אונטערשיידען פון גוט ביז שלעכט, כדי די גאַנצע מענשהייט זאָל קאָנען לעבען פריי און אומגעשטערט — דאָס איז דער תמצית דער הויפּט מאָטיוו פון דעם אידישען געדאַנק, וועלכער וועט אַרויסקומען פון דעם גרויסען געטליכען הויז, וואָס ער האָלט איצט אין בויען.

„ויבא ירושלים ויעמד לפני ארון ברית ה'" — און ער קומט נאָך ירושלים און שטייט שטאָלץ און מוטיג פאַר דעם ארון, וואו עס ליגט די אידישע תורה. ער פילט ביי זיך, אַז ער איז דערגאַנגען דעם גרויסען פתרון צו זיין פאָלק'ס חלום, דעם גרויסען סוד פון זיין אומשטערבליכקייט. „ויעש משתה לכל עבדיו" — און ער מאַכט אַ גרויסען מאָלצייט פאַר זיינע אונטערטאַנען. ער פרייט זיך מיט זיין גרויסען אויפטו און וויל, אַז אַלע זאָלען זיך מיט אים מיטפרייען. אויף דעם באַמערקען די חז"ל, אַז פון דאַנען איז געדרונגען, אַז מען דאַרף מאַכען אַ סעודה, ווען מען פאַרענדיגט די תורה. נאָכדעם ווי מען האָט זי דורכגעלייענט און געזוכט צו פאַרווירקליכען אין לעבען, זאָל מען זיך פרייען, ווייל זי וועט אונז באַשיצען פון אונטערגאַנג.

# ויגש

## א.

## יוסף מאַכט זיך פרעמד צו זיינע ברידער

**כי כמוך פרעה.**

„בעלילה אתה בא עלינו. כמה מדינות ירדו ליקח אוכל, כלום שאלת להם כמו ששאלת לנו", — מיט אויסגעטראַכטע באַשולדיגונגען פאַלסטו אָן אויף אונז; מענשען פון פאַרשיידענע מדינות קומען אַהער קויפען שפייז, פרעגסטו זיי אויך די זעלבע פראַגען? (מ"ר צ"ג).

אין די מערקווירדיגע כאַראַקטער־שטריכען, מיט וועלכע די תורה גיט איבער די קאַלטע אויפנאַמע, וואָס יוסף האָט געגעבען זיינע ברידער, שפּי־געלט זיך אָפּ אַ געטריי בילד, פון וואָס די ביי־אַנגעקומענע אין אַ לאַנד האָבען אויסצושטיין פון זייערע אייגענע ברידער, וועלכע האָבען זיך דאָרט באַזעצט פון פריהער. איבערהויפּט די רייכערע פון זיי האָבען שטאַרק ליב אָרויפּ־צוצווינגען זייער ווילען אויף די „גרינע", די פריש־אָנגעקומענע; און אויב די לעצטע פּראָטעסטירען און לאָזען זיך ניט פירען פאַר דער נאָז, באַשולדיגט מען זיי אין אומטרייקייט און אומדאַנקבאַרקייט.

יוסף האָט ניט געזעהן זיינע ברידער פאַר צוויי און צוואַנציג יאָר. זי־בעצען יאָר איז ער אַלט געווען, ווען זיי האָבען אים פאַרקויפט צו די „מדינים". דרייצען יאָר האָט ער זיך אָפּגעוואַלגערט אין מצרים אַלס שקלאַף ביי פּוטיפרע'ן און אין תפיסה, וואו ער איז אַריינגעזעצט געוואָרען אונטער'ן פאַר־דאַכט, אַז ער איז אַ פּאָליטישער פאַרברעכער. צו זיין דרייסיגסטען יאָר איז ער געבראַכט געוואָרען פאַר פרעה'ן, ער זאָל אים פותר זיין זיינע צוויי אומפאַרשטענדליכע חלומות; און ביין יאָר איז שוין זיבט ער איז געוואָרען משנה־למלך און עקאָנאָמישער פאַרוואַלטער פון לאַנד.

ער איז פאַר דער צייט געוואָרען רייך און מעכטיג אין מצרים. זיינע פאָרגעשלאָגענע פלענער, ווי צו פאַרזיכערען דאָס לאַנד קעגען אַן אומגע־ריכטען קריזיס, זיינען פון אים דורכגעפירט געוואָרען מיט גרויס דערפאָלג. שוין צוויי יאָר ווי עס הערשט אַ שרעקליכער הונגער איבער אַלע לענדער פון דער דאַמאָלסטדיגער וועלט, אָבער מצרים איז געראַטעוועט געוואָרען דורך דער חכמה און פעהיגער פאַרוואַלטונג פון יוסף׳ן. פון אַלע לענדער האָט מען זיך געצויגען נאָך מצרים צו קויפען תבואה. „כל כסף וזהב שבעולם לקט יוסף והביאם מצרימה״ — דאָס גאַנצע זילבער און גאָלד פון דער וועלט האָט יוסף אויפגעקליבען און געבראַכט נאָך מצרים (פסחים קי״ט). פרעה׳ס רעגירונג האָט געטאָן וואונדערבאַרע געשעפטען און דאָס לאַנד האָט זיך געבאָדען אין שפע און רייכטום.

זיין נאָמען ווערט באַרימט איבער דער גאַנצער וועלט, אָבער ניט אַלס יוסף דער „איש עברי״, נאָר אַלס „צפנת פענח״, דער שני־למלך צום מעכ־טיגען פרעה. אום צו פאַרדעקען זיין אידישען אָפשטאַם, גיט אים פרעה אַן אַנדער נאָמען און פאַרהייראַט אים צו אַן עגיפּטישער פרינצעסין „אסנת״, די טאָכטער פון פוטיפרע, דעם „שר הטבחים״ פון מצרים. יוסף איז קענטיג, שטאַרק צופרידען מיט זיינע דערגרייכונגען און פילט זיך שטאָלץ מיט זיין עגיפּטישער בירגערשאַפט. דעם ערשטען זון זיינעם גיט ער אַ נאָמען „מנשה״ — „כי נשני אלקים את כל עמלי ואת כל בית אבי,״ — ווייל גאָט האָט מיר געמאַכט צו פאַרגעסען אַלע מיינע ליידען און אויך דאָס גאַנצע הויזגעזינט פון מיין פאָטער.

אַז דער הונגער ברעכט אויס אויך אין כנען, שיקט יעקב זיינע צען זין נאָך מצרים. יוסף דערקענט גלייך זיינע ברידער, אָבער „ויתנכר אליהם״, ער מאַכט זיך פרעמד צו זיי, „נעשה להם כנכרי״, ער באַהאַנדעלט זיי ווי אַ פרעמדער, ווי אַ ניט־איד (ב״ר צ״ג). „וידבר אתם קשות״, — ער רעדט מיט זיי האַרטע רייד, אין אַ שטרענגען טאָן, אַזוי ווי זיי וואָלטען געווען פאַרברעכער. ער פרעגט זיי: „מאין באתם״, פון וואַנען קומט איר? און וואָס איז אייער אַבזיכט דאָ אין מצרים? — אויף זייער ענטפער, אַז זיי קומען פון כנען און זייער צוועק איז „לשבר אוכל״, צו קויפען שפייז, טשעפּעט ער זיך צו זיי און באַשולדיגט זיי אין שפּיאָנאַזש: „מרגלים אתם, לראות את ערות הארץ באתם״, — איר זענט שפּיאָנען, אויסצופאָרשען די שוואַכע פונקטען פון לאַנד זענט איר אַהער געקומען.

די ברידער באַקלאָגען זיך: „בעלילה אתה בא עלינו", מיט אויסגע־טראַכטע בלבולים פאַלסטו אָן אויף אונז; „כמה מדינות ירדו לכאן ליקח אוכל, כלום שאלת להם כמו ששאלת לנו", — מענשען פון פאַרשיידענע מדינות קומען אַהער קויפען שפייז, פרעגסטו זיי אויך די זעלבע פראַגען? (מ"ר צ"ג). ער האַלט זיך אָבער אַלץ פון דער ווייטענס און לאָזט זיך ניט דערקענען צו זיי. אָנשטאָט אַ פריינטליכער באַהאַנדלונג, ווי אַ ברודער דאַרף זיך אויפפירען מיט אַ צווייטען, ווייזט ער זיי אַרויס זיין פילאַנטראָפיע: „ויצו את אשר על ביתו לאמר: מלאו את אמתחות האנשים אוכל". — ער באַפעלט דעם אויפזעהער פון זיין הויז, ער זאָל אַריינלייגען אין זייערע טאָר־בעס עטוואָס צו עסען.

אַזוי איז שוין דער ביטערער שיקזאַל פון אַ נייעם איינוואַנדערער אין אַ לאַנד. „כמוך כפרעה", ניט נאָר ליידען זיי פון די פּרעה'ס, די בירגער פון לאַנד, וועלכע באַטראַכטען זיי פאַר שנאָרער און קוקען אויף זיי מיט פאַר־דאַכט, זיי האָבען אויך אויסצושטייען קאַלט און וואָרעם פון זייערע אייגענע ברידער, וואָס האָבען זיך דאָרט באַזעצט פון פריהער, און קוקען אויף זיי פון אויבען אַרונטער, אַזוי ווי זיי וואָלטען געווען ווילד פרעמדע, ניט ברידער פון איין טאַטען. אָנשטאָט זיי אויפצונעמען מיט אָפענע אָרעמס, זיי אַריינצונעמען אין זייערע געזעלשאַפטען און זיי באַזאָרגען מיט באַשעפטיגונגען, וואָס זאָלען זיי מיט דער צייט מאַכען זעלבסטשטענדיג, גרינדעט מען פאַר זיי „פאָלקס־קיכען", אָדער צדקה־„טשעסטס". אַליין ווייזט מען זיך ניט צו זיי, נאָר מען שטעלט אָן פאַרוואַלטער, אָדער סאָשעל־וואָירקערס, און מען זאָגט זיי אָן: „שים כסף איש בפי אמתחתו", וואַרפט צו זיי אין זייערע טאָרבעס פון צייט צו צייט אַ פּאָר גראָשען.

מיין פאָטער ע"ה האָט אַמאָל אַדרעסירט אַן אספה פון צדקה־עסקנים אין ניו יאָרק און האָט דעם זעלבען געדאַנק איינגעטייטשט אין אַ פסוק פון ישעיה: „הציבי לך ציונים" — איך וואָלט אייך געבעטען, איר זאָלט אויפשטעלען צייכענס, וואָס זאָלען אייך דערמאָנען אייערע פריהערדיגע צייטען. „שימי לך תמרורים" — באַטראַכט די ביטערע לאַגע פון אייערע אָרימע ברידער ווי אייערע אייגענע. „שיתי לבך למסילה" — ווייל, אַז איר באַטראַכט גוט דעם שמאָלען וועג, וואָס די אָרימע נעבאַך גייען איצט, וועט איר זעהן, אַז „דרך בה הלכת" — דאָס איז דער זעלבער וועג, וואָס איר זענט אַמאָל אַליין גע־גאַנגען".

# הפטרה

## בלויז דורך פאַראייניגונג וועט קומען די גאולה

### וכתב עליו ליוסף עץ אפרים וכל בית ישראל חבריו.

„חברו כתיב, נעשו בני ישראל אגודה אחת, התקינו עצמן לגאולה" — עס שטייט געשריבען „מיט זיינע חברים", ווערען אידען איין פאַראייניגטע קערפערשאַפט, קאָנען זיי זיך גרייטען פאַר דער גאולה (ב"ר צ"ח).

דער נביא יחזקאל מאַכט אַ רייזע איבער דעם גאַנצען גלות בבל און זעהט פאַר זיך, ווי די אידען זיינען דאָרט פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין אַ באַרג פון „עצמות יבשות", אויסגעטריקענטע ביינער, אָפּגעזונדערט איינע פון די אַנ־דערע און צעשפּרייט איבער דער גאַנצער לייַנג און ברייט פון דעם גלות. ער איז שטאַרק באַזאָרגט און פאַרצווייפעלט, און פרעגט ביי זיך: „התחיינה העצמות האלה", וועלען אַט די צעוואָרפענע ביינער ווען לעבעדיג ווערען? ווי איז עס מעגליך זיי צוזאַמענצונעמען און צוריק אויפשטעלען דעם קערפער פון דער אידישער אומה?

ער הערט אָבער דעם פאַרשפּרעכען פון גאָט: „הנה אני מביא בכם רוח וחייתם" — איך וועל אין זיי אַריינגעבען אַ גייסט, וואָס וועט זיי אויפ־לעבען. אַט די „עצמות יבשות", אַט די טרוקענע ביינער, וואָס דו זעהסט פאַר זיך צעשפּרייט און צוואָרפען, וועלען נאָך צוזאַמענקומען. „ונתתי עליכם גידים" — איך וועל זיי אַרומפלעכטען מיט אָדערען, וואָס וועלען זיי אויפלעבען מיט פרישע שטראָמען פון וואַרימע בלוט. „והעליתי עליכם בשר" — איך וועל זיי אַרומנעמען מיט פלייש, „וקרמתי עליכם עור" — און וועל זיי אי־בערציהען מיט אַ הויט, וואָס וועט זיי האַלטען פאַראייניגט, „וחייתם" — און זיי וועלען אויפלעבען.

און דער גייסט, וואָס וועט זיי פאַראייניגען און ווידער לעבעדיג מאַכען, וועט ניט קומען פון איין פּלאַץ, אָדער פון איין לאַנד. „מארבע רוחות באי הרוח ופחי בהרוגים האלה" — פון אַלע פיר זייטען פון דער וועלט וועט קומען אַט דער אויפלעבונגס־ווינט און וועט בלאָזען אויף דיזע גע'הרג'עטע און טויטע מענשען, „ויחיו", און זיי וועלען לעבען בלייבען. עס וועט זיך אין אַלע טיילען פון דער וועלט געשטאַלטען אַזאַ לאַגע, וואָס וועט די אידען

איבערצייגען, אַז מיט פאַרלייגטע הענט, מיט גסיסה־וועגען פון אומבאַוואוסט־זיניגקייט וועלען זיי אונטערגיין. אויב זיי ווילען אויפלעבען אַלס אַ פאָלק און פאַרנעמען אַ געהעריגען פלאַץ צווישען די פעלקער פון דער וועלט, מוז זיין „ויעמדו על רגליהם", זיי מוזען זיך שטעלען אויף זייערע אייגענע פיס, „חיל גדול מאד", אַ זעהר גרויסע אַרמיי פון טרייע, איבערגעבענע קעמפער פאַר דער עקזיסטענץ פון זייער פאָלק.

אָבער ווי קאָן עס געשעהן? — און דער אויבערשטער גיט דעם נביא אַן עצה: „קח לך עץ אחד", נעם פאַר דיר איין שטיק האָלץ און שרייב אויף אים אַרויף דעם שבט יהודה מיט אַלע זיינע חברים. נעם אַן אַנדער שטיק האָלץ און שרייב אויף אים אַרויף יוסף, דער צווייג פון אפרים, מיט אַלע זיינע חברים. „וקרב אותם אחד אל אחד לעץ אחד" — ברענג זיי צו־זאַמען איינעם צום אַנדערען אין איין שטיק האָלץ, „והיו לאחדים בידך" — דאַן וועלען זיי ווערען פאַראייניגט אין דיין האַנט.

וואָס דער נביא אין דער היינטיגער הפטרה מיינט מיט דעם צו זאָגען איז, אַז די אידישע פאַראייניגונג, וואָס דאַרף פירען צו דער ענדגילטיגער גאולה, מוז זיין אַן אמת'ע, אַ גאַנצע, ניט בלויז אַ טיילווייזע און אַן אַנגעהע־ריגע. די, וואָס העלפען אין דער באַפרייאונגס־אַרבייט, מוזען זיין באַזעלט און באַגלידערט פון דעם אידעאַל פון דער גאולה. אויב זיי טיילען זיך איין אין ציוניסטען, וואָס זוכען אויפצולעבען די אידישע נאַציאָנאַלע היים, און אין ניט־ציוניסטען, וואָס גרינדען אַ מין „אידזשענסי", ווי יוסף האָט געהאַט אין מצרים, וואָס איר הויפט־אויפגאַבע איז דער „שים כסף בפי אמתחתו", אַנצופירען די קאַמפיינס פאַר דער ציוניסטישער טאַרבע, אָבער אַליין ווילען זיי פון ציון און ירושלים ניט וויסען, — אַזאַ פאַראייניגונג איז ניט קיין נאַטירליכע און וועט ניט אויסגעהאַלטען ווערען.

די נאַטור־פאָרשער זאָגען אונז, אַז ווען מען נעמט אַ שטיק האָלץ, וואָס איז איבערגעבראָכען געוואָרען אין דער מיטען, און מען ברענגט זיי פעסט צוזאַמען, וועט קיין לופט ניט דורכגיין דאָרט, וואו דער ברוך איז געווען, ווייל וואָס עס פעהלט אין איין האַלבער, ווערט דערגענצט פון דער צווייטער; דאַגעגען, אָבער, אַז מען נעמט צוויי באַזונדערע שטיקער האָלץ, ווי גלאַט זיי זאָלען ניט זיין, קאָנען זיי זיך ניט אַזוי פאַראייניגען, אַז קיין לופט זאָל דורך זיי ניט דורכגיין סיידען מען באַנוצט זיך מיט קליי, אָדער אַנדערע מאַ־טעריאַלען.

דאָס איז דער געדאַנק פון דעם נביא. אויב מיר ווילען, אַז די אידען זאָלען ווערען „לאחדים בידך", אמת פאַראייניגט צווישען זיך, מוזען זיי פריהער ווערען „לעץ אחד", איין שטיק, וואָס אַלע טיילען זיינע זיינען זיך „משלים" און דערגענצען איינע די צווייטע; און אַז דאָס זאָל געשעהן און די אידען זאָלען טאַקע ווערען „אגודה אחת", איין פאַראייניגטע קערפּערשאַפט, דאַן „התקינו לגאולה", קאָנען זיי זיך גרייטען פאַר דער גאולה, וועלכע וועט באַשטימט קומען. אַ פאָלק, וואָס ווערט ניט צעריסען פון פאַרשיידענע ווינטען און שטרעבט צו איין ציל, וועט זיך לאַנג אין גלות ניט האַלטען. „וקבצתי אותם מסביב והבאתי אותם אל אדמתם" — איך וועל זיי צוזאַמענגעמען פון אַלע סביבות און זיי ברענגען נאָך זייער אייגען לאַנד.

---

ב.

## ווען ברידער דערקאָנען זיך

**ויקרא הוציאו כל איש מעלי.**

„לא היה יכל לסבול שיהיו מצרים נצבים עליו ושומעין שאחיו מתביישין בהודעו להם" — ער האָט ניט געקאָנט פאַרטראָגען, אַז די עגיפּטער זאָלען שטעהן דערביי און הערען ווי זיינע ברידער ווערען פאַרשעמט, ווען ער לאָזט זיך דערקענען צו זיי (רש"י).

צוויי־און־צוואַנציג יאָר זיינען פאַרלאָפען זינט די שרעקליכע געשעהניש פון יוסף מיט זיינע ברידער. זיבעצען יאָר איז ער אַלט געווען, ווען זיי האָבען אים פאַרקויפט צו די מדינים. דרייצען יאָר האָט ער זיך אָפּגעוואַלגערט אין מצרים אַלס שקלאַף ביי פּוטיפרע'ן און אין תפיסה. צו זיין דרייסיגסטען יאָר איז ער געבראַכט געוואָרען פאַר פּרעה'ן, ער זאָל אים פּותר זיין די אומפאַרשטענדליכע חלומות, וואָס האָבען זיך אים גע'חלומ'ט; און ניין יאָר ווי ער איז דער משנה־למלך און עקאָנאָמישער פאַרוואַלטער אין לאַנד. פאַר דער גאַנצער צייט געפינען מיר ניט, אַז יעקב מיט די איבעריגע ברידער זאָלען האָבען עפּעס־וואָס אויפגעטאָן אין כנען. „כיון שמכרו את יוסף עמדו ונתפזרו" — וויבאַלד זיי האָבען פאַרקויפט יוסף'ן, האָבען זיי זיך פאַנאַנדערגעטיילט (מדרש תנחומא). דער ברודער־קריג

האָט געבראָכען די גאַנצקייט פון דער פאַמיליע און זיי באַרויבט פון אַלע מעגליכקייטען צו קאָנען אַנטוויקלען דאָס לאַנד און בויען די נאַציאָנאַלע הייב, וואָס גאָט האָט פאַרשפּראָכען צו זייערע עלטערען.

הרב א. מ. עמיאל, דער רב הכולל פון תל אביב, באַמערקט אויף דעם: „ביז היינטיגען טאָג ציהט זיך אָהן אויפהער די דאָזיגע געשיכטע פון ,מכירת יוסף', וועלכע האַלט זיך אין איין איבער'חזר'ען אין אַלע דורות און צייטען, יעדעס מאָל לויט אַן אַנדער נוסח. ביז דעם היינטיגען טאָג ציהט זיך די דאָזיגע קעגענזייטיגע שנאה פון די פאַרשיידענע אידישע גרופּען אין אַלע לענדער וואו זיי געפינען זיך. און דאָס טרויעריגסטע דערביי איז, וואָס אָט די פאַרביסענע שנאה שטיצט זיך על פי רוב אויף חלוקי דעות ווע־גען אַבסטראַקטע ענינים, נעכטיגע טעג, פוסטע חלומות. מען קריגט זיך צוליב דברים בטלים, צוליב זאַכען, וואָס האָבען קיין ממשות ניט אין רעאַלען לעבען. פריהער ווערט געבוירען די שנאה, און ערשט נאָכדעם זוכט מען די סיבה און דעם אויסרייד, וואָס זאָל די שנאה באַרעכטיגען און פאַרענטפערען".

„צוערשט איז: ,וישנאו אותו ולא יכלו דברו לשלום' — מען האָט זיך פיינט איינע די אַנדערע און מען קאָן זיך פרידליך ניט צוזאַמענרעדען; מען גיט זיך ניט די מיה אויסצוהערען און פאַרשטיין איינער דעם צווייטען. נאָכדעם קומט דער „ויקנאו בו אחיו", מען פאַרגינט זיך ניט דעם לעבען איינע די אַנדערע און מען האַלט זיך פון דערווייטענס. „בטרם יקרב אליהם ויתנכלו אותו להמיתו" — איידער ער טרעט נאָך צו צו זיי, פּלאַנען זיי שוין אים צו טויטען. מען מיידט אויס יעדע דערנעהענטערונג. די גאַנצע שנאה איז מער ניט ווי אַ „שנאת חנם", וואָס האָט קיין זין און קיין יסוד ניט, און ברייננגט בלויז שאָדען און חורבן פאַר אַלע צדדים אָהן אויסנאַם".

כאָטש די ברידער האָבען ניט געקאָנט צוזעהן די שרעקליכע ליידען פון זייער פאָטער און זיין קלאָגען אויף דעם פאַרלאָרענעם יוסף, טוען זיי אָבער ניט אַ קלאַפּ אַ פינגער אָן אַ פינגער איהם צו זוכען און אויסגעפינען, אויב ער לעבט. אויך יוסף, וועמען דער פאָטער האָט אַזוי ליב געהאַט, האָט פון זיך ניט געלאָזט הערען די גאַנצע צייט. און דער מדרש פרעגט טאַקע: „למה לא הודיע אל אביו שהוא חי במצרים כל עשרים ושתים שנה שהיה שם"? — וואָרום האָט ער ניט געלאָזט וויסען זיין פאָטער די גאַנצע צוויי־און־צוואַנציג יאָר, וואָס ער האָט געלעבט אין מצרים, אַז ער געפינט זיך

דאָרט? און דער מדרש גיט אויף דער פראַגע אַ מערקווירדיגען תירוץ: „כשהחרימו אחיו שלא לגלות גזרו גם על יוסף שאף הוא לא יגלה, ואף שתפו להקב"ה עמהם" — ווען זיי האָבען זיך פאַרשוואָרען ניט אויסצוזאָגען, האָבען זיי אויך גוזר געווען אויף יוסף'ן, אַז ער זאָל ניט אויסזאָגען און האָבען אויך אַריינגענומען גאָט פאַר אַ שותף אין דער שבועה (מדרש הגדול). אין דעם באַשטייט די פינסטערע גבורה פון אַ ברודער־קאַמף. ער ברייננט חרם און פאַרוויסטונג אויףביידע צדדים, און זיי נעמען נאָך אַריין גאָט פאַר אַ שותף אין זייער פאַרניכטונגס אַרבייט. ביידע רעדען אין זיין נאָמען און באַרעכטיגען זייערע מיאוס'ע מעשים מיט דעם כלומר'שטען תירוץ, אַז זיי קעמפען פאַר זייער אמונה, פאַר די פרינציפען פון זייער גלויבען, וועלכע יעדער פון זיי טייטשען אויס לויט זייערע אייגענע שטרעבונגען און וואונשען.

די אויפנאַמע, וואָס יוסף האָט געגעבען זיינע ברידער ביי זייער אָנקומען אין מצרים, איז געווען אין איינקלאַנג מיט דער לאַנג־יאָריגער שנאה, וואָס האָט נאָך אַלץ געהערשט צווישען זיי. יוסף דערקאָנט זיינע ברידער, אָבער „ויתנכר אליהם", ער מאַכט זיך פרעמד צו זיי. „ויאסף אותם אל משמר שלשת ימים" — ער שליסט זיי איין אונטער אַ וואַך פאַר גאַנצע דריי טעג. אויפ'ן דריטען טאָג פאָדערט ער פון זיי: „את אחיכם הקטן תביאו אלי" — ברייננט צו מיר אייער אינגערען ברודער און אַלס משכון פאַרהאַלט ער זיין ברודער שמעון אין תפיסה. ערשט, אַז ער הערט ווי זיי קלאָגען צווישען זיך און זאָגען: „אשמים אנחנו על אחינו אשר ראינו צרת נפשו בהתחננו אלינו ולא שמענו, על כן באה אלינו הצרה הזאת" — מיר זיינען שולדיג פאַר אונזער ברודער, וואָס מיר האָבען געזעהן זיינע שמערצען, ווען ער האָט זיך ביי אונז געבעטען און מיר האָבען ניט געהערט, דערפאַר איז אויף אונז איצט געקומען אָט די צרה, ווערט ער ווייכער. ער קערט זיך אָפּ פון זיי און וויינט זיך גוט אויס און נאָכהער רעדט ער מיט זיי ווייכערע רייד. אָבער זיין שנאה צו זיי איז נאָך אינגאַנצען ניט איינגעשטילט געוואָרען.

צום צווייטען מאָל, אַז זיי זיינען געקומען און מיטגעבראַכט זיין לייבליכען ברודער בנימין, לאַדט ער זיי שוין איין צו זיך אין הויז און מאַכט פאַר זיי אַ ספּעציעלע סעודה. זיין כעס, אָבער, האַלט נאָך אָן. ער מאַכט קעגען זיי אַ בלבול, אַז זיי האָבען גע'גנב'עט זיין כשוף בעכער און וויל פאַרהאַלטען בנימינ'ען, אין וועמענס זאַק דער בעכער איז געפונען געוואָרען. ערשט אַז ער הערט פון זיי, ווי זייער פאָטער האַלט נאָך אין איין טרויערען נאָך איהם,

און אַז אויב אויך בנימין וועט פון איהם פאַרלאָרען געהן, וועט ער חלילה שטאַרבען פאַר דער צייט, קאָן ער זיך שוין מער ניט איינהאַלטען און באַשליסט זיך צו לאָזען דערקענען צו זיינע ברידער.

קוים האָט יוסף באַשלאָסען צו מאַכען שלום מיט זיינע ברידער, האָט ער ניט געוואָלט, אַז פרעמדע זאָלען זיך דערביי געפינען. אַז ברידער דערקאָנען זיך, דאַרף זיין „הוציאו כל איש מעלי", פרעמדע מענשען דאַרפען ניט וויסען, וואָס עס איז צווישען זיי פאָרגעקומען. אַ ברודער־קריג, וואָס ווערט אַרויסגעטראָגען אויף דער גאַס, דערוויטערט דעם שלום און רופט אַרויס אַ מיסטרויען מצד די פרעמדע צוביידע צדדים, ווי דער רמב"ן באַמערקט אויף דעם: „לו היו שומעים המצרים את המעשה הזה היו אומרים: אלו אנשים בוגדים ואינם ראוים לגור בארצנו. אם באחיהם בגדו מה יעשו במלך ובעמו"? — ווען די מצרים וואָלטען געהערט וואָס עס איז פאָרגעקומען צווישען זיי, וואָלטען זיי געזאָגט: זיי זיינען פאַלשע מענשען, וועלכע פאַסען זיך ניט צו וואוינען אין אונזער לאַנד. אויב זיי האָבען געקאָנט פאַרראַטען זייער אייגענעם ברודער, וואָס וועלען זיי טאָן צו דער מלוכה און צו אונזער פאָלק"?

העכסט אינטערעסאַנט איז די ערקלערונג, וואָס די בעלי המדרש גיבען אויף דער ערשטער פראַגע, וואָס יוסף האָט געפרעגט זיינע ברידער נאָכדעם, אַז ער האָט זיך געלאָזט דערקאָנען צו זיי. ער האָט געזאָגט: „אני יוסף, העוד אבי חי?" — איך בין יוסף, לעבט נאָך מיין פאָטער? יוסף איז געווען די גאַנצע צייט אונטער דעם איינדרוק, אַז אויך זיין פאָטער איז ברוגז אויף אים. געדענקט ער דאָך, אַז יעקב האָט אימער געהאַט רוח־הקודש, און האָט פאָראויסגעזען אַזעלכע זאַכען, וואָס זיינען געווען פאַרהוילען פון אַנדערע. אויב אַזוי וואָרום האָט ער פון זיין פאָטער די גאַנצע צייט ניט געהערט? ער האָט אָבער ניט געוואוסט דעם טרויעריגען פאַקט, אַז „מיום שנגנב יוסף נסתלקה רוח הקודש ממנו" — פון דעם טאָג, וואָס יוסף איז אַוועקגע'גנב'עט געוואָרען איז פון אים דער הייליגער גייסט אַוועק (ב"ר פצ"א). איצט, אַז ער האָט שלום געמאַכט מיט זיינע ברידער, האָט ער געוואָלט וויסען „העוד אבי חי", איז נאָך זיין טאַטע דערזעלבער וואָס געווען, באַזיצט ער נאָך היינט דעם רוח־הקודש ווי אַמאָל? „ולא יכלו אחיו לענות", זיינע ברידער האָבען אָבער אויף דעם אים ניט געקאָנט ענטפערען.

# הפטרה

## שלום צווישען די שבטים וועט נאָך ערשט קומען

**ולא יחצו עוד לשתי ממלכות.**

„מתים שהחיה יחזקאל אלו בני אפרים" — די טויטע, וואָס יחזקאל האָט געזוכט אויפצולעבען זיינען געווען די קינדער פון אפרים (סנהדרין צ"ב ע"ב).

דער קריג צווישען יוסף און זיינע ברידער, וואָס האָט פאַרביטערט דעם לעבען פון אונזער פאָטער יעקב און אים ענדליך געטריבען אין גלות אַריין, האָט זיך ניט געענדיגט מיט דעם, וואָס יוסף האָט זיך געלאָזט דערקאָנען צו זיינע ברידער. די שנאה צווישען די קינדער פון יוסף און די פון די אַנדערע שבטים ציט זיך איבער לאַנגע דורות פון דער געשיכטע, און האָט געבראַכט פיל שטרייטיגקייטען און אומגליקען. שכם, וואו די טראַגעדיע פון „מכירת יוסף" האָט זיך אָפגעשפילט, ווערט פון אונזערע חז"ל אָנגערופען „מקום מוכן לפורעניות", אַ פּלאַץ, וואָס איז פון דער השגחה באַשטימט געוואָרען פאַר אידישע אומגליקען. „בשכם מכרו את יוסף" — אין שכם האָבען די ברידער פאַרקויפט יוסף'ן, „ובשכם נחלקה מלכות בית דוד" — און אין שכם איז צו־טיילט געוואָרען די מלוכה פון דוד (סנהדרין ק"ב). די ערשטע טראַגעדיע האָט געשפּאַלטען די גאַנצקייט פון יעקב'ס פאַמיליע און האָט געשטערט די גרינדונג פון דער אידישער נאַציאָנאַלער היים, און די צווייטע טראַגעדיע האָט געשפּאַלטען די גאַנצקייט פון דעם אידישען פאָלק און אָפגעשוואַכט זיינע כחות צו קאָנען אָנהאַלטען זיין נאַציאָנאַלע היים. דער ערשטער ברוך האָט געפירט צו „גלות מצרים" און דער צווייטער צו „גלות בבל".

דער שלום, וואָס איז געשלאָסען געוואָרען צווישען יוסף און זיינע ברי־דער אין מצרים איז געווען אַ צייטווייליגער און האָט ניט אָנגעהאַלטען זעהר אַ לאַנגע צייט. ניט לאַנג נאָך זייער פאָטער'ס טויט האָבען זיך די בני אפרים אָפּגעטיילט פון די איבעריגע בני ישראל און זיך געהאַלטען פון דערווייטענס. „בני אפרים במצרים היו בעלי גאוה ואנשי שחץ" — די קינדער פון אפרים אין מצרים זיינען געווען גרויסהאַלטער און שטאָלצע מענשען (ילקוט דה"י א' ז). זיי האָבען שטאָלצירט מיט זייער יחוס, וואָס זייער פאָטער איז געווען הערר־שער אין מצרים און זייער מוטער „אסנת" איז געווען די טאָכטער פון דעם הויפּט־פּריסטער „פוטיפרע". זיי איז ניט אָנגעשטאַנען צו פאַרקערען מיט די

אידישע פּאַסטוכער פון גושן. ביז „ויקם מלך חדש על מצרים אשר לא ידע את יוסף", אַז עס איז געקומען אַ נייע מלוכה אין מצרים, וואָס האָט ניט געוואָלט וויסען פון יוסף'ן און האָט אָנגעפאַנגען רודפ'ן אויך די אידען פון די הויכע פּענסטער, ערשט דאַן האָבען זיי זיך אָנגעשלאָסען אָן דעם אידישען פאָלק. עס איז דאָ אַ לעגענדע, אַז די שטאָלצע בני אפרים האָבען זיך ניט געלאָזט אונטערוואַרפען די גזרות פון דער פיינטליכער מלוכה, און אונטער דער פירערשאַפט פון „נון", דער פאָטער פון יהושע, זיינען זיי אַרויס אין אַן אָפענער רעוואָלוציע. די מצרים אָבער, האָבען זיי שנעל אונטערדריקט און געטויטעט פילע פון זיי (ילקוט שמעוני ח"ב רמ"ז תתרע"ז).

ביי דעם ערשטען אַריינקומען פון די אידען אין זייער לאַנד, האָבען די בני אפרים געשפּילט די הויפּט ראָלע. דער אָנפירער יהושע איז געוועזען פון זייער שבט. זייער שטאָט „שילה" איז אויסגעקליבען געוואָרען פאַר דעם פּלאַץ וואו דער „משכן" זאָל אויפגעשטעלט ווערען, און איז פאַר אַ גאַנץ לאַנגע צייט געווען די הויפּט־שטאָט פון דער אידישער פירערשאַפט און דער גייסטיגער צענטער פון פאָלק. זיי האָבען זיך זעהר שטאָלץ געהאַלטען קעגען די איבעריגע שבטים און געפאָדערט פון זייערע פירער, אַז מען זאָל זיי צוטיילען גרויס כבוד. זיי קריגען זיך מיט דעם שופט „גדעון" ווארום ער האָט צוערשט ניט גערופען זיי צו דער מלחמה קעגען מדין (שופטים ח'). זיי שרייען אויף דעם שופט יפתח ווארום ער האָט זיי ניט איינגעלאַדען צו דער מלחמה קעגען די „בני עמון" (שופטים י"ב). זיי האָבען ניט פאַרגונען דעם כבוד פון אירגענד וועלכען זיג צו אַנדערע שבטים.

אַז דוד איז געוואָרען דער אידישער קעניג און האָט באַשטימט ירושלים פאַר זיין הויפּט־שטאָט און פאַר דעם פּלאַץ, וואו דער בית־המקדש זאָל געבויט ווערען, האָט זיך זייער קנאה צו די איבעריגע שבטים שטאַרק פאַרגרעסערט. נאָך דעם קריג פון אבשלום מיט דוד האָבען זיי פּרובירט אָנצופירען אַ רעוואָלוציע אונטער דער פירערשאַפט פון „שבע בן בכרי", אָבער עס האָט זיך זיי ניט איינגעגעבען, ווייל דאָס פאָלק איז געווען מיט זיין קעניג דוד. זייער פיינדשאַפט צו דער מלוכה און איבערהויפּט קעגען דער הערשאַפט פון ירושלים האָט געטליעט אין זייער האַרצען, ביז די געלעגענהייט איז געקומען און דער פייער האָט אויסגעבראָכען.

נאָך דעם טויט פון שלמה המלך, האָבען די בני אפרים, אונטער דער פירערשאַפט פון „ירבעם בן נבט", זיך אָפּגעטיילט פון דער אידישער מלוכה

פון יהודה און נאָך צוגעצויגען צו זיך ניין אַנדערע אידישע שבטים און גע־גרינדעט אַן אַנדער אידישע מלוכה מיט „שומרון“ אַלס די הויפט־שטאָט און ירבעם אַלס קעניג. זיי האָבען זיך ניט צופרידענגעשטעלט מיט צוברעכען בלויז די אידישע מלוכה, זיי האָבען אויך געזוכט צו צוברעכען די אידישע אמונה, און איינגעפירט א נייע רעליגיע, כדי אָפּצוציהען די אידען פון דעם בית־המקדש אין ירושלים.

אָט אַזוי האָט דער אַלטער ברודער־קאַמף, וואָס איז אַרויסגעוואַקסען פון דער גרויסער קנאה וואָס די ברידער האָבען געפילט צו יוסף אַמאָל, צוריק אויפגעפלאַמט און פאַראורזאַכט אַ שפּאַלטונג אין פאָלק, וואָס האָט ענדליך גע־פירט צו אַ צווייטען חורבן. אַז דער ברוך איז געקומען צוליב קנאה קאָנען מיר זעהן פון דעם מאמר אין דער גמרא: „תפשו הקב״ה לירבעם בבגדו ואמר לו: חזור בך ואני ואתה ובן ישי נטייל בגן עדן, א״ל מי בראש? אמר לו בן ישי בראש, אמר: אי הכי לא בעינא“ — דער אויבערשטער האָט אָנגעכאַפּט ירבעם ביי זיין קלייד און אים געזאָגט: קער זיך צוריק און איך און דו און דער זוהן פון ישי וועלען צוזאַמען שפּאַצירען אין גן־עדן. פרעגט ער אים, ווער וועט געהן פאָראויס? און אַז דער אויבערשטער ענטפערט אים: דוד וועט געהן פאָראויס, זאָגט ער: אויב אַזוי וויל איך ניט (סנהדרין ק״ב).

אָט די בני אפרים, וועלכע זיינען געוואָרען „עצמות יבשות“, אויסגעטרי־קענטע ביינער פאַר דעם אידישען פאָלק, האָט דער נביא יחזקאל פון היינטי־גער הפטרה געזוכט אויפצולעבען. ער זאָגט זיי: אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער האַר: זעה, איך נעם צונויף די קינדער פון ישראל פון צווישען די פעלקער, וואָס זיי זיינען אַוועק אַהין און וועל זיי ברייגגען אויף זייער ערד. און איך וועל זיי מאַכען פאַר איין פאָלק „ולא יחצו עוד לשתי ממלכות“, און זיי וועלען מער ניט צעטיילט ווערען אין צוויי מלוכות.

---

### ג.

## יוסף'ס פאָרוואורף צו זיין פאָטער

**ויתן להם יוסף עגלות.**

„אמר להם: אם יאמין לכם מוטב, ואם לאו, אתם אומרים לו: בשעה שפירשתי ממך לא בפרשת עגלה ערופה היינו עוסקים?“ — ער האָט זיי געזאָגט:

אויב מיין פאָטער וועט אייך גלויבען, אַז איך לעב, איז גוט; אויב ניט, זאָלט איר אים פרעגען: ווען איך האָב זיך געזעגענט מיט דיר, האָבען מיר זיך דען ניט באַשעפטיגט מיט דער פרשה פון „עגלה ערופה"? (ב"ר צ"ד).

פאַר די גאַנצע צוויי־און־צוואנציג יאָר זינט יוסף איז פאַרקויפט געוואָרען פאַר אַ קנעכט האָט ער געטראָגען אַ שטאַרקען האַס קעגען זיינע ברידער און האָט פון זיי ניט געוואָלט וויסען. זיין כעס איז געווען אַזוי גרויס, אַז דעם ערשטען זון זיינעם גיט ער אַ נאָמען „מנשה, כי נשני אלקים את כל עמלי ואת כל בית אבי", ווייל גאָט האָט מיך געמאַכט צו פאַרגעסען אַלע מיינע ליידען און דאָס גאַנצע הויזגעזינט פון מיין פאָטער. ער האָט זיך געפילט גליקליך, וואָס זיינע חלומות צו ווערען אַ גרויסער פירער זיינען מקוים געוואָרען, און ער האָט געוואָרט פאַר דער געלעגענהייט צו הערשען איבער זיינע ברידער און זיך אָפּרעכענען מיט זיי פאַר דעם גרויסען אומרעכט, וואָס זיי זיינען קעגען אים באַגאַנגען.

און די געלעגענהייט איז ענדליך געקומען. „ויבאו בני ישראל לשבר בתוך הבאים, כי היה הרעב בארץ כנען" — יעקב׳ס קינדער זיינען געקומען נאָך מצרים איינצוקויפען שפייז, ווייל דער הונגער האָט אויך דערגרייכט דאָס לאַנד כנען. אַלע צען ברידער, וועלכע האָבען אָנטייל גענומען אין דעם גרויסען פאַרברעכען קעגען אים, זיינען געקומען. דעם אינגערען ברודער, בנימין׳ן, האָט יעקב ניט געלאָזט גיין מיט זיי. אָנקומענדיג נאָך מצרים, האָבען זיי זיך פאַנאַנ־דערגעטיילט און זיך אַריינגעשמוגעלט „בתוך הבאים" — צווישען די פיל מענ־שען, וואָס זיינען אָנגעקומען. „היו מטמינים עצמן שלא יכירום" — זיי האָבען זיך אויסבאַהאַלטען, כדי מען זאָל זיי ניט דערקענען (רש"י). דאָס האָט יוסף׳ן געגעבען די בעסטע געלעגענהייט אָנצופאַלען אויף זיי און באַשולדיגען זיי אַלס מרגלים, שפּיאָנען.

ווען זיינע באַדינער האָבען די ברידער געבראַכט פאַר אים, „ויכר יוסף את אחיו והם לא הכירוהו" — האָט יוסף דערקענט זיינע ברידער, אָבער זיי האָבען אים ניט דערקענט. „ויתנכר עליהם וידבר אתם קשות" — האָט ער זיך געמאַכט פרעמד צו זיי און גערעדט אין אַ שטריינגען טאָן, ווי זיי וואָלטען געווען פאַרברעכער. ער פרעגט זיי: „אחים אתם"? — זייט איר ברידער? „אמרו לו הן" — ענטפערען זיי אים, אַז יאָ. „ולמה לא נכנסתם כלכם בפילי אחד"? — וואָרום־זשע זייט איר ניט אַריינגעקומען אַלע צוזאַמען אין איין

טויער? „אמרו לו, שכך צוה אבינו מפני עין הרע״ — האָבען זיי אים גע־ ענטפערט, אַז אזוי האָט זיי אָנגעזאָגט זייער פאָטער, כדי עס זאָל זיי ניט שאַטען קיין בייז אויג. לאַכט זיך יוסף פאַנאַנדער און שרייט אויס: „חי פרעה כי מרגלים אתם״ — פרעה זאָל אַזוי לעבען, ווי איר זייט שפּיאָנען, „לראות את ערות הארץ באתם״ — איר זייט געקומען אויסצושפּיאָנירען די שוואַכע פּונקטען פון לאַנד. אויף זייער טענה, „כנים אנחנו״ — מיר זיינען ערליכע לייט, זאָגט ער זיי: ניין, „מרגלים אתם״, איר זייט שפּיאָנען. ערליכע לייט שמוגלען זיך ניט אַריין אין פרעמדע לענדער (מדרש רבה).

זיי הויבען אים אָן צו דערציילען: „שנים עשר עבדיך אחים אנחנו״ — דיינע קנעכט זיינען צוועלף ברידער, די קינדער פון איין מאַן אין דעם לאַנד כנען; „הקטן את אבינו היום והאחד איננו״ — דער אינגערער ברודער איז פאַרבליבען מיט׳ן פאָטער און דער אַנדערער איז פאַרלאָרען געגאַנגען. פרעגט זיי יוסף: „אילו מצאתם אותו״ — ווי וואָלט געווען, אַז איר זאָלט אים גע־ פינען און מען וואָלט פאַרלאַנגט אַ גרויסע סומע אויסלייז־געלט? ענטפערען זיי אים: מיר וואָלטען גערן באַצאָלט יעדען פרייז, וואָס מען וואָלט געפאָ־ דערט. פרעגט ער זיי ווייטער: „ואם יאמרו לכם שלא יחזירוהו בשום ממון, מה תעשו״? — און אויב מען וואָלט אייך געזאָגט, אַז מען וועט אים ניט אומ־ קערען צו אייך פאַר קיין געלט, וואָס וואָלט איר געטאָן? ענטפערען זיי אים: „לכך באנו להרוג או ליהרג״ — אָט דעריבער זיינען מיר אַלע געקומען צו טויטען אָדער געטויט צו ווערען. שרייט יוסף אויס מיט טריאומף: „הוא אשר דברתי אליכם לאמר מרגלים אתם״ — אָט דאָס האָב איך דאָך טאַקע געזאָגט וועגען אייך אַז איר זייט שפּיאָנען און איר טראָגט זיך אַרום מיט קרי־ גערישע פּלענער (מדרש רבה).

זייער באַהויפּטונג אַז זיי זיינען גרייט צו לאָזען זיך טויטען צוליב זייער פאַרלאָרענעם ברודער האָט ווייכער געמאַכט זיין כעס. „ויסב מעליהם ויבך״ — ער קערט זיך אָפּ פון זיי און וויינט זיך פאַנאַנדער. ער ווערט פריינטליכער צו זיי און לאָזט זיי גיין. בלויז זיין ברודער שמעון וועלכער איז געווען דער ערשטער אים אַריינצוואַרפען אין גרוב אַרעסטירט ער און הייסט זיי אויך ברייגגען זייער אינגערען ברודער, ווען זיי וועלען קומען אַ צווייטען מאָל איינ־ צוקויפען שפּייז. יעקב וויל צוערשט ניט הערען וועגען שיקען בנימינ׳ען מיט זיי. אָבער ווען דער הונגער האָט זיך געשטאַרקט און די ברידער האָבען זיך אָנט־ זאָגט צו גיין נאָך מצרים אָהן בנימינ׳ן, שטימט ער ענדליך איין און גיט אים

איבער צו זיין ברודער יהודה, אויף זיין ערבות, אַז ער וועט אים באַשיצען און ברייננען צוריק.

אויך נאָכדעם, אַז זיי האָבען געבראַכט בנימינ׳ען מיט זיך, שפּילט נאָך אַלץ יוסף זיין ברוגז מיט זיי. צוערשט לאַדט ער זיי איין צו זיך אין הויז און פאַרברייננט מיט זיי גאָר פריינטליך. אָבער שטילערהייט הייסט ער זיין באַ־דינער צו נעמען זיין זילבערנעם בעכער און אונטערוואַרפען אים אין דעם זאַק שפּייז פון זיין ברודער בנימין. און ווען שפּעטער ווערט בנימין געכאַפּט מיט דער גנבה, וויל ער אים באַשטראָפען דערפאַר מיט פאַרהאַלטען אים פאַר אַ קנעכט. יהודה, וועלכער האָט גאַראַנטירט צו זיין פאָטער פאַר דער זיכערקייט פון בנימינ׳ען, טרעט־צו צו אים און באַשולדיגט אים אין מאַכען אַ בלבול אויף זיי. ער זאָגט אים: „בעלילה אתה בא אלינו" — מיט אויסגעטראַכטע בלבולים פאַלסטו אן אויף אונז. „כמה מדינות ירדו לכאן ליקח אוכל, כלום שאלת להם כמו ששאלת לנו"? — מענשען פון פאַרשיידענע מדינות קומען אַהער קוי־פען שפּייז, פרעגסטו זיי אויך דיזעלבע פראַגען און באַשולדיגסט זיי אין שפּי־אָנאַזש? (ב"ר צ"ג).

ער שילדערט פאַר אים די גרויסע ליידען פון זיין פאָטער, וועלכער האָט ניט אויפגעהערט צו טרויערען וועגען זיין ברודער זינט ער איז פאַרלאָרען גע־גאַנגען. „והיה כראותו כי אין הנער ומת"? — איצט, אַז ער וועט זעהן, אַז זיין אינגערער זון איז אויך ניטאָ, וועט ער חלילה שטאַרבען. הערענדיג דיזע ווערטער, איז יוסף געוואָרען אַ פאַרציטערטער, „ולא יכל להתאפק" — ער האָט זיך שוין מער ניט געקענט איינהאַלטען, און ער באַשליסט זיך צו לאָזען דערקע־נען צו זיינע ברידער. ער זאָגט זיי: „אני יוסף, העוד אבי חי?" — איך בין יוסף, לעבט נאָך מיין פאָטער? רבי יאָשע בער בריסקער דערקלערט, אַז מיט דעם האָט ער זיי אַ שטאָך געגעבען, וואָרום האָבען זיי ניט געטראַכט וועגען זייער פאָטער, ווען זיי האָבען אים פאַרקויפט צו די ישמעאלים? „ולא יכלו אחיו לענות אותו" — אויף דעם האָבען זיינע ברידער ניט געהאַט וואָס צו ענטפערען אים.

ער בעט זיך אָבער איבער מיט זיי און ווערט מיט זיי גוט־פריינט. ער פירט זיי אַרום איבער׳ן לאַנד און ווייזט זיי זיין גרויסקייט און זיין רייכטום. ער גיט זיי אויך איבער די גוטע בשורה, אַז זיין קעניג פרעה האָט איינגעשטימט זיי אָפּצוגעבען די שיינע שטאָט „גושן", וואו זיי קענען זיך אַלע באַזעצען, און ער וועט זיי שוין באַזאָרגען מיט אַלע נויטיגע הצטרכות׳ן. ער גיט זיי אויך

קאָסטבאַרע מתנות און זאָגט זיי אָן: „והגדתם לאבי את כל כבודי במצרים ואת כל אשר ראיתם" — איר זאָלט דערציילען מיין פאָטער וועגען דעם גרויסען כבוד, וואָס איך האָב אין מצרים, און וועגען אַלץ, וואָס איר האָט געזעהן. קומט וואָס שנעלער צוריק מיט'ן פאָטער און איר וועט דאָ קענען לעבען רוהיג.

... אָט אַזוי הויבט אָן מקוים צו ווערען די שרעקליכע נבואה, וואָס אברהם אבינו האָט געהערט ביי דעם „ברית בין הבתרים", ווען גאָט האָט אים געזאָגט, אַז זיינע קינדער וועלען זיין גרים אין אַ פרעמד לאַנד און וועלען דאָרט שקלאַפען פאַר הונדערטער יאָרען. ניט דער קלוגער יוסף און ניט די איבעריגע ברידער האָבען באַגריפען דעם גרויסען אומגליק, וואָס זיי ברייגען אויף זייער פאָלק מיט דעם, וואָס זיי רייסען זיך אָרויס מיט'ן וואָרצעל פון זייער אייגען לאַנד און וואַנדערען אויס אין אַ פרעמד לאַנד. ווי ריכטיג איז די באַמערקונג פון דעם מדרש: מאַכענדיג אַ פאַרגלייך פון יעקב מיט יוסף'ן, זאָגט דער מדרש: „זה הוליד בנים בחוץ לארץ וזה הוליד בנים בחוץ לארץ" — יעקב האָט אַלע זיינע קינדער געבוירען אין אַ פרעמד לאַנד און אויך יוסף'ס קינדער זיינען געבוירען געוואָרען אין אַ פרעמד לאַנד (ב"ר פ"ד). די קינדער, וואָס אַ פאָלק האָט אין גלות, זיינען שוין ניט אַזוי באַגייסטערט פאַר אַן אייגענעם נאַציאָנאַלען באָדען...

„ויתן להם יוסף עגלות" — יוסף גיט זיי וועגענער צו ברייגען דעם פאָטער מיט זיין גאַנצער פאַמיליע נאָך מצרים. אויף דעם באַמערקען אונזערע חז"ל, אַז ער האָט זיי געזאָגט: טאָמער וועט דער פאָטער צווייפלען, אויב איך לעב, זאָלט איר אים דערמאָנען, אַז בשעת מיר האָבען זיך געשיידט, האָבען מיר צוזאַמען געלערענט דעם דין פון „עגלה ערופה". אין ירושלמי ווערט גע־בראַכט, אַז ווען יעקב האָט געשיקט יוסף'ן צו זיינע ברידער נאָך שכם, האָט ער אים באַגלייט. זאָגט צו אים יוסף: „אבא חזור בך שלא אענש על טרחך" — פאָטער, קער זיך אום, ווייל איך וויל ניט באַשטראָפט ווערען פאַר דעם, וואָס איך בין דיך מטריח. זאָגט צו אים יעקב: „בזה עתידין בני ליכשל" — מיט דעם וועלען מיינע קינדער ווען עס איז געשטרויכעלט ווערען. אויב זיי וועלען ניט גוט אַכטונג געבען אויף אַן אורח און ער וועט געפונען ווערען אַ טויטער, וועלען זיי מוזען ברייגען אַ יונגע קאַלב, איר אָפּהאַקען דעם קאָפּ און דערביי זאָגען: „ידינו לא שפכו את הדם הזה ועינינו לא ראו" — אונזערע הענט האָבען ניט פאַרגאָסען דאָס בלוט און אונזערע אויגען האָבען ניט געזעהן (דברים כ').

מעגליך, אַז די כונה פון די חז"ל מיט דער דאָזיגער באַמערקונג איז

אויסצודריקען דעם פאָרוואורף, וואָס יוסף האָט געמאַכט זיין פאָטער: דו וועסט זיך דאָך געוויס וואונדערען, וואָרום איך האָב די גאַנצע צייט געשוויגען און דיר ניט געלאָזט וויסען וואו איך געפין זיך. דאָס איז דערפאַר, ווייל איך האָב דיך אויך געהאַלטען פאַראַנטוואָרטליך אין מיין טראַגעדיע. אין דעם דין פון „עגלה ערופה" האָסטו מיר געלערענט, אַז די עלטערע פון אַ שטאָט, לעבען וועלכער עס האָט זיך געפונען אַ גע׳הרג׳עטער, מוזען ברייגגען אַ קרבן און דערביי זיך אַנטשולדיגען און זאָגען, כאָטש „ידינו לא שפכו את הדם הזה", אונזערע הענט האָבען ניט פאַרגאָסען דאָס דאָזיגע בלוט, האַלטען מיר זיך אָבער שולדיג אין דעם, וואָס „ועינינו לא ראו", אונזערע אויגען האָבען ניט געזעהן. מיר האָבען געדאַרפט בעסער אַכטונג געבען אויף די אורחים, וואָס באַזוכען אונזער שטאָט. דאָסזעלבע קען געזאָגט ווערען וועגען מיין אומגליק. אמת טאַקע, אַז דו ביזט ניט דירעקט פאַראַנטוואָרטליך, אָבער „ועיניך לא ראו", דיינע אויגען האָבען ניט אַרויסגעזעהן די גרויסע טראַגעדיע, וואָס דיין צופיל ליבע צו מיר האָט פאַראורזאַכט.

---

# הפטרה

## עס וועט נעמען אַ סוף צום ברודער־קריג

**וישבו על הארץ אשר נתתי לעבדי ליעקב.**

„כשהיו הזקנים רואים מטרופלין של מחריבי בית המקדש יושבת בשלותה, הומיה ועליזה, היו בוכים, ורק רבי עקיבא היה משחק ואומר: אם כן עשה הקב"ה למכעיסיו, קל וחומר לעושי רצונו" — ווען די אַלטע געלערענטע האָבען געזעהן די הויפט שטאָט פון די, וועלכע האָבען חרוב געמאַכט דעם בית המקדש, ווי זי זיצט רוהיג, טומעלט און פרייט זיך, האָבען זיי געוויינט; בלויז רבי עקיבא האָט געשמייכעלט און געזאָגט: אויב אַזוי האָט גאָט געטאָן צו די, וועלכע דער־צאָרנען אים, וויפיל מער וועט ער טאָן פאַר די, וועלכע טוען זיין ווילען (ספרי, דברים).

דער נביא יחזקאל שטייט ביים „נהר כבר" און באַטראַכט די אידישע לאַגע אין בבל. ער זעהט ווי דער גלות האָט פון זיי געמאַכט אַ באַרג פון „עצמות יבשות", אויסגעטריקענטע ביינער אָהן אַ רוח־חיים, אָהן אַ נאַציאָנאַלער שטרע־

בונג, וואָס זאָל זיי געבען אַ תכלית אין לעבען. זיי זיינען צעשפּרייט און צע־וואָרפען איבער דער גאַנצער לענג און ברייט פון דעם גלות, פרעמד און אָפּ־געזונדערט איינע פון די אַנדערע, און ער וואונדערט זיך: „התחיינה העצמות האלה״ — וועלען אָט די אויסגעטריקענטע ביינער ווען עס איז לעבעדיג ווערען? ווי איז עס מעגליך זיי צו פאַראייניגען און צוריק אויפשטעלען און גאַנץ מאַכען דעם קערפּער פון דער אידישער אומה? וואָלטען אידען געוועזען פאַראייניגט און ברידערליך געשטימט צווישען זיך, וואָלטען זיי פון קיין גלות קיינמאָל ניט געוואוסט.

האָט זיך אָבער דער ברודער־קריג איינגעגעסען אין די אידישע ביינער און האָט אויף אונז געבראַכט איין טראַגעדיע גרעסער פאַר דער צווייטער. אונזער פאָטער יעקב מוז פאַרלאָזען זיין פאָטערלאַנד צוליב אַ קריג מיט זיין ברודער עשו. ווען ער קערט זיך צוריק און וויל אָנהויבען בויען די אידישע נאַציאָנאַלע היים, ווערט ער געשטערט אין דער אַרבייט איבער אַ קריג, וואָס ברעכט אויס צווישען יוסף׳ן און זיינע ברידער. און דאָס אומגליק פון דעם אַלטען קריג האַלט נאָך אָן. „בשכם מכרו את יוסף, ובשכם נחלקה מלכות בית דוד״ — אין שכם האָבען די ברידער פאַרקויפט יוסף׳ן און אין שכם איז צעטיילט גע־וואָרען די מלוכה פון דוד (סנהדרין ק״ב). די ערשטע טראַגעדיע האָט גע־שפּאָלטען די גאַנצקייט פון יעקב׳ס פאַמיליע און האָט געשטערט די גרינדונג פון דער אידישער נאַציאָנאַלער היים. און די צווייטע טראַגעדיע האָט גע־שפּאָלטען די גאַנצקייט פון אידישען פאָלק און אים איינגעטיילט אין צוויי קעמ־פענדע מלוכות. דער ערשטער ברוך האָט געפירט צו גלות מצרים און דער צווייטער צו גלות בבל.

איך זיין פאַרצווייפלונג הערט ער אָבער די שטים פון גאָט, וואָס זאָגט אים: „הנה אני מביא בכם רוח וחייתם״ — איך וועל אין אייך אַריינגעבען אַ גייסט, וואָס וועט אייך אויפלעבען. אָט די „עצמות יבשות״, אָט די טרוקענע ביינער, וואָס דו זעהסט פאַר זיך צעזייט און צעוואָרפען, וועלען נאָך צוזאַמענ־קומען און ווערען אַ לעבעדיג פאָלק. „הנה אני לוקח את עץ יוסף אשר ביד אפרים״ — איך וועל נעמען דעם שטאַם פון יוסף, וואָס ליגט אין די הענט פון אפרים און האָט אים געהאַלטען ביז איצט אָפּגעזונדערט פון די איבעריגע אידען, „ונתתי עליו את עץ יהודה ועשיתים לעץ אחד״ — און איך וועל אויף אים אַרויפלייגען דעם שטאַם פון יהודה און פון זיי ביידען מאַכען אייך שטאַם, „והיו אחדים בידי״ — און זיי וועלען ווערען פאַראייניגט אין מיינע הענט, „ולא

יחצו עוד לשתי ממלכות" — און זיי וועלען מער ניט זיין צעשפּאָלטען אין צוויי פאַרשיידענע מלוכות.

אויך דער איצטיגער גלות איז דער רעזולטאַט פון אַן אינערליכען צו־זאַמענברוך. "מקדש שני חרב מפני שהיתה בו שנאת חנם" — דער צווייטער בית המקדש איז חרוב געוואָרען, ווייל צווישען די אידען האָט דאַן געהערשט אַן אומזיסטע פיינטשאַפט (יומא ט' ע"ב). זיי האָבען זיך איינגעטיילט אין פאַרשיידענע פאַרטייען, וועלכע האָבען געקעמפּט צווישען זיך און געבראַכט אויפ'ן לאַנד די רויבערישע רוימער, וועלכע האָבען חרוב געמאַכט דעם בית המקדש און פאַרטריבען דאָס פאָלק פון זיין פאָטערלאַנד. ווען די זקנים, די אַלטע געלערענטע, האָבען געזען ווי רוים יובילירט און פרייט זיך איבער דער אידישער מפלה, האָבען זיי געוויינט. רבי עקיבא האָט זיי אָבער געטרייסט און געזאָגט:

"אם כן עשה הקב"ה למכעיסיו, קל וחומר לעושי רצונו" — אויב אַזוי האָט גאָט געטאָן צו די, וואָס דערצאָרענען אים, וויפיל מער וועט ער טאָן פאַר די, וואָס טוען זיין ווילען (ספרי, דברים). און רבי עקיבא איז גערעכט געווען. די אַלטע, מעכטיגע רוים איז שוין לאַנג אונטערגעגאַנגען, אָבער דאָס אידיש פאָלק לעבט נאָך. דער סוף פון די, וועלכע לאָזען ניט דעם אידען צוריקקומען צו זיין לאַנד, וועט זיין דער זעלבער ווי פון די אַלטע רוימער. די "עושי רצונו", די אידען, וועלכע זיינען געטריי צו זייער נאַציע און צו די אידישע טראַדיציעס, וועלען זיכער אויפגעריכט ווערען, "וישבו על הארץ אשר נתתי לעבדי ליעקב" — און וועלען זיך צוריק באַזעצען אויפ'ן לאַנד, וואָס איך האָב געגעבען צו מיין קנעכט יעקב.

---

ד.

## צוויי געטליכע הבטחות האָט יעקב באַקומען איידער ער איז אַוועק קיין מצרים

### אנכי ארד עמך מצרימה ואנכי אעלך גם עלה.

"תרין נדרין נדר הקב"ה ליעקב: חד, דיחות עמיה למידר עמיה בגלותא, וחד, דיסקיניה מקבריה למחמי חדוותא דסייעתי קדישא עם בנייהו" — צוויי פאַרשפּרעכונגען האָט הקב"ה געמאַכט צו יעקב'ן, איידער ער האָט פאַרלאָזען כנען צו גיין קיין מצרים: איין פאַרשפּרעכען, אַז ער וועט מיט אים אַרונטער־נידערען צו וואוינען מיט אים אין גלות. און דעם צווייטען פאַרשפּרעכען, אַז ער

וועט אים אַרויפברייינגען פון זיין קבר צו זעהן די גרויסע פרייד פון זיינע קינדער, ווען ער וועט זיי העלפען צו קומען צו זייער אייגענער היים (זוהר).

ווען די ברידער זיינען געקומען צוריק פון מצרים מיט דער פריילּיכער בשורה „עוד יוסף חי", אַז זיין זון יוסף לעבט נאָך, „ותחי רוח יעקב אביהם", האָט דער גייסט פון זייער פאָטער יעקב אויפגעלעבט. די גאַנצע צייט, זינט יוסף איז פאַרפאַלען געגאַנגען, האָט זיך יעקב ניט געקאָנט טרייסטען. דער פלוצ־לינגער טויט פון זיין געליבטען זון האָט אים שטאַרק אויפגעטרייסעלט. אויסער דעם גרויסען ווייטאָג, וואָס דער שרעקליכער פאַרלוסט האָט אים פאַר־שאַפט, האָט אויך דער פאַקט, אַז זיינס אַ קינד איז געשטאָרבען ביי זיין לעבען, אים אינגאַנצען דענערווירט, און ער האָט אָנגעפאַנגען צו צווייפלען אויב זיין אייגען לעבען איז ניט געווען אַ דורכפאַל.

איידער ער האָט פאַרלאָזען זיין שווער לבן צו גיין איבערנעמען די ירושה פון זיינע עלטערען אין כנען, האָט ער געבעטען ביי גאָט: „תן לי אות שלא ארד לשאול" — גיב מיר אַ צייכען, אַז איך וועל ניט אַרונטערנידערען אין גרוב און פאַרפאַלען ווערען פון דער וועלט־געשיכטע. „אמר לו הקב"ה: סימן זה יהיה בידך שלא ימות אחד מבניך בימיך" — האָט אים גאָט געענטפערט: דעם סימן וועסטו האָבען, אַז קיינער פון דיינע קינדער וועט ניט שטאַרבען ביי דיין לעבען. דער לעבען פון עלטערען ווערט פאַרלייגערט דורך זייערע קינ־דער. אויב אָבער זיי שטאַרבען פאַר דער צייט, אָדער זיי ווערען אָפגעריסען פון זיי ביי זייער לעבען, איז עס אַ שלעכטער סימן פאַר טאַטע און מאַמע, ווייל דאָס ווייזט, אַז די השגחה באַטראַכט זייער אייגען לעבען פאַר אַ טעות און איז ניט גענייגט צו דערלאָזען, אַז עס זאָל פאָרטגעזעצט ווערען דורך זייערע קינדער.

די גאַנצע צוויי־און צוואַנציג יאָר, וואָס יעקב האָט ניט געהערט פון יוסף'ן, האָט ער געהאַלטען אין איין טרויערען, און אַז די קינדער האָבען אים געזוכט צו טרייסטען, האָט ער זיי אָפגעשטופּט מיט דער טענה „כי ארד אל בני אבל שאולה", איך זה איין, אַז איך וועל אַרונטערנידערען צו מיין זון אַ טרויעריגער אין גרוב אַריין. מיין גאַנץ לעבען איז געווען אַ דורכפאַל; איך האָב ניט געטריי דורכגעפירט די אויפגאַבע, וואָס מיינע גרויסע עלטערען האָבען מיר אָנפאַר־טרויט און מיין נאָמען וועט אָפּגעמעקט ווערען פון דער אידישער געשיכטע.

איצט אָבער, אַז זיינע קינדער האָבען אים געבראַכט די גוטע בשורה, אַז יוסף לעבט נאָך, האָט זיין גייסט אויפגעלעבט. „רוח הקודש שנסתלק ממנו שרתה עליו באותה שעה" — דער הייליגער גייסט, וואָס איז פון אים אַוועק זינט

יוסף איז פֿאַרשוואונדען, האָט צוריק גערוט אויף אים אין דעם מאָמענט וואָס ער האָט געהערט די פריילינבע נייעס (אדר"נ פ"ל). און ער רופט אויס „רב", מיין שמחה איז גרויס, „עוד יוסף חי", מיין זון יוסף לעבט נאָך, און דאָס איז פאַר מיר אַ סימן, אַז „לא ארד שאולה", איך וועל ניט אַרונטערנידערען אין דער פֿאַרגעסענהייט. מיין לעבען איז ניט געווען קיין דורכפֿאַל און די געשיכ־טע וועט אָן מיר קיינמאָל ניט פֿאַרגעסען.

צוערשט האָט יעקב באַשלאָסען אָפּצושטאָטען אַ וויזיט צו יוסף'ן. אלכה ואראנו בטרם אמות" — איך וועל גיין און אים אָנזען איידער איך שטאַרב, און וועל זיך גלייך צוריקקערען אַהיים. אַז די קינדער האָבען אים געוויזען די „עגלות", די פיל וועגענער, וואָס יוסף האָט מיט זיי מיטגעשיקט אים צו ברייג־גען מיט זיין גאַנצער פֿאַמיליע קיין מצרים, האָט ער זיך אָנטזאָגט עס צו טאָן. ער האָט געטענה'ט: „איך אעזוב ארץ אבותי, את ארץ מולדתי ואת ארץ שכינתו של הקב"ה ואלך אל ארץ טמאה שאין יראת שמים בתוכה"? — ווי קאָן איך פֿאַרלאָזען דאָס לאַנד פון מיינע עלטערען, דאָס לאַנד פון מיין געבורט, דאָס לאַנד וואו די שכינה פון גאָט רוט אין איר און גיין אין אַן אומריין לאַנד, וואו די מורא פאַר גאָט איז ניטאָ אין איר (פרקי דר"א פל"ט).

יעקב האָט זיך געשראָקען, אַז אין גלות, אין דער פרעמד, וועלען זיינע קינדער ניט ווערען דאָס געטליך פֿאָלק, וואָס זיינע עלטערען און ער האָבען זייער גאַנצען לעבען־לאַנג געטרוימט און געהאָפט. ער האָט אויך מורא גע־האָט, אַז די אמונה אין דעם איינציגען גאָט וועט ביי זיי אין גלות אָפּגעשוואַכט ווערען. דאָס לעבען פון אַ פֿאָלק אין דער פרעמד איז אַ העכסט טרויעריגס. ניט נאָר איז זיין פּאָליטישער און עקאָנאָמישער מצב אַ געפֿאַלענער, אויך זיין אמונה, זיין תורה קאָנען זיך ניט האַלטען אויף זייער געהעריגער הויך. „כל הדר בחוץ לארץ דומה כמו שאין לו אלקים" — ווער עס וואוינט אין אַ פרעמד לאַנד דוכט זיך, אַז ער האָט קיין אייגענע געטליכקייט ניט (כתובות ק"י). מיט דעם בעסטען ווילען פון אַ פֿאָלק, וואָס מוז זיך וואַלגערען אין פרעמדע גלות'ן, קאָן ער דאָך ניט איבעראַל פֿאַרטזעצען זיין אייגענאַרטיג לעבען לויט די פֿאַרשריפטען פון זיין תורה. די הערשענדע קולטור פון לאַנד, ווי אויך איר רעליגיעזע מנהגים און פייערטעג איבען אויס אַ געוויסע השפעה אויף זיינע קינדער, וועלכע רופט זיך זעהר שלעכט אָפּ אויף זיין אייגענער נאַציאָנאַלער און רעליגיעזער דערציהונג.

דער אויבערשטער זאָגט צו יעקב'ן: „אל תירא מרדה מצרימה, כי לגוי גדול אשימך שם" — האָב ניט מורא אַרונטערצונידערען קיין מצרים, ווייל איך

וועל דיך דאָרט מאַכען פאַר אַ גרויס פאָלק. יעקב אָבער בלייבט אומצופרידען. אויב מיינע קינדער איז טאַקע באַשערט צו ווערען אַ גרויס פאָלק, וואָרום מוז עס געשעהן דוקא אין גלות? און וועלען זיי דאַן זיך וועלען צוריקקערען אין זייער אייגען לאַנד?

אויף דעם, זאָגט דער זוהר הקדוש, האָט ער באַקומען פון גאָט צוויי פיי־ערדיגע הבטחות: ערשטענס, „אנכי ארד עמך מצרימה", איך וועל מיט דיר אַרונטערנידערען קיין מצרים. דו האָסט זיך ניט וואָס צו שרקען, אַז דיינע קינדער וועלען חו"ש דאָרט אין גלות פאַרפאַלען ווערען. דאָס אידישע פאָלק וועט קיינמאָל ניט אונטערגיין, ווייל איך זאָג דיר צו „למידר עמיה בגלותא", אַז איך וועל מיט זיי זיין אין זייערע גלות־לענדער און וואַכען איבער זיי און זיי באַשיצען קעגען זייערע פיינט.

און וועגען צוריקקערען זיך צו זייער אייגען לאַנד, פאַרשפּרעכט ער אים „ואנכי אעלך גם עלה" — איך וועל דיך זיכער אַרויסברייגגען, „דיסקינה מקברו" — ער וועט אים אַרויסהויבען פון זיין קבר. ווען די צייט פון דער גאולה וועט קומען, וועלען אַלע דיינע קינדער געבראַכט ווערען קיין ארץ ישראל, אויך די וועלכע וועלען זיך איינגראָבען אין די לענדער פון זייער גלות און וועלען זיי ניט וועלען פאַרלאָזען.

דער זעלבער פאַרשפּרעכען ווערט אויך אויסגעדריקט פון דעם נביא יחזקאל (ל"ז): „כה אמר ה' — הנה אני פותח את קברותיכם, והעליתי אתכם מקברותיכם עמי, והבאתי אתכם אל אדמת ישראל וידעתם כי אני ה'" — אַזוי זאָגט גאָט: איך וועל עפענען אייערע קברים און וועל איך אַרויסהויבען פון אייערע קברים, מיין פאָלק, און וועל אייך ברייגגען אויף אידישער ערד, און דאַן וועט איר וויסען, אַז איך בין גאָט.

---

# הפטרה

## אַלע בני ישראל וועלען געבראַכט ווערען קיין ארץ ישראל

### הנה אני לוקח את בני ישראל מבין הגוים.

„צדיקים שבחוץ לארץ אינם חיים — אמר אביי מחילות נעשה להם בקרקע" — די צדיקים פון חוץ לארץ לעבען ניט. אַביי זאָגט: הייל֞ען ווערען פאַר זיי געמאַכט אין דער ערד (כתובות קמ"ו, ע"א).

דער רעיון פון שיבת ציון איז תמיד באַקעמפט געוואָרען פון די עקסטרע־מע עלעמענטען אין אידישען פאָלק, די גאָר לינקע און די גאָר רעכטע. „די אָנהענגער פון אַסימילאַציע, זאָגט הרב ריינעס ז״ל אין זיין ספר „ערכים״, וועלכע זוכען צו פאַרענטפערען די אידישע פראַגע דורך אונטערגאַנג, דורך אויס־מישען זיך צווישען די פעלקער און אויפגעבען יעדען טרוים פון ווען עס איז צו ווערען אַ זעלבסטשטענדיג פאָלק, האָבען צוערשט זיך פאַרנומען מיט באַ־קעמפען די אידישע אמונה. זיי האָבען גוט געוואוסט, אַז זאָלאַנג די אידען וועלען זיך האַלטען אָן זייער גלויבען און לעבען לויט די פאַרשריפטען פון זייער תורה, וועט דער נאַציאָנאַלער פייער אין זייערע הערצער קיינמאָל ניט אויס־געלאָשען ווערען. אָן אייגענאַרטיג לעבען פירט צו וועלען ווערען אַן אייגענ־אַרטיג פאָלק אויף אַן אייגענעם באָדען. האָט מען אָנגעפאַנגען אָפּרייסען איין דין נאָך דעם אַנדערען. שבת, כשרות, טהרת המשפחה האָט מען גלייך אָפּ־געוואָרפען. זייערע שוהלען זיינען פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין טעמפלען, וואו אי־דישע מנהגים זיינען אויסגעביטען געוואָרען אויף די פון די הערשענדיגע גלוי־בענס אין די לענדער, וואו זיי האָבען זיך געפונען. זעלבסטפאַרשטענדליך, אַז די ערשטע כפרה־הינדעל איז געווען „ציון״, וועלכע מען האָט אויסגעמעקט פון אַלע תפלות.

זייער אַרבייט אָבער איז געווען אַ דורכפאַל. זייערע אייגענע קינדער האָבען זיך טאַקע ביסלעכווייז אויסגעשמד׳ט, די גרויסע מאַסען אָבער זיינען געבליבען טריי צו זייער רעליגיע און אָנגעפירט זייער טראַדיציאָנעלען לעבען, וואָס האָט זיי געהאַלטען געבונדען צו זייער פאָלק און צו זיינע נאַציאָנאַלע שטרעבונגען. האָט מען זיך פאַרנומען אויף אַן אַנדער ליניע און מען זוכט צו באַקעמפען דעם רעיון פון „שיבת ציון״ דורך רעליגיע. פון העלער הויט זיינען אָט די „מרשיעי ברית״ פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין געטרייע „צדיקים״, וואָס שרייען, אַז אונזער אמונה איז באַשטימט געוואָרען פון דעם בורא עולם צו זיין אַ „נס לגוים״, אַ רעליגיעזערביישפּיל פאַר די פעלקער, און אידען מוזען זיך וואַלגערען איבער אַלע שבעה ימים, אום צו קאָנען פאַרשפּרייטען די הויכע אידעאַלען פון זייער תורה.״

פון דער אַנדער זייט, פון דעם עקסטרעם רעכטען פליגעל, איז יעדער שריט וואָס איז געמאַכט געוואָרען פון אידען פאַר דעם רעיון פון „ישוב ארץ ישראל״, באַטראַכט געוואָרען פאַר „דחיקת הקץ״, פאַר וועלען צווינגען די דער־נעהענטערונג פון דער אידישער גאולה, וואָס איז אַ גרויסע עבירה. נאָך אין

די צייטען פון „תלמוד בבלי" האָבען זיך געפונען אַזעלכע, ווי עס ווערט דער־ציילט: „ר' זירא הוה קמישתמיט מיניה דר' יהודה דבעא למיסק לארץ ישראל" — רבי זירא האָט זיך באַהאַלטען פון זיין רבי ר' יהודה, אַז ער האָט באַשלאָסען צו געהן נאָך ארץ־ישראל, „דאמר ר' יהודה: כל העולה מבבל לארץ־ישראל עובר בעשה שנאמר בבלה יובאו ושמה יהיו עד יום פקדי אותם" — ר' יהודה פלעגט זאָגען: דער וואָס גייט אַרויס פון בבל נאָך ארץ־ישראל, איז עובר אויף אַן „עשה", ווייל עס ווערט געזאָגט: אין בבל וועלען זיי געבראַכט ווערען און דאָרט זאָלען זיי זיין ביז דעם טאָג, וואָס איך וועל זיך אין זיי דערמאָנען (כתובות י' ע"ב).

דיביידע סאָרטען חוץ־לארצ'דיגע צדיקים, פון רעכטס און לינקס, זאָגט אונז די גמרא „אינם חיים", ווערען פון דאָס אידישע פאָלק ניט באַטראַכט פאַר לעבעדיגע. זיי שאַפען גאָרנישט פאַר זיין עקזיסטענץ און פאַרלייגערען בלויז זיין נע־ונד'קייט. אָדער ווי אביי דערקלערט עס: „מחילות נעשה להם בקרקע", זיי האָבען פאַר זיך געמאַכט היילען אין דער ערד פון זייערע גלות'ן און דאָרט זיך איינגעגראָבען און ווילען ניט אַרויס. דער נביא אָבער פון היינטיגער הפטרה, רעאַגירענדיג איבער דעם פאַרשפּרעכען, וואָס גאָט האָט געמאַכט צו אונזער פאָטער יעקב, „ואנכי אעלך גם עלה", אַז איך וועל דיר זיכער אַרויס־ברייגגען פון דיין גלות, זאָגט צו די אידען: אַזוי זאָגט גאָט, „הנה אני לוקח את בני ישראל מבין הגוים אשר הלכו שם" — איך וועל באַשטימט אַרויסנעמען די אידען פון צווישען די פעלקער, וואו זיי זיינען דאָרט אַוועק.

דער וואָרט „לקח" ווערט אין דער העברעאישער שפּראַך באַנוצט פאַר נעמען מיט'ן גוטען ווילען פונ'ם געבער און אויך פאַר אַרויסנעמען, איבער געוואַלד, אויב דער געבער וויל ניט. צו די נאַציאָנאַל־געזאָנענע אידען, וואָס זוכען צו האָבען אַן אייגען לאַנד, פאַרשפּרעכט דער נביא, אַז גאָט וועט זיי נעמען „וקבצתי אותם מסביב", און וועל זיי צוזאַמענקלייבען אַרום מיר און מיט שטאָלץ וועלען זיי מאַרשירען נאָך דאָס לאַנד פון זייערע אבות. פאַר די וואָס באַקעמפען דעם נאַציאָנאַלען געדאַנק פאַרזיכערט דער נביא, אַז אויך זיי וועלען אַרויסגענומען ווערען פון זייערע איינגעגראָבענע „מחילות" „והבאתי אותם אל אדמתם", און וועל זיי, טראָץ זייער ווילען, ברייגגען צו זייער אייגען לאַנד.

ה.

## גלות איז ווי כריין: פון אָנפאַנג זיס און נאָכדעם ביטער

**במיטב הארץ הושב את אביך ואת אחיך.**

„תנא רבי חייא: למה אוכלין חזרת בפסח? לומר לך, מה חזרת תחלתה מתוק וסופה מר, כך עשו המצרים לאבותינו במצרים, בתחילתה במיטב הארץ, ולבסוף וימררו את חייהם בעבודה קשה" — רבי חייא האָט געלערנט: וואָרום עסט מען כריין פסח צום סדר? דיר צו דערקלערען: אַזוי ווי כריין איז פון אָנפאַנג זיס און צום סוף ביטער, אַזוי האָבען געטאָן די עגיפּטער צו אונזערע עלטערען אין מצרים: צוערשט האָבען זיי פאַרשפּראָכען צו לאָזען זיי וואוינען אין די בעסטע פּלעצער פון לאַנד, און נאָכדעם האָבען זיי פאַרביטערט זייער לעבען מיט שווערער שקלאַפעריי (ירושלמי פסחים פ"ב ה"ה).

יוסף לאָזט זיך ענדליך דערקענען צו זיינע ברידער, מאַכט מיט זיי שלום און זאָגט זיי: „אל תעצבו ואל יחר בעיניכם כי מכרתם אותי הנה, כי למחיה שלחני אלקים לפניכם" — קלעמט זיך ניט און זאָל אייך ניט פאַרדריסען, וואָס איר האָט מיך פאַרקויפט אַהער, ווייל כדי צו קאָנען אויסהאַלטען לעבענס האָט מיר גאָט געשיקט פאַר אייך. און איצט פאָרט וואָס שנעלער צו מיין פאָטער, דערציילט אים פון מיין גרויסקייט און זאָגט אים אין מיין נאָמען: „רדה אלי אל תעמוד" — נידער אַראָפּ צו מיר, זאָלסט זיך ניט אָפּהאַלטען, דו וועסט זיך באַזעצען אין דעם לאַנד גושן און דו וועסט זיין נאָענט צו מיר, דו און דיינע קינדער און דיינע קינדער'ס קינדער, דיינע שאָף און דיינע רינדער און אַלץ, וואָס דו האָסט, „וכלכלתי אותך שם" — און איך וועל דיך דאָרט אויסהאַלטען.

דער קלוגער יוסף, דער גרויסער „חכם ונבון", וואָס האָט געהאַט ביכולת פאָראויסצוזעהן די צוקונפט פון אַנדערע פעלקער, האָט דעם עתיד פון זיין אייגען פאָלק ניט פאָראויסגעזעהן. ער האָט פאַרפעהלט אָפּצושאַצען דעם גרויסען אומגליק, וואָס ער ברייגגט אויף זיין פאָטער'ס הויזגעזינט מיט דעם, וואָס ער רייסט אים אויס פון זיין וואָרצעל און פירט אים אין דער פרעמד. ווי אַנדערש וואָלט אויסגעזעהן די אידישע געשיכטע, ווען יוסף וואָלט געהאַט די פּאָליטישע וויזיע און ניט געבראַכט דערצו, אַז זיין פאָטער, זיינע ברידער מיט זייערע קינדער און קינדס־קינדער זאָלען אַלע פאַרלאָזען זייער לאַנד און אויסוואַנדערען נאָך מצרים. ער זאָגט אים: „וכלכלתי אותך שם" — איך וועל

דיך דאָרט אין גושן אויסהאַלטען מיט פרנסה. וואָרום דוקא דאָרט, אין דער פרעמד? מיט זיין גרויס רייכטום און פּאָליטישער מאַכט האָט ער גאַנץ לייכט זיי געקענט שפּייזען אין זייער אייגען לאַנד, און דאָס אידיש פאָלק וואָלט פיי־לייכט קיינמאָל ניט פאַרזוכט דעם ביטערען טעם פון גלות...

„נבואה נזרקה בפיו" — אַ שרעקליכע פּראָפעצייאונג איז אַרויסגעפאַלען פון יוסף׳ס מויל, ווען ער האָט אַנגעזאָגט זיין פאָטער „רדה אלי" — נידער אַרונטער צו מיר. אַזוי גיך ווי יעקב פאַרלאָזט זיין אייגענע היים און זוכט זיך צו באַ־זעצען אין אַ פרעמד לאַנד, ווערט ער אַ „יורד" — אַ געפאַלענער באַלעבאָס. ער נידערט אַרונטער צו דער מדרגה פון אַ גר, אַ וואַנדערער, אָהן אַ באָדען אונטער זיינע פיס, וואָס ווערט אין בעסטען פאַל בלויז געדולדעט, אָבער ניט געאַכטעט. ער זאָגט אים אויך: „אל תעמוד" — דו זאָלסט ניט בלייבען שטיין. אין גלות פאַרלירט מען די זעלבסטשטענדיגקייט און מאַנכעסמאָל אויך דעם זעלבסט־רעספּעקט (מדרש הגדול). אַז איינער מוז שטענדיג זיין אַ „תולה בדעת אחרים" — אָפּהענגיג פון דעם ווילען פון אַנדערע, מוז ער אונטערדריקען זיינע אייגענע געפילען און נאָכטאָן יענע. קינדער פון אַ פאָלק, וועלכע מוזען לעבען פון „חסד לאומים", פון דעם גענאָד פון פרעמדע פעלקער, און האַלטען אין איין ציי־טערען פאַר שלעכטע גזירות, פאַר באַשריינקונגען, וואָס קאָנען קעגען זיי גע־מאַכט ווערען צו יעדער צייט, זיינען אין דער מדרגה פון „רדה ואל תעמוד" — זייער לאַגע איז אַ נידעריגע, אַ געפאַלענע.

און וואָס איז נאָך טרויעריגער, אַז אין גלות מוז אויך דער גייסט פון אַ פאָלק אַרונטערגעבראַכט ווערען צו אַ נידעריגער מדרגה. ניט נאָר איז דער פּאָליטישער און עקאָנאָמישער מצב פון אַ פאָלק אַ געפאַלענער אין דער פרעמד, נאָר אויך זיין אמונה, זיין גלויבען נידערט מיט אים אַרונטער אין גלות. ווי טיפזיניג עס איז די באַמערקונג פון דעם מדרש אויף דעם פסוק: „וירא את העגלות אשר שלח יוסף לשאת אותם" — יעקב האָט געזעהן די וועגענער, וואָס יוסף האָט געשיקט אויף צו ברייגגען זיי. וואָס איז געוואָרען פון די וועגענער, וואָס פרעה האָט געשיקט? און דער מדרש ענטפערט: „אותן העגלות אשר שלח פרעה לשאת אותו, עבודה זרה חקוקה עליהם, עמד יהודה ושרפן" — די וועגענער, וואָס פרעה האָט געשיקט אים צו ברייגגען, איז אויף זיי געווען אויס־געקריצט דאָס געשטאַלט פון אַן „עבודה זרה", און יהודה האָט זיי פאַרברענט (ב״ר פ׳ צ״ד). די וועגענער, וואָס פירען אַרום די אידען אין גלות, טראָגען אויף זיך די בילדער פון פרעמדע געטער. דער פּראָצעס פון צופּאַסען זיך

אין יעדען אָרט, וואו מען קומט, איז זעהר אַ שווערער און אַ געפערליכער. ער שטעלט אין סכנה די אַלע גייסטיגע און קולטורעלע דערגרייכונגען פון לאַנגע דורות. ניט ווילענדיג מוז מען מאַנכעסמאָל נאָכטאָן די שכנים און פאַרבויגען אַ טייל פון די אייגענע מנהגים און זיטען. מען קאָן ניט בלייבען אַזוי אַרי־ניגעל, ווי מען איז געווען אין דער אייגענער היים.

איך וויל דאָ איבערגעבען אַ שיין מעשה׳לע, וואָס איך האָב געהערט פון פּראָפעסאָר חיים ווייצמאַן: „מיין שטעטעל „מאָטעלע״, האָט ער געזאָגט, „געפינט זיך האַרט ביי דער דייטשער גרעניץ, און כדי צו קאָנען אַריבערגיין די גרעניץ אומגעשטערט, פלעגט מען דאַרפען קויפען אַ „פּעסעל״ פון דער פּאָליציי, וואָס האָט געקאָסט דריי רובעל און איז געווען גוט פאַר אַ צייט פון דריי חדשים.

„יענקל דעם רב׳ס זון איז ניט געווען פון די געשעפטסלייט, וואָס האָבען געדאַרפט אָפט באַזוכען דייטשלאַנד. אָבער איינמאָל האָט ער געמוזט אַהין פאָרען פאַר זעהר אַ נויטיגען אינטערעס. עס איז אים אָבער געווען שווער צו באַצאָלען גאַנצע דריי רובעל פאַר איינמאָל אַריבערגיין די גרעניץ. איז ער אַוועק צו זיינעם אַ פריינט און ביי אים געליען זיין „פּעסעל״.

„דער פריינט האָט אָבער געהייסען פרץ, האָט ער אים אָנגעזאָגט: געדענק, אַז מען וועט דיך פרעגען ווי איז דיין נאָמען, זאָלסטו זאָגען פרץ, ניט יענקל. ווען יעקב דעם רב׳ס איז צוגעקומען צו דער גרעניץ און דער סאָלדאַט האָט אים אַ פרעג געטאָן „קטאָ טי״? ווער ביזטו? איז ער צעטומעלט געוואָרען און האָט אים געענטפערט: „יענקל געוויס ניט״.

און דר. ווייצמאַן האָט פאַרענדיגט: „יאָ, אַזוי גיך ווי אַ איד גייט אַריבער די גרעניץ פון זיין אייגען לאַנד, איז ער שוין ניט דערזעלבער יעקב, דער „איש חכם״, דער גאַנצער מענש, ווי ער איז געווען אין זיין אייגענער היים״...

יעקב האָט לכתחילה ניט געהאַט בדעה אינגאַנצען עוקר צו זיין פון ארץ־ישראל. אַז ער האָט געהערט פון זיינע קינדער, אַז יוסף לעבט און איז אַ הערשער איבער דעם לאַנד מצרים און אַז ער וויל אים זעהר זעהן, האָט ער געזאָגט: „אלכה ואראנו בטרם אמות״ — איך וועל גיין און אים זעהן איידער איך שטאַרב. איך וועל זיך דאַרט פאַרזאַמען אַ קורצע צייט און וועל זיך גלייך אומקערען צוריק. כדי צו באַזאַרגען זיינע קינדער מיט חיונה, פאַרלאָזט ער די שטאָט חברון, וואו זיי האָבען געוואוינט, „ויסע ישראל וכל אשר לו ויבא באר שבע״ — ציט ער זיך אַרויס מיט זיין אייגענער פאַמיליע נאָך „באר שבע״, „מקום שהצליח אביו למצא מאה שערים בעת הרעב״ — אין דעם פלאַץ, וואו זיין

פאָטער האָט באַגליקט אין אַ הונגער־צייט (העמק דבר). דאָרט איז די ערד פרוכטבאַר און ער וועט פּרובירן צו פאַרזייען און אַקערן, פיליכט וועט אים געלינגען, ווי זיין פאָטער, צו קאָנען דאָרט לעבען און ניט פאַרלאָזען דאָס לאַנד.

אויף דער טענה פון זיינע קינדער, אַז אויך אין באר שבע הערשט אַ שרעקליכער הונגער, און דער איינציגער וועג צו קאָנען עקזיסטירען, איז צו גיין נאָך מצרים, וואו יוסף וועט זיי באַזאָרגען מיט אַלע הצטרכות׳ען, ענטפערט ער קורץ: „איך אעזוב ארץ אבותי, את ארץ מולדתי, ואת ארץ שכינתו של הקדוש ברוך הוא ואלך אל ארץ טומאה, שאין יראת שמים בתוכה״? — ווי קאָן איך פאַרלאָזען דאָס לאַנד פון מיינע עלטערען, דאָס לאַנד פון מיין געבורט, דאָס לאַנד וואו די שכינה פון גאָט רוט אין איר, און גיין אין אַן אומריין לאַנד, וואו די מורא פאַר גאָט איז ניטאָ אין איר? (פדר״א פל״ט). ער האָט זיך געשראָקען, אַז אין דער פרעמד וועלען זיינע קינדער ניט ווערען דאָס געטליך פאָלק, וואָס זיינע עלטערען און ער האָבען זייער גאַנצען לעבען געטרוימט און געהאָפט. ער הערט אָבער די שטימע פון גאָט, וואָס זאָגט אים: „אנכי ארד עמך מצרימה״ — איך וועל מיט דיר אַרונטערנידערען אין מצרים. דו האָסט זיך ניט וואָס צו שרעקען, אַז דיינע קינדער וועלען חו״ש דאָרט אין גלות פאַרפאַלען ווערען, ווייל איך זאָג דיר צו: „למידר עמב בגלותא״ — איך וועל מיט זיי זיין אין זייערע גלות־לענדער און וואַכען איבער זיי, אַז זיי זאָלען ניט אונטערגיין (זוהר).

און יעקב לאָזט זיך ענדליך איבעררעדען: „וישאו בני ישראל את יעקב אביהם״ — די קינדער פון ישראל האָבען געפירט זייער פאָטער יעקב און זייערע קליינע קינדער און זייערע ווייבער אויף די וועגענער, וואָס פרעה האָט געשיקט אים צו פירען. און זיי האָבען גענומען זייערע פי און זייער פאַרמעגען, וואָס זיי האָבען אנגעקליבען אין לאַנד כנען, און זיי זיינען געקומען קיין מצרים. און דער פסוק באַטאָנט ווייטער: „בניו ובני בניו אתו, בנותיו ובנות בניו וכל זרעו הביא אתו מצרימה״ — זיינע זין און זיינע זינ׳ס זין מיט אים, זיינע טעכטער און זיינע זינ׳ס טעכטער, און אַלע זיינע קינדער האָט ער געבראַכט מיט זיך קיין מצרים. אינגאַנצען עוקר געווען פון לאַנד, ניט איבערגעלאָזט קיינעם אַנצוהאַלטען זיין חזקה אויפ׳ן לאַנד.

אונזערע חז״ל באַמערקען אויף דעם, אַז דאָ איז באַגאַנגען געוואָרען אַ גרויסער נאַציאָנאַלער פעהלער, ווי די גמרא זאָגט: „דרש רבא: לעתיד לבא יאמר להם הקב״ה לישראל: לכו נא אצל אבותיכם ויוכיחו אתכם, אמרו לפניו:

רבש"ע, אצל מי נלך ? אצל יעקב שאמרת לו אנכי ארד עמך מצרימה, ולא בקש רחמים עלינו" ? — רבא האָט געָ'דרש'ענט: אין דער ווייטער צוקונפט וועט דער אויבערשטער זאָגען צו די אידען: גייט צו אייערע עלטערען און זיי וועלען אייך איבערצייגען, וועלען זיי אים פרעגען: רבש"ע, צו וועמען זאָלען מיר גיין, צו יעקב'ן, וועמען דו האָסט געזאָגט, אַז איך וועל מיט דיר אַרונטערנידערען קיין מצרים, און ער האָט אויף אונז קיין רחמנות ניט געבעטען ? (שבת פ"ט ע"ב). ווען יעקב וואָלט זיך איינגעשטעלט און כאָטש איבערגעלאָזט אַ טייל פון זיין פאַמיליע אין ארץ ישראל, וואָלטען די אידען פילייכט פאַרבליבען שטענדיג אויף זייער לאַנד.

פרעה האָט יעקב'ן מיט זיינע קינדער זעהר פריינטליך אויפגענומען אין מצרים און האָט יוסף'ן אָנגעבאָטען: "במיטב הארץ הושב את אביך ואת אחיך" — אין די בעסטע פלעצער פון לאַנד קאָנסטו באַזעצען דיין פאָטער און דיינע ברידער. כל זמן יעקב ציילט בלויז זיבעציג נפשות און קומט ניט מיט לייי־דיגען, איז ער אַן אָנגענומענער גאַסט, פאַרמערט ער זיך אָבער אין צאָל, וואַקסט אויך די פיינטשאַפט קעגען אים. אָט דערפאַר, זאָגען אונז די חז"ל, דאַרף מען עסען כריין צום פסח סדר, ווייל די טבע פון דעם כריין איז, אַז פון אָנפאַנג ווען ער הויבט ערשט אָן צו בליען, איז ער זיס; וואַקסט ער זיך אָבער פאַנאַנ־דער, ווערט ער ביטער. אַזוי איז אויך דער גלות: פון אָנפאַנג איז מען אָנגעָ־לייגטע געסט, אָבער נאָכדעם ווערט מען פאַרשקלאַפט.

---

# הפטרה

## דער "אנכי" וועט אויסהיילען די אידען פון זייערע קראַנקהייטען

**וטהרתי אותם והיו לי לעם.**

"באנכי ירדו למצרים שנאמר: אנכי ארד עמך ובאנכי הוא מעלה אותם שנאמר: ואנכי אעלך גם עלה. סימן לגאולה אחרונה שבאנכי הם מתרפאין והם עתידין להגאל" — מיט "אנכי" האָבען די אידען אַרונטערגענידערט אין מצרים, ווי עס ווערט געזאָגט: איך וועל אַרונטערנידערען מיט דיר. מיט "אנכי" וועט ער זיי אַרויפברייינגען. ווי עס ווערט געזאָגט: איך וועל דיך

אַרויפבריינגען, אויך דערהויבען. אַ סימן פאַר דער לעצטער גאולה וועט זיין אַז מיט „אנכי" וועלען זיי געהיילט ווערען און וועלען זיין גרייט אויסגעלייזט צו ווערען (שמו"ר פ"ג).

די נבואה פון היינטיגער הפטרה איז געזאָגט געוואָרען נאָך דעם גרויסען נס, וואָס איז געשען מיט די דריי גרויסע אידישע מאַרטירער חנניה, מישאל ועזריה. די מלוכה פון בבל, וואָס האָט חרוב געמאַכט דאָס אידיש לאַנד, האָט פאַרברענט דעם בית המקדש און פאַרטריבען די אידען אין אַנדערע לענדער, האָט אויך געזוכט חרוב צו מאַכען דעם אידישען גייסט און זיי דערווייטערען פון דער אידישער אמונה. זיי האָבען גוט געוואוסט, אַז אַזוי לאַנג ווי די אידען וועלען זיך האַלטען אָן זייער גלויבען און לעבען לויט די פאַרשריפטען פון זייער תורה, וועט דאָס נאַציאָנאַלע פייער אין זייערע הערצער קיינמאָל ניט אויסגעלאָשען ווערען. אַ פאָלק, וואָס לעבט אַן אייגענאַרטיג לעבען, אָפּגעטיילט און אָפּגעזונדערט פון זייערע אַרומיגע שכנים, וועט שטענדיג פאַרבלייבען נאַציאָנאַל־באַוואוסטזיניג און וועט אימער שטרעבען צו האָבען אַן אייגען לאַנד, וואו זיינע קינדער זאָלען זיך קאָנען אַנטוויקלען לויט זיין אייגענעם גייסטיגען דרך.

אום צו קאָנען דורכפירען דעם פּלאַן האָט דער קעניג באַפוילען אויפצושטעלען „צלמים" פון זייערע געטער און האָט אַרויסגעלאָזט אַ גזירה צו אַלע אידען, אַז זיי זאָלען זיך בוקען צו דיזע „צלמים". איבערהויפּט האָט ער געזוכט אַריינצוקריגען די אידישע פירער און רייכע לייט, זיי זאָלען אויספילען זיין באַפעל און אַזוי אַרום באַאיינפלוסען די גרויסע אידישע מאַסען זיי נאָכצוטאָן. די מערהייט פון די אידישע בכבוד׳יגע באַלעבאַטים, וועלכע זיינען פאַרכאַפּט געוואָרען פון דעם בבלי׳שער קולטור און זיך געזוכט צו אַסימילירען, האָבען זיין פאַרלאַנג גערן אויסגעפילט. בלויז דריי פון די פאַרנעמסטע אידישע פירער, חנניה, מישאל ועזריה, האָבען זיך אַנטזאָגט זיין באַפעל דורכצופירען. האָט דער קעניג צוזאַמענגערופען די פאַרשטייער פון דער מלוכה און פון אַלע אַנדערע גלויבענס זיי זאָלען בייוואוינען די סצענע ווי די דריי ווידערשפּעניגער ווערען עפענטליך פאַרברענט אין אַ קאַלך־אויוון. עס איז אָבער געשעהן אַ נס און די דריי צדיקים זענען געראַטעוועט געוואָרען.

דאָס האָט פאַראורזאַכט אַ גרויסע אויפרעגונג צווישען די גויים וועלכע האָבען איינגעזעהען, אַז דער גאָט פון ישראל איז אַן אַלמעכטיגער און ער באַשיצט זיינע געטרייע גלויבער. „בשעה שיצאו חנניה, מישאל ועזריה מתוך כבשן האש באו כל עובדי ככבים וטפחו לרשעיהם של ישראל על פניהם. אמרו

להם: יש לכם אלקים כזה ואתם משתחוים לדמות" — ווען חנניה, מישאל ועזריה זענען אַרויס אומבאַשעדיגט פון קאַלך־אויוועץ זענען געקומען די געצענ־דינער און געפּאַטשט איבער די פּנים'ער פון די אידישע רשעים, זאָגנדיג צו זיי: איר האָט אַזאַ גאָט און איר בוקט זיך צו אַ פּאַרזעהעניש? (סנהדרין צ"ג ע"ב). די וועלכע זענען ניט געטריי זייערע אייגענע אידעאַלען ווערען פאַר־שפּאָט און פאַראַכטעט פון אַלעמען. אידען, וואָס פאַרלאָזען זייער אייגענעם גלויבען און בוקען זיך צו פרעמדע אָפּגעטער, פאַרלירען זייער זעלבסטרעספּעקט און ווערען באַטראַכט פאַר פאַררעטער, וועלכע קאָנען ניט זיין באַגלויבט און געאַכטעט.

גיבען אידען אויף דעם „אנכי", דעם אידישען „איך" און הערען אויף צו גלויבען אין דער אַלמעכטיגקייט פון דער „השגחה", שוואַכען זיי אָפּ דעם בונד וואָס האָט אונזער פאָלק אויפגעהאַלטען אין אַלע צייטען און אין אַלע דורות. הויבען אָן אידען נאָכצומאַכען זייערע אַרומיגע שכנים און גיבען אויף זייער נאַציאָנאַלען „אנכי", די אייגענאַרטיגקייט פון דער „אומה הישראלית", ווערען מיר באַטריכט פון די פעלקער פון דער וועלט אַלס ציגיינער, אַלס אַ סטאַדע פון אַרומטרייבער, מיט וועלכע מען קאָן טאָן וואָס מען וויל. דער „אנכי", דער אידישער שטאָלץ, זאָגען אונז די חז"ל, איז מיט אונז געוועזן אין אַלע גלות'ן און האָט אונז דאָרט באַשיצט פון אונטערגאַנג. דערזעלבער „אנכי" וועט אונז דינען שטענדיג, ביז מיר וועלען צוריק אויפגעריכט ווערען. דער סימן פאַר דער ענדגילטיגער גאולה וועט זיין, ווען אידען וועלען זיך צוריקקערען צו דעם „אנכי", צו זייער אָריגינעלען גלויבען און זייער „תורת ישראל" און זייער „עם ישראל". דאָס וועט אויסהיילען אַלע זייערע קראַנקהייטען, וואָס דער גלות האָט זיי אָנגעשטעקט און וועט זיי מאַכען גרייט פאַר דער „גאולה אחרונה", די לעצטע ענדגילטיגע גאולה.

# ו י ח י

## א.

## יעקב פאַרלירט זיין זעלבסטשטענדיגקייט

**ויחי יעקב בארץ מצרים שבע עשרה שנה.**

„למה פרשה זו סתומה מכל הפרשיות של תורה? מפני שהתחילה שעבוד מצרים על ישראל; ד"א מפני שסתם ממנו כל צרות שבעולם; ד"א מפני שבקש יעקב אבינו לגלות את הקץ ונסתם ממנו" — וואָרום איז די פרשה ויחי צוזאַמענגעשלאָסען מיט דער פריהערדיגער סדרה און ניט אָפּגעזונדערט ווי די אַנדערע פרשיות אין דער תורה? דאָס איז, ווייל מיט דער פרשה פאַנגט זיך אָן די אידישע אונטערדריקונג אין מצרים; אַן אַנדער מיינונג איז, ווייל עס איז פון אים פאַרהוילען געוואָרען אַלע צרות אין דער וועלט; נאָך אַ מיינונג איז, ווייל יעקב האָט געזוכט צו אַנטדעקען דעם „קץ" און וויסען די ענדע, אָבער עס איז פון אים פאַרשטעלט געוואָרען (מ"ר צ"ו).

זיבעצען יאָר האָט יעקב מיט זיין גאַנצער פאַמיליע אָפּגעלעבט אין מצרים און קיין זאַך ניט אויפגעטאָן. מיר געפינען ניט ערגעצוואו פאַרצייכענט עטוואָס פון זייערע דערגרייכונגען דאָרט. גרויסע איבערקערענישען זיינען פאָר דער צייט פאָרגעקומען אין מצרים, היפשע טיילען פון דער באַפעלקערונג זיינען איבערגעזידעלט געוואָרען פון איין טייל לאַנד צו אַ צווייטען, די גאַנצע עקאָנאָמישע סטרוקטור פון דער מדינה איז דורך די זיבעצען יאָר איבערגעבויט געוואָרען; יעקב מיט זיינע איבריגע קינדער, אָבער, זיינען זיך געזעסען אין גושן און האָבען געלעבט פון דער קצבה, וואָס יוסף האָט זיי געגעבען. כמעט אַ גאַנצען דור אָפּגעלעבט אין אַ לאַנד און גאָרניט פועל געווען. אויב זיי האָבען יאָ עטוואָס צוגעטראָגען צו די געשעהענישען פון לאַנד, איז עס וואַרשיינליך געווען אַלס מצריים, אַלס עגיפּטישע בירגער, אָבער ניט אַלס אידען. די גע־

שיכטע, לויט ווי זי איז באַשריבען אין אונזערע היסטאָרישע אַרכיוועז, גיט זיי ווייניג קרעדיט און פאַרפעלט זאָגאַר צו דערמאָנען זייערע נעמען.

דער מדרש פרעגט : „למה פרשה זו סתומה מכל הפרשיות של תורה״ ? — וואָרום איז די פרשה „ויחי״, וואו עס ווערט דערציילט, אַז יעקב מיט זיינע קינדער האָבען געלעבט אין מצרים גאַנצע זיבעצען יאָר, צוזאַמענגעשלאָסען מיט דער פריהערדיגער סדרה און ניט אָפּגעזונדערט ווי די אַנדערע פרשיות פון דער תורה ? וואָרום ווערט ניט אין דער סדרה באַשריבען זיינע אויפטוּ־אונגען דאָרט, און מיט וואָס האָט ער זיך מיט זיינע קינדער דאָרט אויסגעצייכענט ? — און דער מדרש גיט אויף דער פראַגע דריי טיפזיניגע דער־קלערונגען :

א) „משום שהתחילה שעבוד מצרים על ישראל״, ווייל מיט דער פרשה פאַנגט זיך אָן די אידישע אונטערדריקונג אין מצרים. יעקב׳ס אָפּגעזונדערטקייט און זעלבסטשטענדיגקייט פאַרשווינדט ; ער איז שוין ניט אַ פרשה פאַר זיך, ער ווערט שוין אָפּהענגיג און אָנגעשלאָסען אָן אַנדערע פרשיות. אין זיין פאָטערלאַנד איז געווען „וישב יעקב״, יעקב איז דאָרט געווען אַ „תושב״, אַן אָנגעזעענער באַלעבאָס ; אַלע זיינע אויפטואונגען פאַר׳ן לאַנד זיינען פאַר־רעכענט געוואָרען אויף זיין קרעדיט און ער און זיינע קינדער האָבען פריי גע־נאָסען פון אירע אַנטוויקלונגען און דערגרייכונגען. דאָ, אָבער, אין דער פרעמד, איז זיין לעבען בלויז אַ „ויחי״, אַ טרוקענע עקזיסטענץ, איינגעפלאָכטען אין דעם לעבען פון מצרים ; זיינע אויפטואונגען זיינען ניט זיינע, זיי באַלאַנגען צו דער מאַיאָריטעט, צו די הויפט באַלעבאַטים פון לאַנד.

ב) „מפני שסתם ממנו כל צרות שבעולם״, ווייל עס איז פון אים פאַר־הוילען געוואָרען אַלע צרות אין דער וועלט. אַ צווייטער טעם, וואָרום די פרשה איז אַ פאַרמאַכטע, — גיט אָן דער מדרש — איז, ווייל זינט יעקב האָט פאַרלאָרען זיין נאַציאָנאַלע היים און האָט איינגעוואַנדערט אין אַ פרעמד לאַנד, איז זיין לעבען געוואָרען אַזאַ, אַז ער קאָן שוין מער ניט פאָראויסזעהן, וואָס זיין מאָרגען וועט ברענגען, און איז מער ניט אימשטאַנד צו פאַרהיטען זיך פון קומענדיגע צרות.

אין אַן אייגענער היים איז דער לעבען פון אַ פאָלק מער אָדער ווייניגער נאָרמאַל. זיין געשיכטע וועבט זיך פון מעשים און געשעהענישען, וואָס פאָלגען נאָך איינע די אַנדערע און זיינען די רעזולטאַטען פון אַלטע פאַסירונגען. ער קאָן לערנען פון דערפאַרונג, ווי צו פאַרהיטען זיך פון נייע צרות, אָדער אומ־

גליקען. אין גלות, אָבער, איז זיין לעבען ניט נאָרמאַל; די געשעהענישען זיינען מערסטענס איבערראַשונגען, וועלכע קומען פּלוצלינג און האָבען אַ קנאַפּע שייכות מיט די פריהערדיגע פּאַסירונגען. „סתם ממנו כל צרות שבעולם", די קומענדיגע צרות זיינען פון אים פאַרהוילען און אים איז שווער פון זיי זיך אויסצוהיטען.

קוים איז זיין לעבען פאַרבונדען מיט'ן לעבען פון אַנדערע פעלקער, מוז ער נעבאַך דורכמאַכען אַלע שטורעמדיגע צייטען, וואָס זיי מאַכען דורך, און אַז עס ווערט שוין איינגעשטילט און די פעלקער נעמען זיך איינטיילען מיט די פרוכט, וואָס זייערע קאַמפען און ליידען האָבען זיי געבראַכט, קריגט ער דערפון גאָרנישט. על־פּי רוב הויבען זיך ערשט פאַר אים אָן נייע צרות, וואָס דער נאַציאָנאַלער שאָוויניזם און ענגהאַרציגקייט פון די קעמפענדע פעלקער רופט אַרויס געגען די מינאָריטעטען, די גרים און פרעמדע.

ג) „מפני שבקש יעקב אבינו לגלות את הקץ ונסתם ממנו", אַ דריטער טעם, וואָרום די פרשה „ויחי" איז ניט אָפּגעזונדערט און איז בלויז אַ פאַר־זעצונג פון די פריהערדיגע פרשיות, איז, ווייל יעקב האָט געזוכט צו דערגיין דעם „קץ", די ענד פון דעם אידישען גלות, אָבער דאָס איז פון אים פאַרהוילען געוואָרען. זיין טיפע אמונה האָט איהם געטרייסט, ער זאָל זיין האָפנונג ניט פאַרלירען. דער פאַרשפּרעכען פון גאָט צו זיינע עלטערען, אַז „לך ולזרעך אתננה", דאָס לאַנד וועט באַלאַנגען צו דיר און דיינע קינדער, איז שאַרף איינ־געקריצט אין זיין מח. דער איצטיגער לעבען זיינער קאָן ניט זיין אַ פרשה פאַר זיך, אַזאַ לעבען האָט ניט קיין האַפט; דאָס איז בלויז אַן איבערגאַנגס־פעריאָדע פון די פאַרגאַנגענע פרשיות, ווען ער איז געווען אַ תושב אין זיין אייגענער היים, און די קומענדע צוקונפט, ווען ער וועט צוריק באַזיצען דאָס לאַנד און ווערען אַ פאָלק מיט אַלע פעלקער צוגלייך.

# הפטרה

## די צוואות פון יעקב און דוד

**אם ישמרו בניך את דרכם.**

„שלשה דברים נתנו על תנאי, ארץ ישראל, בית המקדש ומלכות בית־דוד, חוץ מספר־תו־ה ובריתו של אהרן, שלא נתנו על תנאי״, — דריי זאכען זיינען געגעבען געוואָרען צו די אידען אויף אַ תנאי, אויב זיי וועלען זיך אויפפירען ווי עס באַדאַרף צו זיין, וועלען זיי עס האָבען: דאָס אידיש לאַנד, דעם בית המקדש און די מלוכה פון דוד; די תורה, אָבער, און דער בונד פון אהרן זיינען די אידען געגעבען געוואָרען אָהן אַ תנאי (מכילתא).

יעקב און דוד, דער גרינדער פון אידישען פאָלק און דער גרינדער פון דער אידישער מלוכה, זיינעןביידע געשטאָרבען פאַר דער צייט. אויף ביידען ווערט געזאָגט „ויקרבו ימיהם למות״, די טעג האָבען זיך דערנענטערט פאַר זיי צו שטאַרבען, און די חז״ל זאָגען אונז: „כל מי שנאמר בו קריבה למות לא הגיע לימי אבותיו״, אויף וועמען עס ווערט געזאָגט, אַז ער דערנענטערט זיך צו שטאַרבען, האָט ער ניט דערגרייכט די טעג פון זיינע עלטערען (מ״ר צ״ו). ביידע האָבען דורכגעמאַכט אַ שטורעמדיגען לעבען, וואָס האָט זיי מקצר־ימים געווען, און זיי זיינען געשטאָרבען פאַר דער צייט.

צוליב אַ ברודער־קריג איז יעקב געצוואונגען צו אַנטלויפען פון זיינע עלטערען'ס הויז און זיך וואַלגערען אין דער פרעמד יאָרענלאַנג. דאָרט ווערען אים געבוירען אַלע זיינע קינדער און עס הויבען זיך אָן צו פאָרמירען די אידישע שבטים. צוליב אַ צווייטען ברודער־קריג ביי זיינע אייגענע קינדער איז ער אויף די עלטערע יאָרען ווייטער געצוואונגען צו פאַרלאָזען זיין געבורט־לאַנד און אויסוואַנדערען נאָך מצרים. אויף זיין טויטען־בעט רופט ער צוזאַמען אַלע זיינע קינדער און גיט זיי איבער זיין לעצטע צוואה. ער זאָגט: „הקבצו ושמעו בני יעקב ושמעו אל ישראל אביכם״, נעמט זיך צוזאַמען און הערט, איר קינדער פון יעקב, און הערט זיך צו צו ישראל אייער פאָטער. וואָס איך וויל אייך דאָ איצט זאָגען איז מער פאַר די אינטערעסען פון ישראל ווי פון יעקב. מיין פריוואַטער לעבען ענדיגט זיך איצט, אָבער דער לעבען פון ישראל, דער פאָטער פון אַ באַזונדער פאָלק, הויבט זיך ערשט אָן. דאָס אידיש פאָלק ווערט

געגרינדעט אין גלות און יעקב לערנט זיינע קינדער, ווי זיך אויפצופירען, אום צו קריגען זייער לאַנד צוריק און דאָרט גרינדען זייער נאַציאָנאַלע היים.

אין דעם לעבען פון דוד המלך האָט אויך פּאַסירט כמעט דאָס זעלבע: צו־ליב דער שנאה פון שאול׳ן איז דוד געצוואונגען צו אַנטלויפען פון זיין אייגען לאַנד; דאָרט, אין דער פרעמדע, אָרגאַניזירט ער זיין אַרמיי פון „שש מאות איש״, זעקס הונדערט העלדען, וואָס האָבען אים מיט דער צייט געהאָלפען איבער־נעמען די אידישע מלוכה און איר פאַרגרעסערען און באַפעסטיגען. צוליב אַ ברודער־קריג צווישען זיינע קינדער, אַבשלום און אַמנון, איז פאַר אַ געוויסער צייט דוד ווידער געצוואונגען צו אַנטלויפען פון זיין לאַנד. דאָס פירט צו דער באַשטימונג פון זיין אינגערען זון, שלמה, צו ווערען דער אידישער קעניג, און איצט, אויף זיין טויטען־בעט, רופט אים זיין פאָטער דוד און גיט אים איבער זיין צוואה, ווי צו פירען די מלוכה, אַז זי זאָל שטענדיג פאַרבלייבען ביי זיינע קינדער.

די גמרא אין פסחים שילדערט פאַר אונז אַ גייסטרייך בילד פון דעם, וואָס עס איז פאָרגעקומען אין די לעצטע שעה׳ן פון יעקב׳ס לעבען: „בקש יעקב לגלות את קץ הימין, ונסתלקה ממנו השכינה״, יעקב האָט געוואָלט אַנטדעקען פאַר זיינע קינדער דעם סוף פון די גלות־טעג, אָבער די שכינה איז פון אים אַוועק. די געטליכע וויזיע, וואָס ער האָט געזעהן, איידער זיינע קינדער זיינען זיך צוזאַמענגעקומען, איז פון אים פאַרשוואונדען אַזוי גיך ווי זיי האָבען זיך אַרומגעשטעלט אַרום זיין בעט. יעקב האָט זיך שטאַרק דערשראָקען: „אמר, חס ושלום יש במטתי פסול״? — ער האָט ביי זיך געטראַכט: פיליכט זיינען דאָ צווישען די קינדער און אייניקלעך אַזעלכע, וואָס גלויבען שוין ניט אין דעם גאָט פון זייערע עלטערען, און דערפאַר איז די שכינה אַוועק?

די שבטים האָבען באַמערקט זיין פאַרלעגענהייט און פאַרשטאַנען די אור־זאַך פון זיין שרעק. „אמרו, שמע ישראל ה׳ אלקינו ה׳ אחד, כשם שאין בלבך אלא אחד, כך אין בלבנו אלא אחד,״ האָבען זיי געזאָגט, הער, ישראל, גאָט איז אונזער גאָט, גאָט איז איינער, מיינענדיג דערביי אַז אַזוי גוט ווי אין זיין האַרץ איז ניטאָ קיין אַנדער גלויבען ווי אין דעם איינציגען גאָט, אַזוי אויך אין זייערע הערצער איז דאָ דער זעלבער גלויבען. ווען יעקב האָט דאָס דערהערט, „פתח ואמר, ברוך שם כבוד מלכותו לעולם ועד״, האָט ער אָנגעפאַנגען און געזאָגט: געבענשט זאָל זיין דער נאָמען פון זיין קעניגליכער ערע פאַר אימער און אייביג (פסחים נ״ו ע״א).

יעקב, דער גרינדער פון אונזער פאָלק, זעהט אין דער אידישער אמונה דעם כח, וואָס וועט אויפהאַלטען דעם לעבען פון די אידען איבעראַל. דוד המלך, דער גרינדער פון דער אידישער מלוכה, אין זיין צוואה צו זיין זון שלמה, זאָגט אים אויך דאָס זעלבע: „ושמרת את משמרת ה׳״, דו זאָלסט אָפּהיטען די ווערטען פון גאָט; אויב דו ווילסט, אַז דיין מלוכה זאָל זיין שטאַרק און האָבען אַ קיום, זאָלסטו זיך האַלטען אָן דער אידישער אמונה. ער שליסט זיינע ווערטער מיט דעם „תנאי״, אַז „אם ישמרו בניך את דרכם ללכת לפני באמת״, אויב דיינע קינדער וועלען זיין אָפּגעהיט אין זייער וועג צו גיין פאַר מיר מיט׳ן אמת, דאַן „לא יכרת לך איש מעל כסא ישראל״, וועט פון דיר ניט אָפּגעשניטען ווערען אַ מענש פון דעם אידישען טראָן, ער וועט איבערגיין בירושה צו דיינע קינדער.

אויף דעם באַמערקט דער מכילתא, אַז בלויז די דריי זאַכען זיינען די אידען געגעבען געוואָרען אויף אַ „תנאי״: ארץ־ישראל, דער בית־המקדש און מלכות בית־דוד. די תורה און די אמונה זיינען צו אידען ניט געגעבען געוואָרען אויף אַ תנאי. דער קיום פון פאָלק וועט זיין געזיכערט צוליב זיין תורה און אמונה. אַזוי ווי זיין תורה לעבט אייביג, אַזוי וועט ער אויך לעבען אייביג. וועלען זיי אָבער מיט זייער תורה און אמונה אויך זיין נאַציאָנאַל געשטימט און קעמפען פאַר זייער פרייהייט, וועלען זיי אויך באַזיצען דאָס לאַנד, האָבען זייער בית־המקדש און אויך צוריק גרינדען זייער מלוכה.

## ב.

## אין חוץ־לארץ שטאַרבט מען צוויי מאָל

**אל נא תקברני במצרים.**

„מי שמת בחוץ לארץ ונקבר שם — שתי מיתות יש בידו״ — ווער עס שטאַרבט אין חוץ־לארץ און ווערט דאָרטען אויך באַגראָבען, שטאַרבט צוויי מאָל (מדרש תנחומא).

אונזערע אבות האָבען זיך זייער פיל געזאָרגט איבערצולאָזען זייערע קינדער אַ גייסטיגע ירושה, וועלכע זאָל זיי אימער האַלטען געבונדען מיט זייער פאָלק און זיין אמונה. אַז אברהם הערט פון גאָט דעם פאַרשפּרעכען, אַז זיינע קינדער וועלען זיין גרויס אין צאָל און וועלען באַזיצען דאָס לאַנד, וויל ער וויסען:

„מה תתן לי" — וואָס פאַר אַ קינדער וועסטו מיר געבען? „אם עתיד אתה ליתן לי בנים להכעיסך, מוטב ואנכי הולך ערירי" — אויב דו ביזט גרייט מיר צו געבען אַזעלכע קינדער, וואָס וועלען דיך דערצאָרענען, איז פאַר מיר פיל בעסער, אַז איך זאָל גיין אַליין און בלייבען קינדערלאָז (מדרש רבה). דער לעבען פון עלטערען ווערט פאַרלענגערט אָדער פאַרקירצט דורך זייערע קינדער. די, וואָס האָבען גוטע קינדער, שטאַרבען ניט. זייער אָנדענק בלייבט תמיד לעבען און ווערט פאָרטגעזעצט דורך די גוטע מעשים פון זייערע קינדער. אָבער שלעכטע קינדער זיינען מקצר די יאָרען פון זייערע עלטערען נאָך פאַר'ן לעבען און מעקען־אָפּ זייער געדעכעניש נאָכ'ן טויט.

יעקב אבינו האָט אויך געוואָלט וויסען, אויב זיינע קינדער וועלען אָנ־האַלטען זיין אייגענאַרטיגען לעבען און פאָרטזעצען זיין גייסטיגע עקזיסטענץ. איידער ער פאַרלאָזט חרן צו גיין נאָך כנען, בעט ער זיך ביי גאָט: „תן לי אות שלא ארד לשאל" — גיב מיר אַ צייכען, אַז איך וועל ניט אַרונטערנידערען אין פאַרפאַלעניש און פאַרגעסען ווערען פון דער וועלט־געשיכטע. „אמר לו הקב"ה: סימן זה יהיה בידך, שלא ימות אחד מבניך בימיך" — האָט אים גאָט געענטפערט: דעם סימן וועסטו האָבען, אַז קיינער פון דיינע קינדער וועט ניט שטאַרבען ביי דיין לעבען. דערפאַר האָט ער אַזוי פיל געטרויערט נאָך יוסף'ן און האָט זיך ניט געלאָזט טרייסטען. ער האָט געקלאָגט: „כי ארד אל בני אבל שאולה" — איך זעה איין, אַז איך וועל אַרונטערנידערען צו מיין זון אַ טרויערי־גער אין גרוב אריין. מיין לעבען איז געוועזען אַ דורכפאַל, איך האָב פאַרפעהלט דורכצופיהרען די אויפגאַבע, וואָס מיינע גרויסע עלטערען האָבען מיר איבער־געלאָזט בירושה, און מיין נאָמען וועט אָפּגעמעקט ווערען פון דער אידישער געשיכטע (אדר"נ פ"ל).

אַזוי גיך אָבער ווי זיינע קינדער זיינען געקומען צוריק פון מצרים מיט דער גוטער בשורה: „עוד יוסף בנך חי" — דיין זון יוסף לעבט נאָך, „ותחי רוח יעקב" — האָט זיין גייסט צוריק אויפגעלעבט. „רוח הקודש שנסתלקה ממנו שרתה עליו באותה שעה" — דער הייליגער גייסט, וואָס האָט אים פאַרלאָזען, ווען יוסף איז פאַרפאַלען געוואָרען, האָט צוריק גערוט אויף אים אין דעם מאָמענט, ווען ער האָט געהערט די פרייליכע נייעס (שם). אַ שטראַל פון האָ־פענונג האָט אים באַלויכטען. קיינער פון זיינע קינדער פעהלט ניט. די גרויסע ירושה פון זיינע עלטערען וועט פאָרטגעזעצט ווערען און וועט לעבען בלייבען מיט זיינע קינדער.

„וירא את העגלות אשר שלח יוסף לשאת אותו — ותחי רוח יעקב״ — אַז יעקב האָט דערזעהן די קאַרעטען, וואָס יוסף האָט געשיקט אים צו ברענגען, האָט זיין גייסט אויפגעלעבט. יעקב האָט גוט געוואוסט פון דער גזרה, וואָס גאָט האָט אַרויסגעגעבען צו זיין זיידען אברהם, אַז „גר יהיה זרעך בארץ לא להם״ — דיינע קינדער וועלען זיך וואַלגערען אין פרעמדע לענדער, און ער האָט זיך זעהר געשראָקען טאָמער וועט זיך דער גלות אָנפאַנגען נאָך פאַר זיין לעבען. גלות, געוויינליך, ווערט אַרויפגעצוואונגען. מיט׳ן גוטען ווילען פאַר־לאָזט ניט אַ פאָלק זיין לאַנד צו ווערען אַ גר אין פרעמדע לענדער. איידער אַ פאָלק ווערט פאַרטריבען אין גלות, מוז עס צוערשט דורכמאַכען פיל אומ־גליקען, וואָס צווינגען איהם דערצו. אין דעם פאַרלוסט פון זיין געליבטען זון יוסף האָט ער געשפּירט, אַז די „חבלי הגלות״, די ווייען פונ׳ם גלות, הויבען זיך אָן, און דערפאַר „וימאן להתנחם״, האָט ער זיך ניט געלאָזט טרייסטען.

נאָך דעם ערשטען באַזוך פון זיינע קינדער אין מצרים, אַז זיי האָבען אים איבערגעגעבען די אַלע יסורים, וואָס זיי האָבען געהאַט דורכצומאַכען, און אַז דער הערשער אין מצרים האָט איינגעשלאָסען זייער ברודער שמעון און פאָדערט ניט אַנדערש, אַז זיי זאָלען צו אים ברענגען זייער אינגערען ברודער בנימין, אַנטזאָגט זיך יעקב דאָס צו טאָן. „לא ירד בני עמכם — וקראהו אסון בדרך אשר תלכו בה״ — מיין זון וועט ניט גיין מיט אייך; עס קאָן נאָך פאַסירען אַן אומ־גליק מיט אים אויפ׳ן וועג, וואָס איר גייט, „והורדתם את שיבתי ביגון שאלה״— און איר וועט אַרונטערנידערען מיין עלטער מיט טרויער אין דער פאַרפאַלעניש פון גלות. ער האָט אינסטינקטיוו געפילט, אַז אויב אויך דער לעצטער זון זיינער פאַרלאָזט דאָס לאַנד, איז גאַנץ מעגליך, אַז דער שרעקליכער גלות פאַנגט זיך אָן.

אַז ער האָט אָבער געזעהן די קאַרעטען, וואָס יוסף האָט געשיקט אים צו ברייגען, האָט ער זיך באַרוהיגט. „לא בשלשלאות של ברזל״ — ניט מיט איי־זערנע קייטען ווערט ער אַראָפּגעבראַכט קיין מצרים. אין קאַרעטען פאָרט מען ניט אין גלות אַריין, „ותחי רוח יעקב״ — און זיין גייסט האָט אויפגע־לעבט. ער באַשליסט: „אלכה ואראנו בטרם אמות״ — איך וועל גיין און אים אָנקוקען איידער איך שטאַרב און וועל זיך גלייך צוריקקערען אַהיים.

זיינע מחשבות זיינען אָבער ניט פאַרווירקליכט געוואָרען. זיין וויזיט אין מצרים, וואו ער איז געפאָרען ניט „להשתקע״, זיך צו באַזעצען, נאָר „לגור שם״, בלויז צו וואוינען פאַר אַ קורצער צייט, האָט זיך פאַרצויגען פאַר גאַנצע זיבעצען

יאָר, און איצט איז ער קראַנק און זיינע טעג זיינען געציילטע. ער שטאַרבט אין אַ פרעמד לאַנד און לאָזט איבער זיינע קינדער אין גלות, צווישען אַ פאָלק, וואָס דינט די אָפגעטער. זייער פּאָליטישער און עקאָנאָמישער לעבען איז אָפּהענגיג פון זייערע שכנים. זייערע שאַפונגען וועלען געהערען צו פרעמדע און וועלען ניט צוגערעכענט ווערען צום קרעדיט פון זייער פאָלק. ווער ווייסט אויב אויך די ריינע אמונה, פאַר וועלכער ער און זיינע עלטערען האָבען אַזוי פיל געאָפּפערט און מקדיש געווען זייערע טעג און יאָרען, זאָל חלילה ניט אָפּ־שטאַרבען מיט אים. „חמא למרחוק ואזדעזע", ער האָט געקוקט אין דער ווייטער צוקונפט און איז אויפגעציטערט געוואָרען (זוהר). ער זעהט ווי זיינע קינדער גיבען אַוועק זייערע בעסטע כוחות פאַר פרעמדע און אַליין זינקען זיי אין „מ"ט שערי טומאה", וועלכע פאַרוואַנדלען זיי אין „עבדים", שקלאַפען, ביי וועמען דער „סיר הבשר", דער פלייש־טאָפּ, שטייט העכער פאַר פרייהייט און זעלבסט־שטענדיגקייט.

יעקב שיקט רופען צו זיך זיין זון יוסף און זאָגט צו אים: „בשבילך ירדתי למצרים" — צוליב דיר האָב איך אַרונטערגענידערט אין מצרים. ווען דו האָסט מיר געשיקט זאָגען דורך דיינע ברידער: „רדה אלי אל תעמוד", נידער אַרונטער צו מיר, בלייב ניט שטיין, „נבואה נזרקה בפיך", האָט אַ פּראָפעטישער אמת אַרויסגערעדט פון דיין מויל. זינט איך האָב מיין לאַנד פאַרלאָזען, בין איך אַ „יורד", אַ געפאַלענער בעל־הבית, אָהן אַ היים, וואָס מוז זיין אַן „אל תעמוד", ניט זעלבסטשטענדיג, ווייל מיין גאַנצער לעבען דאָ איז אָפּהענגיג אין דעם גוטען ווילען פון פרעה. ער גיט אים אָנצוהערעניש, אַז ער איז דער גורם פון זיין פאָלק'ס גלות. דער קלוגער יוסף, דער גרויסער חכם ונבון, וואָס האָט געהאַט ביכולת פאַראויסצוזעהן די צוקונפט פון מצרים, האָט דעם עתיד פון זיין אייגען פאָלק ניט פאַרשטאַנען. ער האָט פאַרפעהלט אָפּצושאַצען דעם גרויסען אומגליק, וואָס ער ברייגגט אויף זיין פאָטער'ס הויז־געזינד מיט דעם, וואָס ער רייסט אים אויס פון זיין וואָרצעל און פירט אים אין דער פרעמד. מיט זיין גרויסען רייכטום און זיין פּאָליטישען פאַרנעם האָט ער זיי געקאָנט שפּייזען אין זייער אייגען לאַנד און דאָס אידיש פאָלק וואָלט פיללייכט קיינמאָל ניט פאַר־זוכט דעם ביטערען טעם פון גלות.

„אל נא תקברני במצרים" — באַגראָב מיך ניט אין מצרים, בעט זיך יעקב ביי זיין זון יוסף, „לפי שאמר לי הקב"ה: הארץ אשר אתה שוכב עליה לך אתננה", אם אתה שוכב עליה הרי היא שלך ואם לאו אינה שלך" — ווייל

גאָט האָט מיר געזאָגט: דאָס לאַנד, וואָס דו ליגסט אויף איר, וועל איך דיר געבען, און דאָס מיינט: אויב דו וועסט ליגען אויף איר, וועט זי זיין דיינע, אויב ניט — וועט זי ניט זיין דיינע (משנה רבי אליעזר פי"ט) איך בעט דיך דערפאַר, פיר מיר צוריק נאָך ארץ ישראל, ווייל איך וויל מיין היסטאָרישע חזקה אויף איר ניט פאַרלירען. צווייטענס, געננג איז, אַז אַלע זיינע אויפטואונגען פאַר'ן לעבען זיינען פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין אַרבייטען פאַר פרעמדע און זיינען ניט צוגעשריבען געוואָרען אויף דער קאָנטאָ פון זיין פאָלק. זאָל ער אַליין כאָטש געבראַכט ווערען צו קבר־אבות אין זיין אייגען לאַנד און קרעדיטירט ווערען צו זיין פאָלק. „מי שמת בחוץ לארץ ונקבר שם" — ווער עס שטאַרבט אין חוץ־לארץ און ווערט דאָרט אויך באַגראָבען, „שתי מיתות בידו", שטאַרבט צוויי מאָל, איינמאָל פאַר דער קעגענוואַרט, וועלכע איז ניט זיינע, און איינמאָל פאַר דער צוקונפט, וואָס בלייבט אויך פרעמד פאַר אים. זיינע אויפטואונגען און אויך ער אַליין באַלאַנגען ניט צו זיין פאָלק (מדרש תנחומא).

דער „מדרש רבה" גיט אָן נאָך אַ טעם וואָרום יעקב האָט ניט געוואָלט באַגראָבען ווערען אין מצרים: „שלא יעשו אותו עבודה זרה" — מען זאָל פון אים ניט מאַכען אַ פרעמדען גאָטעס־דינסט. ער האָט זיך געשראָקען, אַז די עגיפּטער, וועלכע פאַרהייליגען זייערע גרויסע טויטע מיט בויען געבעט־הייזער איבער זייערע קברים, זאָלען דיזעלבע זאַך ניט טאָן מיט אים. ער האָט אויך ניט געוואָלט, אַז זיינע אייגענע עגיפּטיזירטע קינדער זאָלען מיט דער צייט ניט באַטראַכטען דעם „יאָרצייט" פון זיין טויט פאַר דאָס הייליגסטע אין אידענטום.

---

# הפטרה

## די מערקווירדיגע צוואה פון דוד המלך

**וגם אתה ידעת את אשר עשה לי יואב.**

„מורד במלכות הוה דכתיב 'והשמועה באה כי יואב נטה אחרי אדניה ואחרי אבשלום לא נטה'. אמר רב יהודה ביקש לנטות, ומאי טעמא לא נטה? אמר רבי אלעזר: עדיין לחלוחית של דוד קיימת, עכשיו שהזקין נטה אחרי אדניה" — ער האָט ווידערשפּעניגט קעגען דער רעגירונג, ווי עס איז גע־

שריבען: „די נייעס איז געקומען, אַז יואב איז צוגעשטאַנען צו אדניה, אָבער צו אבשלום איז ער ניט צוגעשטאַנען.“ זאָגט אויף דעם רבי יהודה: ער האָט געוואָלט צושטיין. אָבער פאַרוואָס האָט ער עס ניט געטאָן? דערקלערט רבי אלעזר, ווייל די פרישקייט און שטאַרקייט פון דוד'ן האָט נאָך אָנגעהאַלטען. אָבער איצט, אַז ער איז אַלט און שוואַך, איז ער צוגעשטאַנען צו דער רעוואָלוציע פון אדניה (סנהדרין מ"ט ע"א, רש"י).

די צווייטע העלפט פון דער צוואה, וואָס דוד המלך האָט איבערגעלאָזט צו זיין זון און נאָכפאָלגער שלמה, ווי זי ווערט איבערגעגעבען אין דער הפטרה, איז מערקווירדיג און כמעט אומפאַרשטענדליך. נאָכדעם ווי ער זאָגט אים אָן צו גיין אין די וועגען פון גאָט און אָפּהיטען אַלע זיינע מצוות און געזעצען, כדי זיין מלוכה זאָל בלייבען פעסטגעשטעלט, ראָט ער אים אויך אָפּצוראַמען פון וועג זיין געוועזענעם פעלד־מאַרשאַל „יואב בן צרויה“. דער טייל פון דער צוואה ווערט באַוואונדערט פון יעדען תנ"ך־לערנער. יואב און זיינע ברידער אבישי און עשהאל זיינען געווען פון די ערשטע אידישע קעמפער, וועלכע זיינען צוגעשטאַנען צו דוד'ן און האָבען אים געטריי געדינט אין אַלע זיינע קאַמפּפען איידער ער איז געוואָרען דער קעניג פון אידען און אויך נאָכדעם, ביז די לעצטע יאָרען פון זיין ממשלה.

יואב איז פון דוד'ן באַשטימט געוואָרען צו זיין דער „שר צבא“, דער פעלדמאַרשאַל פון זיינע אַרמייען נאָך זיין גרויסען זיג קעגען דעם „יבוסי“, ווען ער האָט איינגענומען די שטאָט ירושלים, וועלכע דוד האָט באַשלאָסען צו מאַכען פאַר זיין הויפּטשטאָט (דה"י י"א ו'). אָבער נאָך פיל פריהער איז יואב געווען דער פירער פון דוד'ס חיילות און אַ דאַנק זיין איבערגעבענקייט האָט דוד אַריינגעקראָגען די מלוכה איבער דעם גאַנצען פאָלק (ש"ב ג'). ער האָט אים געטריי געדינט אין די צוויי רעוואָלוציעס, וואָס זיינען אויסגעבראָכען קעגען זיין מלוכה, די פון זיין זון אבשלום און אויך פון שבע בן בכרי (ש"ב כ'). אַלע גרויסע נצחונות, וואָס דוד האָט געהאָט קעגען די אַרומיגע פעלקער, וואָס האָבען עטאַבלירט און פעסטגעשטעלט די אידישע מלוכה, זיינען אָנגעפירט געוואָרען פון יואב. דוד האָט זיך געקאָנט אָפּגעבען מיט די ענינים פון כלל און אויך מיט לערנען, ווייל ער האָט גוט געוואוסט, אַז די קריגס־פּלענער זיינען אין די זיכערע הענט פון יואב. ווי די חז"ל אַליין באַהויפּטען: „אלמלא יואב לא עסק דוד בתורה“, ווען ניט יואב, וואָלט דוד זיך ניט געקאָנט אָפּגעבען מיט לערנען תורה (סנהדרין מ"ט ע"א).

ווארום דען האָט דוד אָנגעזאָגט זיין זון שלמה, ער זאָל אים אָפּראַמען פון וועג? אויף דער פראַגע געפינען מיר אַן ענטפער אין דעם מאמר פון גמרא, וואָס מיר האָבען אויבען ציטירט. פון די ווערטער אין פסוק, אַז „יואב איז צוגעשטאַנען צו דער רעוואָלוציע פון אדניה, אָבער צו דער פון אבשלום׳ען איז ער ניט צוגעשטאַנען", דרינגען אונזערע חכמים אַרויס, אַז יואב איז שוין פון לאַנג געווען אַ „מורד במלכות" און האָט געזוכט צו שטירצען דעם טראָן פון דוד׳ן. די אורזאַך ווארום ער האָט עס ניט געטאָן עפענטליך אין די צייטען פון אבשלום, איז געווען, וואָס דוד איז נאָך דאַן געווען יונג און מעכטיג און ער האָט מורא געהאַט פאַר אַ דורכפאַל. אָבער איצט, אַז דוד איז אַלט און קראַנק, איז ער צוגעשטאַנען צו זיינע קעגנער. אַ „מורד במלכות" קומט טויט. דערפאַר האָט דוד געהייסען זיין זון שלמה, ער זאָל אים אָפּראַמען פון וועג.

ג.

## יעקב׳ס גרויסע ליבע צו זיין פאָטערלאַנד

**ושכבתי עם אבותי.**

„כשמת יצחק הביא יעקב כל כספו וזהבו ועשה מהם כרי ואמר לעשו: מה אתה מבקש, הכרי הזה או הקבר הזה? נטל עשו את הכרי ויעקב נטל את המערה" — ווען יצחק איז געשטאָרבען, האָט יעקב געבראַכט זיינע גאַנצע גאָלד און זילבער און עס אויפגעוואָרפען אין איין גרויסער קופּע און האָט געפרעגט זיין ברודער עשו: וואָס ווילסטו בעסער, די דאָזיגע קופּע פון גאָלד און זילבער, אָדער דעם קבר? האָט עשו צוגענומען די קופּע גאָלד און יעקב האָט גענומען דאָס הייל (מדרש תנחומא ישן).

אונזער פאָטער יעקב ווערט פון די חז״ל אָנגערופען „בחיר שבאבות", דער אויסדערוויילטער פון אַלע אונזערע עלטערען, ווייל אין זיין לעבען שפּיגעלט זיך אָפּ דאָס לעבען פון דעם גאַנצען פאָלק ישראל. „מה שאירע ליעקב אירע לבניו" — וואָס עס האָט פּאַסירט מיט יעקב׳ן, האָט נאָכדעם אויך פּאַסירט מיט זיינע קינדער. זיין שטענדיגער אַרומוואַלגערען זיך אין פרעמדע לענדער; זיין אומרוהיג לעבען פאַר דער קורצער צייט, וואָס ער האָט זוכה געווען צו וואוינען אין זיין פאָטערלאַנד; די צרות, וואָס ער האָט זיך אָנגעליטען פון

זיינע קינדער, און זיין גרויסער באַגער באַגראָבען צוווערען לעבען זיינע על־טערען — אין די דאָזיגע פאַרבען, וואָס שטעלען פאַר אונז פאַר זיין לעבענסבילד, שפּיגעלט זיך אָפּ אויך דאָס פאַרבענרייכע בילד פון דעם אידישען פאָלק אין אַלע יאָרען פון זיין עקזיסטענץ.

אויך זיין אומדערמידליכער קאַמף פאַר דער גייסטיגער ירושה פון זיינע גרויסע עלטערען; זיין שטענדיגער חלום׳ען פון אַ לייטער, וואָס זאָל צוזאַמענ־בינדען דעם הימעל מיט דער ערד; דער אינערליכער דראַנג, וואָס האָט באַ־הערשט אַלע זיינע שטרעבונגען צו גרינדען אַ „בית־אל״, אַ צענטער פאַר׳ן אידישען גייסט, רעפלעקטירען די גייסטיגע חלומות און שטרעבונגען, וואָס האָ־בען אויפגעהאַלטען זיינע קינדער ביים לעבען אין די לאַנגע און שווערע יאָרען פון זייער נע־ונד׳קייט אין די פאַרשידענע פינסטערע גלות׳ן, וואוהין זיי זיינען פאַרטריבען געוואָרען. פאַר דעם קאַמף באַקומט ער דעם נאָמען „ישראל״ — אַ גייסטיגער קעמפער, און אָט דער נאָמען פאַרבלייבט אויך מיט זיינע קינדער, די „בני ישראל״, וועלכע בויגען זיך ניט פאַר פרעמדע אָפּגעטער און קעמפען עקשנות׳דיג פאַר זייער תורה און אמונה.

יעקב ווערט פאַרהייליגט פון דעם גאַנצען אידישען פאָלק אַלס „בחיר שבאבות״ — אַלס אמת׳ער פּראָטאָטיפּ פון זיין אייביגער עקזיסטענץ. אין אַלע זיינע תפלות ווערען אויסגעדריקט די זעלבע פאַרלאַנגען און שטרעבונגען, מיט וועלכע יעקב האָט זיך אַרומגעטראָגען זיין גאַנצען לעבען. „קמ״ז מזמרות שכתוב בתהלים כנגד שנותיו של אבינו יעקב״ — די הונדערט־און־זיבען־און־פערציג לויב־געזאַנגען, וואָס זיינען פאַרצייכענט געוואָרען אין תהלים, דאָס זיינען קעגען דער צאָל יאָרען פון אונזער פאָטער יעקב (ירושלמי שבת פט״ז). דער ספר תהלים, וואָס דריקט אויס די גייסטיגע פאַרבינדונג פון די אידען מיט זייער אמונה, ווי אויך זייערע האָפענונגען און בקשות פאַר אַ זיכערער צוקונפט, איז געווידמעט צו דעם אָנדענק פון יעקב, זייער פאָטער און גרינדער.

העכסט־אינטערעסאַנט איז צו באַמערקען ווי אַזוי די חכמים רעאַגירען אי־בער דעם שמועס, וואָס איז צווישען זיי פאָרגעקומען, ווען יוסף האָט פאָרגע־שטעלט זיין פאָטער פאַר פרעה׳ן: פרעה פרעגט אים: „כמה ימי שני חייך?״ — וויפיל יאָרען האָסטו שוין אָפּגעלעבט? אויף זיין פראַגע גיט אים יעקב פאָל־גענדען ענטפער: „ימי שני מגורי שלשים ומאת שנה, מעט ורעים היו ימי שני חיי״ — די צאָל פון מיינע וואַנדער־יאָרען זיינען הונדערט מיט דרייסיג, מיינע לעבענס־יאָרען זיינען געווען ווייניג און שלעכט. מיט דעם, זאָגען אונז

די חכמים, האָט יעקב אויסגעדריקט די פולע טראַגעדיע פון זיין לעבען, ווי ער וואָלט געזאָגט: דו פרעגסט מיך וויפיל יאָרען האָב איך געלעבט? דער אמת איז, אַז געלעבט האָב איך גאַנץ ווייניג. „כל ימי הייתי גר בארץ אחרים" — מיינע אַלע יאָרען האָב איך פאַרבראַכט אין פרעמדע לענדער, „וכלן הלכו בפחד ובהלה ולא מצאתי בהן קורת רוח" — זיי אַלע זיינען אַוועק אין שרעק און אין ציטערניש און אין קיינע פון זיי האָב איך קיין רו ניט געפונען (מדרש הגדול).

די איינציגע צייט, וואָס ער האָט געלעבט רוהיג, זיינען געווען די זיבעצען יאָר, וואָס ער האָט פאַרבראַכט אין מצרים. זיין געטרייער זון יוסף האָט אים באַזאָרגט מיט אַלע באַקוועמליכקייטען און קיין זאַך האָט אים ניט געפעלט. אָבער אַ „קורת רוח", אַ גייסטיגע צופרידענקייט, האָט ער דאָרט ניט געהאַט. אמת טאַקע, אַז זיין עקאָנאָמישע לאַגע איז געווען אַן אויסגעצייכענטע, ער האָט זיך ווייניג־וואָס געהאַט צו שרעקען פאַר זיינע ניט־אידישע שכנים, אַלע האָבען אים געשעצט און געאַכט אַלס דער פאָטער פון זייער וויצע־קעניג, וועל־כער האָט דאָס לאַנד געראַטעוועט פון אַ גרויסען אומגליק און זיי אַלעמען רייך געמאַכט. אויך זיינע קינדער און אייניקלעך האָבען זיך גוט איינגעאָרדענט. דאָס לאַנד גושן, וואָס יוסף האָט זיי איבערגעגעבען, איז געווען העכסט פרוכט־באַר און זיי האָבען געטאָן גוטע געשעפטען. אָבער וואָס האָבען זיי פאַר דער צייט אויפגעטאָן פאַר זייער שטאַם, פאַר זייער פאָלק? איז דאָס דער תכלית פון זייער לעבען? וואָס איז געוואָרען פון דער גרויסער גייסטיגער ירושה, וואָס ער האָט איבערגענומען פון זיין פאָטער יצחק און זיין גרויסען זיידען אברהם?

ער שיקט רופען צו זיך זיין זון יוסף און זאָגט אים: „בשבילך ירדתי למצרים, בשבילך אמרתי אמותה הפעם" — צוליב דיר האָב איך אַרונטערגע־נידערט אין מצרים, צוליב דיר האָב איך געזאָגט, אַז איך בין איצט צופרידען צו שטאַרבען, „אל נא תקברני במצרים" — באַגראָב מיך ניט אין מצרים (תנחומא). יעקב דערקלערט אים, אַז צוליב אים איז ער געוואָרען אַ גייסטיגער יורד אין מצרים. זיבעצען יאָר אָפּגעלעבט אין אַ לאַנד און קיין זאַך ניט אויפ־געטאָן פאַר דער פאַרשפּרייטונג פון דער אמונה פון זיינע גרויסע עלטערען. טראָץ זיינע גוטע אומשטענדען, האָט ער זיך ניט געפילט פריי צו אַנטוויקלען די גייסטיגע אידעאַלען פון אברהם און יצחק. דער באָדען פון מצרים איז ניט מסוגל פאַר אַזעלכע גייסטרייכע לערען. אויך פּאָליטיש איז ער אין דער לאַגע פון „אמותה הפעם" — טויט און אומבאַוועגליך. אַלע דערגרייכונגען

פון אים און זיינע קינדער ווערן ניט פאַררעכענט אויף זייער קאָנטאָ. אַלע ביישטייערונגען, וואָס זיי מאַכן צו דער עקאָנאָמישער און פּאָליטישער סטרוקטור פון דער מדינה, ווערן באַטראַכט ווי עגיפּטישע, ניט אידישע. „ושכבתי עם אבותי״ נאָך מיין טויט וויל איך ליגען מיט מיינע עלטערן. גענוג, אַז מיינע אויפטואונגען פאַר׳ן לעבען האָבען באַלאַנגט צו פרעמדע, זאָל כאָטש איך אַליין, מיין אייגענער קערפּער, געבראַכט ווערן צו קבר־אבות און קרע־דיטירט ווערן צו מיין פאָלק.

די חז״ל פרעגען: „הגוף מה איכפת לו״ — וואָס אַרט דעם קערפּער וואו ער ווערט באַגראָבען? „מה ראו אבות להתחבט על הקבורה בארץ ישראל״? — וואָרום האָבען אונזערע עלטערן זיך אַזוי געזאָרגט באַגראָבען צו ווערען אין ארץ־ישראל? און זיי ענטפערען: „מפני שמתיה חיים תחילה לימות המשיח״ — ווייל די טויטע אין ארץ־ישראל וועלען זיין די ערשטע צוריק לעבעדיג צו ווערען, ווען משיח וועט קומען (ב״ר צ״ו). די, וואָס שטאַרבען אין חוץ לארץ און ווערען דאָרט באַגראָבען, „שתי מיתות יש בידם״ — שטאַרבען צוויי מאָל: איינמאָל פאַר דער געגענוואַרט, וואָס באַלאַנגט ניט צו זיי, און אַ צווייט מאָל פאַר דער צוקונפט, וואָס בלייבט אויך פרעמד צו זיי. זייער לעבען, אַזוי גוט ווי זייער טויט, באַלאַנגען ניט צו זייער פאָלק.

נאָך אַ טעם ווערט אָנגעגעבען, וואָרום יעקב האָט ניט געוואָלט באַגראָבען ווערען אין מצרים: „כדי שלא ישבו השבטים במצרים ויאמרו: אלולי היא ארץ קדושה לא נקבר בה יעקב אבינו״ — ער האָט ניט געוואָלט, אַז די שבטים זאָלען זיך איינבירגערען אין מצרים און פאַרגעסען אינגאַנצען אין זייער אייגען לאַנד, ווייל זיי וועלען זאָגען: אויב מצרים וואָלט ניט געווען קיין הייליג לאַנד, וואָלט דאָרט ניט באַגראָבען געוואָרען אונזער פאָטער יעקב (משנת רבי אליעזר פ״ט). ער האָט פאָראויסגעזעהן, אַז אין גלות וועלען די אידען שטאַרק פאַר־הייליגען דעם בית־הקברות, און די איינציגע צייט, וואָס זיי וועלען זיך דערמאָנען אין זייערע גרויסע עלטערן, וועט זיין אין יאָרצייט־טעג פון זייער טויט. ער האָט דערפאַר געוואָלט מען זאָל אים מקבר זיין אין ארץ־ישראל, כדי צו פאַר־בינדען זיין אָנדענק מיט זייער פאָטערלאַנד.

אין אַן אַנדער מדרש געפינען מיר, אַז די אורזאַך, וואָרום יעקב האָט ניט געוואָלט באַגראָבען ווערען אין מצרים, איז געווען: „שלא יעשו אותו עבודה זרה״ — מען זאָל פון אים ניט מאַכען קיין אָפּגאָט (ב״ר צ״ו). ער האָט געזעהן ווי די מצריים פאַרגעטערען זייערע טויטע און בויען פּיראַמידען איבער זייערע

קברים און בוקען זיך צו זיי, ווי זיי וואָלטען געווען געטער. דאָס איז קעגען די פּרינציפּען פון דער אידישער אמונה. זעהען מיר דאָך ביי אונז אין אַמע־ריקע ווי אַזעלכע אידען, וועלכע האָבען אָוועקגעוואָרפען אַלע אידישע טראַ־דיציעס, האַלטען ניט פון שבת און יום־טוב, צינדען קיינמאָל ניט אָן קיין שבת אָדער יום־טוב ליכט, ווען עס קומט אָבער אָן דער יאָרצייט פון זייערע פאַר־שטאָרבענע עלטערען, באַמיען זיי זיך אָנצוצינדען אַ יאָרצייט־ליכט, וועלכע זיי באַטראַכטען פאַר אַלער־הייליג. ווי ריכטיג האָבען אונזערע רבנן געלערענט: „אין מברכין על האור של מתים, שכתוב לא המתים יהללו״ — מען מאַכט ניט קיין ברכה איבער אַ יאָרצייט־ליכט, ווייל אַזוי זאָגט אונז דער פּסוק: טויטע קענען ניט לויבען גאָט. אונזער תורה איז בלויז פאַר די לעבעדיגע (מדרש תנחומא).

יעקב האָט זיך געבעטען ביי יוסף'ן, ער זאָל זיין טויטען קערפּער פירען נאָך ארץ־ישראל צו דער „מערת המכפלה״, וואו עס זיינען באַגראָבען געוואָרען זיין זיידע אברהם און זיין באָבע שרה, ווי אויך זיין פאָטער יצחק און זיין מוטער רבקה. „ושכבתי עם אבותי״ — איך וויל ליגען צוזאַמען מיט מיינע עלטערען, האָט ער אים געזאָגט, ווייל דאָרט וועט זיין אָנדענק אימער בלייבען לעבען. אויך זיינע קינדער אין די שפּעטערדיגע יאָרען האָבען געשטרעבט צו שטאַרבען אין ארץ־ישראל. אויב אָבער דער שיקזאַל האָט זיי דאָס ניט דערלויבט, האָבען זיי כאָטש אונטערגעלייגט אַ זעקעלע ארץ־ישראל ערד צוקאָפּענס זייערע טויטע קערפּערס. מיט דעם האָבען די אידען געוויזען, אַז זיי זיינען תמיד פאַרבונדען מיט זייער „ארץ אבות״ און האָבען קיינמאָל זייער חזקה אויף איר ניט אויפ־געגעבען.

עשו האָט קיין רעכט ניט איבער ארץ־ישראל. אַלע זיינע פּרעטענזיעס אויף איר באַזיץ זיינען היסטאָריש פאַלש. ווען אונזער פאָטער יצחק איז גע־שטאָרבען, האָט יעקב צוזאַמענגעוואָרפען זיינע גאַנצע גאָלד און זילבער אין איין קופּע און געפרעגט זיין ברודער עשו וואָס ער וויל בעסער האָבען, די קופּע גאָלד אָדער די „מערת המכפלה״ — דער ערשטער היסטאָרישער פּונקט פאַר דער גרינדונג פון אַ נאַציאָנאַלער היים, וואָס אברהם האָט עפענטליך און רעכטליך דערוואָרבען. עשו האָט אויסגעקליבען דאָס גאָלד און יעקב דאָס לאַנד. אויך ביי היינטיגען טאָג אַנטזאָגען זיך זיינע קינדער אויפצוגעבען זייער חזקה אויף דעם הייליגען לאַנד און זיי ווילען עס ניט אויסבייטען פאַר „כל הון דעלמא״ — פאַר אַלע רייכטימער אין דער וועלט.

# הפטרה

## דער אונטערשייד אין די צוואות פון יעקב און דוד

**למען יקים ה׳ את דברו אשר דבר עלי.**

„דוד מלך ישראל חי וקים; זכה שיהיו דבריו נאמרים בבתי כנסיות ובבתי מדרשות" — דוד, דער קעניג פון אידען, לעבט און עקזיסטירט; ער האָט זוכה געווען, אַז זיינע ווערטער זאָלען געזאָגט ווערען אין די שוהלען און בתי מדרשות (שקלים פ״ב ז׳).

אין דער סדרה און הפטרה פון הייגטיגער וואָך ווערען אונז איבערגעגעבען די צוואות, וואָס יעקב און דוד האָבען אָנגעזאָגט זייערע קינדער פאַר׳ן טויט. יעקב, דער גרינדער פון אונזער פאָלק, שטאַרבט אין גלות און בעט זיך ביי זיין זון יוסף, אַז ער זאָל מיט אים טאָן אַ געפעליגקייט און ניט באַגראָבען אים אין מצרים. ער וויל ליגען מיט זיינע עלטערען „במקום אחוזתם, במקום ייחוד שמו של הקב״ה" — אין דעם פלאַץ פון זייער אייגענעם ערד־טייל, אַן אָרט, וואָס איז פאַראייניגט מיט דעם נאָמען פון זיין גאָטהייט (מדרש הגדול). יעקב דאַרף זיך בעטען ביי זיין זון, ווייל אין גלות האָבען די טאַטעס ניט אַזאַ גרויסע דעה איבער זייערע קינדער. די השפעה פון אַ פרעמדער קולטור בויט אַ מחיצה צווישען עלטערען און קינדער. זיי קענען זיי מער ניט באַפעלען, נאָר מען מוז זיך ביי זיי בעטען.

אָבער דוד שטאַרבט אין זיין אייגען לאַנד, דאָרט איז ער דער בעל־הבית פון זיין הויזגעזינד. אַז ער האָלט ביים שטאַרבען, רופט ער צו זיך זיין זון, „ויצו את שלמה", און ער באַפעלט שלמה׳ן. ער זאָגט אים: „אנכי הולך בדרך כל הארץ" — איך גיי באַלד אַוועק אין דעם וועג פון דער גאַנצער וועלט, „וחזקת והיית לאיש" — שטאַרק זיך און זיי אַ מענש. דו ווערסט איצט מיין שטעל־פאַרטרעטער און די אחריות פון דער אידישער פירערשאַפט פאַלט אויף דיינע שולטערען. היט אָפּ די געזעצען פון דער תורה „למען תשכיל את כל אשר תעשה ואת כל אשר תפנה שם" — כדי דיר זאָל געלינגען אין אַלץ, וואָס דו גייסט טאָן און וואו דו ווענדסט זיך קערען.

יעקב בענשט זיינע קינדער: „הנה אנכי מת, והיה אלקים עמכם והשיב אתכם אל ארץ אבותיכם" — איך האַלט ביים שטאַרבען, זאָל גאָט זיין מיט אייך און אייך צוריק ברייגנען צו דעם לאַנד פון אייערע עלטערען.

דוד רעדט מיט שטאָלץ און וואָרענט שלמה׳ן אָפּצוהיטען די פאָרשריפטען פון דער תורה כדי גאָט זאָל אויספילען זיין פאָרשפּרעכען צו אים, אַז די מלוכה וועט פאַרבלייבען מיט זיינע קינדער. דוד דערקלערט אים, אַז די אידישע מלוכה קען נאָר ערשט דאַן האָבען אַ קיום, אויב זי וועט געפירט ווערען לויט דעם ווילען פון גאָט. די אמונה טאָר ניט אָפּגעטיילט ווערען פון דעם שטאָט. די מלוכה מוז זיך האַלטען אין די ראַמען פון תורת משה.

פאַר דער צוואה, זאָגען אונז די חכמים, האָט דוד זוכה געווען, אַז זיינע ווערטער זאָלען געזאָגט ווערען אין אַלע שוהלען. זיין תהלים איז מיט־געגאַנגען מיט די אידען אויף אַלע זייערע וואַנדערונגען. זיינע מזמורים און תפילות האָבען זיי געטרייסט און געמוטיגט צו קענען ווידערשטיין די שרעקליכע אָנגריפען פון זייערע שונאים. „אלמלא תפלתו של דוד היו כל ישראל מוכרי רבב" — ווען ניט די תפילות פון דוד׳ן, וואָלטען אַלע אידען געווען בלויז שמאָטע־הענדלער (סוטה מ"ט). האָט אַ איד געמעגט דערני־דעריגט ווערען און אויסשטיין אַלערליי באַליידיגונגען אין זיין טאָג־טעג־ליכען לעבען, איז ער אָבער געקומען אין זיין שוהל און אויסגעגאָסען זיין האַרץ פאַר גאָט מיט עטליכע קאַפּיטלעך תהלים, האָט ער צוריק אויפגע־לעבט, זיין רוקען האָט זיך אויסגעגלייכט און זיינע אויגען האָבען אויפגע־בליצט מיט אַ נאַציאָנאַלען שטאָלץ.

ד.

## יעקב לערנט זיין זוהן יוסף אידישע עקשנות

**ויאמר ידעתי בני ידעתי.**

„אמר לו יעקב, סבור אתה שמרוב זקנה הלך ממני הדעת, חייך, מאה כיוצא בך אינם יכולין לסלק ידי ממקומה" — יעקב זאָגט צו זיין זוהן יוסף: דו דענקסט, אַז צוליב מיין גרויסער עלטער איז פון מיר אַוועק דער שכל, איך שווער אָבער ביי דיין לעבען, אַז הונדערט אַזעלכע ווי דו, זיינען ניט אימשטאַנד אַוועקצונעמען מיין האַנט פון איר פּלאַץ (סדר אליהו רבה).

ווען יוסף האָט געבראַכט זיינע צוויי זיהן צו זיין פאָטער יעקב, ער זאָל זיי בענשען פאַר זיין טויט, האָט ער אַוועקגעשטעלט זיין עלטערען זון מנשה ביי

זיין רעכטער האַנט און זיין אינגערען זוהן אפרים ביי זיין לינקער האַנט. יעקב אָבער „שכל את ידיו", האָט איבערגעוואָרפען זיין רעכטע האַנט אויף דעם קאָפּ פון אפרים און זיין לינקע אויף דעם קאָפּ פון מנשה. זאָגען אויף דעם אונזערע חז"ל: „נתחכמה ידיו של אבינו יעקב ליתן בכורה לאפרים" — די הענט פון אונזער פאָטער יעקב האָבען קלוג געטאָן מיט דעם, וואָס זיי האָבען איבערגע־געבען די „בכורה", דעם פאָרצוג צו אפרים (ב"ר פצ"ז). „שכל את ידיו" — מיט דעם האָט ער שכל'דיג געמאַכט אַ שטאַרקען פאָרוואורף זיין זוהן יוסף פאַר זיין מערקווירדיגער אויפפירונג אין די ערשטע צייטען פון זיין גדולה.

דער פענאָמענאַלער און פלוצימדיגער אויפשטייג פון יוסף אין מצרים, האָט פאַר אַ געוויסער צייט אויף אים געמאַכט אַ צושטרייענדען איינדרוק. מיט זיין אומדערוואַרטעטען גרויסען דערפאָלג קומט אויך אָן אומווערצלונג אין זיין געדאַנקען־גאַנג.

צוערשט, ווען ער האָט געדינט ביי פוטיפרע האָט ער זיך אָנגעגעבען אַלס „איש עברי", אַ איד פון אידען־לאַנד. כאָטש ער איז געווען אַן „איש מצליח", אַ דערפאָלגרייכער מענש און זיין באַלעבאָס האָט אים געמאַכט פאַר דעם פאַר־וואַלטער פון אַלע זיינע גיטער, האָט ער נאָך אַלץ געדענקט פון זיין היים און דער „דמות דיוקנו של אביו", דאָס געשטאַלט פון זיין גרויסען פאָטער איז אי־מער געשטאַנען פאַר זיינע אויגען. די חז"ל ווילען האָבען, אַז צוליב דעם טאַקע איז אים געלונגען צו באַקעמפען דעם יצר הרע און ניט אַריינפאַלען אין דעם נעץ פון זיין האַרינטע זליכה, וועלכע האָט אים פאַרפאָלגט מיט איר ליבע. אים האָט זיך אויסגעדוכט, אַז די אויגען פון זיין פאָטער און זיינע גרויסע זיידעס קוקען אימער אויף אים און באַגלייטען אים אויף שריט און טריט.

אויך אין תפיסה, וואו ער באַקענט זיך מיט דעם שר־המשקים און געווינט זיין באַוואונדערונג און פאַרשפרעכען אים צו העלפען נאָכדעם, אַז ער אַליין וועט באַפרייט ווערען, אויך דאַן גיט ער זיך אָן אַלס איד און זאָגט אים: „גנב גנבתי מארץ העברים", איך בין אַרויסגע'גנב'עט געוואָרען פון דעם אידישען לאַנד און דערפאַר בין איך איינגעשלאָסען אין תפיסה, אונטער דעם חשד פון „אסירי המלך", פאַרברעכער געגען דער רעגירונג. דער מדרש תנחומא (ואתחנן) באַהויפטעט, אַז צוליב דער געטריישאַפט צו דעם לאַנד פון זיינע אבות, האָט ער זוכה געווען באַגראָבען צו ווערען אין ארץ ישראל. „יוסף שהודה בארצו נקבר בארצו", יוסף וואָס האָט אָנערקענט זיין לאַנד, איז באַגראָבען געוואָרען אין זיין לאַנד.

זיין ישועה אָבער איז געקומען אַזוי פּלוצימדיג, און זיין אויפשטייג אין מצרים איז געווען אַזוי פענאָמענאַל, אַזוי אומגעריכט און מיט אַזוי פיל כבוד און גדולה, אַז פאַר אַ געוויסער צייט האָט ער פאַרגעסען אַן זיין לאַנד און זיין פאָטער׳ס הויז. זיין ערשטען זוהן גיט ער אַ נאָמען „מנשה״, כי נשני אלקים את כל עמלי ואת כל בית אבי״, ווייל גאָט האָט אים געמאכט פאַרגעסען זיינע אַלע ליידען און זיין פאָטער׳ס הויז. קאָנטיג, אַז ער איז געווען שטאַרק צו־פרידען מיט זיינע דערגרייכונגען אין דעם נייעם לאַנד, און האָט זיך געוואָלט אין גאַנצען דאָרט איינבירגערען.

ערשט מיט אייניגע יאָר שפּעטער, אַז די מצריים הויבען אַן אים אַרויס־צואווייזען אַ געוויסען גראַד פון גרינגשעצונג און ווילען מיט אים געזעלשאַפט־ליך ניט פאַרקערען — „כי לא יוכלון המצרים לאכול את העברים לחם, כי תעבה היא למצרים״ — די עגיפּטער קאָנען ניט עסען ברויט צוזאַמען מיט די אידען, ווייל זיי באַטראַכטען עס פאַר אומווירדיג, זעהט זיך יוסף אַרום, אַז מצרים איז דאָך ניט זיין היים. מיט אַלע זיינע גליקען און טראָץ זיין הויכער פּאָזיציע, קאָן ער דאָך ניט מאַכען דעם „סאָשעל רעדזשיסטער״ און זיין נאָמען ווערט אויס־געשלאָסען פון דער העכערער געזעלשאַפט. זיין צווייטען זוהן גיט ער שוין אַ נאָמען „אפרים״, „כי הפרני אלקים בארץ עניי״ — גאָט האָט מיר געמערט אין דעם לאַנד פון מיין פּיין.

יעקב האָט זיך פון דעם דערוואוסט נאָכדעם, אַז ער איז אָנגעקומען אין מצרים, און ווייזט דאַרום אַרויס ליבע צו אפרים׳ען, ער האַלט אים ביי זיך און לערענט מיט אים גאַנצע טעג. „אקדים ליה אפרים בקדמיתא, בגין דאפרים על שמא דישראל אקרי״ — ער שטעלט אפרים׳ן פאַר מנשה, ווייל ער טראָגט אויף זיך אַ מעהר אידישען נאָמען (זוהר). זיין נאָמען טראָגט דעם אמת׳ן אי־דישען כאַראַקטער, וואָס קאָן זיך ניט איינבירגערען אין פרעמדע לענדער, ווייל ער קאָן ניט פאַרגעסען די זעלבסטשטענדיגקייט און גלייכקייט, וואָס ער האָט אַמאָל געפילט אין זיין אייגען לאַנד. אויך אין זיינע לעצטע שטונדען, ווען יוסף ברענגט זיינע צוויי קינדער צו אים, ער זאָל זיי בענשען פאַר זיין טויט, לייגט ער אַרויף זיין רעכטע האַנט אויף דעם קאָפּ פון אפרים און זיין לינקע האַנט אויף דעם קאָפּ פון מנשה. ער ווייזט אַרויס מער ליבע און אַכטונג צו דעם זוהן, וואָס טראָגט אין זיין נאָמען אַ בענקשאַפט צו זיין אייגען פאָלק, צו זיין אייגענער היים.

יוסף באַמערקט עס און פּראָטעסטירט „לא כן אבי, כי זה הבכור, שים ימינך

על ראשו" — דו טוסט ניט ריכטיג, פאָטער, דער איז דער עלטערער, לייג אַרויף דיין רעכטע האַנט אויף זיין קאָפּ. יעקב ענטפערט אים אָבער, „סבור אתה שמרוב זקנה הלך ממני הדעת", — דו דענקסט דאָך אודאי, אַז צוליב מיין שטאַר־קער עלטער בין איך געוואָרען אַן עובר בטל און ווייס ניט וואָס איך טו, מאַכסטו אַ טעות. „ידעתי בני, ידעתי", איך ווייס, מיין זוהן, איך ווייס, און מיין ידיעה איז אַ טאָפּעלטע. איך ווייס די פאַרגאַנגענהייט און פון אים זעה איך אַרויס די צוקונפט. מיט דעם וואָס דו האָסט זיך אין די ערשטע צייטען פון דיין גאולה, געהאַלטען פרעמד פון דיין פאָטער'ס הויז און האָסט געוואָלט פאַרגעסען דיין גרויסען אָפּשטאַם, ביזטו פאַר אַ לאַנגער צייט געוואָרען פאַרפאַלען פאַר דיין פאָלק. גיט אַ איד נאָך דעם גלות, ווערט ער פון אים ביסלעכווייז איינגע־שלונגען. אויב אָבער ער פילט דעם גלות און ווערט זיך קעגען אים מיט דעם וואָס ער האַלט עקשנות'דיג אָן זיין אייגענאַרטיג לעבען, גיט ער צו נייע כוחות צום פאָלק און האַלט אָן דעם באַציאָנאַלען פייער אין זיין האַרץ. „מאה כיוצא בך אינם יכולים לסלק ידי ממקומה" — הונדערטע אַזוי ווי דו, קאָנען ניט רירען מיין האַנט פון איר אָרט. די, וואָס ווערען פאַרכאַפּט פון גלות, ווי דו אין אָנפאַנג פון דיין גדולה, מאַכען אַ קנאַפּע ווירקונג אויף דעם אידישען פאָלק. זיין עקשנות אין ניט וועלען אָנערקענען דעם גלות אַלס זיין היים, האַלט אים אויף און וועט איבּ, מיט דער צייט, צוריקברענגען „אל המנוחה ואל הנחלה" — אין זיין אייגען לאַנד.

---

# הפטרה

## צדיקים בלייבען אימער לעבען

**ויקרבו ימי דוד למות.**

„וכי ימים מתים? אמר רבי שמואל בר נחמני: צדיקים שמתים ימיהם בטלים והם קיימים" — די טעג פון דוד'ן האָבען זיך דערנעהנטערט צו שטאַר־בען, שטאַרבען דען די טעג? זאָגט אויף דעם רבי שמואל בר נחמני, אַז צדיקים שטאַרבען, ווערען בלויז זייערע טעג בטל, זיי אָבער פאַרבלייבען לעבען (ילקוט שמעוני ח"ב רמז קס"ט).

דער אָנפאַנג פון דער היינטיגער הפטרה איז כמעט דערזעלבער ווי פון

דער סדרה. די סדרה הויבט זיך אָן מיט „ויקרבו ימי ישראל למות״ — די טעג פון יעקב׳ן האָבען זיך דערנעהנטערט צו שטאַרבען, און די הפטרה הויבט זיך אויך אָן מיט דיזעלבע ווערטער: „ויקרבו ימי דוד למות״ — די טעג פון דוד׳ן האָבען זיך דערנעהנטערט צו שטאַרבען. איבער דעם אויסדרוק „ויקרבו ימי״, די טעג האָבען זיך דערנעהנטערט, ווערט פון די בעלי אגדה אָנגעגעבען פאַרשידענע כוונות, וועלכע וואַרפען אַ קלאָר ליכט, ווי אונזערע חז״ל האָבען אויפגעפאַסט איבער דעם לעבען פון די „גבורי האומה״, די גרינדער און פירער פון אונזער פאָלק.

מאַנכע פון זיי באַהויפטען, אַז אין דעם וואָרט „ויקרבו״ ליגט אָן אויס־דרוק פון באַדויערונג, וואָס וואַרפט אַ שטיקעל שאָטען אויף זיין לעבען: „כל מי שנאמר קריבה למות לא הגיע לימי אבותיו — אויף וועמען עס ווערט גע־זאָגט, אַז ער האָט זיך דערנעהנטערט צו שטאַרבען, האָט ניט דערגרייכט די טעג פון זיינע עלטערען (מ״ר צ״ו). מיט אַלע גרויסע אויפטואונגען, וואָס ער האָט געשאַפען אין זיין לעבען, האָט עפּעס דאָך געפעהלט, וואָס האָט פאַרקירצט זיינע יאָרען און דערנענטערט זיין טויט.

יעקב און דוד, דער גרינדער פון אידישען פאָלק און דער גרינדער פון דער אידישער מלוכה, ביידע האָבען ניט דערגרייכט די יאָרען פון זייערע על־טערען, ווייל זייער ביידענ׳ס לעבען איז געווען אַ שטורעמדיגער, פול מיט אוי־סערגעוויינליכע פאַסירונגען, וואָס האָט זיי פאַרשאַפט פיל צער און צאָרען און געבראַכט צו קיצור־ימים, צו שטאַרבען פאַר דער צייט. נאָך אין זיין יוגענט ווערט יעקב געצוואונגען צו פאַרלאָזען זיין היים צוליב דער גרויסער שנאה פון זיין ברודער עשו. פאַר לאַנגע יאָרען וואַלגערט ער זיך אין דער פרעמד, וואו ער אַרבייט שווער און ביטער רייך צו מאַכען זיין שווער לבן מיט זיינע קינ־דער. און אַז ער ווערט ענדליך אַ פרייער מענש און קערט זיך צוריק צו דעם הויז פון זיינע עלטערען, „בקש יעקב לשבת בשלוה״ — ווילט זיך אים שוין זיצען רוהיג, אויסלעבען זיינע יאָרען אין זיין אייגען לאַנד און זיך אָפּגעבען מיט פאַרשפרייטען די גייסטיגע אמונה פון זיינע עלטערען. איז אים אָבער ניט באַשערט געווען אַזאַ פאַרגעניגען. יעקב טאָר רוהיג ניט לעבען. „קפץ עליו רוגזה של יוסף״, — רוקט זיך אויף אים אָן די שרעקליכע טראַגעדיע מיט זיין זוהן יוסף, וועלכע פירט צו אַזעלכע טרויעריגע רעזולטאַטען, אַז ער איז אַ צווייטען מאָל געצוואונגען אויפצוגעבען זיין הייב און אויסוואַנדערען אין גלות אַריין.

אויך דוד המלכ׳ס לעבען איז געווען אַ העכסט שטורעמדיגער, פול מיט שטרייטיגקייטען, וואָס האָבען פאַרצערט זיינע טעג און יאָרען. נאָך אין זיין יו־גענט ווערט ער געזאַלבט פון שמואל הנביא צו זיין דער אידישער קעניג. ער ווערט געשיקט צו קעמפען קעגען דעם מעכטיגען גלית הפלישתי מיט זיינע גרויסע חיילות. ער באַזיגט זיי, אָבער, מיט דעם רופט ער אַרויס קעגען זיך די קנאה פון דעם קעניג שאול, וועלכער זוכט אים אומצוברענגען. ער אַנ־טלויפט און באַהאַלט זיך אויס אין די בערג פון יהודה, וואו ער אָרגאַניזירט זיין אַרמיי פון „שש מאות איש״, בלויז זעקס הונדערט העלדען, וואָס האָבען אים מיט דער צייט געהאָלפען איבערנעמען די אידישע מלוכה און איר פאַרגרעסערען און באַפעסטיגען. אים איז אָבער ניט באַשערט צו לעבען רוהיג. ער ליידט פון זיינע צעווילדעטע קינדער. צוערשט פאַרפירט זיין זוהן אבשלום אַ רע־וואָלוציע קעגען אים און ער איז געצוואונגען צו פאַרלאָזען זיין טראָן פאַר אַ געוויסער צייט ביז זיין שר צבא יואב האָט פאַר אים געוואונען די שלאַכט, און ער איז צוריקגעקומען צו זיין ממשלה. אויך אויף דער עלטער פאַרנעמט זיך זיין אינגערער זוהן אדניהו צו פאַרכאַפּען די קרוין און ער מוז ווייטער איינשטילען די רעוואָלציע און קרוינען זיין יונגען זוהן שלמה פאַר אַ קעניג.

אַט אַזוי האָבען ביידע, יעקב און דוד, פאַרבראַכט אַ שווערען, שטורעמדי־גען לעבען, וואָס האָט דערנעהנטערט זייער טויט.

דער זוהר הקדוש לערנט דעם פשט פון די ווערטער „ויקרבו ימי״, אַלס אַ גרויסען שבח. ער זאָגט: „כד קב״ה בעי לאתבא רוחיה לו, כל אינון יומין דקאים בר נש בהאי עלמא אתפקדון קמיה ועאלין בחושבנא״ — אַז דער איבערשטער וויל צוריקנעמען די נשמה פון אַ מענשען צו זיך, ווערען פאַר אים פאָרגעפירט אַלע זיינע טעג, און עס ווערט אונטערגעצויגען אַ באַלאַנס פון זיינע אויפטואונגען. גליקליך זיינען די צדיקים, וואָס קאָנען זיך דער־נעהנטערען פאַר אים מיט אַלע זייערע טעג, ווייל זיי האָבען זיך ניט צו שעמען מיט יעדען פון זיי, קיין טאָג פון זייער לעבען איז ניט אַוועק לאיבוד. זיי האָבען ערליך און געטריי דורכגעפירט זייער פונקציע אין לעבען.

אַנדערע פון אונזערע חכמים זיינען גענויגט צו טייטשען די ווערטער „ויקרבו ימי למות״, אַז בלויז די טעג פון אַ צדיק שטאַרבען אָפּ, ער אַליין אָבער בלייבט לעבען פאַר אייביג. די אויפטואונגען פאַר זייער לעבען זיינען געווען אַזוי גרויס און וויכטיג פאַר די צוקונפטיגע דורות, דאָס זייער אָנדענק וועט פאַרבלייבען פאַר אימער. יעקב און דוד, כאָטש זיי האָבען ניט דער־

גרייכט דעם עלטער פון זייערע פאַטערס, וואָס האָבען געלעבט לענגער פאַר זיי, איז אָבער זייער לעבען געווען אַ קייט פון היסטאָרישע דערגרייכונגען, פון וועלכע דאָס אידישע פאָלק ציט זיין גייסטיגע חיונה נאָך ביז היינטיגען טאָג.

ה.

## וואָרום פעהלען די אותיות ח׳, ט׳, צ׳, ק׳, אין די נעמען פון די שבטים

**הקבצו ושמעו בני יעקב.**

„כשבקש יעקב לגלות את הקץ ראה שבכל בניו לא נמצא „קוף” ולא „צדיק”, וזהו „קץ”. אמר: שמא חו״ש אינם שלמים לגלות להם הקץ? אמרו לו, חלילה, כשם שאין אתה מוצא בקרבנו „קוף” „וצדיק”, כך לא ימצא בנו „חית” „וטית” — ווען יעקב האָט געוואָלט אויפדעקען פאַר זיינע קינדער דעם סוף פונעם אידישען גלות, האָט ער באַמערקט, אַז צווישען די נעמען פון אַלע זיינע קינדער געפינען זיך ניט די אותיות „קוף” און „צדיק”, וועלכע שטעלען צוזאַמען דאָס וואָרט „קץ”, וואָס מיינט דער סוף. האָט ער געזאָגט: טאָמער זיי־נען זיי חס ושלום ניט פולקאָמען, אַז מען זאָל פאַר זיי אויפדעקען דעם סוף? האָבען זיי אים געענטפערט: חלילה! אַזוי ווי דו געפינסט ביי אונז ניט די אותיות „ק” און „צ”, אַזוי אויך וועסטו ביי אונז ניט געפינען די אותיות „ח” און „ט”, וועלכע שטעלען צוזאַמען דאָס וואָרט „חט”, וואָס מיינט זינד און פאַר־ברעכען (פ״י הראש בהדר זקנים).

די זיבעצען יאָר, וואָס יעקב האָט געלעבט אין מצרים, זיינען געווען די שטילסטע און רוהיגסטע אין זיין לעבען. זיין זון יוסף האָט אים באַזאָרגט מיט אַלץ, וואָס ער האָט געדאַרפט, און קיין זאַך האָט אים ניט געפעלט. זיינע קינ־דער און אייניקלאַך האָבען זיך איינגעלעבט אין לאַנד, „ויאחזו בה ויפרו וירבו מאד” — זיי האָבען זיך אין איר איינגעפעסטיגט און האָבען זיך געפרוכפערט און פיל געמערט. יעקב׳ן איז דאָס אָבער ניט איינגעגאַנגען. ער האָט זיך ניט געפילט היימיש אין מצרים. עס האָט אים געפעהלט די פרייהייט און זעלבסט־שטענדיגקייט, וואָס ער האָט געשפירט אין זיין אייגענער היים, אין דעם לאַנד כנען. דאָרט איז ער געווען אַ „תושב”, אַ באַלעבאָס מיט לייטען גלייך. אַלץ וואָס

ער האָט דאָרט דערוואָרבען, איז געווען זיינס און ער איז מיט דעם געווען זי־כער. אָבער דאָ איז ער בלויז אַ „גר", אַ פרעמדער, און אַלץ, וואָס ער און זיינע קינדער פאַרמאָגען, באַלאַנגט ניט צו זיי. „הארץ היתה אוחזת בהם ותופסת אותם ואלו היו מבקשין לצאת מתוכה לא היו יכולין" — דאָס לאַנד האַלט זיי פעסט און איינגעקלאַמערט, אויב זיי ווילען אַרויס פן איר, קאָנען זיי ניט (מדרש תדשא פי"ז).

„ויחי יעקב בארץ מצרים שבע עשרה שנה" — יעקב האָט אָפּגעלעבט אין מצרים זיבעצען יאָר. וואָרום ווערט אין די פסוקים קיין איין וואָרט ניט דער־מאָנט וויפיל יאָר יעקב האָט געלעבט אין זיין פאָטערלאַנד? איז דער ענט־פער אַ גאַנץ פשוט'ער: דאָרט, אין זיין אייגענער היים, האָט ער די יאָהרען ניט געציילט. די צייט איז אים ניט געווען לאַנגווייליג. אַז מען אַרבייט פאַר אַ זאַך, וואָס מען האָט ליב, פליען די טעג מיט די יאָרען און מען פילט גאָר ניט, אַז זיי זיינען אַוועק. אָבער דאָ, אין דער פרעמד, זיינען די טעג מיט די יאָרן פולע און זיי ציען זיך אויס זעהר לאַנג. וואָס טויגען אים אַלע גליקען פון זיינע קינדער, אַז זיי וועלען ניט צוגערעכענט ווערען צו דעם חשבון פון זיין פאָלק? און וואָס וועט ווערען פון זיין לאַנד, זיין נאַציאָנאַלער היים? געדענקט ער דאָך די ווערטער פון גאָט, וועלכער האָט אים געזאָגט: „הארץ אשר אתה שוכב עליה לך אתננה" — דאָס לאַנד, וואָס דו ליגסט אויף איר, וועל איך דיר געבען. „אם אתה שוכב עליה הרי היא שלך ואם לאו אינה שלך" — אויב דו וועסט ליגען אויף איר, וועט זי זיין דיינע; אויב ניט, וועט זי ניט זיין דיינע (משנה רבי אליעזר פי"ט).

אין זיין אייגען לאַנד האָט ער זיך אויך געקאָנט אָפּגעבען מיט דער גרויסער ירושה, וואָס ער האָט געקראָגען פון זיין פאָטער יצחק און פון זיין זיידען אברהם. וואו ער האָט דאָרט אָנגעשלאָגען אין זיין לאַנגען אַרומוואַנדערען, האָט ער געבויט „מזבחות" און האָט מקריב געווען קרבנות צו דעם גאָט פון זיינע על־טערען. איבעראַל האָט ער פאַרשפרייט די גרויסע אידייע פון זיין אמונה. אָבער דורך דער גאַנצער צייט, וואָס ער האָט אָפּגעלעבט אין מצרים, געפינען מיר ניט, אַז ער זאָל האָבען עפּעס אויפגעטאָן פאַר זיין גרויסען אידעאַל. „צלמא דבר נש אשתחשך, ודיוקנא דאתחזי בארעא אתמנעת" — דאָס געזיכט פון אָט דעם גרויסען מענשען איז פאַר'חושכ'ט געוואָרען און זיין גייסטיגער געשטאַלט, וואָס האָט זיך אַזוי בולט אַרויסגעזעהן אין זיין אייגען לאַנד, איז שטאַרק פאַרמינערט געוואָרען (זוהר).

אין פאַרגלײַך צו זײַנע עלטערען איז ער נאָך ניט אַזוי אַלט. וואָלט ער געלעבט אין זײַן אײגען לאַנד, וואָלט ער אויך געקאָנט דערגרײכען זײער עלטער פון „זקן ושבע ימים" — אַלט און זאַט אין יאָרען. לעבט ער אָבער אין דער פרעמד און דער גלות איז אים מקצר ימים. „ויקרבו ימי ישראל למות" — ער פילט, אַז זײַנע טעג האָבען זיך דערנענטערט צו שטאַרבען. ער שיקט רופען זײַן זון יוסף און זאָגט אים: „בשבילך ירדתי למצרים" — צוליב דיר האָב איך אַרונטערגענידערט אין מצרים. איך בין דאָ אַ געפאַלענער באַ־לעבאָס, וואָס לעבט פון קצבה. אויב דער שיקזאַל האָט געוואָלט, אַז איך זאָל שטאַרבען אין אַ פרעמד לאַנד, „אל נא תקברני במצרים" — באַגראָב מיך ניט אין מצרים. איך וויל מײַן חזקה אויף ארץ ישראל ניט אויפגעבען. „אדם מת בספינה הנפש הולכת אל אבותיו" — אַ מענש, וואָס שטאַרבט אויף אַ שיף, קערט זיך זײַן נשמה צוריק צו זײַנע עלטערען (מדרש תנחומא). כאָטש איך בין פאַראורטײלט געוואָרן פון דער השגחה צו לעבן אויף אַ שיף, וואָס בלאָנקעט אַרום אין שטורמישע וואַסערען, אָהן אַ באָדען אונטער מײַנע פיס, אָבער מײַן נשמה, מײַן גײַסט רײַסט זיך צוריק צו מײַנע עלטערען.

יעקב ליגט אויף זײַן טויטען־בעט און טראַכט וועגען דער צוקונפט, ער זאָרגט זיך פאַר זײַנע קינדער, וואָס עס וועט פון זײ ווערען אין דעם פרעמדען לאַנד, צווישען אַ פאָלק, וואָס דינט צו „אלילים", צו אָפּגעטער, און באָדט זיך אין „מ"ט שערי טומאה," פון אַלערלײ אָבשײַליכקײטען און אומווירדיגקײטען? אין זײ־נע אויערען קלינגען נאָך די ווערטער פון גאָט, אַז „דײַנע קינדער וועלען זײַן אַזוי פיל, ווי די שטויב פון דער ערד, און זײ וועלען זיך אויסשפּרײטען איבער'ן גאַנצען לאַנד און אַלע פאַמיליעס פון דער וועלט וועלען זיך בענשען מיט זײ." ווּ איז אַט די ברכה, וואָס האָט אים געמוטיגט דאָס גאַנצע לעבען, ווען עס איז מקוים ווערען? „חזא למרחוק ואזדעזע" — ער קוקט אין דער ווײַטער צוקונפט און ווערט אַ פאַרציטערטער (ב' רצ"ח).

פאַר זײַנע אויגען פליען פאַרבײ שרעקליכע בילדער פון שווערע און פינ־סטערע גלות'ן. ער זעהט ווי זײַנע קינדער ווערען געטריבען פון אײן לאַנד אין אַ צווײטען. מען וואַרפט זײ אין קאַלך־אויוועגס און אין גאַז־קאַמערען און זײ טרינקען זיך אין טײַכען בלוט. די געשיכטע פון טויזענטער יאָרען פון מאַרטירערטום און איבערנאַטירליכע יסורים, וואָס זײַנען קינדער וועלען מוזען דורכמאַכען, ווערען פאַר אים אויפגעבלעטערט און ער ווערט פאַרצווײפעלט. וועלען זײ עס קאָנען אויסהאַלטען? די שכינה אָבער שטײט איבער אים און

אַנטפּלעקט פאַר איִם דעם גרויסען „קץ״, דעם גליקליכען סוף, וואָס זיי וועלען האָבען אין דעם „באחרית הימים״, נאָך די אַלע שלעכטע יאָרען פון פּיין און צער. ער אָטעמט פרייער אָפּ און שיקט נאָך זיינע קינדער און זאָגט זיי: „האָספו ואגידה לכם את אשר יקרא אתכם באחרית הימים״ — זאַמעלט זיך צונויף און איך וועל אייך זאָגען וואָס מיט אייך וועט פּאַסירען אין דער וויטער צוקונפט.

„בקש יעקב לגלות את קץ הימים ונסתלקה ממנו שכינה״ — יעקב האָט געוואָלט אויפדעקען פאַר זיינע קינדער די גלאָררייכע ענדע פון די אידען, אָבער די שכינה איז פון אים אַוועק און ער האָט פאַרגעסען וואָס ער האָט זיי געוואָלט זאָגען (פּסחים נ״ו ע״א). ער ווערט נאָך מער פאַרציטערט, ווען ער באַמערקט, אַז צווישען די נעמען פון אַלע זיינע קינדער „לא נמצא לא קוף ולא צדיק״ — געפינען זיך ניט די אותיות „ק״ און „צ״, וואָס שטעלען צוזאַמען דאָס וואָרט „קץ״, וואָס מיינט דער סוף. „אמר: שמא חו״ש אינם שלמים לגלות להם הקץ״? — ער האָט ביי זיך געטראַכט: פיללייכט זענען זיי ניט פולקאָמען, ניט גאַנץ, אַז מען זאָל פאַר זיי קאָנען אויפדעקען זייער סוף? אום צו קאָנען דערגרייכען דעם „אחרית הימים״, די ענדגילטיקע גאולה, מוזען אַלע אידען זיין „שלמים״, גאַנץ און פאַראייניגט צווישען זיך. זענען זיי צעריסען און אָפּ־געזונדערט איינע פון די אַנדערע, וועט זיך דער גלות ציהען און ציהען.

די קינדער האָבען באַמערקט זיין פאַרלעגענהייט און האָבען אים געענט־פערט: „כשם שאין אתה מוצא בקרבנו ׳קץ׳, כך לא ימצא בנו ׳חט׳״ — אַזוי גוט ווי עס געפינען זיך ניט אין אונזערע נעמען די אותיות „ק״ „צ״, אַזוי אויך געפינען זיך ניט די אותיות „ח״ „ט״, וואָס מיינט זינד און פאַרברעכען. אין פאַרגלייך מיט אַלע אַנדערע פעלקער פון דער וועלט זענען מיר דאָך די ערליכ־סטע. אונזערע הענט זענען ריין פון „שפיכת דמים״. מיר האָבען קיינמאָל ניט געזוכט צו פאַרגיסען בלוט און מיט גוואַלד אַרויפצווינגען אויף אַנדערע אונזער ממשלה. אמת טאַקע, מיר זענען ניט „שלמים״, ניט פאַראייניגט צווישען זיך וועגען אונזער אייגענער באַפרייאונג, אָבער מיר זענען גאַנץ בנוגע דיינע גייסטיגע לערען און זענען תמיד גרייט זיי צו פאַרטיידיגען מיט אונזערע לעבענס (פ״י הראש הדר זקנים).

אין דער גמרא ווערט אָנגעגעבען, אַז זיי האָבען אים געענטפערט בזה הלשון: „שמע ישראל ה׳ אלהינו ה׳ אחד, כשם שאין בלבך אלא אחד, אין בלבנו אלא אחד״ — הער צו, ישראל, גאָט אונזער גאָט איז דער איינציגער גאָט. אַזוי גוט ווי אין דיין האַרץ איז ניטאָ קיין אַנדער גלויבען ווי אין דעם איינציגען גאָט,

אַזוי אויך אין אונזערע הערצער איז ניטאָ קיין אַנדער גלויבען ווי אין דעם איינציגען גאָט. „באותה שעה פתח יעקב אבינו ואמר: ברוך שם כבוד מלכותו לעולם ועד" — ווי ער האָט דאָס דערהערט, האָט ער אויסגערופען: געבענשט זאָל זיין דער נאָמען פון זיין קעניגליכער ערע פאַר אימער און אייביג (פסחים נ"ו ע"א).

זיין יאוש, זיין פאַרצווייפלונג פאַרשווינדט. ער הערט אַן ערהאַבענע תפילה אַרויסקומענדיג פון די מיילער פון זיינע קינדער, אַ תפילה, וואָס דריקט אויס אין קורצע אָבער קלינגענדע ווערטער דעם גרויסען רעיון, וואָס זיינע עלטערען און ער האָבען דורכגעטראָגען זייער גאַנצען לעבען לאַנג: „שמע ישראל ה' אלקינו ה' אחד" — הער, ישראל, גאָט איז אונזער גאָט, גאָט איז איינער! און ער אָטעמט פרייער אויף. ער זעהט מיט זיין פּראָפעטיש אויג ווי מיט דער תפילה אויף זייערע ליפּען שפּרינגען זיינע קינדס־קינדער אין פייער און אין וואַסער פאַר זייער אמונה. זיין לעבען איז אַלזאָ ניט געווען אומזיסט. זיין גרויסער געטליכער אידעאַל וועט לעבען אין זיינע קינדער „לעולם ועד" — אימער און אייביג — און די שכינה קומט צוריק און שטעלט זיך ביי אים צוקאָפּענס.

העכסט אינטערעסאַנט איז דער קלער פון דער גמרא: „אמרו רבנן היכי נעבוד? נאמרוהו, לא אמרו משה רבנו, לא נאמרוהו אמרו יעקב?" — די רבנן האָבען געקלערט, ווי זאָלען מיר טאָן? זאָלען מיר זאָגען די ברכה „ברוך שם כבוד מלכותו לעולם ועד", האָט עס אָבער משה ניט געזאָגט. זאָלען מיר ניט זאָגען, האָט עס יעקב געזאָגט? „התקינו שיהיו אומרים אותה בחשאי" — האָבען זיי מתקן געווען, מען זאָל עס יאָ זאָגען, אָבער שטילערהייט (שם). דעם איינציגען טאָג, וואָס אידען זאָגען אָט די ברכה אין דער הויך, איז יום כפור, ווען דער כהן גדול פלעגט אַרויסרעדען דעם נאָמען פון גאָט האָבען אַלע אין קול אויסגעשריען: ברוך שם כבוד מלכותו לעולם ועד (יומא ל"ה).

אין דעם, פלעגט זאָגען מיין פאָטער ע"ה, ליגט באַהאַלטען זעהר אַ טיפע כוונה. „אַ גאַנץ יאָר זענען אידען פאַרטאָן מיט זיך, מיט זייערע אייגענע באַ־דערפעניששען. די לאַסט פון פרנסה דריקט זיי צו פאַרגעסען זייערע פליכטען צו גאָט און צו זייער פאָלק. בלויז שטילערהייט, אויף אַ פּאַסיווען דרך, מיט ניט וועלען אָנערקענען די אמונות פון די פרעמדע פעלקער פאַראייביגען זיי גאָט'ס נאָמען. יום כפור אָבער, ווען זיי וואַרפען פון זיך אַראָפּ אַלע חומר'שע זאָרגען און באַהעפטען זיך מיט זייער אמונה, שרייען מיר אויס צו דער גאַנצער וועלט: „ברוך שם כבוד מלכותו לעולם ועד" — געבענשט זאָל זיין דער נאָמען

פון זיין קעניגליכער ערע פאר אימער און אייביג. אט טאקע צוליב דעם, וואס אין די נעמען פון אונזערע שבטים געפינען זיך ניט די אותיות „ח" און „ט", ווייל מיר זענען ריין פון זינד, וועט דער „קץ" זיכער קומען און אונזער „אחרית הימים" וועט אויפשיינען מיט איר פרעכטיגען גלאנץ".

# הפטרה

## דער פרידליכער שלמה נעמט איבער די מלוכה

**ושלמה ישב על כסא דוד אביו ותכן מלכותו מאד.**

„מוניטון של דוד המלך מקל ותרמיל מכאן ומגדל מכאן" — דער עמבלעם, דער סימבאלישער צייכען פון קעניג דוד איז געווען: א שטעקען און א רענצעל פון איין זייט און א טורעם פון דער צווייטער זייט (ב"ר מ"ד).

אין די לעצטע צייטען איז ארויפגעשוואומען די פראגע: „וואס פאר א מלוכה ווילען די אידען גרינדען אין ארץ ישראל"? פרעזידענט טרומאן, פון די פאראייניגטע שטאטען, וועלכער ווערט שטארק באאיינפלוסט פון ענגלאנד, האט זיך געלאזט איינרעדען פון די אידישע אסימילאטארען, אז די אידען האבען בדעה צו גרינדען א טעאקראטישע מלוכה, וואו מענשען פון אנדערע גלויבענס וועלען דארטען ניט האבען די גלייכבארעכטיגונג פון א דעמאקראטישער רע־גירונג. אז דאס איז לגמרי פאלש און היסטאריש ניט אויסגעהאלטען, ווייזט אונז די געשיכטע פון די אידישע מלוכות, וואס האבען ביי אונז עקזיסטירט אמאל. פון איר ערשטער גרינדונג ביז צו דעם לעצטען חורבן איז די אידישע מלוכה קיינמאל ניט געווען „טעאקראטיש", ווייל די אידישע אמונה זעלבסט איז קיינמאל ניט געווען טעאקראטיש. אונזער תורה איז קעגען ארויפצווינגען די אידישע אמונה אויף פרעמדע. אין געגענטייל, זי איז מער ווי ליבעראל צו גרים, צו איינוואנדערער פון אנדערע פעלקער און באפעלט אונז צענדליגע מאל, אז מיר זאלען זיי באהאנדלען מיט גרויס איינזעהעניש און מיט ליבע און זיי געבען אלע רעכט אין אונזער לאנד.

לויט דער אידישער אמונה האט א אידישע מלוכה ניט נאר געדארפט זיין העכסט דעמאקראטיש אין לאנד גופא, זי האט אויך אין איר אויסערליכער

פּאָליטיק ניט געטאָרט זיין אימפּעריאַליסטיש און זוכען צו פאַרכאַפּען פרעמדע לענדער. ווי מיר זעהען עס פון די דערקלערונגען, וואָס אונזערע חכמים מאַכען איבער היינטיגער הפטרה: „והימים אשר מלך דוד על ישראל ארבעים שנה"— די צייט, וואָס דוד האָט געהערשט איבער די אידען, איז געווען פערציג יאָר. פאַר דער צייט האָט ער אָנגעפירט פיל מלחמות, האָט אויסגעברייטערט די גרעניצען פון לאַנד און האָט אונטערטעניגט די פעלקער אַרום ארץ ישראל. זיין „מוניטון", זיין סימבאָלישע מטבע, איז געווען „מקל ותרמיל מכאן ומגדל מכאן" — אַמוּ־ניציע און קריגס־געווער פון איין זייט און אַ טורעם פון דער צווייטער זייט. ער האָט געוואָלט האָבען גרויסע אַרמייען, וואָס זאָלען פאַר אים אַריינקריגען די „מצודות ציון", די פעסטונגען פון ציון און זיי פאַרוואַנדלען אין אַ „מגדל דוד"— אַ טורעמדיגע און מעכטיגע רעגירונג.

די אמונה אָבער איז גלייכגילטיג צו אַזעלכע דערגרייכונגען. ווען דוד באַשליסט צו בויען דעם בית־המקדש און זאַמעלט צונויף די אַלע נויטיגע מאַ־טעריאַלען פון זילבער, גאָלד, קופּער און האָלץ פאַר די געביידעס, קומט צו אים נתן הנביא און זאָגט אים: „לא תבנה הבית לשמי" — דו קאָנסט ניט בויען דאָס הויז פאַר מיר. „הרבה דמים שפכת" — צופיל בלוט האָסטו פאַרגאָסען. „ביתי בית תפלה יקרא לכל העמים" — מיין הויז איז באַשטימט צו זיין אַ געבעט־הויז פאַר אַלע פעלקער. גלויבען, אמונה וויל ניט וויסען פון נאַציאָנאַלע גרעניצען. זי איז קעגען האָבען אונטערדריקטע און פאַריאָכטע פעלקער. דיין זון שלמה, וועלכער איז אַ „שר שלום", אַ פריינד פון פרידען, ער וועט בויען מיין הויז פאַר מיר. „ותכן מלכותו מאד" — זיין קעניגרייך וועט זיין זעהר רעכטפאַרטיג.